באָריס פּאָלעוואָי

# גאָלד

## ערשטער באַנד

ערשטער און צווייטער טייל

★

יידיש: אַ. לעווין

★

פאַרלאַג „הײמלאַנד“
בוענאָס איירעס
1953

# I

דער געדאַנק ניט צו פאַרלאָזן זײַן געבורט־שטאָט איז באַ מיטראָפאַן איליטש קאָרעצקין אויפגעקומען גאָר פּלוצים און אומדערוואַרט פאַר אים אַליין.

די לעצטע טעג זײַנען געווען פול מיט אַזויפיל ביטערע זאָרגן, אַז עס איז פּאָשעט ניט געווען קיין צײַט זיך צו פאַרטראַכטן וועגן דעם אייגענעם גוירל. אין דער שטאָטישער אָפּטיילונג פון רעגירונגס־באַנק האָט מען פיבערהאַפט אונטערגעצויגן די לעצטע כעזשבוינעס, אינווענטאַריזירט, געפּאַקט די ווערט־זאַכן, געבראַכט אין אָרדענונג די אַרכיוון און אין אַלע אויוונס האָט מען געברענט, אויסגעמישט מיט טאָרף, אַלע אַלטע פּאַפּירן, וועלכע ס'האָט ניט געלוינט מיטצונעמען. אַלע פּאַפּקעס, צווישן זיי אויך די נייטיקע פאַר דער טאָג־טעגלעכער אַרבעט זײַנען געווען צונויפגעלייגט אין זעק און אין קאַסטנס. באַטאָג, ווען די באַנק־אָפּטיילונג האָט געאַרבעט, פלעגט מען די נייטיקע פּאַפּקעס אַרויסנעמען און אין אָוונט זיי ווידעראַרײַנלייגן אין די זעק, קעדיי אין אַ נויט־פאַל זאָל מען בלויז דאַרפן אײַנבינדן די זעק, פאַרקלאַפּן די קאַסטנס, פאַרזיגלען זיי און אָנלאָדן אָף די מאַשינען.

אין יענע טעג האָבן די אָנגעשטעלטע געהאַט אַ סאַך אַרבעט. עס איז אָבער ניט געווען יענע לעבעדיקע און אַפילע פריילעכע מי, וועלכע פלעגט זיך מערקן שטענדיק יעדן סאָף יאָר, בעיס עס ווערט אונטערגעצויגן דער יאָר־באַלאַנס. מען האָט געאַרבעט שטיל, אָן איבעריקע ווערטער, אָן היציקע דיסקוסיעס און אָן וויצן און כאָכמעס אין די פרײַע מינוטן. אָט דאָס שטומע, אָנגעשטרענגטע שמײַען האָט מיטראָפאַן איליטשן דערמאָנט אָן יענער, וועלכע איז פאָרגעקומען אין זײַן קליין שטיבעלע אין די לעצטע מינוטן פאַרן אַרויסטראָגן דעם קערפּער פון זײַן געשטאָרבענער פרוי.

אויסערלעך איז מיטראָפאַן איליטש געווען רויִק. ער האָט געאַרבעט מיט זײַן שטענדיקער זאַכלעכקייט און גענויִקייט, אָבער זײַנע מיטאַרבעטער, די, וועלכע האָבן אים שוין פון לאַנג אָן געקאַנט, האָבן געמערקט, אַז מיט אים איז עפּעס ניט גלאַטיק. פון שטענדיק אָן איז די פּעדאַנטישע זויבערקייט פון דעם עלטסטן קאַסיר געווען אַ ציל־ברעט פאַר גוטמוטיקן כויזעק. לייצים פלעגן פאַרזיכערן, אַז ער איז שוין אַזוי, ווײַזט אויס, געבוירן געוואָרן אין זײַן שטײַף אָנגעקראָכמאַלעטן קאָלנער מיט זאָרגפעליק אונטערגעשוירענע וואָנצעס, מיט אַ פינקטלעך־גראַדן שרונט פאַרקעמט, און אַ מאַראַנצן־קאָליר אַף זײַנע זאָרגזאַם אויסגעראַזירטע באַקן. און אין דער עמעסן האָבן אַפילע די עלטסטע מיטאַרבעטער זײַנע זיך ניט געקענט אים פאָרשטעלן אַנדערש. און דאָ האָט ער זיך עפּעס אָפּגעלאָזן, אויפגעהערט זיך ראַזירן, פאַרגעסן זיך צו פאַרקעמען, אַרומגעגאַנגען אָן אַ קאָלנער און אין אַ רעקל, אויסגעשמירט מיט קרײַט. און פון אַן אומדערמידלעכן, געשטערקטן מענטשן פון אַן אומבאַשטימטן עלטער, איז ער פלוצים פאַר די אויגן פון אַלעמען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אָפּגעלאָזענעם, צעשטרײַטן זאָקן.

נאָכן האָבן אַרויסבאַגלייט זײַן טאָכטער מיט די אייניקלעך אַף מיזרעך, האָט ער אינגאַנצן אויפגעהערט צו גיין אַהיים אַפילע אַף נאַכטלעגער און פלעגט שלאָפן אַף דעם שרײַבטיש מיט אַ דיקער פאַפקע אַלטע פאַפירן צוקאָפּנס, צודעקנדיק זײַנע פיס מיט אַ צעשפרייטן בויגן פון דער שטאָטישער צײַטונג. יעדנפאַלס, יענע באַאַמטע, וועלכע זײַנען געוואָרן אײַנגעקוואַרטירט אין דער באַנקגעביידע, האָבן גוט געמערקט ווי אומרויִק עס איז דער שלאָף פון עלטסטן קאַסיר. ער האָט געקרעכצט און געזיפצט, און ווי עס וואָלט אים עפּעס אַ ווייטיק געפּײַניקט, האָט ער אַ גאַנצע נאַכט זיך געדרייט פון איין זײַט אַף דער צווייטער און עפּעס געברומט. און אַפילע באַנאַכט אין שלאָף פלעגט פון זײַן פּאָנעם ניט פאַרשווינדן דער אויסדרוק פון געפלעפטקייט.

אָפּטמאָל פלעגט עמעצער, אויס ראַכמאָנעס צום אַלטן, אים אָנהייבן צו דערציילן, אַז אין שטאָט איז אָנגעקומען די אָפּטיילונג פון פאָלקאָווניק טעפּלאָוו, און אַז דער קאַסיר פון דער אָפּטיילונג, וועלכער האָט געפּנט אין באַנק אַ לויפנדיקן כעזשבן, האָט בעסאָד סוידעס געגעבן אָנצוהערן, אַז די אָפּטיילונג האָט גענוג האַרמאַטן

און טאַנקען, און דעם סויגע וועלן זיי בעשום אויפן ניט צולאָזן צו דער שטאָט. מיטראָפאַן איליטש פלעגט מיט אַ צעשטרײטן בליק קוקן אַפן דערציילער און עס איז שווער געווען צו דערגיין צי ער הערט גאָר איבערהויפט וואָס מען רעדט צו אים.

פאַרטאָג, אויסגעמאַטערט פון דער שלאָפלאָזיקייט, פלעגט ער אָראָפקריכן פון זײַן האַרטן געלעגער, דורכשפּאַנען מיט ניט זי־כערע טריט די לאַנגע רײַ פון די באַנק־צימערן, אַרויסגיין אַפן באַלקאָן און דאָרט, מיטן רוקן צו דער וואַנט, בלײַבן שטיין ביזן מאָרגנרויט, קוקנדיק מיט אומרו צו מיזרעוו.

ווײַט הינטער דער שטאָט, נאָך אײַנגעהילט אין כווישעך, פלעגן אין הימל, אַף וועלכן עס זײַנען נאָך ניט אינגאַנצן אויסגע־לאָשן געוואָרן די פערלמוטער־פּאַסן פון דער שקיִע, אויפבליצן בלוט־רויטע אָפשײַנען פון די ווײַטע אויפרײַסן. דעם אַלטנס ליפּן, געקאַרבט דורך צוויי טיפע, ביטערע קנייטשן, האָבן שטיל געשעפּ־טשעט:

— וואָס־זשע איז דאָס אַזוינס? וויאַזוי איז דאָס? וואָס וועט דאָ זײַן?

די באַנק־קאָמיוגיסטן, וועלכע האָבן געהאַלטן די אַנטי־לופט־וואַך, האָבן מיט מיטגעפיל געקוקט אַפן אַלטן. עמעצער פון זיי פלעגט אַרויסטראָגן אַפן באַלקאָן אַ בענקל, בעטן זיך זעצן. מיט־ראָפאַן איליטש האָט צעשטרײַט באַדאַנקט און פלעגט ווײַטער בלײַבן שטיין לעבן דעם בענקל.

טאָג און נאַכט האָבן דורכן פלאַץ, פאַרבײַ דער באַנק־אָפּטיי־לונג, געשטראָמט פאַרשטויבטע לאַסט־אויטאָמאָבילן, אָנגעלאָדענע מיט קאַסטנס, פּעק און מעבל. עס האָבן זיך געשלעפּט מידע מענטשן מיט פּעק און זעק, מיט שווײַגנדיקע קינדער אַף די הענט. אַלץ האָט זיך געצויגן צו דער באַן־סטאַנציע, און דער מיליציאָנער אַפן ראָג, וועלכער האָט אַמאָל אַזוי געשיקט, פּונקט ווי אַ קאַפּעלמײַס־טער, אָנגעפירט מיט זײַן ווײַסן שטעקעלע מיט דער טאָפּלטער גאַסן־באַוועגונג, איז איצט געשטאַנען אומבאַוועגלעך, ווי אַ פאַר־שטויבטע סטאַטוע, און האָט די אַלע אויטאָמאָבילן און מענטשן דורכגעלאָזט בלויז אין איין ריכטונג. איינער נאָכן אַנדערן האָבן געשלאָסן זייערע באַנק־קאָנטאָס אַלע פאַבריקן, אינסטיטוטן און אַנשטאַלטן, וועלכע זײַנען אָפּגעפאָרן אַף מיזרעך. עס האָבן זיך

באַוויזן נײַע קליִענטן: מיליטער־אָפּטיילונגען, שפּיטאָלן. די באַנק־אָפּטיילונג האָט געמוזט פירן איר טעטיקייט ביז צו דער פולשטענדיקער עוואַקואַציע פון דער שטאָט.

באַטאָג אין ראַש פון אַ סאַך דרינגענדע איניאַנים, אין שייַכעס מיטן אָפּפאָרן פון די אַלטע קליִענטן, האָט מיטראָפּאַן איליטש געענוי און פּינקטלעך, אָבער עפּעס אַזוי ווי אויטאָמאַטיש, דערפילט זײַנע פליכטן. אָפּטמאָל פלעגט ער אין סאַמע ברען פון דער אַרבעט בלײַבן זיצן אַ שטאַרק פאַרטראַכטער, אַז ער פלעגט אַפילע ניט דערהערן דעם יאָמערלעכן וואָיען פון די סירענעס פון לופט־אַלאַרעם און ניט דאָס דראָבנע שיסערײַ פון די זעניט־האַרמאַטן. די מאַסיווע געבײַדע פלעגט אויפגעטרייסלט ווערן פון די באָמבע־אויפרײַסן, די טינטערס פלעגן אונטערשפּרינגען און צעגיסן דעם טינט, די עלעקטרישע לוסטרע אַפן סופיט פלעגט זיך נעמען הוידען. אָבער דער אַלטער קאַסיר איז געזעסן בײַ זײַן טיש איבערן אָפענעם רעכענונגס־בוך, מיט אַ פאַרגליווערטן צעשטרײַטן בליק געווענדעט צום אָפענעם פענצטער, צו דעם פוסטן פּלאַץ, אָפּגעליידיקט פונקט ווי פאַר אַ געוויטער.

דער פאַרוואַלטער פון דער באַנק־אָפּטיילונג, טשערעדניקאָוו, האָט באַפוילן די קאָמיוגיסטן פון דער בוכאַלטעריע אָפּהיטן דעם עלטסטן קאַסיר. און איצט, בײַם לופט־אַלאַרעם, פלעגן זיי מיט געוואַלד אַרויספירן דעם אַלטן אין הויף און אַף קויעך אים צווינגען אַראָפּלאָזן זיך אין דער זיגזאַגיקער טראַנשייע, וועלכע האָט, ווי אַ שוואַרצער בליץ, דורכגעשניטן די בלומען־בייטן פון דעם קלײנעם סקווער פון דעם באַנק־הויף.

— עס איז מאַמעש ניט צו גלייבן, ווי שנעל אַ מענטש קען זיך עס אָפּלאָזן — האָבן זיך געוווּנדערט די באַנק־באַאַמטע, קוקנדיק אַף מיטראָפּאַן איליטשן.

אָט אַזוי, אין מאָרעשכוירעדיקער דערוואַרטונג אַף עפּעס אומגלויבלעכס, אַף עפּעס וואָס שרעקלעכס, אַז עס איז אַפילע שווער זיך דאָס פאָרצושטעלן, האָט מיטראָפּאַן איליטש דורכגעלעבט די צײַט ביז יענער נאַכט, ווען מען האָט באַקומען דעם באַפעל ענדגילטיק פאַרענדיקן די אַרבעט און זיך רירן צו מיזרעך. מען האָט שוין געהאַט אָנגעלאָדן די לעצטע מאַשינען מיט דעם באַנק־אייגנטום, ווען טשערעדניקאָוו, אַ הויכער טרוקענער אַלטער מאַן, אָנגע־

טאָן אין אַ האַלב־מיליטערישן העמדל, מיט איין לײדיקן אַרבל, וועלכער איז געווען זאָרגפעליק פאַררוקט הינטער זײַן רימענעם פּאַס, האָט זיך פּלוצים אָנגעשטויסן אָף מיטראָפּאַן איליטשן, וועל־כער האָט אָן א ציל זיך אַרומגעדרייט איבער די צימערן פון באַנק, אין וועלכע עס האָט אָפּגעהילכט די נאָענטע קאַנאָנען שיסערײַ.

— מיטראָפּאַן! וואָס טוסטו דאָ? — האָט ער געפרעגט.

— וואָס?

— ווו זײַנען דײַנע זאַכן? נעמסט עפּעס מיט מיט זיך? מיר פאָרן דאָך ניט כאַפּן פיש, ווער ווייס וויפל עס וועט נאָך אונדז אויסקומען אַרומצוואַנדערן.

אַפילע איצטער, אין דעם טרויעריקן געטומל פון דער לעצ־טער עוואַקואַציע־שאָ, האָט דער פאַרוואַלטער פון באַנק ניט פאַר־לוירן זײַן געוויינלעכע זאַכלעכע צודרינגלעכקייט.

— זאַכן? וועלכע? צו וואָס זאַכן? — האָט איבערגעפרעגט מיטראָפּאַן איליטש, פונקט ווי ער זאָל זיך אויפכאַפּן פון שלאָף.
— אַ, יאָ, מײַנע זאַכן. איך האָב ניט קיין זאַכן. צו וואָס? איצט איז שוין אַלצייינס. זאָל זײַן...

— ביסט פון זינען אַראָפּ, מיטראָפּאַן? ווייסט דאָך ניט האָבן אַפילע קיין פּאָרל וועש אָף איבערצוטאָן. ווער וועט דיך פאַרזאָרגן? דאָס לאַנד איז דאָך איבערן קאָפּ פאַרנומען מיט דער מילכאָמע.

טשערעדניקאָוו האָט אַ קוק געטאָן אָף זײַן זילבערנעם ציבע־לע־זייגער, זײַן באַרימטן זייגער, וועגן וועלכן אַלע אין באַנק האָבן געוווּסט אַז דער פאַרוואַלטער האָט אים באַקומען אַלס אויסצייכע־נונג פאַר זײַן העלדישקייט, פון די הענט פון וואַסילי איוואַנאָוויטש טשאַפּאַיעוו פערזענלעך.

— אָט וואָס, האָסט נאָך איין שאָ צײַט. די מינוט. שנעלקייט דרײַ קרייצן, מאַרש, מאַרש אַהיים! לייג צונויף דאָס סאַמע ניי־טיקסטע — און צוריק אַהער. האָב אין זינען: מיר פאָרן ניט צום טײַך מיט אַ ווענטקע. נעם מיט אַלץ וואָס איז נייטיק. געדענק אַז צען אַזייגער רירן מיר זיך אַרויס. נו, געגאַנגען!

מיטראָפּאַן איליטש האָט זיך אויפגעכאַפּט, ווי פון שלאָף. ער איז שנעל געגאַנגען, קוקנדיק אַ פאַרווונדערטער אין אַלע זײַטן, פונקט ווי ער וואָלט ניט דערקענט די גאַסן אָף וועלכע ער איז

טאָג־טעגלעך, אין מעשעך פון קנאַפּע דרײַסיק יאָר, געגאַנגען צו און פון דער אַרבעט, שטענדיק מיט דעם זעלביקן וועג.

אַף דער מײַרעוודיקער זײַט פון שטאָט האָט שוין דעם צווייטן טאָג געפלאַקערט די נאַפט־באַזע, אַן אונטערגעצונדענע פון דעם סוינעס באָמבאַרדיר־אַוויאָנען. דער ברוינער רויך, וועלכער האָט אַלץ פאַרהילט איז געווען אַזוי געדיכט און שווער, אַז אין אים זײַנען צעשווומען געוואָרן די קאָנטורן פון די נאָענטסטע געבײַדעס. אין דעם רויך, וועלכער האָט פאַרפולט די גאַסן פון איין עק ביז צום אַנדערן, האָט זיך געטראָגן אַ שטראָם פון גרילצנדיקע, רוישנדיקע, רעוועגדיקע לאַסט־אויטאָמאָבילן, שווער־סקריפּענדיקע איבערגעלאָדענע פורן, מיט אײַלעניש זײַנען געגאַנגען מענטשן מיט שווערע פּעק אַף זייערע פּלייצעס, שלעפּנדיק פאַר די הענט זייערע איבערגעשראָקענע קינדער. אין הימל האָט זיך קוים געמערקט די זון, ווי אַ טונקל־רויטער פלעק מיט לויכטנדיקע קאַנטן. דאָס אַלץ איז געווען אַזוי ניט געוויינלעך, עס איז אַזוי ניט ענלעך געווען צו דעם, וואָס מיטראָפאַן איליטש איז געווויינט געווען צו זען דאָ פאַר די לעצטע דרײַסיק יאָר, אַז ער איז שטיין געבליבן הילפלאָז און האָט זיך אַ היפּשע רעגע אומגעקוקט, ביז ער האָט זיך צום סאָף געכאַפּט, וויאַזוי אַמשנעלסטן צוקומען צו זײַן שטוב.

דער קאַסיר האָט געוווינט אין פאָרשטאָט, אַף זאַרעטשיע, אין אַ קליינער הילצערנער הײַזקע, וועלכע האָט זיך אויסבאַהאַלטן צווישן פיר צעשויבערטע ליפּע־ביימער. זײַן ווײַב איז געשטאָרבן מיט אַ צען יאָר צוריק. זײַנע דרײַ זין האָבן געדינט אין דער אַרמיי נאָך פון דער פינלענדישער מילכאָמע אָן, און איצט זײַנען זיי שוין געווים געווען ערגעץ ווו אין שלאַכט. זײַן טאָכטער מיט די אייניקלעך, וועלכע איז דאָ ניט לאַנג געווען בײַ אים צו גאַסט, האָט ער גלײַך, נאָכן דערקלערן די שטאָט אין באַלאַגערונגס־צושטאַנד, אָפּגעשיקט צו זײַן מעכוטן אַף אוראַל, ווו יענער האָט געאַרבעט בײַ אַ דאַמבע־אויוון. נאָכדעם ווי מיטראָפאַן איליטש האָט זיי אַרויסבאַגלייט אין ווײַטן וועג, איז ער גלײַך פון דער באַן־סטאַנציע געקומען אין באַנק און שוין דאָרטן פאַרבליבן, אַנטלויפנדיק פון דער איינזאַמקייט. און איצט, אויפשליסנדיק דעם קאָמפּליצירטן שלאָס פון דער אַרײַנגאַנג־טיר, איז ער מיט אַ נאָגנדיקער שרעק איבערגעטראָטן דעם היימישן, פון זײַנע טריט טיף אויסגעריי־

בענעם, שוועל. פון זײַן ווײַבס טריט און פון די טריט פון זײַנע קינדער און אייניקלעך.

דאָס פעסטע הילצערנע הײַזל האָט זיך געטרייסלט פון דער נאָענטער קאַנאָנאַדע און עס האָט געהודיעט ווי אַ קעסטל פון אַן אַלטער גיטאַרע. מיטראָפאַן איליטש איז געבליבן שטיין אין דער טיר און זיך אײַנגעקלאַמערט מיט דער האַנט אין דער ראַם. דאָס האַרץ האָט זיך אים צונויפגעפרעסט ווען ער האָט דערזען די פאַרלאָזנקייט, וואָס האָט געהערשט אין זײַן שטוב. אַ גרויער שטויב האָט פונקט ווי מיט אַ מוטנעם שמוציקן שלייער, פאַרדעקט אַלע בילדער, פאַרהענגלעך, די מיט טשעכאָלן באַדעקטע פאָטעלן און ביכלאַל אַלץ וואָס האָט זיך געפונען אין דער דירע, וועלכע האָט שטענדיק געפרייט דאָס אויג מיט דער געמיטלעכער זויבערקייט. שאַרפע געלע זונען־שטראַלן האָבן דורך די שפאַלטן פון די לאָדנס שיף דורכגעשטאָכן די קאַלטע טונקלקייט און גלאַנצנדיק מיט אַ שטויב־פאַס באַלויכטן, אַ קינדערשן וועלאָסיפעד אַף דרײַ רעדער, אַף וועלכן עס איז געזעסן אַן אויסגערײַבענער פליושענער בערעלע און אַ קליינעם, ענלעך צו אַ גוס־שאָלעכץ, קינדישן לאָטשל, וועלכער האָט זיך געוואָלגערט אַפן פאָל.

מיטראָפאַן איליטש האָט עס אויפגעהויבן, אָפגעבלאָזן דעם שטויב און פאַר זײַנע אויגן איז בוילעט אויפגעקומען אַ בילד, ווי די קליינע אַרישקאַ, וואָוויק און זייער מוטער טראָגן זיך אַרום, ווי בלעטער אַראָפגעריסענע דורך אַ האַרבסטיקן שטורעם, אונטערגעכאַפטע פון אַ שנעל־שטראָמיקן טײַך, אין דעם ריזיקן מענטשלעכן שטראָם וועלכער פליסט אַף מיזרעך. ער האָט אַ טראַכט געטאָן אַז באַלד וועט דער שטורעם אָפרײַסן אויך אים, אָפרײַסן, פאַרדרייען און פאַרטראָגן ווער ווייס וווהין, אַף ווײַטע אומבאַקאַנטע און אומענדלעכע וועגן. דער אַלטער האָט פלוצים דערפילט אַזאַ שוואַכקייט, אַז דאָס לאָטשל האָט זיך אַרויסגעגליטשט פון זײַן האַנט און ער אַליין האָט זיך גענומען אָנשפאַרן אָן דער וואַנט, קעדיי ניט צו פאַלן. אַזוי שפרײַזנדיק לענגאויס די ווענט, אָנכאַפנדיק זיך אָן דעם אָנלען פון די פאָטעלן און בענקלעך, אָן די טיר־ראָמען, פאַרענטשע פון דער טעראַסע איז ער אַרויס אין סאָד.

פאַר מיטראָפאַן איליטשן איז זײַן גאָרטן שוין פון לאַנג אָן געווען אַן אָביעקט פון זאָרג און שטאָלץ. דאָ, אין דער שטילער

פֿאַרשטאָט, ניט ווײַט פֿון אַ שמאָלן טײַך, וועלכער האָט געשימערט גלײַך הינטערן פּלויט צווישן די טונקל־גרינע אַלטע ביימער, איז קימאַט ניט געווען קיין רויך. די זון, וועלכע האָט זיך נאָך ניט גאַנץ הויך אויפֿגעהויבן, האָט מיט אַ ברייטער האַנט באַשאָטן די ערד מיט אירע וואַרעמע שטראַלן און פֿון זיי האָבן די בלעטער פֿון די עפּל־ביימער און פֿון דעם גרינס געגלאַנצט, ווי אָפּגעלאַקירטע. עס האָט זיך געפֿילט אַ געדיכטער דופֿט פֿון דער צעוואַרעמטער, גוט געפֿלעגטער ערד; עס האָט געשמעקט מיט האָניק, קראָפּ, מיט אַ שאַרפֿן רייעך פֿון פּאָמידאָרן און שטאַרקן גערוך פֿון קנאָבל. די פֿייגל, ניט לייגנדיק קיין אַכט אָפֿן אַלטן, האָבן זיך כוצפּעדיק געפּאָרעט צווישן די געדיכטע קאַרשן־ביימער און געפּיקט די ניט אַראָפּגענומענע שוין איבערצײַטיקע קאַרשן. די בינען האָבן באַלעבאַטיש געשמײַעט אַרום די בונט־געפֿאַרבטע ביישטאָקן, זיך געוויגט אָף די דינע דורכזיכטיקע קראָפּ־שירעמלעך, אַרומגעפֿלויגן אַרום די ברייטע בלעטער פֿון די אוגערקעס און איבערקערנדיק זיך מיטן קאָפּ אַראָפּ, געקראָכן אין די העל־געלע בלומען־קעלישקעס. זיי איז גאָרניט אָנגעגאַנגען די מוטנע ווײַסע רויך־סלופּעס, וועלכע האָבן אונטערגעשפּאַרט דעם הימל, עס האָבן זיי ניט געאַרט די איימעדיקע גרילצנדיקע געררישן פֿון די פֿרעמדע אַוויאָנען אין דער זוניקער לופֿט; עס האָט זיי ניט גערירט דער טרויעריקער מענטשן־שטראָם איבער די גאַסן; עס האָט זיי ניט געשראָקן דאָס, וואָס די ערד ציטערט מיט אַ דראָבנעם ציטער פֿון די דונערן פֿון דער נאָענטער שלאַכט, וועלכע איז, ווי מען האָט דערציילט, פֿאַרגעקומען ערגעץ אין דער אומגעגנט פֿון דער באַנסטאַנציע.

לעהייפֿעך צו דעם אַלעמען וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אַרום, האָט דאָ אין דעם קליינעם גאָרטן אַלץ געאָטעמט מיט מענוכע. מיטראָפֿאַן איליטש האָט אַליין ניט באַמערקט, ווי אַרומעט ער האָט זיך געפֿונען אין דעם פֿאַרבאָרגענעם ווינקל פֿון זײַן גאָרטן, פּונקט ווי די פֿיס אַליין האָבן אים אָן זײַן ווילן אַהין געבראַכט.

דאָ זײַנען געלעגן, אָנגעשפּאַרט מיט די פּאַרקניפּטע עלנבויגנס אָף לאַנגע הילצערנע שטענגלעך, גלאַנצנדיק אונטער דער זון מיט די העל־גרינע בלעטער — די ערשטע טרויבן־צווײַגן אין

דער שטאָט. אונטער די בלעטער האָט מען שוין ערגעץ ווו געקענט מערקן בינטלעך קלײנע מאָט־גרינע װײַנטרויבן.

עס האָט געקאָסט אַ קנאַפּער פערטל יאָרהונדערט אָנגעשטרענגטע, געדולדיקע און מיִאוּסע אַרבעט ביז דעם באַנק־קאַסיר האָט זיך אײַנגעגעבן אײַנצובירגערן דאָ, דעם זון־גיריקן, דאָרעם־אײַנוווינער און אים צווינגען צו וואַקסן און ברענגען פרוכט אין אָט דער קילער געגנט. דער אַלטער פלעגט אויסשרײַבן װײַנטרויב־פּלאַנצן פון פאַרשיידענע געגנטן און קרייצנדיק צווישן זיך די פאַרשיידענע מינים, האָט ער געשטרעבט אַרויסצובאַקומען אַ נײַעם סאָרט, וועלכער זאָל אימשטאַנד זײַן אויסצוהאַלטן די פרעסט. ער האָט געפירט אַ לעבהאַפטע קאָרעספּאָנדענץ מיט פיל עקספּערימענטאַלע סטאַנציעס, און איינמאָל אויסנוצנדיק די פרײַע טעג פון זײַן אורלויב איז ער דערגאַנגען אַזש ביז איוואַן וולאַדימיראָוויטש מיטשורינען אַליין. און יענער האָט געשאָנקען דעם באַשיידענעם עקספּערימענטאַטאָר צוויי פלאַנצן פון זײַן אייגענעם צוכט. און איצט ערשט, אַף די עלטערע יאָרן האָט זיך מיטראָפאַן איליטשן אײַנגעגעבן צום ערשטן מאָל אין דער געגנט צו באַקומען אַ גוטן שניט װײַנטרויבן. פאַראַיאָריקן האַרבסט זײַנען גרויסע זיסע בינטלעך, דורך זײַן מי אויסגעכאָוועטע, װײַנטרויבן געווען אויסגעשטעלט אַף דער אַלפאַרבאַנדישער אַגריקולטור אויסשטעלונג.

די דאָרפישע גערטנער פון די נאָענטע קאָלווירטן האָבן שוין לאַנג נאָכגעשפּירט די עקספּערימענטן פון דעם אַלטן ליבהאָבער, זיי פלעגן אָפט באַזוכן זײַן קלײנעם גאָרטן קעדיי צו באַוווּנדערן די שווערע דורכזיכטיקע גרינע מיט אַ געלבלעכן שפּריץ, ווי מיט זון אָנגעפילטע בינטלעך, וועלכע זײַנען געהאַנגען אונטער די ברייטע בלעטער. זיי האָבן געקוקט, פרום געזיפצט און אין געדאַנק האָבן זיי שוין אויסגערעכנט די אַלע זוניקע, אָדער ווי מען האָט זיי דאָ גערופן „רויטע“ פּאַסן ערד, ווו עס וואָלט מעגלעך געווען אויסצוהאָדעווען אַזאַ אויסגעצייכנטע פרוכט. און מיטראָפאַן איליטש, וועלכער האָט די גאַנצע צײַט אָנגעהאַלטן אַ פאַרבינדונג מיט זײַנע דאָרפישע קאָלעגן, האָט שוין געכאָלעמט, אַז דאָס יאָר וועט ער קענען אַרויסלאָזן די ערשטע ווערטפולע װײַנטרויב־פלאַנצונגען אַפן ברייטן שעטעך פון די קאָלווירטישע גערטנער. יעדן פרימאָרגן איז ער געגאַנגען צו דעם זוניקן ווינקל פון זײַן גאָרטן

און געקוקט וויאַזוי עס בליִען, ווי עס ווערן אָנגעגאָסן די ווײַנ־טרויבן „ארינקא״. אַזאַ נאָמען האָט ער געגעבן זײַן בעסטן סאָרט לעקאָוועד זײַן באַליבטסטן אייניקל. און איצט, ווען די צווײַגן, אין וועלכע עס איז אַרײַנגעלייגט געוואָרן אַזויפיל מי, הייבן שוין אָן אַריבערצוקלעטערן איבערן פּלויט פון זײַן ענגן גאָרטן, וועט ער עס איבערלאָזן אַף גאָטס באַראָט, איבערגעבן אין דער מאַכט פון די שטאַרקע פרעסט, איבערלאָזן אַלץ קעדיי אַליין צו אַנטלויפן ווער ווייס וווהין!

מיטראָפּאַן איליטש האָט זיך אַראָפּגעזעצט אַפן וואַרעמען בייט. דאָס גרינגס האָט פון אים פאַרשטעלט דאָס אַרומיקע. דער קלייניטשקער שטעך ערד, וועלכער האָט מיט דער מי פון זײַנע הענט זיך פאַרוואַנדלט אין דעם בליִענדיקסטן ווינקל פון גאַנץ „זאַרעטשיע״ האָט זיך אים אויך איצט אויסגעוויזן צו זײַן אַזוי וווּנדערלעך אַנגענעם, ווי אין יענע גליקלעכע טעג, ווען צווישן די עפּל־ביימער האָט אַרומגעשפּאַצירט מיט אַ גיס־קאַן אין האַנט זײַן ווײַב, ווען זײַנע זין זײַנען נאָך געווען גאָר קליינע קינדער. דער אַלטער האָט פּאָרזיכטיק אַראָפּגעריסן אַ געלן טרויבן־בלעטל און צערטלעך צוגעדריקט אים מיט דער שאָרסטקער זײַט צו זײַן באַק. אַ קילער דורכזיכטיקער נעפּל האָט זיך געשפּרייט צווישן די ביימער. די פייגל האָבן אויפגערעגט געליאַרעמט, דער ווינט האָט פויל געשאָקלט די האַרטע בלעטער פון די עפּל־ביימער, באַזאָרגט האָבן געזשומעט די בינען. איינע פון זיי האָט זיך פאַרפּלאָנטערט צווישן מיטראָפּאַן איליטשס גרויע צעשויבערטע האָר. ער האָט זי פאָרזיכטיק באַפרײַט און זאָרגפול נאָכגעקוקט ווי זי איז צוגעפלויגן צו איר בינשטאָק.

און פּלוצים האָט זיך דעם אַלטן אויסגעדוכט, אַז דער קליינער מיט זון־שײַן באַגאָסענער גאָרטן, איז אַ שטילער אינדזל צווישן אַן אומענדלעכן רוים, פאַרפלייצט פון אַ שרעקלעכן מילכאָמע־געוויסער.

און אין דעם מאָמענט האָט באַ אים אַ בליץ געטאָן דער געדאַנק: און עפּשער ניט פאָרן אין דער עוואַקואַציע? דער געדאַנק איז געבאָרן געוואָרן אַזוי אומדערוואַרטעט, אַז ער איז אַזש פון אָרט אויפגעשפּרונגען און אַפן הויכן קאָל איבערגעפרעגט:

— דאָס הייסט, זײַט מויכל, ווי איז דאָס עפּעס ניט פאָרן?

אָבער אַ רעגע שפּעטער האָט ער געגומען פּאַרטיידיקן זײַן קליינמוטיקייט. בעעמעס, ער איז דאָך שוין אַלט און קראַנק. ווער ווייס אויב ער וועט גאָר קענען אַריבערטראָגן די אַלע שוועריקייטן פון וועג ? זײַן האַרץ לאָזט זיך זייער שטאַרק פילן די לעצטע טעג. און לאָמיר שוין זאָגן, אַז ער וועט אויסהאַלטן דעם שווערן וועג, וועמען, זײַט מויכל, און וואָס פאַראַ נוצן קען שוין זײַן פון אים ? וואָס קען ער אויפטאָן פאַר דער מילכאָמע ? דאָרט אין היגטערלאַנד איז אָן אים אויך פאַראַן געגוג קאַסירן. גראַנאַטן טאָקן קען ער ניט, און ער האָט אויך ניט קיין קויכעס פאַר אַזאַ אַרבעט. און דאָ, קען נאָך מיט זײַן האַרץ עפּעס געשען, וועט נאָך אויסקומען אָפּרײַסן מענטשן, וועלכע זײַנען אַזוי אויך ביז איבערן האַלדז פאַרנומען, קעדיי זיי זאָלן אַף אים אַכטונג געבן. פאַלן צו לאַסט — וואָס קען נאָך זײַן ערגער פאַר אַ מענטשן אין אַזאַ צײַט !

— אָבער אַלע אַרנטלעכע מענטשן גייען דאָך אַוועק צו מיז־רעך, אַפילע קראַנקע, אַפילע מוטערס מיט זויג־קינדער און מיט אַ גאַנצער כאָפּטע קליינוואַרג — האָט ער ווידער געטײַנעט צו זיך.

איז דען ניט אַלץ איינס ווו מען זאָל שטאַרבן ! כאָטש, שטאַרבן איז, פאַרשטייט זיך בעסער דאָ, אין דער אייגענער שטאָט, אין דעם שטיבעלע, ווו ס׳איז דורך זײַן גאַנץ לעבן. ניין, ער דאַרף ניט פאָרן ! ער וועט ניט פאָרן !

באַשליסנדיק דאָס, האָט מיטראָפּאַן איליטש זיך אויפגעהויבן און זיך אײַליק געלאָזט גיין צום אַרויסגאַנגס־טירל, באַמיִענ־דיק זיך ניט צו טרעטן אַף די צאַרטע אוגערקע־פלאַנצן. איבער דער גאַס איז ער קימאַט ווי געלאָפן, ניט באַמערקנדיק די גאָר נאָענטע שיסערײַ, ניט דעם דראָענדיקן רויש פון די פרעמדע באָמ־באַרדיר־אַוויאָנען, ניט די הילכיקע באָמבע־אויפרײַסן, וועלכע האָבן די גאַנצע צײַט אויפגעטרייסלט די שטאָט. ער פלעגט פאַרהאַלטן זײַנע טריט נאָר דאַן, ווען דאָס שטעכעניש אין האַרצן פלעגט ווערן אומדערטרעגלעך. געטראַכט האָט ער נאָר פון דעם וואָס פאַר אַן אויפן וואָלט געווען דער בעסטער צו דערקלערן דעם כאַווער טשע־רעדניקאָוו זײַן אומדערוואַרטעטן באַשלוס.

דעם עלטסטן קאַסיר האָט געבונדן מיטן פאַרוואַלטער ניט נאָר די דינסט אין באַנק, נאָר אויך אַ לאַנגיאָריקע פרײַנטשאַפט, וועלכע איז געבאָרן געוואָרן נאָך אין די טעג פון זייער יוגנט, באַם

ברעג פון טײַך, ווו זיי פלעגן זיך באַגעגענען באַם פיש־פאַנג. טשערעדניקאָוו איז דאַן געווען אַ שלאָסער אַף דער בוימל־פאַבריק, שטענדיק אויסגעפוצט אין אַ סאַטינענער רובאַשקע מיט אַ ווויל־יונגעריש פאַרקנייטשטער היטל מיט אַ לאַקירטן דאַשעק. מיטראָ־פאַן איליטש האָט דאַן פאַרנומען דעם פּאָסטן פון דעם יונגסטן סטאַטיסטיקער אין דער דאָרטיקער אָפּטיילונג פון רוסיש־באַלטישן באַנק מיט אַ געהאַלט פון 23 רובל מיט פופציק קאָפּיקעס אַ מאָנאַט. שאָען־לאַנג פלעגן אָפּזיצן די יונגעלײַט זײַט בײַ זײַט אַכטונג געבנ־דיק אַפן לײַכטן שעמערירן פונעם טײַך אַרום די שווים־קאָרקעס פון די ווענדקעס. עס האָט אויסגעבראָכן די אָקטאָבער־רעוואָלוציע און דער באַשיידענער באַנק־באַאַמטער האָט מיט גרויס שטוינען דערקענט אין דעם „פלאַם־פײַערדיקן באָלשעוויק" וועלכער פלעגט אַף אַלע טומלדיקע מיטינגען שמעטערן די אָרטיקע מענשעוויקעס און עסערן, זײַן אַלטן באַקאַנטן פון פיש־פאַנג. גאָר אינגיכן איז טשערעדניקאָוו, לויט דער פּאַרטיי־מאָביליזאַציע, אָפּגעפאָרן צום פראָנט און זיך צוריקגעקערט פון דאָרט מיט אַ זילבערנעם זייגער, וועלכן ער האָט באַקומען אַלס אויסצייכענונג פאַר זײַן העלדיש־קייט, און מיט אַ ליידיקן אַרבל צוגעשפּילעט מיט אַ שפּילקע צו זײַן אַלטן פרענטש מיט אַן אויסגעריבענעם קאָלנער.

שפּעטער האָט טשערעדניקאָוו געאַרבעט אין שטאָט אַף פאַר־שיידענע אָנפירנדיקע פּאָסטנס. די אַלטע באַקאַנטע האָבן זיך שוין זעלטענער באַגעגנט מיט זייערע ווענדקעס באַם ברעג טײַך, איצט אָבער טרעפנדיק זיך באַם כאַפּן פיש האָבן זיי שוין ניט געשוויגן ווי אַמאָל. זיי פלעגן פירן אַ גאַנץ געמיטלעכן שמועס וועגן דעם לעבן און וועגן די שטאָט־איניאָנים. צום סאָף האָט זיי דער גורל שוין ענדגילטיק צוזאַמענגעפירט אין דער שטאָטישער אָפּטיילונג פון רעגירונגס־באַנק, ווּהין טשערעדניקאָוו איז באַשטימט געוואָרן אַפן אַמט פון פאַרוואַלטער און ווו מיטראָפאַן איליטש האָט שוין געאַרבעט אַלס עלטסטער קאַסיר.

ניט געקוקט אַף זײַן ליידיקן אַרבל און שוין גרוי געוואָרענע שלייפן, זײַנען אין טשערעדניקאָווס כאַראַקטער פעסט פאַרבליבן יענע שטריכן, פאַר וועלכע מען האָט אים אַמאָל אַ נאָמען געגעבן „פלאַם־פײַערדיקער באָלשעוויק". מען דערציילט אַז אינעם ערשטן טאָג פון דער מילכאָמע האָט דער פאַרוואַלטער געבושעוועט אין

קריגס־קאָמיסאַריאַט, ער האָט געשטופּט אונטערן נאָז דעם מידן קאָמיסאַר זײַן זילבערנעם זייגער מיט דער אויפשריפט: „פאַר העלדישקייט און אויסגעצייכנטער דינסט אין דער רעוואָלוציאָנערער אַרמיי״, און האָט געפאָדערט מען זאָל אים טייקעף שיקן אַפן פראָנט. נאָכדעם האָט מען אים געזען אין שטאָטישן קאָמיטעט. ער האָט באַזוכט לויט דער ריי איינס נאָכן אַנדערן אַלע סעקרעטאַרן און זיי אײַנגערעדט, מען זאָל אים שיקן אין וואַלד, אין אַ פאַרטיזאַנער־אָפּטיילונג, וועלכע האָט זיך פאָרמירט פון מיטגלידער פון פאַרטיי־אַקטיוו. ער האָט באַלאַגערט מיט זײַנע טעלעפאָן־רופן די קרײַז־פאַרוואַלטונג און איז ענדלעך אַנטשוויגן געוואָרן, ווען ער האָט באַקומען אַ שטרענגע טעלעגראַמע פון דעם ערשטן סעקרעטאַר פון קרײַז־קאָמיטעט, לויט וועלכער מען האָט אים קאַטעגאָריש באַפוילן צו פאַרבלײַבן אַף זײַן פאָסטן און פאַרזיכערן, אַז די באַנק זאָל נאָרמאַל אַרבעטן ביז צו דער לעצטער שאָ און דורכפירן אַ פלאַנמעסיקע עוואַקואַציע פון אַלע ווערטזאַכן.

איצט לויפנדיק איבער די פאַררייכערטע גאַסן, האָט מיטראָפאַן איליטשן געפײַניקט נאָר איין געדאַנק, אַף וואָס פאַר אַן אויפן זאָל ער דערקלערן דעם אימפּולסיוון מענטשן זײַן באַשלוס. „פאַרשטיי דאָך אַליין״ — האָט ער אין די געדאַנקען געפרווט ווירקן אַף משערעדניקאָוון — „פאַרשטיי נאָר, אַז אין דעם אַלגעמיינעם באַלאַנס פון די קריגס־אָנשטרענגונגען בין איך אַ נעגאַטיווער אָביעקט, אַ ניט נייטיקער, מיך מוז מען דאָך שוין פאַרשרײַבן אין פאַסיוו... קענסט דאָך מיך, איך וועל ניט פאַרראַטן, עס קען זײַן אַז איך וועל אַפילע זײַן נוצלעך פאַר די פאַרטיזאַנער, אָדער פאַר די אומלעגאַלע אַרבעטער... און אויב עס וועט אויסקומען צו שטאַרבן, וואָס־זשע איז, וועל איך שטאַרבן מיט קאָוועד, איך וועל ניט אָפּנאַרן אײַער צוטרוי צו מיר, כ׳וועל קאָרעצקיס נאָמען ניט פאַרשמוצן... נאָר שוין אויב יאָ שטאַרבן, זאָל איך שוין בעסער דאָ, אין דער היים, ווו איך בין געבאָרן און מײַן גאַנצן לעבן אָפּגעלעבט״.

באַהערשט פון דער פײַנלעכער דערוואַרטונג פון דעם שווערן שמועס מיט זײַן שעף און פרײַנט איז מיטראָפאַן איליטש, ניט באַמערקנדיק אַליין וויאַזוי, ענדלעך אָנגעקומען צום סאָוועטן־פּלאַץ. דער ווינט האָט פאַריאָגט דעם רויך אַן אַ זײַט. עס איז מאָדנע

# II

דער גערוימער לײדיקער באַנק־לאָקאַל האָט מיט דעם זעלבן הילכיקן ווידערקאָל זיך אָפּגערופֿן אױף דער קאַנאָנאַדע, וועלכע האָט זיך דערטראָגן פֿון דער זײַט פֿון דער באַן־סטאַנציע, אױף מיטראַפֿאַן איליטשס שווערע טריט.

די שטילקײט פֿון די הױכע גרױסע צימערן, וועלכע זײַנען געוױנלעך געווען אָנגעפֿילט מיט אַ פֿאַרשטיקטן גערױש פֿון געשפּרעכן פֿון די באַנק־באַזוכער, מיטן קנאַקן פֿון די שרײַב־ און רעכן־מאַשינקעס, איבערהױפּט מיט יענעם געשעפֿטלעכן טומל וועלכן דאָס צוגעוױנטע אױער האָט זיך שױן אױסגעלערנט ניט צו באַמערקן, האָט איצט מיטראַפֿאַן איליטשן ווידער דערמאָנט דעם טאָג פֿון זײַן ווײַבס לעווײַע, ווען ער, איבעריאָגנדיק זײַנע פֿרײַנט און מיטאַרבעטער, האָט זיך עלנט, אַלײן אומגעקערט פֿון בײס־עולם צו זיך אַהײם. פּונקט װי איצט איז אױך דאַן געווען אָנגעשמוצט און אָנגעטראָטן אױף די דילן, און פּונקט אַזױ האָט אױך דעמאָלט אָפּגעהילכט דער ווידערקאָל אין די פֿאַרשטומטע צימערן.

די צעעפֿנטע טירלעך פֿון די אײַזערנע קאַסעס, די שטיקלעך פּאַפּיר, וועלכע האָבן זיך פֿראַנק און פֿרײַ אַרומגעטראָגן, געשלעפּט פֿון דעם צוגװינט און דער דונער פֿון די האַרמאַטן, וועלכער האָט זיך אַרײַנגעריסן דורך די פֿענצטער וועלכע זײַנען אַזױ זאָרגפֿול געווען פֿאַרקלעפּט אין דער פֿאָרעם פֿון אַ קרײַץ מיט פּאַפּירענע סטענגעס און זײַנען שױן איצט געווען נוצלאָז, — דאָס אַלץ האָט אומראַכמאָנעסדיק דערמאָנט, אַז דאָס געוױנלעכע נאָענטע לעבן איז שױן פֿאַרבײַ און עס רוקט זיך אָן עפּעס אַ נײַ לעבן, אַן אומפֿאַרשטענדלעכס, אַן אומבאַקאַנטס, וועלכעס האָט זיך מיטראַפֿאַן איליטשן אױסגעוויזן צו זײַן אַ סך שרעקלעכער ווי דער טױט.

און ווייטיקלעך געווען צו זען דעם מיט זון־שטראַלן פאַרגאָסענעם, שטענדיק פריילעכן און באַלעבטן שטאָט־צענטער, ווי ער זעט אויס איצט אינגאַנצן אָן מענטשן. די געבײַדעס אויסגעליידיקטע, די טירן און פענצטער צעפּראַלט. דער ווינט האָט אַרומגעיאָגט איבערן אַספאַלט שטיקלעך פּאַפּיר, אַש און ווי אַ טײַפון זיי געדרייט אין זײַלן שטויב. דעם אָפּקלאַנג פון זײַנע טריט האָט דער אַלטער געהערט ערגעץ ווײַט פאַר זיך.

אָפּכאַפּנדיק מיט גרויס מי דעם אָטעם און קוים אויסהאַלטנדיק די שאַרפע שטעכעניש אין זײַט, האָט מיטראָפאַן איליטש דורכגעקרייצט דעם פּלאַץ, אײַנגעלאָפן אין הויף און איז שטיין געבליבן אַ פאַרגליווערטער . . . אין הויף איז שוין ניט געווען קיין איין אויטאָ. קלאַמערנדיק זיך אָן דעם פאַרענטש איז ער מיט גרויס מי אַרויף אַפן אײַזערנעם גאַנעק: קען דען מעגלעך זײַן, אַז אַלע זײַנען שוין אָפּגעפאָרן? וועט ער דען שוין ניט האָבן די געלעגנהייט זיך צו זען מיט טשערעדניקאָוון און זיך דורכשמועסן מיט אים וועגן זײַן קאַוואָנע? פאַרשפּעטיקט! אַלע האָבן געוואַרט אַף אים און ער איז ניט געקומען. וואָס וועלן איצט טראַכטן וועגן אים די מענטשן, מיט וועלכע ער האָט געאַרבעט צוזאַמען, וועלכע האָבן אים שטענדיק געשענקט אַזויפיל צוטרוי, פלעגן אים ווײַלן אין פּרעזידיום אַף אַלע פײַערלעכע זיצונגען, אים שיקן אַלס זייערן אַ דעפּוטאַט צום קרײַז־סאָוועט?

דער אַלטער איז געבליבן שטיין אַפן גאַנעק און האָט אַן אומבאַהאָלפענער זיך אַרומגעקוקט: „וואָס טוט מען איצט? וואָס?“.

„וואָס־זשע וועט זײַן איצט? וויאַזוי וועט עס זײַן איצט?“ פּלוצים האָט זיך דעם אַלטן אויסגעוויזן, אַז אין דער דראָענדיקער שטילקייט פון דער ליידיקער קאַנטאָר הערט זיך עמעצנס אַ געוויין. ער האָט זיך דערטראָגן ערגעץ פון יענער זײַט, ווו עס געפינט זיך דער אויפנאַם־סאַלאָן. מיט אַן אָנגעשטרענגט אויסגעצויגענעם האַלדז האָט זיך מיטראָפּאַן איליטש געלאָזט אין דער ריכטונג פון דער לעבעדיקער מענטשלעכער שטימע. אין דעם גרויסן אויסגעליידיקטן צימער האָט ער דערזען די מאַשיניסטקע מוסיאַ וואָלקאָוואַ. אָנגעטאָן אין אַ זײַדן קליידל פון בונטע קאָלירן, וואָס האָט מיטראָפּאַן איליטשן אויסגעזען צו זײַן ניט פּאַסנדיק ראַשיק פאַר אַזאַ טרויעריקן טאָג, איז זי געזעסן אויפן פענצטער־ברעט, מיטן קאָפּ אָנגעשפּאַרט אַף אַ שרײַב־מאַשינקע, אַ פאַרוויקלטע אין אַ געקעסטלטן טוך און האָט געוויינט הויך אַפן קאָל, פּונקט ווי עס וויינען קליינע קינדער ווען מען באַשטראָפט זיי אומבאַרעכטיקט. בײַ אירע פיס אַפן דיל, האָט זיך געוואַלגערט אַ גרויסער פּאַק.

עס האָט אַ סקריפּע געטאָן דער דיל. דאָס מיידל האָט אַ ציטער געטאָן און מיט שרעק אויפגעהויבן איר קאָפּ. דערקענענדיק איר אַלטן מיטאַרבעטער, האָט זי זיך אַ וואָרף געטאָן צו אים, אים אָנגעכאַפּט בײַ די אַקסלען און אָנגעשטעלט אַף אים אירע גרויסע גרויע אויגן, וועלכע האָבן צאָרנדיק געפינקלט אונטער די טונקעלע ברעמען.

— אײַך האָט מען אויך פאַרגעסן? יאָ?

און ניט וואַרטנדיק אַף אַן ענטפער האָט זי מיט קאָס זיך פונאַנדערגעשאָטן:

— אַוועקגעפאָרן! איר פאַרשטייט, אַוועקגעפאָרן, אַוועקגעוואָרפן אונדז און פאַטער. איך בין אַוועק אַהיים נאָך דער שרײַבמאַשינקע, איר ווייסט דאָך, אַז איך האָב געאַרבעט אויך אין דער היים. ס'איז פון באַנק, — אָט די, — זי איז געווען בײַ מיר אין דער היים. דער פאַרוואַלטער האָט געזאָגט: „מיילע, שפּײַ אַף דער מאַשינקע, זאָל זי בלײַבן“. שפּײַען אַף אַזאַ מאַשינקע? דאָס ניט. זײַט מוחל! האָב איך געזאָגט, — איך וועל צולויפן, וואַרט צו. זיי האָבן צוגעזאָגט וואַרטן. איך האָב זיך דאָך אַזוי געאײַלט. איר ווייסט דאָך, אָבער, ווי שווער די מאַשינקע איז. איך קום אַהער צולויפן — אַ גוט־מאָרגן אײַך! שוין ניטאָ קיינער. אַוועקגעפאָרן.

זיי שפײַען ניט נאָר אַף דער מאַשינקע, זיי שפײַען אויך אַף אונדז ביידן. מיילע, זאָלן זיי. וואָס־זשע זאָלן מיר זיך אַוועקזעצן ווייַנען? אַוואַדע. געפונען דאָס אָרט.

דאָס מיידל האָט זיך מיטאַמאָל באַרויקט, אָפּגעווישט מיט אַ ברעג פון טיכל אירע טרערן און די צעשמירטע ליפּן־פּאָמאַדע. זי האָט כוצפּעדיק אַ טרייסל געטאָן מיט אירע קורץ־געשוירענע „יינגלשע“ לאָקן און דערקלערט מיט זיכערקייט:

— נישקאָשע, אַז זיי וועלן מיר זיך אויך עוואַקויִרן אַפּן בעסטן אויפן. נייטיק דאַרפן מיר זיי האָבן. מיר וועלן זיי נאָך דעריאָגן אויך. איר וועט זען, עס וועט באַ זיי נאָך פּלאַצן אַ ראָד. און זאָל זי טאַקע פּלאַצן, זיי האָבן דאָס קאָשער פאַרדינט. פאַרגעסט ניט קיין מענטשן! איר וועט מיר העלפן טראָגן די מאַשינקע?

דאָס מיידל האָט גענומען זיך פּאָרען און אײַנפּאַקן די מאַשינקע אין דעם טוך אַזוי, אַז מען זאָל זי קענען, אַריבערוואַרפנדיק איבערן אַקסל, טראָגן צוזאַמען מיטן גרויסן פּאַק. מיטראָפּאַן איליטש האָט געקוקט ווי דאָס מיידל שמײַעט און האָט דערבײַ געטראַכט: פאַרוואָס האָט די לײַכטזיניקע באַשעפעניש זיך אויסגעפּוצט אַפילע אין אַזאַ טאָג אין אַ נײַעם העל־קאָלירטן קליידל? פאַרוואָס טראָגט עפּעס מוסיאַ די עלעגאַנטע שיך, פּונקט ווי זי וואָלט זיך געקליבן צו אַ באַל? און פונדעסטוועגן ווי מוידעדיק און אײַנזאַם וועט ווערן, ווען עס וועט פאַרשווינדן פון דאַנען — צוזאַמען מיט איר פּאַק און מיט איר מאַשינקע — אויך דאָס מיידל, דער לעצטער מענטש, דאָס לעצטע ברעקעלע פון יענער צוגעוווינטער און אַזוי אומענדלעך טײַערער זאַך, וואָס איז הײַנט אַוועק אַף מיזרעך.

ענדלעך האָט די מאַשיניסטקע אײַנגעבונדן אירע זאַכן און האָט זיך אויסגעדרייט צו מיטראָפּאַן איליטשן.

— וואָס קוקט איר אַזוי אַף מיר? צוליב וואָס איך האָב זיך אַזוי אָנגעטאָן? יאָ? קעדיי וואָס ווייניקער צו שלעפּן. דאָס גאַנצע אַלטוואַרג האָב איך אַרויסגעוואָרפן און מיטגענומען בלויז די בעסערע קליידער, און דאָס האָב איך אַף זיך אָנגעטאָן. און ווי האָט איר אײַערע זאַכן? נעמט זיי און לאָמיר שוין גיין. איך ווייס מיט וועלכן וועג זיי זײַנען געפאָרן. איר וועט נאָך זען: זיי זיצן

איצט אָף דער מאַשין מיט אַראָפּגעהאנגענע פּיס און דער שאָפער קלייעט די גומי־רעדער.

— גיי אַליין... איך וועל ניט גיין — האָט מיט גרויס מי אַרויסגערעדט מיטראָפאַן איליטש.

— וואָס הייסט איר וועט ניט גיין? וואָס מיינט איר?

דער פאַרוווּנדערטער בליק פון דעם מיידל האָט בוילעט אי־בערצייגט, אַז זי פאַרשטייט טאַקע בעעמעס ניט, וויאַזוי קען מען דאָס איבערבלייבן אין אַ שטאָט, ווו עס וועט זיך באַלד אַריינרייסן דער סוינע. מיטראָפאַן איליטש האָט דערפילט ווי הייסע כוואַליעס פון כאַרפּע פאַרפלייצן זיין פּאָנעם, ער האָט אַראָפּגעלאָזט זיינע אויגן און באַמיִענדיק זיך אַרויסצורייידן די ווערטער ווי מעגלעך פעסטער, האָט ער געזאָגט:

— מוסיאַ, איך האָב באַשלאָסן איבערצובלייבן.

— בלייבן? דאָ, מיט די פאַשיסטן?

דאָס מיידל איז אינסטינקטיוו אָפּגעשפּרונגען פון אים און, ווי מיטראָפאַן איליטשן האָט זיך אויסגעדוכט, האָט זי אַפילו מיט עקל אַ טרייסל געטאָן אירע מאַגערע אַקסלען. דערנאָך האָבן זיך אירע גרויע אויגן ווידער דערנענטערט צו זיין פּאָנעם. אין זיי האָט זיך אָפּגעשפּיגלט האָפענונג, באַקאָשע און פאַדערונג.

— איר מאַכט דאָך אַ שפּאַס? עמעס? וואָס־זשע שווייגט איר? עס איז דאָך שוין צייט צו גיין.

זי האָט עס אַלץ אַרויסגערעדט מיט אַזאַ טאָן, אַז באַם אַלטן האָט פאַרפעלט מוט צו באַשטעטיקן זיין באַשלוס.

מיטראָפאַן איליטש האָט מיט איבעררראַשונג געקוקט אָפן מיידל. ער האָט שטענדיק געהאַלטן, אַז וואָלקאָוואַ איז די צעבאַ־לעוועטסטע און די לייכטזיניקסטע צווישן די אַלע אָנגעשטעלטע פרויען. עמעס, אַז אַף דער שרייב־מאַשינקע האָט זי געאַרבעט זייער שנעל און גראַמאַטיש, זי האָט אָבער פאַרמאָגט אַ גיפטיקן באַראַקטער און אַ שאַרף צינגל, האָט שטאַרק ליב געהאַט באַ אַ געלעגנהייט געבן אַן „אָפּשניט", באַטיטלט מיט צונעמעניש אַזויפיל באַנק־באַאַמטע און אַזויפיל האָט מען אין באַנק געשמועסט וועגן איר גרינגשעצונג לעגאַבע די העכערע באַאַמטע, אַז מיטראָ־פאַן איליטש, ווען עס פלעגט אים אויסקומען אָפּצודרוקן אַ באַ־ריכט, פלעגט ער פאַרזיכטיק אויסמיידן די דיניטשקע מיידל מיטן

פּאַרריסענעם נעזל און יינגלש־געשוירן קעפּל, מיט אַ געקרײַזלט גריווקע פון ווייץ קאָליר, וועלכע האָט שטענדיק פאַרדעקט איר הויכן אַקשאָנעסדיקן שטערן.

און איצט האָט וואָלקאָוואַ, די „שטעכלקע”, ווי עס האָבן איר אַ נאָמען געגעבן אירע מיטאַרבעטער, געקוקט אַף אים אַזוי, אַז ער, דער אַלטער מאַן האָט ניט געוואַגט אַרויסצורײדן יענע ווערטער, וועלכע ער האָט אַזוי פּינקטלעך צוגעגרייט פאַר דעם שמועס מיט דעם כאַווער טשערעדניקאָוו אַליין.

— איר האָט זיך מיט מיר געוויצלט? עמעס, נו, לאָמיר שוין שנעלער גיין. העלפט מיר אַרויפליייגן די פּעק אַפן אַקסל.

מיטראָפאַן איליטש האָט זיך געהאָרכזאַם אײַנגעבויגן צו מו־סיעס געפּעק, ער האָט זיך אָבער טייקעף אויסגעגלײַכט און מיט שרעק אָנגעהויבן קוקן אין פענצטער. איבערן אַספאַלט האָבן הילכיק אָפּגעקלונגען שנעלע טריט. צוויי מענער אין אוניפאָרמען פון אײַזנבאַנער האָבן געשפּאַנט איבערן ליידיקן פּלאַץ. גייענדיק האָבן זיי געליייענט אַלע שילדן, זוכנדיק ווײַזט אויס, עפּעס אַ באַשטימטן אַנשטאַלט. מיטאַמאָל האָט איינער פון זיי, דער, וואָס איז געווען יינגער און העכער, אָנגעוויזן אַף דער באַנק־אָפּטיילונג און ביידע האָבן זיך געלאָזט צום אַרײַנגאַנג. באַם יונגן אַף דער פּלייצע האָט זיך געבאָמבלט און אונטערגעשפּרונגען אַ שוואַרצער זאַק. עס האָבן זיך דערהערט שווערע טריט אונטן אַף די טרעפּ. אַ טיר האָט אַ קלאַפּ געטאָן. פונדערווײַטנס האָט זיך דערטראָגן אַ הייזעריקלעכע אויפגערעגטע שטימע.

— הע! פאַראַן עמעצער דאָ?

און איידער מיטראָפאַן איליטש האָט נאָך באַוויזן זיך אָפּצורופן, איז שוין אין דער טיר געשטאַנען אַ הויכער טונקעלער באָכער מיט אַ זאַק אַף די פּלייצעס. דער באָכער האָט באַטראַכט מיטראָפאַן איליטשן און די מאַשיניסטקע מיט אויגן, אַזעלכע שוואַרצע, אַז אַפילע די ווײַסלעך זײַנען בײַ אים געווען פון קאַווע־קאָליר. זײַן בליק איז געווען אַ פאָרשנדיקער פונקט ווי ער וואָלט געוואָיגן און געמאָסטן, אויב מען מעג געטרויען די מענטשן.

— נו, זײַט זיך מוידע, — האָט ער שאַרף געפרעגט — ווו געפינט זיך דאָ אין באַנק אײַער עלטסטער? — ער האָט אַראָפּגעשלײַדערט דעם זאַק פון פּלייצע, אים אונטערגעכאַפּט אין דער

לופטן מיט זײַנע שטאַרקע הענט און האָט אים פּאָרזיכטיק אַראָפּגעלאָזט אַף דער ערד.

דער צװייטער, דער עלטערער, האָט מיט דער לינקער האַנט אַרויסגעשלעפּט אַ נאָזטיכל פון קעשענע און גענומען זיך װישן זײַן פּאַרשװיצטן פּאָנעם. זײַן פּאַרבאַנדאַזשירטע רעכטע האַנט איז אים געהאַנגען אַף אַ באַנד. אַף דעם מאַרלע־בינט האָבן געשװאַרצט פלעקן פון פּאַרגליװערטן בלוט.

— אַנטשולדיקט, כאַװער, װער זײַט איר? — האָט ער געפּרעגט מיטראָפּאַן איליטשן, שװער אָפּכאַפּנדיק דעם אָטעם, באַמיענדיק זיך מיט אַלע קויכעס צו זײַן רויק און העפלעך.

— קאָרעצקי, דער עלטסטער קאַסיר. די באַנק־אָפּטײלונג האָט זיך שוין אָבער עװאַקוירט... איך אָבער און זי... — מיטראָפּאַן איליטש האָט זיך פּאַרהאַקט, זוכנדיק אַ פּאַסנדיקן װאָרט.

דער יונגער, אָבער, האָט אים ניט געלאָזט פּאַרענדיקן. ער האָט אויפגעהויבן דעם זאַק פון דער ערד און אים אַרויפגעלײגט אַפן טיש.

— דיך באַדאַרפן מיר טאַקע. אויב דו ביסט דער עלטסטער קאַסיר, טאָ נעם צו, פּאָטערל...

אָבער דער עלטערער האָט מיט אַ ניט באַמערקטן שטויס פון זײַן עלנבויגן פּאַרהאַלטן דעם יונגן, װעלכער האָט זיך שוין גענומען אָפּבינדן דעם זאַק, באַמיענדיק זיך אויסצודריקן אַף זײַן מידן פּאָנעם אַ העפלעכן שמייכל, האָט דער עלטערער זיך געװענדעט צו מיטראָפּאַן איליטשן:

— כאַװער... קאָרעצקי, אַזוי האָב איך דוכט מיר געהערט? זײַט אונדז מויכל, איר פּאַרשטײט דאָך אַלײן אין װאָס פּאַראַ שאָ עס איז אונדז אויסגעפאַלן זיך צו באַגעגענען... איר װאָלט אונדז עפּשער באַװיזן אַ דאָקומענטל אַף בעסער זיך צו באַקענען...

ניט פּאַרשטײענדיק װעגן װאָס דאָ האַנדלט זיך, האָט מיטראָפּאַן איליטש פּאַרלוירן און צעטומלט אָנגעהויבן נישטערן אין זײַן זײַטיקער קעשענע. דער עלטערער פון די אָנגעקומענע האָט דורכגעלײענט זײַן דינסט־לעגיטימאַציע, איבערגעגעבן זי דעם יינגערן, יענער האָט זי אויך איבערגעלײענט, פּאַרגלײַכט די ענלעכקײט פון דער פּאָטאָגראַפיע מיטן אָריגינאַל. די באַזוכער האָבן זיך איבערגעקוקט.

— איז טאַקע גוט. אויסגעצייכנט ! — האָט אויפגעלויכטן דער עלטערער. — איַיך דאַרפן מיר טאַקע האָבן — און אומדרייענדיק זיך צום יינגערן האָט ער פאַראָרדנט : — שיט אַרויס, שנעלער !

דער יונג האָט אַ גלאַנץ געטאָן מיט אַ בלאַנקן וויַיסצייכיקן שמייכל, מיט אַן אומגעדולדיקער באַוועגונג צעריסן דאָס שטריקל, איבערגעקערט דעם זאַק, האַלטנדיק אים בײַ די אויערן. פון דעם שוואַרצן ברעזענטענעם זאַק, אַ דורכגעווייקטן פון מאַזוט, אַ זאַק אין וועלכן די לאָקאָמאָטיוו־בריגאַדעס פירן זייערע ערגסטע געציַיג, האָט זיך אַ שאָט געטאָן אַפן שריַיב־טיש, ווי אַ בלענדנדיקער שטראָם, פאַרשיידענע צירונגען : בראָשן, בראַסלעטן, אויריַנגלעך. מאַסיווע גאָלדענע פאָרטסיגאַרן, רינגען, דימענטענע האַלדז־בענדער, אַלטערטימלעכע גאָלדענע טאַבאַקערקעס. דאָס אַלץ האָט זיך צעשאָטן איבערן גרינעם געוואַנט און באַדעקט דעם גאַנצן שריַיב־טיש. דער יונגער איַיזנבאַנער האָט נאָכאַמאָל אַ טרייסל געטאָן דעם זאַק.

— אַלץ ! שריַיב אָן, פאָטערל, אַ קאַבאָלע, אַז דו האָסט צוגענומען זיבעצן קילאָ גאָלד און אַנדערע ווערטפולע שמאָכטעס.

— און זיַיט אַזוי גוט און מאַכט עס וואָס שנעלער — האָט זיך געבעטן דער עלטערער, צודריקנדיק זיַין פוכקע זקייִנישע האַנטפלאַך צום לאַץ פון זיַין רעקל. לויט ווי ער האָט אָנגעטאָן דאָס היטל, לויט דעם גרויען בערשטעלע פון זיַינע פינקטלעך אונטערגעשוירענע וואָנצעס און אַפילע לויטן קאָלירטן באָזטיכל, וועלכן ער האָט קעסיידער צוגעלייגט צו זיַין שטערן, האָט מען זייער לייַכט געקענט דערקענען, אַז דאָס איז אַן אָבערקאָנדוקטאָר. — איך בעט איַיך, בירגער, מאַכט עס שנעלער !

מיטראָפאַן איליטש און די מאַשיניסטקע זיַינען געשטאַנען געפּלעפּטע באַם טיש און שוויַיגנדיק געקוקט אַפן שטויס צירונג, וועלכער האָט שאַרף געגלאַנצט און געפינקלט מיט פילפאַרביקע פיַיערן : ער — מיט שרעק און זי — מיט קינדערישער ניַיגעריקייט.

— פון וואַנען האָט איר עס ? — האָט שטיל אַרויסגעשעפּטשעט דאָס מיידל.

קיינער האָט איר ניט געענטפערט.

— שרייב, פּאָטערל, באַקומען זיבעצן קילאָגראַם ווערטזאַכן און פאַרשיידענע כפייצים פון דעם אָבערקאָנדוקטאָר פון דעם עשעלאָן נומער נול איינס אַכטהונדערט צען, אינזשענער יעגאָר פּיאָדאָראָוויטש און פון דעם געהילף־מאַשיניסט טשארני מירקאָ אָסיפּאָוויטש. און שוין...

מיטראָפאַן איליטש איז נאָך אַלץ געשטאַנען אַ געפּלעפּטער.

— איך האָב קיין רעכט נישט צוצונעמען די ווערטזאַכן — האָט ער צום סאָף אַרויסגערעדט. — די באַנק האָט זיך עוואַקוירט און אַלע קאָנטאָס זיינען געשלאָסן.

— און צוליב וואָס האָט מען דאָ דיך איבערגעלאָזן ? — האָט אַ שפּרונג געטאָן דער יונגערער — צוליב שיינקייט וועגן ? מען וועט דאָך דיך פאַר סאַבאָטאַזש אין מילכאָמע־צייט... — דער טונקעלער באַכער האָט דראָענדיק זיך אַ נייג געטאָן צום קאַסיר.

— אַ וואָג איז דאָ פאַראַן ?

שוין דאָס אַליין, וואָס דער זאַק מיטן צירונג האָט זיך געפונען אין דער געביידע פון סאָוועטישן באַנק, און באַם טיש איז געשטאַנען אַ מענטש, וועלכער האָט זיין גאַנצן לעבן געהאַט צו טאָן מיט ריזיקע געלט־סומעס, גאָלד און „אַנדערע שמאָכטעס", איז פאַרן יונגן אייזנבאַנער געווען אַ גענוגנדיקע גאַראַנטיע פאַר דער זיכערקייט פון די ווערטזאַכן.

— וועג איבער און שרייב אַ קאַבאָלע ! — האָט ער געפּאָדערט באַ מיטראָפאַן איליטשן.

— מעשוגענער, זעץ אַביסל אַראָפּ דעם דאַמף ! — האָט אים אָפּגעשטעלט דער עלטערער. — זייט שוין אַזוי פריינטלעך און נעמט עס צו. מיר טאָרן דאָס באַ זיך נישט איבערלאָזן, מען האָט אונדז פאַראָרדנט אָפּגעבן אין באַנק.

— פאַרשטייט אָבער, אַז איך קען נישט, איך קען נישט — האָט זיך שוין אָנגעפאַנגען צו בייזערן דער קאַסיר, נאָר פלוצים האָט ער מיט פרייד אויסגעשריִען — גוט, איך וועל דאָס צונעמען ! אָבער מיט אַ טנאַי, אַז איר זאָלט מיך מיט איר מיטנעמען מיט אייער עשעלאָן. מיר וועלן אָנקומען אין הינטערלאַנד און צוזאַמען אַלץ אָפּגעבן. גוט ?

— ווי קענען מיר אייך מיטנעמען ? די באָמבעס האָבן דאָך אונדז צעשמעטערט, דעם לאָקאָמאָטיוו צעשעדיקט, און אַ צוויי־

טער, ווער ווייס, צי ער וועט זיך יאָ דורכרײַסן אָדער ניט; דער פּאַשיסט באַשיט דאָך שוין מיט באָמבעס די אײַזנבאַן־ליניע... אָט אַן אומגליק, וואָס טוט מען איצט? עס קען דאָך אַלץ פֿאַר־לוירן גיין.

עס איז אַנטשטאַנען אַ פּײַנלעכער שטילשווײַגן. פיר מענטשן האָבן זיך פֿאַרזאַמלט לעבן אַ שטויס צעשאָטענעם צירונג, אַ גאַנ־צער אויצער, און ניט געוווסט וואָס צו טאָן.

מיטאַמאָל האָט זיך מיטראָפּאַן איליטש אַ רעג געטאָן און אין זײַנע אויגן האָט זיך באַוויזן אַ פונק פון אַ שוואַכער האָפע־נונג. עפשער האָט זיך נאָך ניט עוואַקוירט יענער אַנשטאַלט פון וואַנען ער פלעגט שטענדיק, אין אויסערגעוויינלעכע פאַלן, אַרויס־רופן באַוואָפנטע אײַנקאַסירער, ווען מען האָט באַדאַרפט אַריבער־פירן און באַוואַכן אין וועג באַדײַטנדיקע באַנק־סומעס אָדער ווערט־פאַפירן. עס קען מעגלעך זײַן, אַז זייערע מאַשינען און די באַאַמטע געפינען זיך נאָך אין שטאָט. גאַנץ זיכער, אַז זיי זײַנען נאָך דאָ! ער וועט אײַנריידן די אײַנקאַסירער זיי זאָלן גלײַך אָפּפירן די ווערטזאַכן אַף מיזרעך. ווי איז דאָס אים גלײַך ניט אײַנגעפאַלן?

פילנדיק ווי מוירעדיק עס קלאַפט זײַן האַרץ, האָט דער עלט־סטער קאַסיר מיט אַ ציטעריקער האַנט אַראָפגענומען דאָס טרײַבל. ער האָט זיך זייער דערפרייט, ווען ער האָט דערהערט דעם באַ־קאַנטן רוישן און קנאַקן.

— ער אַרבעט! — האָט ער מיט פרייד אויסגעשריִען און צודעקנדיק מיט דער האַנטפלאַך דאָס טרײַבל, האָט ער אין קורצן דערקלערט די אײַזנבאַנער, אַז ער וועט באַ זיי די ווערטזאַכן צו־נעמען, אויב נאָר מען וועט אים צוזאָגן, אַז מען וועט נאָך זיי שיקן אַ מאַשין מיט אַ וואַך.

— בראַוואָ, פאָטערל! — האָט ער דערהערט דעם אויס־געשריי פון דעם יונגן באָכער.

אין דעם מאָמענט האָט זיך צו אים דערטראָגן אַ ווײַטע באַ־קאַנטע שטימע: „סטאַנציע". ער האָט שנעל אָנגערופן אַ נומער און דער נומער האָט זיך טייקעף אָפּגערופן, עמעצער האָט מיד אָבער רויִק געפרעגט פון וואַנען מען קלינגט און וואָס מען פאַר־לאַנגט.

— נו, דאַנקען גאָט! — האָט אויסגעשריִען מיטראָפּאַן אי־

ליטש. ער האָט צוויי מאָל אָנגערופן זײַן נאָמען און אָמט און געבעטן גלײַך אַרויסצושיקן מיט אַ מאַשין באַוואָפנטע מענטשן. זיי זאָלן צונעמען זייער ווערטפולע זאַכן, וועלכע זײַנען אומגע־ריכט אָנגעקומען אין באַנק. ער האָט שטיל אָנגעגעבן די וואָג פון דעם אויצער.

אין טרײַבל האָט מען אַ קרעכץ געטאָן פון איבערראַשונג. נאָר באַלד האָט מען דערקלערט, אַז עס איז שווער אַרויסצושיקן אײַנקאַסירער, ווײַל די שלאַכט קומט שוין איצט פאַר נאָענט פון דער באַן־סטאַנציע, און אַלע, ווער עס האָט נאָר געקענט, איז אַוועק צו דער ערשטער ליניע. מיטראָפאַן איליטש האָט ווידער־אַמאָל אָנגערופן די וואָג פון די ווערטזאַכן. אַ רעגע האָט זיך אין טרײַבל געהערט עמעצנס אַ שווערער אָטעמען. שפּעטער האָט די שטימע געזאָגט:

— גוט, אויב עס איז אַזאַ אויסערגעווײנלעכער פאַל, וועלן מיר שיקן מענטשן.

— זאָל איך צונעמען? — האָט געפרעגט דער עלטסטער קאַסיר.

— נעמט צו. באַמיט זיך, אָבער, צוצוגרייטן אַ ליסטע. די מאַשין וועט זײַן בײַ אײַך אַמשפּעטסטן אין אַ פערטל שאָ אַרום.

דערווײַל האָט מוסיאַ צוזאַמען מיטן שוואַרצאויגיקן געהילף געבראַכט צושלעפּן פון בופעט אַ ווײַסע וואָג, אַראָפּגעטרייסלט פון די וואָגשאָל די קרישקעס, אָפּגעווויגן דעם זאַק, דערנאָך שנעל אַרײַנגעשאָטן אין אים דאָס צירונג און עס אַרויפגעלייגט אויפן וואָגשאָל. אין דער צײַט ווען זיי האָבן זיך דאָרט געפּאָרעט, האָט דער אָבערקאָנדוקטאָר, וועלכער האָט געהאַלטן אין איין ווישן דעם שווייס פון פּאָנעם, דערציילט די געשיכטע פון דעם אויצער. זײַן בריגאַדע האָט געפירט דעם לעצטן עשעלאָן פון באַלטיק. אין דעם באַן־צוזאַמענשטעל האָט זיך אויך געפונען אַ פּאָסט־וואַגאָן. נאָענט בײַ דער שטאָט האָבן דעם באַן אָנגעיאָגט פײַנטלעכע אַוויאָ־נען. דער פּאָסט־וואַגאָן איז אויך צעשעדיקט געוואָרן צוזאַמען מיט נאָך אַנדערע וואַגאָנען. דאָרט זײַנען געפאָרן צוויי אײַנקאַסירער. זיי האָבן געפירט די ווערטזאַכן פון דער ריגער קאַנטאָר פון יוווע־לירטאָרג, כּדי זיי אָפּצוגעבן דער רעגירונגס־באַנק. איינער פון די אײַנקאַסירער איז דערהאַרגעט געוואָרן אויפן אָרט, דער צווייטער

האָט נאָך געאָטעמט ווען מענטשן פון דער באַן־בריגאַדע האָבן אים געפונען. אינגאַנצן אַ צעקלאַפּטער, האָט ער אַ צעכושטער גענישטערט מיט זײַנע אויגן, פונקט ווי ער וואָלט ניט פאַרשטאַנען וואָס אַזוינס עס האָט מיט אים פּאַסירט. שפּעטער, דערפילנדיק ווײַזט אויס, אַז ער שטאַרבט, האָט ער מיטן בליק צוגערופן צו זיך מענטשן. ער האָט דערציילט, אַז ער פירט מיט זיך ווערטפולע זאַכן. דער לעדערנער זאַק איז צעריסן, אַלץ איז צעשאָטן. ער האָט געבעטן צונויפקלײַבן דאָס צירונג און אָפּגעבן עס דער שטאָטישער אָפּטיילונג פון רעגירונגס־באַנק, און באַקומען פון דאָרטן אַ קאַבאַלע.

איידער ער האָט צום לעצטן מאָל פאַרמאַכט זײַנע אויגן, האָט ער גענומען אַ וואָרט פון דער בריגאַדע, אַז די קאַבאַלע וועלן זיי אָפּשיקן צו זײַן שעף.

די ביידע באַאַמטע האָט מען צוזאַמען מיט אַלע איבעריקע קאָרבאַנעס פון דעם איבערפאַל באַערדיקט ניט ווײַט פון דער סטאַנציע. דאָס צירונג האָט מען צונויפגעקליבן אין אַ זאַק. דער שעף פון דער באַן־סטאַנציע האָט פאַרזיכערט, אַז די באַנק־אָפּטיילונג וועט אַרבעטן ביז צו דער לעצטער מינוט. און איצט, קאָלזמאַן די רעשטלעך פון דעם עשעלאָן וואַרטן אונטער דעם אַרטילעריע־פײַער אויף אַ נײַעם לאָקאָמאָטיוו, מוז מען דאָך אויספילן דעם פאַרלאַנג פון דעם דערהאַרגעטן — אָפּגעבן דאָס צירונג און אַרויסבאַקומען דאָס נייטיקע פּאַפּיר.

— זיבעצן קילאָ מיט צוויי הונדערט פינף און זעכציק גראַם. פינקטלעך! פינקטלעכער ווײַזט שוין ניט די וואָג! דרײַ מאָל איבערגעוויגן. — האָט אויף אַ הויכן קאָל דערקלערט מוסיאַ, אָנווײַזנדיק מיטראָפּאַן איליטשן אויפן לאַנגן דינעם ווײַזער, וועלכער איז פאַרגליווערט שטיין געבליבן אויפן וואָג־ציפערבלאַט.

דער עלטסטער קאַסיר האָט זיך געזעצט צום שרײַבטיש און גענומען אַ ריינעם בויגן, אָנגעשריבן מיט אַ פּרעכטיק שיינער קאַליגראַפישער האַנטשריפט, מיזאַם פאַרציקלענדיק די טיטל־אויסיעס, אַ קוויטאַנציע. ער האָט זיך אונטערגעשריבן און, ווײַל עס איז ניט געווען ניט קיין שטעמפּל און ניט קיין שטאַמפּ, האָט ער, קעגן אַלע בוכהאַלטערישע קלאַלים, געבעטן באַ מוסיאַן זי זאָל מיט איר אונטערשריפט באַשטעטיקן דעם אויסטערלישן דאָקומענט. באַם

אונטערשרײַבן זיך האָט מוסיאַ פון גרויס אויפרעגונג געמאַכט אַ טינט־פלעק אַפן פּאַפּיר, און מיטראָפּאַן איליטש האָט מיט פּאַר־דרוס געשאָקלט מיטן קאָפּ. ער האָט שוין אָנגעהויבן צוזאַמענצו־שטעלן אַ ליסטע פון די אַלע זאַכן, אָבער דער טונקעלער אײַזנ־באַנער האָט אַ כאַפּ געטאָן דאָס פּאַפּירל פון טיש און, ניט געזע־גענענדיק זיך אַפילע, איז ער אַרויסגעלאָפן פון צימער און דער עלטערער נאָך אים. אין אַ ווײַלע אַרום האָט אונטן אַ קלאַפּ געטאָן די טיר און די שנעלע טריט זײַנען פאַרשטומט געוואָרן אַפן פּלאַץ, וועלכער האָט זיך ווידער אָנגעהויבן צו פאַרדעקן מיט אַ ברוינעם רויך, וועלכן ס׳האָט אָנגעטראָגן דער ווינט וועלכער האָט ווידער געביטן זײַן ריכטונג.

— אוי, ס׳אַראַ שיינע צאַצקעלעך — האָט אויסגעשריִען דאָס מיידל אַן איבערגעבויגענע איבערן זאַק — דאָס זײַנען טאַקע זאַכן! ערנוואָרט, אַזוינס האָב איך נאָך ניט געזען.

נאָר נאַרישקייטן ליגן דיר אין זינען. געפונען אַ צײַט. זעץ זיך אַוועק שנעלער צו דער שרײַב־מאַשין. ביז די אײַנקאַסירער וועלן אָנקומען, מוזן מיר צונויפשטעלן לעכאָל האַפּאָכעס אַ קורצע ליסטע פון דעם וואָס מיר האָבן באַקומען און צוגרייטן אַן איבער־געבונגס־בויגן. — האָט געזאָגט מיטראָפּאַן איליטש, רײַבנדיק נערוועז זײַנע דינע מאָגערע הענט.

מוסיאַ האָט אויפגעבונדן דאָס טיכל אין וועלכן עס איז גע־ווען אײַנגעפּאַקט די שרײַב־מאַשין.

„אַוועקגעלאָפן, זיך דערפרייט און פאַטער! אָבער ניט וויכ־טיק, גאָרניט, מען וועט עס שוין דערליידיקן! ס׳אַראַ גרויסער, מען קען טאַקע זאָגן, אַ ריזיקער אויצער״, — האָט געטראַכט מיטראָפּאַן איליטש. דער געפיל פון פאַראַנטוואָרטלעכקייט האָט אים טייקעף אַרויסגעשלעפּט פון דער פײַנלעכער אַפּאַטיע, וועלכע האָט אים באַהערשט אין מעשעך פון די לעצטע טעג.

— וואָס פאָרעסטו זיך דאָרט אַזוי לאַנג? — האָט ער אָנ־געשריִען אַף דער מאַשיניסטקע, וועלכע האָט אַרײַנגעלייגט אין דעם וואַליק אַ בויגן פּאַפּיר. — שוין פאַרטיק? שרײַב: אַ ליסטע פון ווערטזאַכן, וועלכע זײַנען באַקומען געוואָרן אין דער שטאָטי־שער אָפּטיילונג פון רעגירונגס־באַנק פון דעם עלטסטן, ניין, ווי הייסט ער דאָרט, פון דעם אָבערקאָנדוקטאָר פון דעם אײַזנבאַן־

עשעלאָן״ . . . אָנגעשריבן עשעלאָן ? „עשעלאָן נומער נול איינס אַכטהונדערט צען אינאָקענטיעוו יע. פּ. און פון דעם געהילף־מאַשיניסט פון דעם לאָקאָמאָטיוו פון דעם זעלבן עשעלאָן טשאָרני מ. אַ.״. שטרײַך אונטער די נעמען. אונטערגעשטראָכן ?

רײַבנדיק זיך די הענט, האָט מיטראָפאַן איליטש געשפּאַנט הין און צוריק און דיקטירט די ליסטע. ער האָט דיקטירט און זיך צוגעהערט. עס האָט זיך אים געוואָלט, איידער די אײַנקאַסירער וועלן אָנקומען, זאָל ער באַווײַזן כאָטש אַף שוואַרץ אָנוואַרפן די ליסטע פון דעם אויסטערלישן דעפּאָזיט.

אין סאַמע ברען פון דער אַרבעט, האָט זיך פּלוצים דערהערט אַ רוישן פון אַ מאָטאָר, אָבער ער איז דערגאַנגען ניט פון יענער זײַט פון וואַגען עס האָט געזאָלט אָנקומען די מאַשין מיט די אײַנקאַסירער, נאָר פונקט פון דער פאַרקערטער. און דער רויש איז אויך געווען עפּעס אַן אָנגעשטרענגטער, אַ שיסנדיקער, אַן אומבאַקאַנטער. באַלד האָבן זיך אין דעם רויך־נעפּל פון דעם פּלאַץ מיט אַ טראַסקערײַ אַרײַנגעריסן מאָטאָציקליסטן. איינער נאָך דעם אַנדערן האָבן זיי, ניט פאַרקלענערנדיק די שנעלקייט, זיך דורכגעטראָגן פאַרבײַ דעם באַנק און זיך פאַרדרייט אַף קאַרל מאַרקס־גאַס. מיטראָפאַן איליטש און מוסיאַ זײַנען פאַרגליווערטע געבליבן שטיין באַם פענצטער. עס האָט נאָך ניט באַוויזן שטיל צו ווערן און ווידער האָבן אָנגעהויבן צו רוישן אַנדערע מאָטאָרן דערנענטערנדיק זיך. זייער רעווען האָט באַגלייט אַ קײַקלענדיקער בראַזג. די געבײַדע האָט זיך גענומען טרייסלען און די שויבן קלינגען.

אין דעם ברוינעם נעפּל האָבן זיך מעטושטעש געזען נידעריקע טאַנקען, וועלכע זײַנען שנעל געגאַנגען דורכן פּלאַץ אין דער זעלבער ריכטונג. זיי זײַנען געגאַנגען איינס נאָכן אַנדערן מיט קורצע אינטערוואַלן. דער צוערשט שטײַגנדיקער און דערנאָך געדעמפּטער רויש פון זייערע מאָטאָרן האָט זיך ווי כוואַליעס געקײַקלט דורך די פענצטער פון דעם אויפנאַם־סאַלאָן.

צוערשט האָט מיטראָפאַן איליטש אַ טראַכט געטאָן אַז דאָס אײַלט זיך דורך דער שטאָט די צוגעשיקטע הילף פון פאָלקאָווניק טיעפּלאָוס אָפּטיילונג, וועלכע האָט פאַרטיידיקט די סטאַנציע. אָבער צוויי פון די טאַנקען האָבן זיך אָפּגעריסן פון דער קאָלאָנע, זײַנען שטיין געבליבן באַ די ראָגן פון פּלאַץ און האָבן אָנגעהויבן

אויסקערעווען זייערע טורעמס און אָנשטעלן זייערע קאַנאָנען אַף די דערבײַיקע גאַסן.

— אוי, אַ קרייץ אַפן טורעם! — האָט אַ שעפּטשע געטאָן דאָס מיידל, טוליענדיק זיך צו מיטראָפּאַן איליטשן, ווי זי וואָלט געזוכט באַ אים שוץ. — עס זײַנען דאָך דײַטשן, דאָס זײַנען דײַטשן!

יאָ, דאָס איז געווען דער סוינע. עס איז פֿאָרגעקומען עפּעס אומפֿאַרשטענדלעכס. באַ דער אײַזנבאַן־סטאַנציע, פֿינף קילאָמעטער פון שטאָט, האָבן ווי פֿריִער, אַפּילע מיט אַ שטײַגנדיקער אַקשאָנעס געדונערט די קאַנאָנען. דאָרט האָט מען געקעמפּט. אָפּטיילונגען פון דער סאָוועטישער אַרמיי צוזאַמען מיט די פֿאַרניכטונג־באַטאַליאָנען פון די אײַזנבאַנער, מיל־אַרבעטער, אַרבעטער פון דער בוימל־פֿאַבריק, האָבן געקעמפּט, פֿאַרטיידיקנדיק דעם הויפּטשאָסיי, און דאָ אין צענטער פון שטאָט, האָבן זיך שוין געפונען דעם סוינעס טאַנקען.

די ערשטע איז צו זיך געקומען מוסיאַ וואָלקאָווא. מיט גוואַלד האָט זי אָפּגעריסן איר בליק פון די פֿרעמדע מאַשינען, צוגעלאָפן צום טעלעפאָן און אָנגעהויבן צו זעצן און קלאַפּן איבערן טעלעפאָן. זי האָט געוואָלט וואָרענען די וואָס האָבן געקעמפּט באַ דער סטאַנציע, אַז דאָ, אין שטאָט, געפינט זיך שוין דער סוינע. דאָס טרײַבל האָט אָבער גרויזאַם געשטומט.

אויב אַזוי — מוז מען לויפן, אַנטלויפן פון דאַנען. אַנטלויפן קאָלזמאַן עס איז נאָך ניט צו שפּעט. מען מוז זיך דורכרײַסן דורך די זײַטיקע גאַסן, דורך הויפן און סעדער צו דער מיזרעכדיקער שטאָט־טייל, וועלכע איז, ווײַזט אויס, נאָך ניט פֿאַרנומען, און אַניאָגן אונדזערע. דאָס מיידל האָט זיך שוין אַ שלײַדער געטאָן צו דער טיר, נאָר דאָ האָט זי אָפּגעהאַלטן אַ בייזער אויסגעשריי:

— און דאָס גאָלד? — מיטראָפּאַן איליטש האָט גערעדט מיט גאָר אַ נײַער האַרטער שטים, אין וועלכער ס'האָט אָפּגעקלונגען אַ טאָן פון איינעם וואָס האַלט, אַז ער האָט אַ רעכט צו באַפעלן: מיר ביידע זײַנען דאָך פֿאַראַנטוואָרטלעך דערפֿאַר.

דאָס מיידל האָט אָפּגעמאָסטן דעם קאַסיר מיט יענעם כוצפּעדיקן כויזעק־בליק, פֿאַר וועלכן אַלע אירע אַרבעטס־כאַווייריס האָבן זי באַזונדערס ניט ליב געהאַט.

— געטראָפן דאָס אָרט! צוליב עפּעס גאָלד דאָרט, זאָל איך אַרײַנפאַלן צו די פּאַשיסטן! באַ מיר איז דאָס גאַנצע גאָלד אײַערס ניט־ווערט אַ שפּײַ!

און זי האָט טאַקע אַף אַן עמעס אַ שפּײַ געטאָן.

— דו נאַרישע מויד! ווי וואַגסטו? דאָס איז דאָך אַ גוואַלדיקער פאַרמעגן, דאָס געהערט דאָך צום לאַנד.

מיטראָפּאַן איליטש האָט בייז און צאָרנדיק געקוקט אַף איר. אין זײַן בליק איז געווען עפּעס אַזעלכעס, אַז דאָס כוצפּעדיקע מיידל איז מיטאַמאָל געוואָרן שטיל און געהאָרכזאַם.

דער טראַסק און בראַזג אַף די גאַסן האָט זיך מיטאַמאָל איבערגעריסן. עס האָבן זיך פאַרבײַגעטראָגן די לעצטע מאַשינען; עס האָבן זיך אויך אויסגעדרייט און אַוועק נאָך זיי יענע צוויי טאַנקען, וועלכע זײַנען פריער שטיין געבליבן אַף צו שיצן די קאָלאָנע. דער פּלאַץ איז ווידער געבליבן ליידיק און עס האָבן זיך נאָר געקײַקלט וואָלקנס פון שטויב און רויך איבער דעם אַספאַלט, ווו עס זײַנען פאַרבליבן אויסגעביסענע סימאָנים פון די רויפּןקייטן פון די נאָר וואָס דורכגעגאַנגענע טאַנקען. דער קאַנאָנענדונער באַ דער סטאַנציע האָט זיך פאַרשטאַרקט.

מיטראָפּאַן איליטש האָט ענדלעך פאַרבונדן דעם זאַק.

— מען וועט שוין נאָך אים ניט קומען. מיר וועלן אים שוין מוזן אַרויסטראָגן אַליין. יאָ, יאָ, אַליין, איך מיט דיר.

ער האָט אָפּגעזיפצט און מיט אַ קרעכץ גענומען אַרויפוואַרפן דעם זאַק צו זיך אַף דער פּלייצע. עס האָט זיך אָבער ווידער דערהערט אַ רויש פון אַ מאָטאָר. דאָס מאָל איז דאָס געווען זיכער אַ לײַכטע מאַשין. עפּשער האָט זיך די אײַנקאַסירער דאָך אײַנגעגעבן דורכצוררײַסן זיך דורך די זײַטיקע גאַסן? דער עלטסטער קאַסיר און די קליינע מאַשיניסטקע האָבן מיט האָפענונג געקוקט צום פענצטער.

איינע נאָך די אַנדערע האָבן זיך אַפן פּלאַץ באַוויזן דרײַ אויטערלישע מאַשינען, ענלעך צו שיפלעך אַרויפגעשטעלטע אַף רעדער. די שאָפערן און פּאַסאַזשירן האָבן אַרויסגעסטאַרטשעט ביזן האַלבן קערפּער פון די שטאָלענע מולטערס. אַפן פּלאַץ זײַנען די מאַשינען זיך צעפאָרן אין פאַרשיידענע ריכטונגען: צוויי פון זיי האָבן זיך געלאָזט צו די געבײַדעס פון שטאָטראַט און שטאָטישן קאָמיטעט

און די דריטע בייז־ברומענדיק מיט איר צוגעדעמפּטן מאָטאָר איז צוגעפֿאָרן צו דער באַנק־אָפּטיילונג און האָט אַ סקריפּע געטאָן מיט אירע ברעמזן באַ דער אַרײַנגאַנג־טיר.

— צו אונדז — האָט אַרויסגעשטאַמלט מיטראָפּאַן איליטש, פֿילנדיק ווי די פֿיס זײַנען באַ אים געוואָרן פֿאַרגליווערט און אָפּגעשוואַכט און אַלץ אַרום — מוסיאַ, וועלכע איז פֿאַרשטײַנערט געשטאַנען באַם פֿענצטער, דער פֿענצטער, דער טיש מיט דער שרײַב־מאַשינקע, דער רונדער זייגער אַפֿן וואַנט און אויך די וואַנט גופֿע — אַלץ האָט זיך מיטאַמאָל גענומען וואַקלען און פֿאַלן אַף אַ זײַט.

עס איז געשען דאָס שרעקלעכסטע, וואָס האָט נאָר געקענט געשען אין אָט דעם פֿאַטאַלן טאָג.

באַ דער אַרײַנגאַנג־טיר זײַנען אויסגעשטיגן מיליטערלײַט אין אַ פֿרעמדער אוניפֿאָרעם. אַנטלויפֿן איז שוין געווען צו שפּעט, דאָס גאָלד קען מען ניט אַרויסטראָגן, אַפֿילע קיין צײַט ניטאָ דאָס אויסצובאַהאַלטן. דאָס גאָלד וועט אַרײַנפֿאַלן צום סוינע, און דער שולדיקער פֿאַר דער שרעקלעכער געשעעניש וועט זײַן ער, דער עלטסטער קאַסיר מיטראָפּאַן איליטש קאָרעצקי, וועמען די אײַזנבאַנער האָבן אָנפֿאַרטרויט אַזאַ גרויסן מעלוכע פֿאַרמעגן.

אײַנגעקלאַמערט אין טיש, ער זאָל ניט אומפֿאַלן, האָט דער אַלטער אומבאַהאָלפֿן געפֿירט מיט די אויגן איבערן צימער. דאָס מיידל איז אַראָפּגעשפּרונגען פֿון פֿענצטער. זי האָט זיך אַ שלײַדער געטאָן צום זאַק, אים אָנגעכאַפּט מיט בײדע הענט און געבויגן אונטער זײַן שווערקייט, צוגעטראָגן דעם זאַק צום האָלענדישן אויוון אין וועלכן מען האָט די לעצטע טעג פֿאַרברענט די אומנייטיקע דאָקומענטן. — באַם טירל פֿון אויוון איז געלעגן אַ באַרג געלער טאָרף־שטויב, צונויפֿגעמישט מיט פּאַפּיר־אַש. דאָס מיידל האָט גערעכנט אַרײַנשטופּן דאָס צירונג אין אויוון אַרײַן, אָבער די הילכיקע טריט פֿון געקאָוועטע שטיוול האָבן זיך שוין געהערט באַ דער טיר. ווי אַ ספּרענזשינע איז דאָס מיידל אָפּגעשפּרונגען פֿון דעם זאַק און אין אַ ווײַלע אַרום איז זי שוין געשטאַנען באַם טיש. נאַכלעסיק אָנגעשפּאַרט אָן טיש האָט זי געשמייכלט, ווי עס האָט זיך אויסגעוויזן, ליבלעך און זאָרגלאָז. נאָר איר ברוסט,

וועלכע האָט זיך האַסטיק געוואָרפן, האָט אַרויסגעגעבן איר אויפרעגונג.

אין צימער זײַנען אַרײַנגעקומען דרײַ: אַ יונגער אויסגעפּוצטער מיליטערמאַן אין אַ היטל מיט זייער אַ הויכן דעק, וואָס האָט מיטראָפּאַן איליטשן דערמאָנט קוקריניקסעס אַ קאַריקאַטור אין דעם לעצטן נומער „פּראַוודאַ״, ווײַזט אויס אַן אָפיציר — נאָך אים אַ זעלנער אין אַ פּירקאַנטיקער הערנערדיקער קאַסקע, אַראָפּגערוקט ביז צו די אויגן מיט אַן אויטאָמאַט, וועלכער איז בײַ אים געהאַנגען אַף אַ רימען אַפן האַלדז, ווי מען טראָגט אַ סאַקסאָפאָן; דער דריטער איז געווען אַ ציווילער — אַ קלײניטשקער, פּיפּיקער מענטשעלע אין אַ ספּאָרט־קאַשקעטל, אין אַ קורצן מאַנטל, מיט לאַנגע הענגענדיקע וואָנצעס און העלע אויגן פון אַן אומבאַשטימטן קאָליר. די אויגן זײַנע, זײַנען קעסיידער אַרומגעלאָפן, אַזוי ווי געניש׳טערט אַרום און אַרום מיט אַ פײַנלעכער אומרויקייט. אַלע דרײַ זײַנען געווען באַדעקט מיט אַ געדיכטן שיכט גרינלעכן שטויב. דער שטויב האָט צוגעדעקט זייערע פּענעמער מיט אַזאַ געדיכטער מאַסקע, אַז עס איז ניט מעגלעך געווען צו דערקענען זייער אויסדרוק.

דער גלאַנץ פון די אויגן־ווײַסלען, דער שוואַרצער קאָליר פון די ליפּן און דער זעלבער קאָליר פון די געדיכט פּאַרשטויבטע ברעמען און וויִעס האָט זיי אַלע דרײַ געמאַכט ענלעך איינער אַפן אַנדערן. זיי האָבן זיך מיטראָפּאַן איליטשן אויסגעוויזן ווי מענטשן פון עפּעס אַ ביז איצט אומבאַקאַנטער געהיימניספולער בייזער ראַסע. אַלע דרײַ האָבן שווער געאָטעמט, ווי זיי וואָלטן זייער לאַנג און שווער געלאָפן, איידער זיי זײַנען אַרײַן אין צימער.

דער אָפיציר איז געבליבן שטיין אַנטקעגן דעם עלטסטן קאַסיר, אים סאַלוטירט מיט צוויי פינגער און האָט אָנגעהאַנגען וועגן עפּעס אויסצופרעגן, קוקנדיק די גאַנצע צײַט קרום אַף די טירן, וועלכע האָבן געפירט אין דער טיפקייט פון דער דירע.

— דער פּאַן אָפיציר וויל הערן אַז דאָס איז טאַקע עמעס דער היגער באַנק! — האָט איבערגעזעצט דער לאַנגוואָנצעסדיקער, אַרויסריידנדיק די רוסישע ווערטער מיט אַ מאָדנער אויסשפּראַך.

מיטראָפּאַן איליטש האָט ווי ניט געהערט די פראַגע. ער האָט געקוקט אַף דעם נאָר יונגן אָפיציר מיט זײַן אַנגעבלאָזענעם ראָצ־

בישן פֿאָנעם; אַפֿן זעלנער, וועלכער שטייט פֿאַרגליווערט באַם אויוון מיט צעשפּרייטע פֿיס, ווי אַ ליימענער גוילעם; אַפֿן לאַנגוואַנצעדיקן ציווילן מיט זײַן קאָמישן קינדישן קאַשקעטל. ער האָט געקוקט און געטראַכט מיט כויזעק: אָט אַזוי זעען זיי דאָס אויס די מענטשן, וועלכע האָבן זיך דערקלערט פֿאַר די וועלט־הערשער! דער אָפֿיציר שרײַט, גוידערט זיך. ווײַזט אויס אַז ער סטראַשעט. אָבער מען באַמערקט דען ניט מיט וואָס פֿאַראַ שרעק ער קוקט זיך אַלץ אום אַף די טירן וועלכע פֿירן אין דער טיף פֿון דער געבײַדע, ווי נערוועז עס ציטערן דעם זעלנערס גרויסע שווערע הענט, אָנגעשטורעמט אײַנגעקלאַמערטע אין אויטאָמאַט; ווי דער ציווילער טרעט איבער די גאַנצע צײַט פֿון איין פֿוס אַף דעם צווייטן, פּונקט ווי אַ האָן, ווי דער פֿאָל וואָלט אים געברענט אונטער זײַנע פֿיס און ווי פּלוצים זײַנען דאָס די אַלע דרײַ צוגעפֿאַלן צו דער ערד, ווען באַם פֿענצטער האָט הילכיק אַ קנאַק געטאָן, ווי אַ פֿאַסטעך־בײַטש, דער פֿון ווינט אָנגעבלאָזענער פֿאָרהאַנג?

און זיי, אָט די, ווילן דאָס פֿאַרשקלאַפֿן דאָס גרויסע סאָוועטישע פֿאָלק. דער אַלטער האָט דרייסט און בייז אַ שמייכל געטאָן. דאָס נערוועזע ציטערן איז פֿאַרשוווּנדן און אַפֿילע דאָס האַרץ האָט זיך אויך באַרויִקט. מיילע, זײַנס האָט ער דאָך שוין אָפּגעלעבט, און אָפּגעלעבט גאָר ניט שלעכט. ער האָט זיך ניט מיט וואָס צו שעמען. ער וואָלט אַוואַדע נאָך געלעבט, וואָס זשע אָבער קען מען מאַכן, אַפֿאַנעם אַז עס איז ניט באַשערט. וועגן וואָס גראַגערט עפּעס דאָרט דער לאַנגוואַנצעדיקער זשוק, וועלכער ציט אים פֿאַרן אַרבל? וואָס וויל ער?

— דער פֿאַן אָפֿיציר זאָגט, אַז אים איז ניט מעגלעך לאַנג וואַרטן. דער פֿאַן אָפֿיציר בייזערט זיך, זאָל דער פֿאַן ענטפֿערן אַף דער פֿראַגע.

דער אָפֿיציר האָט טאַקע בעעמעס מיט אַן אונטערגעשטראָכענער מינע אָפּגעשפּילעט דאָס שיידל פֿון זײַן רעוואָלווער.

מיילע, וואָס שנעלער, איז אַלץ בעסער! מיטראָפֿאַן איליטש האָט איבער דעם אָפֿיצירס אַקסל אַ קוק געטאָן אין פֿענצטער אַפֿן פּלאַץ, ווו עס האָט געקנוילט דער רויך, ער האָט זיך שטאָלץ אויסגעגליכט, צונויפֿגעפּרעסט די ליפּן און פֿאַרמאַכט די אויגן. ניין, ער וועט ניט בעטן קיין ראַכמאָנעס. דאָס וועלן זיי זיך ניט דער־

וואַרטן פון אים. עס האָט זיך אים פאַרוואָלט פאַרן טויט אַ געשריי טאָן אין די פרעמדע פאַרשטויבטע פּענעמער, וועלכע האָבן געגלאַנצט מיט די ווײַסלען פון די אויגן און מיט די אויסגעשטשירעטע ציין, אויסשרײַען עפּעס זייער וואָגיקס, עפּעס אַ פאַרניכטנדיקס, ער האָט אָבער ניט באַוויזן צו געפינען די פּאַסנדיקע ווערטער.

אָפּשטופּנדיק דעם איבערזעצער איז מוסיאַ אַרויסגעשפּרונגען פאָרויס. פאַרשטעלנדיק מיט איר קערפּער דעם אַלטן, האָט זי מיט אַ גאַנץ אומבאַקאַנטער פאַר אים קאָקעטיש־זינגעוודיקער שטימעלע אָנגעהויבן צו פּליסטערן.

— יאָ, יאָ, זײַט אַזוי גוט און גיט איבער דעם הער אָפיציר, אַז דאָס איז טאַקע די שטאָטישע אָפּטיילונג פון דער רעגירונגסבאַנק. — זי האָט זיך אויסגעדרייט צו מיטראָפאַן איליטשן. אירע שטראַלנדיק־שעלמישע אויגן האָבן געלויכטן מיט אַ פאַרצווייפלטער באַגײַסטערונג. — גיט איבער דעם הער אָפיציר, אַז דאָס איז מײַן זיידע, מײַן גראָס־פאָטער, איר פאַרשטייט מיך? זאָל זיך דער הער אָפיציר אַף אים ניט בייזערן. באַ אים, באַ מײַן זיידן, באַם גראָס־פאָטער מײַנעם, איז דאָס האַרץ דאָ, איר פאַרשטייט, באַ אים איז מיטן האַרץ ניט אין אָרדענונג, דאָס מאַכט טוק־טוק־טוק. איר פאַרשטייט? פאַר פרייד. אַ ווייטיק. אַ האַרץ־ווייטיק. אַ קרענק.

זי איז צוגעלאָפן צום אָפיציר, אים אַ כאַפּ געטאָן פאַרן אַרבל פון זײַן פאַרשטויבטן רעקל און האָט פאָרגעזעצט אַלץ מיט דער זעלבער באַגײַסטערונג פון פאַרצווייפלונג:

— מײַן גראָס־פאָטער איז באַם צאַר, באַ אונדזער קייזער, פאַרשטייען זי, איז ער געווען אַ בורזשוי, דאָס הייסט, אַנטשולדיקט, אַף אײַער לאָשן הייסט עס, אַז ער איז געווען זייער אַ רײַכער מאַן... זעצט איבער דעם הער אָפיציר, אַז דערנאָך האָט מען באַ מײַן גראָס־פאָטער, באַ אים הייסט עס, אַלץ צוגענומען אַלץ, אַלץ. איר פאַרשטייט? פערשטעען זי? איצט זעצט איבער, אַז אַלע זײַנען אַוועקגעפאָרן, און איך מיטן זיידן זײַנען פאַרבליבן, קעדיי צו וווינען מיט די פאַשיס... דאָס הייסט, איך האָב געוואָלט זאָגן מיט די הערן דײַטשן. פערשטעען זי?

מוסיאַ האָט באַצויבערנדיק אַ שמייכל געטאָן און זיך פאַר־

בייגט, פֿאַרבייגנדיק דעם זוים פֿון איר קלייד, דערנאָך האָט זי אַרויסגעשלעפּט פֿון איר האַנט־טאַש אַ שפּיגעלע און האָט דרייסט אַ שמיר געטאָן איבער אירע ליפּן מיט אַ ליפּשטיק.

מיטראָפאַן איליטש האָט לאַנגזאַם אויפֿגעהויבן אַף איר זײַן צאָרנדיקן בליק. וואָס פּלאַפּלט זי דאָרט די פּאַסקודנע מויד? צוליב וואָס איז דער באַלאַגאַן? ווי וואַגט זי צו באַליידיקן מיט אַ געמיינעם ליגן די לעצטע מינוטן פֿון זײַן לאַנגן, אָרנטלעכן, יאָ, יאָ, בעפּיירעש אָרנטלעכן לעבן?

בייזע רויטלעכע פֿלעקן האָבן זיך באַוויזן אַפֿן שטרענגן פּאָנעם פֿון דעם אַלטן. זײַנע באַקן האָבן אָנגעהויבן צו ציטערן און די ווינקלען פֿון זײַנע ליפּן האָבן זיך אַרונטערגעלאָזט. אָבער אין דער זעלבער רגע האָט ער אויפֿגעכאַפּט מוסיאַס אומרויִקן בליק. זי האָט ביגעניירוע געזײַטלט אַפֿן שמוציקן זאַק, וועלכער איז געלעגן אַפֿן בערגל טאָרף באַם אויוון. דאָס האָט אים גלײַך ניכטער געמאַכט. יאָ, יאָ, זי איז גאַנץ גערעכט, ער טאָר ניט שטאַרבן ניט אויספֿירנדיק זײַן פֿליכט! דאָס מיידל איז קליגער און פֿיפּיקער פֿון אים. ריכטיק! מען מוז גיין אַף אַלץ, אַבי נאָר אָפּצוראַטעווען דעם אויצער, וועלכער איז אַזוי אומגעריכט אַראָפּגעפֿאַלן אַף זייערע פּלייצעס.

אין דער צײַט האָט דער אָפֿיציר, אויסהערנדיק די איבערזעצונג פֿון מוסיאַס ווערטער, זיך אויסגעצויגן, צוגעלייגט צוויי פֿינגער צום דאַשעק, אָנגערופֿן זײַן נאָמען און, אַרויסברומענדיק עפּעס אַ קאָמפּלימענט, נײַגעריק באַטראַכט איר קליינע שיין־געבויטע פֿיגורל פֿון די עלעגאַנטע שיכלעך אָן ביז צו די גרויע אָקשאַנעסדיקע אויגן, וועלכע האָבן נאַיִוו און כוצפּעדיק אַרויסגעקוקט פֿון אונטער דער געקרײַזלטער גריווקע, וואָס איז געהאַנגען איבער איר שטערן. ער האָט זיך פֿאַרנייגט פֿאַרן מיידל און איבערגעטריבן הילכיק אַ קנאַק געטאָן מיט די קנאַפּל.

— דער פֿאַן אָפֿיציר בעט איבערצוגעבן, אַז אים פֿרייט זייער זיך צו באַקענען מיט דער הויכגעבוירענער רוסישער פּאַני. ער מאַכט אַן אַנטשולדיקונג, אַז ער האָט ניט קיין צײַט. ער בעט דעם פּאַן מיט דער פּאַני, אַז זיי זאָלן אים גלײַך אָנווײַזן, ווו עס ליגן דאָ געלט אין רוסישער און אויסלענדישער וואַלוטע, אויך ווערטזאַכן אין גאָלד און כפּייצים, האַלוואָע־פּאַפּירן, פּראָצענט־פּאַפּירן,

פֿאַרזיכערונגס־פּאָליסן, אַקציעס, פּריוואַטע דעפּאָזיטן און אַנדערע ווי רופֿט מען זיי דאָרט... אַקטיוון.

אויסגערעדט די אויסגעשטודירטע פֿראַזע, האָט דער איבער־זעצער אָפּגעזיפֿצט און איז אַנטשוויגן געוואָרן. לויט זײַן אויסזען האָט מען געקענט פֿאַרשטיין, אַז די פֿראַזע זאָגט ער שוין ניט צום ערשטן מאָל, אַז ער אַליין באַטראַכט עס בלויז ווי אַ פֿאַר־מאַליטעט און דערוואַרט גאָרניט קיין באַפֿרידיקנדיקן ענטפֿער.

— זײַט מוחל, אײַער וווילגעבוירן, וואָס פֿאַר אַ געלט? פֿון וואַנען? — האָט אַרויסגערעדט ניט זיכער מיטראָפֿאַן איליטש, באַמיִענדיק זיך אַרײַנצופּאַסן אין דער ראָל פֿון אַ געוועזענעם גוויר.

ער האָט זיך אָנגעשטרענגט, אָבער, בעשום אופֿן זיך ניט געקענט דערמאָנען קיין איינציקן פֿון די אַמאָליקע פֿאַבריקאַנטן, גוטבאַזיצער, די פּראָווינציעלע פֿינאַנץ־מאַגנאַטן, וועלכע עס איז אים אַמאָל, נאָך זײַענדיק אַן אומוויכטיקער באַנק־באַאַמטער, אויס־געקומען צו זען צווישן די באַנק־קליִענטן. און האָגאַם די גרעסטע העלפֿט פֿון מיטראָפֿאַן איליטשעס לעבן איז פֿאַרלאָפֿן אין די יאָרן פֿון פֿאַר דער רעוואָלוציע, דאָך איז דאָס אַלץ געווען אַזוי ווײַט, אַזוי פֿעסט אָפּגעצוימט דורך אַ פֿערטל יאָרהונדערט סאָוועטן־מאַכט, אַז זײַן גראָע, פֿאַרבלאָזע יוגנט האָט זיך אים דערמאָנט אַזוי פֿאַרנעפּלט, פּונקט ווי אַ קאַפּיטל פֿון אַ שוין לאַנג דורכ־געלייענטן ניט אינטערעסאַנטן בוך.

און עס איז אים טאַקע ניט געלונגען מער אָדער ווייניקער גענוי זיך פֿאָרצושטעלן כאָטש עמעצן פֿון די פּראָווינציעלע רעדל־פֿירער. אַנשטאָט זיי זעענען אין זײַן זיקאָרן אויפֿגעשוווּמען פֿער־זאָנען פֿון אָסטראָווסקיס אַ פּיעסע, די געשטאַלט פֿון אַן אַלטן רוסישן סויכער, זייער געשיקט אויסגעפֿורעמט פֿון אַ טאַלאַנטירטן שוישפּילער. באַמיִענדיק זיך נאָכצומאַכן די אַלע אַרטיסטישע טע־נער, וועלכע זײַנען פֿאַרבליבן אין זײַן זיקאָרן, האָט מיטראָפֿאַן איליטש שוין מיט מער זיכערקייט פֿאָרגעזעצט:

— און זײַט אויך ניט, פֿאָטערל מײַנער, אײַער וווילגעבוירן, אונז פֿאַטער ניט אומזיסט דײַן צײַט. איך דאַנק גאָר גאָט און אײַער, ווי הייסט ער דאָרט, הער היטלער, וואָס ער האָט זיך צוגעאײַלט צו קומען, ווײַל זיי נעמען דאָך מיט מיט זיך אַפּילע

די הענטלעך פון די טירן און די שאַרנירן פון די פענצטער. זיי ווילן זיך מיט קיין זאַך ניט צעשיידן, אַלץ פירן זיי אַרויס... וועלכע אַקטיוון, מישטיינס געזאָגט, קענט איר שוין דאָ געפינען...

מיטראָפּאַן איליטש האָט דאָס אַלץ אַרויסגערעדט לאַנגזאַם און סייכלדיק, ווי אַף דער בינע. די ווערטער זיינען געפלויגן פון זיין מויל, זיין אויפמערקזאַמקייט אָבער איז געווען קאָנצענטרירט אַפן שמוציקן זאַק, וועלכער איז געלעגן לעבן אויוון. ער האָט ניט געוואַגט אַפילו אַ קוק צו טאָן אַף אים. ער האָט בעקיוון גע־קוקט אין אַ פּאַרקערטער ריכטונג, ער האָט אָבער געפילט די אָנ־וועזנהייט פון דעם זאַק, געפילט מיט אַלע זיינע אָנגעשטרענגטע נערוון, פּונקט ווי פון דעם גאָלד און צירונג וואָלטן אַרויסגע־שטראָמט מאַגנעטישע כוואַליעס. און דערפאַר עפּשער, וואָס דער זעלנער מיטן אויטאָמאַט איז געשטאַנען באַם אויוון לעבן דעם זאַק אַזוי נאָענט, אַז דער פון שטויב גרויער שטיוול מיט דער קורצער ברייטער כאַלעוועס, ווי אַן עמערל, האָט קימאַט ווי אָנגע־רירט דעם שמוציקן ברעזענטענעם זאַק, איז דאָס גאַנצע וועזן פון דעם קאַסיר געווען פול מיט פיינלעכער אומרויקייט.

— טאָמער וועט זיך דער דייטש אָנבייגן און וועט אַריינקוקן אין זאַק?

דער טויט? ניין, שטאַרבן איז גאָר ניט אַזוי שרעקלעך. עס וועט געשען אַזוינס, וואָס איז פיל ערגער. די פאַשיסטן וועלן זיך אַ וואַרף טאָן אַפן גאָלד, זיי וועלן עס צעכאַפּן, אַוועקפירן דאָס צירונג צו זיך... און די איינזנבאַנער וועלן אָנקומען אין הינטערלאַנד, זיי וועלן אויסזוכן טשערעדניקאָוון, אים וויזן די קוויטונג און וועלן דערציילן אים, אַז זיי האָבן פּערזענלעך איבערגעגעבן די ווערטזאַכן דעם עלטסטן קאַסיר. טשערעדניקאָוו וועט איבערלייענען דאָס פּאַפּירעלע און דערקענענדיק די באַקאַנ־טע אונטערשריפט, וועט ער פריי אָפּאָטעמען. די ווערטזאַכן גע־פינען זיך אין זיכערע הענט. אויב נאָר קאָרעצקי האָט עס צוגע־נומען איז וואָס עס זאָל ניט געשען — וועט עס ניט פאַרפאַלן ווערן. די איינזנבאַנער וועלן זיך באַרויקן און וועלן אַוועקגיין און טשערעדניקאָוו וועט געדולדיק וואַרטן. און אין דער זעלבער צייט וועלן די פאַשיסטן איינקויפן פאַרן גאָלד אַ סאַך נייע פאַרשאַל־טענע מאַשינען און די מאַשינען וועלן טרעטן די ליבע טייערע

רוסישע פעלדער, זיי וועלן שיסן אין סאָוועטישע מענטשן, אין זײַנע, מיטראָפאַן איליטשעס זין. דער אַלטער איז פון שרעק אַזש פאַרציטערט געוואָרן.

„ריבוינע שעל אוילעם, באַשיץ, ראַטעווע, דערלאָז ניט אַז דער אויצער זאָל אַרײַנפאַלן אין דעם סוינעס שמוציקע הענט!"
— האָט ער איבערגעכאַזערט אין געדאַנק די אַלטע, געבעכדיקע קאָמישע ווערטער, וועלכע זײַנען אים געקומען אַפן זיקאָרן פון דער ווײַטער פאַרגאַנגענהייט.

מוסיאַ האָט זיך בעיס מײַסע אַרויפגעזעצט אַפן ברעג פון טיש און שאָקלט זאָרגלאָז מיט איר קליינער געטאָקטער פיסעלע און גיט אַכטונג בישטיקע, ווי דער אָפיציר, דער זעלנער און דער דאָלמעטשער, יעדער איינער בעסאָד פון דעם אַנדערן, באַוועגן קוים באַמערקבאַר מיט זייערע אויגן צום טאַקט פון אירע באַוועגונגען. דאָס מיידל פליסטערט עפּעס און זי פליסטערט אַזוי באַטירלעך, אַז מיטראָפאַן איליטשן ווײַזט זיך ווידער אויס, אַז זי קאָקעטירט מיט זיי אַף אַן עמעס. עס דערוועקט זיך אין אים אַ בייזער פאַרדרוס. אָבער גלײַך באַמערקט ער, אַז מוסיאַ האָט זיך אָוועקגעזעצט אַזוי, קעדיי צו פאַרשטעלן דעם זאַק פון דעם אָפיצירס און דאָלמעטשערס אויגן און דער אַלטער פרייט זיך:
„אַ ראַכמאָנעס, אַ וואויל מיידל, אָט באַ וועמען מען וואָלט באַדאַרפט זיך לערנען קאַלטבלוטיקייט! און פון וואַנען קומט דאָס אַלץ צו איר? אַן אַקטריסע, אַן עמעסע אַקטריסע!"
— גיט איבער זײַן ווויִלגעבוירן, אַז איך בין גרייט אים מיטצוהעלפן מיט אַלעמען, וואָס איך וועל נאָר קענען. — זאָגט האַסטיק מיטראָפאַן איליטש, אַרויסריידנדיק די ווערטער מיטן קאָמעץ, אַפן שטייגער פון דער וואָלגאַ־אויסשפּראַך, דערמאָנענדיק זיך ווידער די כאַראַקטעריסטישע טענער פון דעם סויכער אין דער טעאַטער־פאַרשטעלונג. — איך בעט אײַך אונטערטעניק אַריבערצוגיין אין סקלאַד, עפּשער האָבן זיי אין יאָגעניש און אין אײַלעניש אַיבערגעלאָזט וועלכע ניט איז רעשטלעך.

דער קאַסיר גייט פאַרויס, נאָך אים דער סאָלדאַט, וועלכער דערמאָנט מיט זײַן אויסזען אַ שטומען גוילעם. דער אָפיציר מיטן דאָלמעטשער גייען הינטער זיי. מוסיאַ בלײַבט אין דעם אויפנאַם־סאַלאָן. עפּשער וועט זיך דער ביטערער מויד אײַנגעבן דאָרט עפּעס

אויפּצוטאָן, אָוועקטראָגן, אָדער אויסבאַהאַלטן דעם זאַק ?״ טראַכט מיטראָפאַן איליטש. ער הייבט שוין אָן צו פאַרשטיין, אַז די ערשטע פון אים געזעענע פאַשיסטן ווייסן, אין טאָך גענומען, גאָרניט וועגן זײַן פּאַלק, אַז עס איז גאָרניט אַזוי שווער זיי אָפּצונאַרן, פאַרטומלען בלויז מיטן איבערכאַזערן די אויסגעטראַכטע שטוסים פון זייער אייגענער פּראָפּאַגאַנדע. אַלץ זיכערער פּאַסט ער זיך אַרײַן אין דער ראָל פון אַ געוועזענעם גוויר, וועמען די סאָוועטן־מאַכט האָט שטאַרק באַאַוולט און וועלכער איז איצט געקומען צוזאַמען מיט זײַן אייניקל אָנצוקוקן דאָס הויז, וועלכעס האָט צו אים אַמאָל געהערט. פון אָנהייב האָט זיך אים די צופעליקע אויסטראַכטעניש אויסגעוויזן צו זײַן האָפענונגסלאָז נאַיוו. איצט אָבער האָט ער זיך איבערצײַגט, אַז מען גלייבט אים. דער יונגצעוואַטער דאַלמעטשער טאַנצט פאַר אים, און שפּרינגענדיק פאַר אים אין אַ זײַט רופט ער אים אָן ניט אַנדערש, ווי „הויכגעשעצטער הער קאָמערסיאַנט״.

אָפן וועג באַטראַכט דער אָפיציר מיט גרויס פּאָרזיכטיקייט די ליידיקע צימערן, דער דאָלמעטשער קלײַבט צונויף און שטופּט צו זיך אין די קעשענעס קאָלירטע בלײַפעדערס, שטיקלעך טרייוואַקס, גומקעס און אַפילע אַ מעטאַלענע פּודער־שאַכטל, וועלכע ס'האָט אין אַלעמעניש פאַרגעסן אַ באַנק־באַאַמטע. און נאָך אין איין זאַך ווערט מיטראָפאַן איליטש פעסט איבערצײַגט: זיי האָבן מוירע. זייערע טאַנקען, לאַסט־מאַשינען מיט אינפאַנטעריע, מאָטאָציקלעטן און ווידער טאַנקען באַוועגן זיך ווי אַן אומענדלעכער שטראָם איבערן פּלאַץ צום וואָקזאַל, אויפטרייסלענדיק אַלץ אַרום זיך. זייער וואַך שטייט באַם הויפּט־אַרײַנגאַנג אין באַנק. די דרײַ באַוואָפנטע גייען מיט אים, מיט אַ הילפלאָזן אומבאַשיצטן זאָקן, און דאָך האָבן זיי מוירע. זיי צווינגען אים צו גיין פאָרויס. די גאַנצע צײַט האַלטן זיי זייערע הענט אין די קעשענעס, קוקן זיך מיט שרעק אום אַף די טירן און ציטערן אויף בײַ יעדן הילכיקן אויפרײַס. „אַהאַ, מען האָט אײַך שוין אויסגעלערנט, איר פּיפּערנאָטערלעך ! דאָ איז אײַך ניט פראַנקרײַך ! בײַ אונדז וועסטו ניט אַרומשפּאַצירן געאָרעמט מיט ווייבלעך !״ — טראַכט מיט שאַדנפרייד דער אַלטער.

זיי קומען אַרײַן אין זאַל וווּ עס געפינען זיך די קאַסעס. די

דײַטשן גיבן זיך אַ וואָרף צו די שווערע אײַנגעמויערטע אין די ווענט סייפן. צוליב זייער שווערקייט האָט מען באַשלאָסן די סייפן ניט מיטצונעמען. מיטראָפּאַן איליטש זעצט זיך אין אַ דעמבענעם פּאָטעל אַף אַ געוואַנטענער קישעלע וואָס ליגט אַפּן געזעס, וועלכע עס האָט נאָך אויפגענייט זײַן פאַרשטאָרבענע פרוי און אָנשפּאַרנדיק זײַן קאָפּ אַף דער האַנט קוקט ער אַף די פּאַרשטויבטע פיגורן אין אַ פרעמדער אומבאַקאַנטער אוניפאָרעם, וועלכע נישטערן אַרום מיט דער פלינקייט פון מײַז.

ער זיצט אונטער אַ שוואַרצער גלעזערנער ברעטל, אַף וועלכער עס איז מיט זילבערנע אויסיעס אָנגעשריבן: „עלטסטער קאַסיר מ. אי. קאָרעצקי“. ער זיצט בײַ זײַן טיש, אַף „זײַן אַרבעטפּלאַץ“, ווי ער האָט ליב געהאַט זיך אויסצודריקן, און עס הייבט זיך אים אָן אויסצווויזן, אַז ער זעט עפּעס אַ ניט נאַטירלעך שרעקלעכן כאָלעם.

דער דאָלמעטשער נעמט פון טיש אַ לעכל־מאַכער, מיטראָפּאַן איליטשס אייגנטום, וועלכע ער האָט אַמאָל מיטגעבראַכט אין באַנק פון זײַן שטוב, און מיט אַ צופרידענעם ברום שטופּט ער עס אַרײַן אין זײַן קעשענע וואָס האָט ניט קיין דנאָ, ווו אַלע שרײַבגעצײַגן פאַרשווינדן שפּורלאָז. נאָכן באַהאַלטן דעם לעכל־מאַכער, גיט דער דאָלמעטשער אַ זיפץ.

— דער הער איז גערעכט, זיי האָבן ווירקלעך אַלץ אַרויסגעפירט, אַ כוץ די ווי מען רופט זיי דאָרט, די שאַרנירן פון די פענצטער... עפּשער ווען דער הער זײַן אַזוי פרײַנטלעך און אונדז באַגלייטן אין לאָקאַל, ווי הייסט ער, ניין, ניט עלעוואַטאָר, דאָרט ווו עס ווערן באַהאַלטן די ווערטזאַכן.

דער שרעקלעכער כאָלעם ווערט פאַרגעזעצט. באַפעלנדיק דעם זעלנער מיטן אויטאָמאַט צו גיין פאָרויס, שלעפּט דער אָפיציר אַרויס זײַן רעוואָלווער און לאָזט זיך אַרונטער אין אַ פינצטערן קעלער־לאָקאַל, אָנגעפילט מיט אַ געררוך פון אַלטע פּאַפּירן, שטויב און געברענטן טריוואָקס. אַ שאַרפער שטראַל ליכט פון אַן עלעקטרישן לאַמטערן נישטערט אין די אויפגעפּראַלטע מײַלער פון די ליידיקע סייפן, ער כאַפּט אַרויס פון דעם כוישעך דיקע שטאָלענע טירן פאַרפּאַטשקעוועט מיט וואקס און טריוואָקס, ער גליטשט זיך איבערן פּאָל, וועלכער איז געדיכט באַדעקט מיט שורשעדיקן אַש

און שטיקלעך ניט דערברענטע פּאַפּירן... אַ שוידערלעכער שווערער קאָשמאַר... אָבער ערגעץ טיף אין מיטראָפּאַן איליטשס אויפגעטרייסלטער נעשאָמע טליעט אַ האָפענונג: וואָלקאָוואַ געפינט זיך אויבן. וואָס אַזוינס עס זאָל דאָ ניט פאָרקומען, וועט דאָרט דאָס פלינקע מיידל דאָך עפּשער עפּעס קענען אויפטאָן... זאָל מען אים פּײַניקן, זאָל מען אים אַפילע שיסן, אַבי עס זאָל זיך איר אײַנגעבן אָפּצוראַטעווען די ווערטזאַכן, און אויב שוין ניט אָפּראַטעווען, איז לעכאָל האַפּאָכעס באַהאַלטן, זיי זאָלן ניט אַרײַנפאַלן צו די...

אויבן גיט הילכיק אַ קלאַפּ אַ טיר. די פּאַשיסטן, פּונקט ווי לויט אַ באַפעל, שפּרינגען אָפּ צו דער וואַנט און מיט וואָרענונגס־געשרייען צילן אָן זייער געווער אַף די שוואַך באַלויכטענע טרעפּ. זיי אָטעמען שווער. דער רעוואָלווער טאַנצט אין דעם אָפיצירס האַנט. און ווידער אַ בייזוויליקער שמייכל קרימט אויס דעם אַלטנס ליפּן: „וועלפּישע האַוואַיעס און נעשאָמעס פון אַ האַז. ניין, איר וועט ניט וואַקסן אַף אונדזער ערד!"

און שוין אָן שום שרעק איבערצוטרײַבן אין זײַן שפּיל, ווענדעט ער זיך דרייסט צום דאָלמעטשער:

— טו נאָר אַ פרעג, ליבינקער, אויב זײַן וווילגעבוירן וואָלט געקענט שיקן אַהער ווי אַמשנעלסטן סאַפּיאָרן?

— צו וואָס באַדאַרף דער פּאַן סאַפּיאָרן?

— ווײַל זיי האָבן אײַנגעפירט שוין אַזאַ מינהעג, פאַרן אַוועקגיין מינירן זיי די בעסטע געבײַדעס. איר האָט ניט געהערט וועגן דעם? ווי דען? עס איז שוין אַ באַוווּסטער איניען. זיי פאַרמויערן ערגעץ ווו אין פונדאַמענט אַ טײַוול־מאַשינקע, אַמאָל אויך אַפילע אַ פּאָר און פאָרן זיך אַוועק. פון זיי איז שוין אַפילע קיין זייכער ניטאָ, און דער זייגערל ליגט זיך ערגעץ און מאַכט טיק־טיק־טיק־טאַק, און נאָך אַ געוויסער צײַט גיט זיך די באָמבעלע אַזאַ מין זעץ און דאָס גאַנצע הויז... זײַ געזונט, פּונקט ווי קיינמאָל אַף דער וועלט ניט געווען. וואָס דען? זיי זשאַלעווען דען פרעמדע זאַכן, איך אָבער האָב דאָך דאָס הויז אויסגעבויט פאַר זיך. פאַר מײַנע יאָרשים, אַף לאַנגע, לאַנגע יאָרן.

ווען דער אָפיציר האָט אויסגעהערט די איבערזעצונג, האָט ער זיך גלײַך אָנגעהויבן צו אײַלן, שפּרינגענדיק איבער צוויי טרעפּ־

לעך אַף אַמאָל לויפֿט ער מיט זײַנע באַגלייטער אַרויס פֿון קעלער און קימאַט ווי לויפֿנדיק פֿאַרלאָזן זיי די לאַנגע ריי ליידיקע צימערן. נאָך זיי שלעפּט זיך מיט אַ שמייכל מיטראָפּאַן איליטש.

ניין, וואָלקאָוואַ איז ניט אַוועקגעגאַנגען. זי איז געזעסן אַפֿן פֿענצטער און מיט צייכנס געגעבן עפּעס צו פֿאַרשטיין עמעצן אַף דער גאַס. ווײַזט אויס דעם זעלנער וועלכער האָט אָפּגעהיט די אָרײַנגאַנג־טיר. דעם אַלטנס האַרץ האָט אַ ציטער געטאָן. דער זאַק איז געלעגן אַפֿן זעלבן אָרט און ער איז אַפּילע, ווי עס האָט זיך אים אויסגעדוכט, געוואָרן גרעסער.

דער אָפֿיציר האָט סאַלוטירט מוסיאַן, באַטראַכט איך אַבּילעניש דאָס צימער און אָנגעוויזן דעם זעלנער אַף דער שרייב־מאַשינקע. יענער האָט זי אַ כאַפּ געטאָן און זיך געלאָזט גיין מיט איר. דאָס מיידל, וועלכע האָט ערשט מיט אַ רעגע צוריק געשמייכלט קאָקעטיש, איז אַראָפּגעשפּרונגען פֿון פֿענצטער און זיך אַ וואָרף געטאָן צום זעלנער. די דײַטשן זײַנען געבליבן שטיין.

— די זאַך געהערט צו דער פֿרײַלן? — האָט דער אָפֿיציר געפֿרעגט.

— ניין, ניין, דאָס איז ניט מײַן מאַשינקע, איך קען זי אײַך ניט אָפּגעבן, איר פֿאַרשטייט, זי איז ניט מײַנע, זי געהערט דעם אַנשטאַלט... האָט אַ צעררייצטע געשריִען מוסיאַ און מיט אַלע אירע קויכעס געשלעפּט די מאַשינקע צו זיך.

דער אָפֿיציר האָט פֿאַרוווּנדערט אויפֿגעהויבן די ברעמען.

— פֿאַרוואָס־זשע באַשיצט דאָס פֿרײַלן אַ פֿרעמדע מאַשינקע? איר זעט אַליץ דאָ — ער האָט אָנגעוויזן מיט זײַן האַנט אַרום זיך — זײַנען טראָפּעען פֿון דעם פֿירערס גרויסער אַרמיי...

— גיב אָפּ, שוויטע! — האָט אַ געשריי געטאָן מוסיאַ, ניט אָפּלאָזנדיק די מאַשינקע.

דער זעלנער, בײַ וועמען עס האָבן אָנגעהויבן פֿון גרויס רעציכע צו פֿלאַקערן די אויערן און באַקומען אַ קאָליר פֿון בוריקעס, האָט זיך מיט אַלע קויכעס באַמיט אָפּצורײַסן מוסיעס הענט פֿון דער מאַשינקע.

— אײַער וווילגעבוירן, אום גאָטעס ווילן, איך בעט אײַך שיקט וואָס גיכער אַהער אײַערע סאַפּיאָרן! — האָט מיט אַ פֿאַר־

צווייפלונג אויסגעשריִען מיטראָפּאַן איליטש. אָט־אָט און מײַן הויז וועט אַרויספליִען אין דער לופטן. בוך... אַן אַ סאָף.

דער אָפּיציר איז פאַרשוווּנדן אין דער טיר. דער זעלנער האָט ענדלעך אַרויסגעריסן די מאַשינקע און אָפּשטופּנדיק דאָס מיידל אַרויסגעשפּרונגען פון צימער הינטערן דאַלמעטשער. דאָס מיידל איז אומגעפאַלן, נאָר באַלד איז זי אויפגעשפּרונגען, צוגעלאָפן צום פענצטער, זיך אַרויסגערוקט ביז דער העלפט פון איר קערפּער צו דער גאַס און אָנגעהויבן מיט קאָס צו דראָען מיט אירע פויסטן. מיט גוואַלד האָט מיטראָפאַן איליטש זי אָוועקגעשלעפּט פון דעם פענצטער. מוסיאַ האָט באַטראַכט אירע בלוי־געוואָרענע פינגער, אַ בלאָז געטאָן אַף זיי און מיטאַמאָל זיך צעוויינט מיט ביטערע, בייזע טרערן.

— וואָס איז מיט דיר, מען דאַרף ניט, אויך מיר אַ וויבטי־קייט — אַ מאַשינקע. מיר האָבן דאָך פאַרהיט דעם אוצער.

דאָס מיידל איז אויפגעשפּרונגען און אַ דראָפּע געטאָן דעם אַלטן מיט אַן אויפגעבראַכטן קוק:

— דאָס איז דאָך די בעסטע מאַשינקע אין באַנק. ווי פאַר־שטייט איר דאָס ניט. איך בין דאָך פאַראַנטוואָרטלעך פאַר איר. „טראָפּעען פון דעם פירערס אַרמיי!” אַזעלכע אויסוורפן!

דאָס מיידל האָט מיט עקל געווישט מיטן קליידל איר האַנט וועלכע דער אָפּיציר האָט געדריקט. זי האָט זי געריבן מיט אַזאַ אַקשאָנעס, פּונקט ווי זי וואָלט געוואָלט אַראָפּרײַבן די הויט. קוקנ־דיק אַף איר, אַ קליינע און בייזע, אַף איר פּאָנעם רויט און נאַס פון טרערן, האָט מיטראָפאַן איליטש צום ערשטן מאָל פאַר די אַלע מילכאָמע־טעג אַ שמייכל געטאָן.

— ווען איך וואָלט נאָך גלייבן אין גאָט, וואָלט איך גע־זאָגט, אַז מאַלאָכים האָבן דיך איבערגעלאָזט זאָלסט זײַן מײַן גע־הילף, מוסיאַ. — האָט ער געזאָגט, אָנרופנדיק זי צום ערשטן מאָל באַם נאָמען.

דאָס מיידל האָט אים אַ פאַרכידעשטע אָנגעקוקט. ער האָט זי פריִער נאָך קיינמאָל אַזוי ניט גערופן. אין אירע אויגן האָבן נאָך געגלאַנצט טרערעלעך, אָבער אויך זי האָט אַ שמייכל געטאָן.

— געפונען אַ צײַט ווען צו פּלאַפּלען וועגן ניסים! נעמט דעם זאַק. אַ ליבנדער גראַס־פּאַטער פון די געוועזענע רעכטלאָזע

קען דאָך ניט דערלאָזן, אַז זײַן קליין אייניקל זאָל שלעפּן אַף זיך אַזעלכע שווערע פּעק.

דאָס מיידל האָט לײַכט אַרויפגעשלײַדערט צו זיך אַפן אַקסל דעם פּאַק מיט אירע זאַכן.

— אָבער איך האָב זיי קונציק געכאַפּט מיט דער געשיכטע פון אַן אַלטן בורזשוי, האַ? די נאַראָנים האָבן געגלויבט. איך האָב געמיינט, אַז זיי זײַנען כאָטש איבערגעשפּיצט, און זיי... און זי האָט פילבאַדײַטנדיק אַ פּויק געטאָן מיטן פינגער אין דער פענצטער־ברעט.

— זיי מעסטן אונדז לויט זייער פּאַשיסטישער מאָס, מוסיקאַ — האָט געענטפערט מיטראָפאַן איליטש — דעריבער האָבן זיי געגלויבט.

ער האָט אַרויפגעוואָרפן אַף זיך דעם זאַק מיט די ווערטזאַכן. אַף זײַן פּאָנעם האָט זיך באַוויזן אַן אויסדרוק פון פאַרוווּנדערונג. זײַן פּלייצע און דער עלנבויגן האָבן בוילעט דערפילט שאַרסטקע, שטעכיקע שטיקער טאָרף.

— וואָס וווּנדערט איר זיך אַזוי, כאַווער גראָס־פּאַטער? אין אַזאַ מיִעסן זאַק קען דאָך ניט זײַן קיין גאָלד. איך האָב די ווערטזאַכן אַרומגעלייגט מיט טאָרף, אַפן פאַל אויב זיי וועלן אַהין אַרײַנרוקן זייערע נעזער — האָט אויפגעקלערט דאָס מיידל און האָט אונטערגעאײַלט: — מיר וועלן אַרויסגיין דורך דער הינטערטיר, דערנאָך דורך אַ שפּאַלט אין פּלויט וועלן מיר אַרײַנקריכן אין הויף פון דעם קלוב פון די גאַסטראָנאָמיקער און פון דאָרטן אַף אוריצקיס גאַס און אַפן בולוואַר... ווען מיר זײַנען נאָך געווען קליינע מיידלעך, פלעגן מיר מיט דעם וועג זיך אַרײַנגאַנווענען אָן אַ בילעט אַף די טאַנץ־אָוונטן צו די גאַסטראָנאָמיקער... זייער באַקוועם.

זי איז געגאַנגען פאָרויס, ווײַזנדיק דעם וועג דורך די ליידיקע הויפן.

פון דער זײַט פון דער אײַזנבאַן־סטאַנציע האָט זיך נאָך אַלץ דערטראָגן די קאַנאָנאַדע — זי האָט זיך אַפילע ווי פאַרשטאַרקט.

די שטאָט, אײַנגעהילט אין רויך, איז געווען פּוסט ווי אַ בייס־עוילעם.

## III

די וועלט האָט זיך שוין געענדערט. די נאַענטקייט פון אַ מענטשן האָט שוין ניט געפרייט. פאַרקערט, זי האָט געשפּיצט די וואַכזאַמקייט און געשראָקן. דערהערנדיק נאָר אַ גערויש פון טריט, פלעגן די פּליטים געשווינט זיך פאַרשטעקן אין דעם נאָענטסטן טויער. דאָס זעלבע האָבן ווײַזט אויס איבערגעלעבט אויך יענע מיט וועמען זיי פלעגט אויסקומען זיך צו באַגעגענען אָפן וועג, אויך זיי פלעגן זיך אײַלן צו פאַרשווינדן אין דער רויך־פינצטערניש. עס האָט זיך אויסגעוויזן אַז אָט די אַלטע שטאָט, וועלכע ווערט אָפט דערמאָנט שוין אין די אוראַלטע לעגענדעס איז אין מעשעך פון עטלעכע מינוט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ טיפן מידבער. מען האָט געמוזט זײַן פאָרזיכטיק און ניט נאָר גיין, נאָר אַפילע אָטעמען ווי אַמשטילסטן.

אַזוי ניט באַגעגענענדיק קיינעם, אָבער אָנשטויסנדיק זיך יעדע רעגע אַף די צעשלײַדערטע אינמיטן גאַס שטוביקע כּפייצים, זײַנען זיי בײדע דורכגעגאַנגען עטלעכע צענטראַלע שטאָט־קוואַרטאַלן, די גאַס האָט זיי אַרויסגעפירט צום בולוואַר, וועלכער האָט דורכגעשניטן זייער וועג.

ווען פאַר זייערע אויגן האָט זיך אַנטפּלעקט דער בולוואַר, זײַנען מיטראָפאַן איליטש און מוסיאַ געבליבן שטיין ווי פאַרגליווערטע און האָבן זיך אינסטינקטיוו צוגעטוליעט צו אַ וואַנט פון אַ געבײַדע. זיי האָבן אַפילע צוערשט ניט פאַרשטאַנען גענוי, וואָס אַזוינס עס איז דאָ פאָרגעקומען. די קוטשעראַווע שאָטנדיקע טאָפאָלן, וועלכע האָבן ערשט הײַנט אינדערפרי געהייבן איבער דער מיט פון בולוואַר זייערע געדיכט־צונויפגעפלאָכטענע קרוינען און געבילדעט גרויסע גרינע אַלייען, האָבן זיך איצט געוואַלגערט אַף דער ערד. צווישן די אומגעוואָרפענע ביימער מיט די גלאַנציקע,

נאָך ניט פאַרוועלקטע בלעטער, האָבן זיך אַרומגעפּאָרעט פרעמדע סאָפּיאָרן. אייניקע האָבן געזעגט, אָפּגעהאַקט די צווײַגן, געהובלט קלעצער, אַנדערע האָבן געגראָבן לאַנגע גראָבנס, די דריטע האָבן אַרומגעמויערט די ווענטלעך פון די שוץ־גראָבנס מיט ציגל, וועלכע סאָלדאַטן האָבן געשלײַדערט פון די פענצטער פון די נאָענטסטע הײַזער, צעוואַרפנדיק, ווײַזט אויס, צוליב דעם צוועק, די אויוונס. די סאַפּיאָרן האָבן געהאַט מידע, גלײַכגילטיקע פּענעמער. איינער אַ גראָבער מיליטערמאַן, ווי עס שײַנט, זייער עלטסטער, איז געזעסן צעלייגט אין אַ טיפן לעדערנעם פאָטעל, וועלכער איז געשטאַנען אין דער מיט פון דעם פאַרשווונדענעם בולוואַר. די פּיּלאָטקע פאַררוקט אונטערן עפּאָלעט. זײַן ראָזער פּליך האָט געגלאַנצט אונטער דער זון.

מיטראָפּאַן איליטש איז געשטאַנען ווי פאַרשטיינערטער. מוסיאַ האָט אים די גאַנצע צײַט געשלעפּט פאַרן אַרבל.

— לאָמיר גיין! — האָט זי געשעפּטשעט. — מיר וועלן אויסמײַדן דעם בולוואַר. כאַפּט זיי דער טײַוול!

דער אַלטער איז מעכאַניש געגאַנגען נאָך איר. ער האָט ניט פאַרשטאַנען, וואָס דאָס מיידל רעדט צו אים און ניט וווהין זי שלעפּט אים. ער האָט נאָר געפילט, אַז דאָס קליינע שטאַרקע הענטל, וועלכעס האַלט אים פאַרן עלנבויגן ציטערט, און ער אַליין האָט אויך געציטערט, ווי אין פיבער און אין זײַנע אויערן האָבן אָן אויפהער געהילכט די טויבע קלעפּ פון די העק און דער קלאַנג פון די סאַפּיאָרן־רידלען.

דער ווינט האָט זיך פאַרשטאַרקט און האָט פאַריאָגט אין אַ זײַט דעם טרויעריק־ביטערן רויך. די הייסע זון האָט געשײַנט מיט איר פולער קראַפט און פון דעם זײַנען שרעקלעכער געווען די לייּדיקע גאַסן, די הײַזער מיט די אויסגעהאַקטע שויבן און צעפּראַלטע טירן, דער גרויער אַש, וועלכער האָט געסקריפּעט אונטער די פיס און לאַנגזאַם זיך געטראָגן אין דער לופט.

דער אַלטער און דאָס מיידל זײַנען דורכגעגאַנגען עטלעכע גאַסן און ניט באַגעגנט קיין לעבעדיקן נעפעש. נאָר פּלוצלינג האָבן זיי זיך אָף אַ ראָג צונויפגעשטויסן מיט אַ כאָפּטע פײַנטלעכע זעלנער, וועלכע האָבן זיך אַרויסגעשאָטן פון די צעבראָכענע טירן פון אַ גרויסן געשעפט „גאַסטראָנאָם”. דער פאָדערשטער פון זיי, וועל־

כער האָט געטראָגן אַ גאַנצן שטויס ווײַן־פלעשער, פאַרוויקלט אין אַ ברעזענט, דערזעענדיק ציווילע מענטשן, האָט אַ שפּרונג געטאָן אַף צוריק. באַמערקנדיק אָבער אַ מיידל אין אַ יאָנטעוודיק קלייד, איז ער געבליבן שטיין, צעשפּרייט זײַנע פיס און זאָגנדיק עפּעס, זיך הילכיק צעלאַכט אַף אַ באַס־קאָל. נאָך אים האָט זיך צעלאַכט אויך דער צווייטער — אַ רויטלעכער אין ברילן. ער האָט געטראָגן אַף זײַנע הענט, ווי מען טראָגט שייטלעך האָלץ, אַ צענדליק שעכטלעך מיט שאָקאָלאַד און צוקערקעס. די איבעריקע זײַנען געווען אָנגעלאָדן מיט קעסטלעך, קוישן און קאַרטאָנענע שאַכטלעך. הינטער זיי האָט זיך נאָכגעשלעפּט, פּלאָנטערנדיק מיט די פיס. איינער אַ קלייניקער, אַ פליכעוואַטער, אין אַ פּילאָטקע. די אַרבל זײַנען בײַ אים געווען פאַרקאַטשעט. גייענדיק האָט ער זיך געגאָסן גלײַך אין מויל אײַנגעמאַכץ פון אַ סלוי.

דער, וועלכער האָט געטראָגן די שאַכטלעך מיטן שאָקאָלאַד, האָט זיי לאַנגזאַם צונויפגעלייגט בײַ זײַנע פיס און מיטן פינגער אַ רוף געטאָן מוסיען צו זיך. מיט אַ נאַרישן שמייכל האָט ער איר דערבײַ געוויזן אַפן שאָקאָלאַד. דאָס מיידל איז אָפּגעשפּרונגען, פּונקט ווי מען וואָלט איר געהאַט פאַרגעשלאָגן ניט קיין קאָנפעקטן נאָר עפּעס אַ גיפטיקע העסלעכע זאַך. די כאָפּטע סאָלדאַטן האָבן זיך ווידער צעלאַכט. זיי זײַנען אַלע געווען שיקער און זיך געפונען אין גאָר אַ גוטמוטיקער שטימונג.

דער קלייִנער פליכעוואַטער האָט אַ זעץ געטאָן איבערן אַספאַלט מיטן סלאָי נאָך ניט אויפגעפרעסענעם אײַנגעמאַכץ און האָט זיך איבערגעטריבן העפלעך פאַרנייגט פאַר מוסיען.

— דײַטש זאָלדאַטן... גוטע... גוטע מענש — האָט ער זיך געטײַטלט אין ברוסט מיט דעם רויטן, פון אײַנגעמאַכץ, פינגער.

— מאַטקאַ, מאַטקאַ, טשיקאָלאַד! — האָט מיט אַ דיניקער שטימע גערופן דער מיט די ברילן.

ער האָט אָנגעכאַפּט מוסיאַן פאַרן האַנט און זי געשלעפּט צו די שאַכטלעך וועלכע זײַנען געלעגן אַפן טראָטואַר. דערפרייטע פון דער אומדערוואַרטעטער פאַרווײַלונג האָבן די סאָלדאַטן אַרומגערינגלט מוסיאַן. מיטראָפאַן איליטש איז פאַרבליבן אויסער דעם קרײַז.

— טשיקאָלאַד ליוקסוס — האָט אַלץ געכאַזערט דער מיט די ברילן, ווינקענדיק צו זײַנע כאַווײרים און צווינגענדיק אַף קויעך, אַז דאָס מיידל זאָל נעמען דעם שאָקאָלאַד.

— מוסיאַ, נעם און טשעפּע זיך אָפּ פון זיי! — האָט אויסגעשריִען מיטראָפּאַן איליטש, וועלכער האָט זיך באַמיט דורכצורײַסן און קומען איר צו הילף.

דאָס מיידל האָט מיט אַ פאַרצווייפלטער אָנשטרענגונג זיך אַרויסגעריסן פון דעם דײַטשס הענט און פינקלענדיק בייז מיט די אויגן, אים אַרײַנגעשריִען גלײַך אין פּאָנעם:

— אַוועק! אַוועק! אַוועק!

— מוסיאַ, נעם דאָך און כאַפּט זיי דער טײַוול!

די סאָלדאָטן האָבן זיך אויסגעדרייט צו מיטראָפּאַן איליטשן. איינער פון זיי האָט באַמערקט דעם זאַק, וועלכן דער אַלטער האָט אַוועקגעשטעלט אַף דער ערד און פאַרויספילנדיק אַ פרישע פאַרװײַלונג, האָט ער אַ פײַף געטאָן צווישן די ציין. ער האָט געמאַכט אַן אָנשטעל אַז ער נעמט צו דעם זאַק. אָפּן פּאָנעם פון מיטראָפּאַן איליטשן האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אַן אומגעהויערע שרעק און דאָס האָט נאָך פריילעכער געמאַכט די זעלנער.

דער אין די ברילן האָט ווידער אַ פײַף געטאָן און מיט אַן איבערגעטריבענער אָנשטרענגונג האָט ער אָנגעהויבן אויפצובינדן דאָס שטריקל. אָנווײַזנדיק מיטן האַנט אַף אַלע זײַנע כאַווײרים האָט ער געגעבן צו פאַרשטיין, אַז ער האָט בעדייע צעטיילן צווישן זיי אַלץ וואָס געפינט זיך אין דעם זאַק. מוסיאַ האָט געקוקט אַף זײַנע פינגער, וועלכע האָבן לאַנגזאַם אויפגעבונדן דעם פעסטן קנופּ. זי איז גרייט געווען אַרויפצוואַרפן זיך אַפן זעלנער, זיך אײַנקלאַמערן אין זײַנע פאַרהאַסטע הענט און אַרויסרײַסן דעם ווערטפולן זאַק, אָבער עפּעס אַ מאָדנע געליימטקייט האָט געבונדן אירע גלידער. מיטראָפּאַן איליטש איז געשטאַנען באַ דער זײַט מיטן קאָפּ מאַכטלאָז פאַרוואָרפן אַף הינטן.

ענדלעך האָט זיך די שטריק אונטערגעגעבן. פּאַסמאַקעװענדיק אַ נײַעם כויזעק־שפּיל, האָבן זיך די זעלנער ענג אַרומגעשטעלט אַרום דעם זאַק מיט טעאַטראַליש אויסגעשטרעקטע הענט. יענער, וואָס האָט געטראָגן ברילן, האָט אַרויסגעשלעפּט פון זאַק אַ הויפן טאָרף־ברעקלעך. ער האָט מיט פאַרווונדערונג אַ קוק געטאָן אַפן

מיידל, אַפֿן אָלטן, אונטערגעוואָרפֿן דעם טאָרף אויף זײַן האַנט, קעדיי צו ווײַזן זײַנע כאַווײרים, וואָס אַזוינס עס באַהאַלטן אַזוי זאָרגפֿול די קאָמישע רוסן.

די זעלנער האָבן זיך ווידער צעלאַכט, געבנדיק צו פֿאַרשטיין מיט מימיק, אַז זיי נײַטיקן זיך ניט אין די טאָרף־ברעקלעך. זיי האָבן צונויפֿגעזאַמלט פֿון טראָטואַר זייערע טראָפֿעען און מיט טומל און ראַש אַוועקגעגאַנגען. דאָס מיידל איז ווי אַ געליימטע געשטאַנען איבערן צעעפֿנטן זאַק און האָט נאָך אַלץ ניט געגלייבט אַז די געפֿאַר איז אַריבער. פֿאַרבײַגייענדיק האָט דער מיט די ברילן איר אַרײַנגעשטופּט אַ שאַכטל מיט שאָקאָלאַד.

— דײַטש זאָלדאַטען... אַהאַהאַ — האָט ער זיגעריש געזאָגט און אונטערשפּרינגענדיק אַוועקגעלאָפֿן, קעדיי צו דעריאָגן די איבעריקע.

מוסיאַ מיט איר באַגלייטער האָבן פֿאַרבונדן דעם זאַק און זיך געלאָזט גיין נאָך זיי. עס איז שוין ניט געווען וווהין צו לויפֿן: די סאָנים האָבן זיך שוין אַפּאַנעם צעשפּרייט איבער דער גאַנצער שטאָט. און ווידער האָט מיטראָפֿאַן איליטשן באַהערשט אַ שווערע אַפּאַטיע. דאָס מיידל האָט אים קימאַט ווי געשלעפּט.

זייער וועג איז געלעגן פֿאַרבײַ דער שטאָטישער עפֿנטלעכער ביבליאָטעק. זיי איז אויסגעקומען אַראָפּצוגיין פֿון דעם טראָטואַר אַפֿן גאַס. עמעצער האָט געשלײַדערט פֿון די פֿענצטער גאַנצע שטויסן ביכער. פֿון די אויסגעהאַקטע פֿענצטער פֿון שטאָטישן מוזיי, מיט וועלכן עס האָבן אַזוי שטאָלצירט די אָרטיקע קאַנטקענער, האָט זיך געהערט אַ פֿרעמד ליד, אַ טופּערײַ פֿון שווערע שטיוול, אַ קלאַפּערײַ, אַ בראַזגערײַ פֿון ברעכנדיקע שויבן. מוסיאַ האָט זיך די גאַנצע צײַט אומגעקוקט מיט פּאַכעד, מיטראָפֿאַן איליטש אָבער, האָט ווי גאָרניט באַמערקט. ער האָט געהאָרכזאַם געטראָגן זײַן פּאַק, האָבנדיק נאָר איין זאַך אין זינען, אַז דעם פּאַק מוז מען אומבאַדינגט טראָגן.

— ווען דו לייענסט וועגן דעם אין די צײַטונגען, שטעלסטו זיך דען פֿאָר, וויאַזוי דאָס זעט אויס אין דערווירקלעכקייט? — האָט ער צום סוף אַרויסגערעדט, ווי אויפֿגעכאַפּט זיך פֿון אַ שלאָף.

מוסיאַ האָט אומבעראַכמאָנעסדיק געיאָגט דעם אַלטן.

— איך הער׳ט, מען שיסט באַם וואָקזאַל ? דאָרט זײַנען אונדזערע. גיכער, גיכער !

נאָך דער וועג צום וואָקזאַל איז שוין געווען אָפּגעשניטן דורך אַ פײַנטלעכער טאַנקען־קאָלאָנע. דאַן האָבן זיי באַשלאָסן זיך אַריבערצוכאַפּן אין דער מיזרעכדיקער שטאָט־טייל, צום שטילן „זאַריעטשיע״, ווו מיטראָפאַן איליטש האָט געוווינט.

דאָרט זײַנען ניט געווען ניט קיין פאַבריקן, ניט קיין רײַכע געשעפטן, ניט קיין סקלאַדן. עס קען גאַנץ מעגלעך זײַן, אַז קיין דײַטשן זײַנען נאָך דאָרטן ניטאָ. מען וועט קענען ביז עס וועט ווערן פינצטער איבערוואַרטן אין מיטראָפאַנס איליטשס שטיבעלע און באַנאַכט אַרויסגאַנווענען זיך פון דער שטאָט.

זיי זײַנען שוין געווען ניט ווײַט פון זייער ציל, ווען אין אַ שטיל געסעלע האָט זיי פאַרהאַלטן אַ הויך־וווקסיקער מיליטערמאַן אין אַ שוואַרצן נאָך פון זיי ניט געזעענעם ביז איצט אוניפאָרעם. לעהייפּער צו יענע דײַטשן, וועלכע זיי האָבן שוין הײַנט באַגעגנט, איז דער געווען אָנגעטאָן ווי אַ פּראַנט און גלאַט אויסגעראַזירט. זײַנע שמיוול האָבן געגלאַנצט, זײַן לאַקירטער העלם האָט געפינקלט און אויף אַ זײַט פון דעם העלם זײַנען געווען אויסגעמאָלן צוויי זילבערנע בליצן. איבער דער קעשענע פון זײַן רעקל, דאָרט, ווו באַ די איבעריקע איז געווען אויסגענייט אַן אָדלער מיט צעשפּרייטע פליגל, האָט באַ דעם דײַטש דאָס מיידל באַמערקט אַ זילבערנע אָפּצייכענונג : אַ טויטן־קאָפּ. צוזאַמען מיט נאָך איינעם אָנגעטאָן אין דעם זעלבן אוניפאָרעם, איז ער געשטאַנען אָפּן געפלאַסטערטן טראָטואַר אַנטקעגן אַ קליין הילצערן שטיבעלע, ווו עס האָט געוווינט, ווי אַלע האָבן דאָס געוווסט אין שטאָט, דער פאַרדינסטפולער דאָקטער אַבראַם איסאַקאָוויטש גאָלדשטיין.

די לעצטע צײַט האָט מען דערציילט, אַז גאָלדשטיין איז זייער שווער קראַנק און אַז ער וועט שוין מעגלעך מער ניט אויפשטיין. קען דען זײַן, אַז נאָך אים זײַנען דאָס געקומען די ברייטביינערדיקע יונגען אין שוואַרצן, וועלכע האָבן אומגעדולדיק געקוקט צו די פענצטער, אַף וועלכע עס האָבן זיך רויק געוויגט פון דעם ווינט טיולענע פאַרהאַנגען.

אין הויז האָט אָפּגעהילכט אַ בראַזג פון עפּעס וואָס ווערט צעבראָכן. עס האָט זיך דערהערט אַ פרעמדער כאָרכלדיקער אויס־

געשריי און אַ טופּען פון פיס. די טיר פון דעם געשניצטן גאַנעק האָט זיך מיט אַ טראַסק אויפגעפראַלט. אַפן שוועל האָט זיך באַוויזן אַ דיקלעכער זאָקן אין אַ נאַכט־העמד. ער האָט מיט פאַרוווּנדערונג געקוקט אַרום זיך מיט אָנמעכטיקע, קורצזיכטיקע אויגן, גרויע פּאַסמעס האָר זײַנען איבער זײַן ברייטן שטערן געפאַלן נאָר לויט דעם שטערן האָט מוסיאַ דערקענט דעם באַרימטן דאָקטער.

שטייענדיק אַפן גאַנעק האָט דער דאָקטער געקוקט אַפן גאַס מיט אַן אויסדרוק פון שמערצלעכער שטוינונג. געקוקט און ווײַזט אויס, גאָרניט געזען. אַ דריטער דײַטש אין שוואַרצן, וועלכער האָט זיך באַוויזן הינטער דעם דאָקטערס פּלייצעס, האָט אַ ווונק געטאָן צו יענע צוויי, וועלכע זײַנען געשטאַנען אַפן גאַס, האָט אויפגעהויבן זײַן אויטאָמאַט און האָט עטלעכע מאָל אויסגעשאָסן לעבן דעם אַלטנס אויער. דער דאָקטער האָט זיך אַ ריס געטאָן, זיך פאַרטשעפּעט און אַראָפּקײַקלענדיק זיך פון די טרעפּ איז ער געפאַלן גלײַך אַף די טראָטואַר־פּליטן. דער מיליטערמאַן, וועלכער האָט פאַרהאַלטן מוסיאַן מיט מיטראָפאַן איליטשן, האָט אויך אויפגעהויבן זײַן אויטאָמאַט, קעדיי, ווי עס שײַנט, אויך אויסצושיסן איבערן דאָקטערס אויער. אָבער דאָס מיידל איז צוגעלאָפן צום דײַטש און אים אָנגעכאַפּט פאַרן האַנט.

— וואָס טוט איר, אויסווורפן? דאָס איז דאָך אַ דאָקטער, אַ מעדיקער.

דער לאַנגער דראָנג אין שוואַרצן האָט פון דער הייך פון זײַן לאַנגן וווקס געקוקט אַף דער קליינער כיינעוודיקער מיידל און האָט ווײַזט אויס ניט פאַרשטאַנען וואָס זי וויל פון אים.

דער דאָקטער, ליגנדיק אַפן אַספאַלט, האָט אויפגעהויבן זײַן ברייטן צעדראַפּעטן פּאָנעם אַף וועלכן עס האָט זיך צעשוווּמען אַ רויט־בלויער צייכן. פעסט אײַנגעקלאַמערט אין דעם שוואַרצן שטאָף פונעם מונדיר, האָט דאָס מיידל זיך באַמיט צו דערמאָנען די דײַטשישע פראַזן וועלכע זי האָט אַמאָל געלערנט אין שול. אַך ווי זי האָט זיך פײַנט געהאַט אין דעם מאָמענט דערפאַר, וואָס זי איז אַמאָל געווען ניט אויפמערקזאַם אַף די לעקציעס פון דער דײַטשישער שפּראַך. עס האָט זיך איר געדוכט, אַז פון דעם צי זי וועט זיך יאָ דערמאָנען אָדער ניט די נייטיקע ווערטער, צי זי

וועט יאָ אָדער ניט קענען אויפקלערן די געזונטע יונגען, ווער דאָס איז איבער וועמען זיי כויזעקן — הענגט אָפּ דאָס לעבן פון דעם דאָקטער.

דער צעטומלטער דראַנג איז געקומען צו זיך. ער האָט זיך באַמיט אָפּצושטופּן פון זיך דאָס מיידל, וועלכע איז געהאנגען אַף זײַן האַנט. מוסיאַ האָט זיך שוין אָבער דערמאָנט די בייטיקע, און ווי עס האָט זיך איר דאַן אויסגעוויזן, רעטונגס־פּראַזע.

— וואָס מאַכען זי! דאָס איסט דאָך אײַן דאָקטאָר. גראָסס רוסישע דאָקטאָר!

דעם לאַנגן דראַנג איז ענדלעך געלונגען זי אָפּצושטויסן פון זיך. מוסיאַ איז געפאַלן אין אַ זײַט, אַפן טראָטואַר. זי איז אָבער גלײַך אויפגעשפּרונגען און זיך געשטעלט אַף די פיס. מיינענדיק נאָך אַלץ, אַז יענע פאַרשטייען ניט איבער וועמען זיי כויזעקן, אַז זי האָט עס זיי שלעכט געגעבן צו פאַרשטיין, האָט זיך דאָס מיידל ווידער אַ שלײַדער געטאָן צו די דײַטשן אין שוואַרצן.

— ער איז דאָך אַ דאָקטער! ער היילט יאָ די מענשען!

— ער איסט יודע — האָט הייזעריק זיך אָפּגערופן דער דראַנג און מיטן שטיוול אַ זעץ געטאָן דעם דאָקטער, וועלכער איז געלעגן אַפן טראָטואַר.

מיטראָפאַן איליטש איז צוגעלאָפן קעדיי אויפצוהויבן דעם אומגליקלעכן, נאָר דער צווייטער היטלעריסט האָט זיך פאַרמאָסטן און אים דערלאַנגט אַזאַ זעץ אין גאָמבע, אַז דער קאַסיר האָט זיך איבערגעדרייט און איז געפאַלן מיטן פּאָנעם אַפן שווערן זאַק. לעבן דאָקטערס אויער האָט ווידער אָפּגעהילכט אַ שאָס. דער אַלטער האָט זיך אויפגעהויבן, אַרומגענומען אַלעמען מיט רויטע גאָרניט זעענדיקע ווילדע אויגן און האָט זיך געלאָזט לויפן. דער דריטער פאַשיסט האָט מיט עטלעכע שאָסן פון זײַן אויטאָמאַט אים איבערגעשניטן דעם וועג.

מוסיאַ האָט זיך הילפלאָז אומגעקוקט. אַפן ראָג גאַס האָט זי דערזען אַ גרופּע דײַטשישע זעלנער פון מיטעלע יאָרן, אָנגעטועטע אין דעם געוויינלעכן גרוי־גרינעם פאַרשטויבטן אוניפאָרעם. זיי האָבן צווישן זיך וועגן עפּעס שטיל געשמועסט און ווי עס האָט זיך דער מיידל אויסגעוויזן האָבן זיי מיט אומצופרידנקייט געקוקט אַף דעם וואָס עס קומט פאָר באַ דעם קליינעם שטיבעלע. דאָס

מיידל איז צוגעלאָפן צו זיי און געבעטן אָפּצושטעלן די פּײַניקונג. די זעלנער האָבן זיך איבערגעקוקט און שנעל זיך צעגאַנגען, קוקנדיק מיט שרעק אַף די דײַטשן אין שוואַרצן. מוסיאַ איז זיי נאָכגעלאָפן און זיי אָנגעכאַפּט פאַר די הענט.

— עס־עס־מאַן! — האָט מיט קאַס, ווי אַ זידל־וואָרט, אַרויסגעברומט צווישן די ציין איינער פון די דײַטשן און געוואָרפן אַ קרומען בליק אַף יענע, וועלכע האָבן מיט אַ געלעכטער אַרומגעיאָגט איבער דער גאַס אַן אַלטן קראַנקן מאַן.

דאַן האָט מוסיאַ פאַרשטאַנען: דאָס זײַנען די עס־עס־לײַט, וועגן וועלכע מען האָט אַזויפיל געשריבן אין די צײַטונגען. זי איז צוגעלאָפן צו מיטראָפאַן איליטשן, אים געהאָלפן אויפשטיין און ביידע, ניט אומקוקנדיק זיך, זײַנען אַנטלאָפן, באַמיִענדיק זיך ווי אַמשנעלסטן צו פאַרלאָזן דאָס שרעקלעכע אָרט, וווּ עס האָט זיך קעסיידער געהערט אַ שיסערײַ פון אויטאָמאַטן, אַ פּײַפערײַ און ווילדע געשרייען.

דאָ און דאָרט פלעגן אַף דער גאַס זיך באַווײַזן און גלײַך פאַרשווינדן געשטאַלטן אין ציווילע קליידער, אַלץ מער און מער האָבן זיך באַגעגנט אַף די טראָטואַרן צעבראָכענע און צעטראָטענע שטוב־כּלים. לענגאויס דער גאַס האָט זיך געצויגן איבערן אָספּאַלט אַ ווײַסער פּאַס. עמעצער איז פאַרבײַגעגאַנגען מיט אַ זעקל מעל און ניט באַמערקט, אַז דאָס מעל שיט זיך פון אַ לעכל.

מיטראָפאַן איליטש האָט מוירע געהאַט אַפילע אַרײַנצוגיין אין זײַן אייגענעם הויז. ער האָט אויפגעמאַכט דאָס טירל און זיי זײַנען אַרײַן גלײַך אין סאָד, וועלכער האָט פרידלעך געשמאַכט פון דער היץ אונטער די רויִקע שטראַלן פון דער זון, וועלכע האָט זיך שוין דערנענטערט צו שקיִע. טרעטנדיק איבער די קרײַטעכצער, האָט זיך מיטראָפאַן איליטש מיט גרויס מי דערשלעפּט ביז צום זוניקן ווינקל, וווּ עס זײַנען געוואַקסן די ווײַנטרויבן „ארינקא״, און אַן אויסגעשעפּטער, אַן קויכעס, האָט ער זיך אַראָפּגעלאָזט אַף אַ בייט אונטער דער שמאַראַגדן גרינקייט פון די צווײַגן. מוסיאַ איז צוגעפאַלן צו דער ערד, זיך אײַנגעגנורעט אין איר מיטן פּאַנעם און מיטן קערפּער זיך צוגעדריקט צו איר, ווי זי וואָלט דאָרט געזוכט שוץ און שטיצע פון דעם גרויל, וואָס עס קומט פאַר אַרום איר.

אַזוי זײַנען זיי אָפּגעזעסן שטום און שטיל ביז די בלוט־רויטע פֿעדעם פֿון דער פֿאַרגייענדיקער זון האָבן אָנגעהויבן צו ציטערן איבער דער אָנגעהיצטער, אין מעשעך פֿון טאָג, ערד.

— מוסיאַ, און איך האָב דאָך אַף אַן עמעס געוואָלט דאָ איי־בערבלײַבן, — האָט ענדלעך שטיל אַרויסגערעדט מיטראָפּאַן איי־ליטש.

דאָס מיידל האָט זיך ניט אָפּגערופֿן. נאָר ווען זי איז אויפֿ־געשטאַנען, האָט איר אויסגעשמירטער מיט ערד פּאָנעם געברענט מיט אַ בייזער ענערגיע.

— וואָס שנעלער אַוועקגיין פֿון דאַנען! איך קען ניט! עס ווערט מיר ניט גוט בלויז פֿון דעם, וואָס איך אָטעם מיט זיי די זעלבע לופֿט.

אירע פּלייצעס האָבן אַ ציטער געטאָן. אַ נערוועזער פֿיבער האָט זי געטרייסלט. דאָ אונטער דער צאַרטער זון פֿון אַ זומער־אָוונט איז איר געווען קאַלט, ווי אין אַ קעלער.

— גייען מיר? צו וואָס נאָך וואַרטן?

— מען טאָר ניט. נאָר דאַן, ווען עס וועט ווערן פֿינצטער. מיר טאָרן ניט, מוסיענקאָ, איצט טראַכטן נאָר וועגן זיך! — האָט טרויעריק געענטפֿערט מיטראָפּאַן איליטש, ווײַל עס האָט אויך באַהערשט דער פֿאַרלאַנג ווי אַמשנעלסטן צו אַנטלויפֿן פֿון דער שטאָט.

ביידע האָבן מיט פֿאַרדרוס אַ קוק געטאָן אַפֿן שמוציקן ברויּ־נעם זאַק, וועלכער האָט זיך געוואַלגערט אַפֿן גראָז צווישן די קנויליקע צווײַגן פֿון די ווײַנטרויבן.

— איך גלייב, אַז בעסער פֿון אַלץ וואָלט פֿאַר אונדז געווען אַרויסצוגיין אַף זוויאַגינצעוואַ און זיך דערשלאָגן צום גרויסן טראַקט. עס וועט אויסקומען צו גיין מיטן וואַלד. מיר האָבן ניט קיין רעכט אויסצושטעלן דאָס צירונג אַף אַלע מעגלעכע צופֿאַלן אַף די וועגן. יאָ, יאָ, מיר האָבן ניט קיין רעכט!

— אײַ, עס איז שוין אַלץ איינס. אַבי וואָס שנעלער, נאָר שנעלער . . .

מיטראָפּאַן איליטש האָט פֿאַרגראָבן דעם זאַק צווישן די מיט שפּינוועבס באַדעקטע מאַלינע קוסטעס, וועלכע זײַנען געוואַקסן לענגאויס דעם פּלויט און האָט אַרײַנגעפֿירט מוסיאַן אין הויז.

שוין צײַט געווען זיך צו גרייטן אין וועג. ער האָט אויסגעזוכט אין שפּײַכלער צוויי באַקוועמע רוק־זעק און האָט אָנגעהויבן זיך צו פּאַקן מיט אַזאַ פּינקטלעכקייט, פּונקט ווי ער וואָלט ניט געלאָפן פון אַ שטאָט, וואָס איז באַזעצט געוואָרן פון דעם סוינע, נאָר זיך געקליבן צו פאָרן צוזאַמען מיט טשערעדניקאָוון אַף אורלויב אַף אַ לאַנגדויערנדיקן פישפאַנג אין די ווײַטערע וואַלד־אָזיערעס. מוסיאַ האָט אים ניט געהאָלפן פּאַקן. זי איז געזעסן באַם פענצטער, וועלכער איז געווען פאַרמאַכט מיט אַ לאָדן. איר אומגעדולד איז קעסיידער געוואַקסן. דער אַלטער, אָבער, האָט זיך ווי מיט אַ קיוון, ניט געיאָגט. ער האָט אַרײַנגעפּאַקט אין זאַק אַ קעסל מיט אַ דעקל, וואָס קען דינען פאַר אַ פּאָטעלניע, סלאָיקלעך מיט זאַלץ, מיט טיי, געצײַג אַף צו כאַפּן פיש און אויך אַנדערע, ווי עס האָט זיך אויסגעוויזן, אינגאַנצן אומנוצלעכע זאַכן.

צום סאָף האָט ער אַרויסגעשלעפּט פון דעם קאַסטן אַ פּאַרשאָטענעם מיט נאַפטאַלין סקי־אָנצוג און גראָבע טוריסטן־שיך מיט טשוועקעס, וועלכע זײַנען דאָרט געלעגן, ווײַזט אויס, נאָך פון יענער צײַט, ווען זײַנע זין זײַנען נאָך געווען גאָר יונג, און האָט געאייצעט דער מיידל, אַז זי זאָל דאָס אַלץ אָנטאָן צום וועג, און איר קלייד מיט די שיך איבערלאָזן דאָ, ווי אַן איבעריקע לאַסט. מוסיאַ איז געוואָרן אויפגעקאָכט.

— אַרויפשלעפּן אַף זיך אָט דאָס? און מאָרגן זיך באַווײַזן פאַר אונדזעריקע ווי אַ סטראַשידלע? אַ שיינער אײַנפאַל!

זי האָט בייז געפּאָכעט פאַר מיטראָפאַן איליטשס נאָז מיט די געלע צעקנייטשטע שיך.

— איר ווילט אַז איך זאָל די פאַרזעענישן אָנטאָן אַף מײַנע פיס? יאָ? אַלע זאָלן פון מיר כויזעק מאַכן? מען זאָל זאָגן, אַז מוסקאַ וואָלקאָוואַ איז פון שרעק מעשוגע געוואָרן! ביין, טוט עס אַליין אָן... — און זי האָט מיט קאַס אַ שלײַדער געגעבן די שיך אין אַ ווינקל.

דער אַלטער האָט באַהאַלטן אַ שמייכל געטאָן און האָט אַוועקגעטראָגן די טוריסטן־קליידער.

לאַנג ניט געטראַכט האָט דאָס מיידל אַרײַנגעשטופּט אין איר ברייטן גערוימען רוק־זאַק די זאַכן פון איר פּאַק: קליידער,

שיך, צוויי ביכלעך מיט לידער פון איר באַליבטן דיכטער און אַ קליינעם פעקעלע מיט נאָטן. דאָס צירונג האָבן זיי צעטיילט און פאַררוקט אין ביידע רוקזעק צווישן די אַנדערע זאַכן.

נאָכדעם איז מיטראָפאַן איליטש אַוועק זיך איבערטאָן, און דאָס מיידל האָט געהערט ווי ער פאָרעט זיך אין דעם שכייניש צימער, קרעכצט, זיפצט און ברומט עפּעס אונטערן נאָז. פון דאָרט איז ער אַרויס אָנגעטאָן ווי אַ יעגער: אין אַן אַלטער וואַטענער קורטקע, ענג פאַרצויגן מיט אַ רימען, אין געוואַנטענע הויזן, פאַרי רוקט אין הויכע, ווייכע לעדערנע שטיוול און אין אַן אַלטן אָפּ־געבליאַקעוועטן ברייטן הוט. ער האָט איצט אויסגעזען גלייכער, פלינקער און יינגער.

— אָט בין איך שוין גרייט! — האָט ער אַ זיפץ געטאָן.

די זון האָט אָבער נאָך געלויכטן. נידעריקע, קרומע שטראַלן האָבן זיך אַריינגעגאַנוועט דורך די שפּאַלטן פון לאָדן און געשניטן דאָס צימער אַף פּאַסן. ערשט איצט, ווען ער האָט נאָך ניט געטאָרט אַרויסגיין, און וואָס צו טאָן איז שוין אויך ניט געווען, זיינען אָנגעקומען די פיינלעכסטע מינוטן. מיטראָפאַן איליטש איז געזעסן אין דעם אַלטן טיפן פאָטעל, וווּ ער האָט געווייינלעך ליב געהאַט, קומענדיק פון דער אַרבעט, אַ דרעמל צו טאָן מיט אַ ציי־טונג נאָכן עסן. ער האָט זיך אָבער ניט צעלייגט אין זיין שטענ־דיקער געמיטלעכער פּאָזע, ער איז געזעסן שטייף און אָנגעשטרענגט ווי עס זיצט אַפן וואָקזאַל אַ רייזנדער, וועלכער וואַרט אַז יעדע מינוט זאָל אָנקומען דער באַן. און דאָס איז מיט אים פאָרגעקומען ניט בלויז דערפאַר, וואָס ער איז געווען אַזוי אָנגעטאָן גרייט אין וועג אַריין. ניין. דאָ, אין דעם שטיבעלע, וווּ ער האָט געוווינט, דערצויגן די קינדער, געניאַנטשעט די אייניקלעך, האָט ער זיך שוין ניט געפילט מער ווי אַ באַלעבאָס, אַפילע ניט ווי אַ גאַסט, נאָר ווי אַ מענטש, וועלכער האָט דאָ צופעליק פאַרבלאָנדזשעט און ווען מען קען יעדע מינוט אַרויסטרייבן אַפן גאַס.

די היים איז געווען דאָרט, וווהין עס איז אָפּגעטראָטן די אַרמיי, וווהין מען האָט אַוועקגעפירט דאָס האָב און גוטס פון באַנק, דאָרט וווּ עס געפינט זיך דער כאַווער טשערעדניקאָוו.

אויפכאַפּנדיק מיטן אָנגעשטרענגטן אויער די צופעליקע קלאַנ־גען, וועלכע האָבן זיך דערטראָגן אַהער דורך די פאַרהאַקטע לאָדנס,

וואַרטנדיק אַז יעדע רגע קען זיך אַרײַנרײַסן אַ פאַשיסט, האָט זיך דער אַלטער דערמאָנט, ווי אין די ערשטע יאָרן נאָך דער רעוואָלוציע האָט טשערעדניקאָוו, אין יענע טעג נאָך אַ יונגער באָלשעוויסטישער רעדנער, געפּויעלט אויף אַ מיטינג בײַ די שטאָטבירגער, אַז זיי זאָלן אײַנריכטן אַ בולוואַר אויף דער ברייטער מאַרקגאַס, וועלכע האָט פריער געהייסן די גאַס פון פּרויען־שאָלעם־טרעגערנס, און ערשט ניט לאַנג באַצייכנט געוואָרן מיטן נאָמען „פּראָספּעקט פון קאַרל מאַרקס”.

די גאַנצע שטאָט האָט זיך פאַרזאַמלט דאָרט, ווו יאָרן־לאַנג פלעגן זיך אויסשטעלן יעדן זונטיק און דאָנערשטיק פּויערישע פורן. מענטשן האָבן צענומען די ברוק־שטיינער, געגראָבן קלומבעס, געפלאַנצט יונגע טאָפּאָלן, וועלכע מען האָט געבראַכט פון דעם אַרכיערייס גאָרטן. מיט ליבע און אייפער האָבן זיי נאָכגעפאָלגט די רעזולטאַטן פון זייער ערשטער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. יעדן פרימאָרגן פלעגן זיי באַגיסן די יונגע שפּראָצונגען מיט גיסקאַנען, עמערס און פאַרשיידענע אַנדערע קיילים, פונקט ווי דאָס וואָלטן געווען ניט פּאַשעטע ביימער אויפן בולוואַר, נאָר טײַערע בלומען אויף זייערע אייגענע פענצטער. ווי מיט זייער אייגנס האָבן זיי זיך געפרייט מיט די ערשטע צווײַגעלעך פון די ביימער, מיט דעם ערשטן שיטערן שאָטן וועלכער איז פון זיי געפאַלן אויף די גרינגע בענק פון דעם יונגן בולוואַר.

אַ בולוואַר! וואָס נאָר בולוואַר! דער אַלטער קאַסיר האָט זיך דערמאָנט דעם מיט ליכט פאַרגאָסענעם קאַבינעט אין דער קליניק פון דעם שטאַטישן אינסטיטוט פאַר פיזישע היילמעטאָדן. ער האָט דערמאָנט זיך אַליין, ווי ער איז הילפלאָז געלעגן אויפן טיש; די דאָקטוירים וועלכע האָבן אין זייערע ווײַסע אָנגעקראָכמאַלעטע כאַלאַטן אויסגעזען ווי מאַרמאָר סטאַטועס און דעם לייבן־קאָפּ פון דעם אַלטן דאָקטער. מיט זײַנע געניטע פלינקע פינגער האָט ער אויסגעקלאַפּט דעם קראַנקנס ברוסט־קאַסטן. עס האָט געשײַנט, אַז ער טוט עס אָן כיישעק, נאָכלעסיק, אָבער דער קראַנקער און די דאָקטוירים, צונויפגערופענע אויף אַ קאָנסיליום, האָבן אויפמערקזאַם נאָכגעפאָלגט די דיקלעכע זקיינישע הענט און — געוואַרט אויפן אורטייל.

ענדלעך האָט זיך דער דאָקטער אויסגעגלײַכט, אַרויפגערוקט

די ברילן אויפן ברייטן שטערן. אין זײַנע קורצזיכטיקע אויגן האָט זיך אָנגעצונדן אַ שעלמישער שמייכעלע. ער האָט פאַרריסן דאָס העמד אויף מיטראָפאַן איליטשס ברוסט, לײַכט אַ פּאַטש געטאָן דעם קראַנקן איבערן בויך און האָט געזאָגט מיט אַ ליבלעכער הייזעריקלעכער שטימע: „ער וועט נאָך אָנכאַפּן אַ טויזנט קילאָ פיש, אַט דער קאָרעצקי אײַערער”. און מיטראָפאַן איליטש האָט דאַן געהאַט אַן אײַנדרוק, אַז אַלע אַרום אים האָבן לײַכטער און מיט צופרידנקייט אָפּגעאָטעמט און דער דאָקטער, וועגן וועלכן מען האָט שוין פון לאַנג געהאַט אַ געהויבענע מיינונג אין דער שטאָט, איז דאַן פאַר מיטראָפאַן איליטשן געווען די פאַרקערפּערונג פון דער אַלמעכטיקער סאָוועטישער וויסנשאַפט.

און איצט זײַנען די טאָפּאָלן אויסגעהאַקט, דער אַלטער קראַנקער דאָקטער לויפט אין אַ נאַכט־העמד איבער דער גאַס און עפּעס באַשעפּעניש אָנגעטאָן אין שוואַרצן ווילן זיך, אַרומיאָגנדיק אים, ווי ייִנגלעך יאָגן זיך נאָך אַ הונט. די געבײַדע פון דעם אינסטיטוט, וווּ ער פלעגט אָפּראַטעווען טויזנטער מענטשלעכע לעבנס ברענט, אײַנגעהילט אין אַ ברוינעם וואָלקן רויך. און עס איז ניטאָ ווער און פאַר וואָס מען זאָל עס לעשן. אומעטום סקריפּעט אונטער די פיס צעבראָכענע גלאָז, און אויפן טראָטואַר וואַלגערן זיך פאַרשיידענע שטוב־כפּיצים. ווידער דוכט זיך אים, אַז דאָס אַלץ איז אַ וויסטער כאָלעם. און עס גלוסט זיך אַזוי שטאַרק אויפצוכאַפּן זיך און ווידער דערזען די ליבע, נאָענטע, געוווינטע וועלט.

— מיטראָפאַן איליטש, איר האָט געלייענט אוועלסעס „די מילכאָמע פון די וועלטן”?

דער אַלטער האָט אַ ציטער געטאָן, ווי ער וואָלט דערהערט אַ שאָס. מוסיאַ האָט איבערגעכאַזערט די פראַגע.

— דוכט זיך, יאָ געלייענט, וואָסי דען?

— אָט יענע — זי האָט אַ ווונק געטאָן אויפן פענצטער אין דער ריכטונג צו דער שטאָט — זיי זײַנען ענלעך צו די מאַרסיאַנער פון יענעם ראָמאַן: זיי פאַרניכטן אַלץ, ברענען און יאָגן זיך נאָך מענטשן און אַליין פאַרמאָגן זיי ניט אין זיך קיין פונק פון אַ מענטשלעכן געפיל.

— יאָ, יאָ, אַזוי איז עס! — האָט צעשטרײַט געענטפערט

מיטראָפאַן איליטש. — און איך, זעסטו, טראַכט אַלץ וועגן דעם, אַז יענע מאַרסיאַנער, וועלכע האָבן צוגעגאַנוועט דײַן שרײַב־מאַשינקע, זאָלן ניט איבערלייענען דעם אָנהייב פון דער ליסטע, וועלכע איז אין איר פאַרבליבן. האָסט דאָך זי ניט אַרויסגענומען? זעסטו! וועלן זיי דורכלייענען און גלײַך זיך אַוועקלאָזן אונדז זוכן.

— גיי זוך אַ ווינט אין פעלד!

— ששששטיל!

פון דער גאַס האָבן זיך דערהערט טריט. דאָס זײַנען געווען געוויינלעכע מענטשלעכע טריט, אָבער מוסיאַ און מיטראָפאַן איליטש זײַנען געוואָרן בלאַס און פאַרשטיינערט. דער אַלטער האָט אַ כאַפּ געטאָן די צונויפגעבונדענע רוק־זעק און אַף די שפּיץ פינגער אַרויסגעגאַנגען מיט זיי פון דעם צימער, זיי ערגעץ פאַרבאַהאַלטן. ווען ער איז צוריקגעקומען, איז זײַן פּנים געווען קרענקלעך אָנגעשטרענגט.

און די טריט האָבן זיך דערנענטערט, אייגצלנע, לאַנגזאַמע. דער גאַנץ נאַטירלעכער געוויינלעכער גערויש, אַף וועלכן נאָך הײַנט אינדערפרי וואָלט קיינער קיין אַכט ניט געלייגט, איז איצט געווען פיל שרעקלעכער, ווי דער וואַקסנדיקער וואָיען פון אַ פאַלנדיקער באָמבע. באַ די פענצטער זײַנען די טריט געוואָרן נאָך לאַנגזאַמער. ער וועט זיך אָפּשטעלן, אָדער ניט? ניין, זיי דערווײַטערן זיך, ווערן שטיל.

מיטראָפאַן איליטש גיט אַ טיפן זיפץ. פון זײַן פּנים רינט אַ שווייס.

— דורכגעטראָגן! — שעפּטשעט מוסיאַ און שפּאַרט זיך אָן מיט איר שטערן אין דעם קאַלטן גלאָז פון פענצטער.

אין די צימערן ווערט געדיכט דער גרויער דושנער בײַן־האַשמאָשעס.

— און אין יענעם לאַנד זײַנען דאָך געבוירן געוואָרן מאַרקס און בעטהאָווען, געטע און דיזעל. מײַן גאָט! גאָט מײַנער! — האָט פּלוצלינג אַרויסגערעדט דער אַלטער, קוקנדיק מיט ווייטיק ווי ביסלעכווײַז ווערן אויסגעלאָשן אָפן סופיט די געלבלעכע אָפּשײַנען פון זון־אונטערגאַנג, וועלכע האָבן זיך דורכגעריסן דורך די שפּאַלטן פון די לאָדנס.

— און טעלמאַן און ראָזאַ לוקסעמבורג! — האָט ווי אַ ווי־דערקאָל זיך אָפּגערופן מוסיאַ.

מיטראָפּאַן איליטש איז אויפגעשטאַנען פון פּאָטעל:

— איך דענק, אַז ס׳איז שוין צײַט, — האָט ער געזאָגט שטילערהייט.

ביגעניוווע, פּונקט ווי ער וואָלט מוירע האָבן אַף אַן עמעס, אַז עפּעס אַן אויסבאַהאַלטענע אין דער פינצטערקייט פאַרזעעניש קען אים באַמערקן און כאַפּן, איז דער אַלטער דורכגעגאַנגען אַלע צימערן פון זײַן היים, געזעגענענדיק זיך מיט די ווענט אין וועלכע עס זײַנען פאַרבליבן די טײַערע רייכעס. ערשט ניט לאַנג איז אַלץ דאָ פאַר אים געווען אַזוי טײַער און נייטיק. איצט האָט ער אַף דעם געקוקט ווי אַף פרעמדס. אַף די פּאַפּירן פון די ווענט זײַנען פאַרבליבן פירעקיקע טונקעלע סימאָנים. דאָ זײַנען געהאנגען זײַנע „ערן־דיפּלאָמען” און „שלאָגלער־אויסצייכענונגען”. ער האָט זיי אַרויסגענומען פון די ראַמען און גענומט זיי מיט. גייענדיק איבער די צימערן, ווונדערט זיך דער אַלטער: עפּעס אַ מאָדנע זאַך איז מיט אים געשען פון יענער רעגע אָן, ווען אין באַנק האָבן זיך אַרײַנגעריסן די סאָנים. זײַן לעבן איז ווי איבערגעבראָכן געוואָרן. אַלץ וואָס האָט אים ביז איצט געפרייט, באַאומרויִקט, באַזאָרגט — איז מיט איינמאָל פאַרטונקלט געוואָרן, פאַרלוירן איר קראַפט, פאַרבליבן אין דער פאַרגאַנגענהייט. זײַן ווילן, זײַנע קויכעס, דאָס בעסטע וואָס האָט געלעבט אין דער נעשאָמע פון אָט דעם אַלטן מאַן און וואָס האָט נאָך ערשט ביז ניט לאַנג צוריק זיך פאַרטיילט צווישן דער אַרבעט, אַרומפאָרען זיך מיט די ווײַנטרויבן „ארינקאַ”, זאָרגן וועגן די קינדער, פישפאַנג — אַלץ האָט געצילט איצט אין איין ריכטונג: אָפּצוראַטעווען דעם אויצער פון די פאַשיסטן און אים אומקערן דער מעלוכע.

באַנאַכט האָבן די פּלייטים זיך גערירט אין וועג. ווען זיי זײַנען שנעל דורכגעלאָפן די פּוסטע גאַס און האָבן זיך שוין פאַרהערעוועט אין אַ זײַטיק געסל, האָט זיך דער אַלטער פּלוצלינג אָפּגעשטעלט און אַ געשריי געטאָן. ער האָט־ זיך דערמאָנט, אַז באַם אַוועקגיין האָט ער ניט פאַרשלאָסן די הויז־טיר און אַפילע, דוכט זיך אים, זי אינגאַנצן איבערגעלאָזט אַ צעעפנטע. מיטראָפּאַן איליטש האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אַף צוריק, ער איז אָבער גלײַך

שטיין געבליבן, אַרויסגעשלעפּט די שליסעלעך פון זײַן קעשענע, אַ קלונג געטאָן מיט זיי, ביטער אַ שמייכל געטאָן און פאַרמעסטנ־דיק זיך ברייט, האָט ער זיי אַריבערגעוואָרפן איבערן פּלויט פון אַ פרעמדן גאָרטן. די שליסלען האָבן זיך אַ שאַר געטאָן איבערן גראָז אין קראָפּעווע־בלעטער און טעמפּ זיך אָנגעשלאָגן אין דער ערד.

— וואָס טוט איר דאָרט? — האָט זיך פון דער פינצטער־ניש דערהערט דאָס אומגעדולדיקע שעפּטשען פון מוסיאָן.

— גאָרנישט, גאַרישקייטן, — האָט געענטפערט דער אַלטער און, דערפילנדיק אַ דערלייכטערונג, האָט ער צורעכט געמאַכט די רימענס פון זײַן רוק־זאַק און פאַרשנעלערט די טריט.

אין די שטילסטע נאַכט־שאָען, ווען דער קילער נעפּל, וועל־
כער האָט זיך אויפגעהויבן פון דעם טײַך־טאָל, האָט מיט אַ גע־
דיכטן שלייער פאַרדעקט די אומגעגנט, האָבן צוויי פוסגייער אין
דער שטיל פאַרלאָזן די שטאָט, וועלכע האָט זיך גערויטלט פון
די פלאַמען פון די סרייפעס.

פון פאָרנט, מיט ברייטע שנעלע טריט, ווי עס גייען יעגער,
געלאָגן און אַנדערע פוסגייער, האָט געשפּאַנט אַ הויכער, עמ־
וואָס אײַנגעהויקערטער אַלטער מאַן, שוין אַ געוווינטער צו לאַנגע
מאַרשרוטן, אין אַ ברייטן הוט פאַררוקט קימאַט איבער די אויערן,
ער האָט געשפּאַנט עלאַסטיש, ווייך.

נאָך אים איז געגאַנגען אַ קליין מיידל אין אַ בונטער זײַדע־
נער קלייד און האַגאַם לויט די יאָרן האָט זי געקענט זײַן דעם
אַלטנס אַן אייניקל, האָט זי קוים געקענט אים נאָכיאָגן. בײַ יעדן
פון זיי איז געהאַנגען אויפן רוקן אַ גרויסער רוקזאַק. דאָס מיידל
האָט כוץ דעם געטראָגן אַ געוואַנטענעם מאַנטל, אַריבערגעוואָרפן
איבערן אָרעם.

ניט דערגייענדיק ביז צום פאָרשטאָט, האָבן זיי דורכגע־
קרייצט דעם ברוקירטן שאָסיי און זיך פאַרקערעוועט אין אַ שמאָל
פינצטער געסעלע, דאָרט אַריבערגעקראָכן איבער אַ פּלויט און פאַר־
שוונדן געוואָרן, פונקט ווי זיי וואָלטן צעגאַנגען געוואָרן אין דעם
ווײַסלעכן נעפּל.

פון דעם נעפּל זײַנען זיי אַרויס שוין דאָרט, ווו די גערטנער
ענדיקן זיך און עס הייבט זיך אָן אַ פלאַכער באַרג־אַרויף, וועל־
כער איז פאַרוואַקסן מיט נידעריקע געדיכטע סאָסנעס. זיי זײַנען
אַרויף אויפן באַרג און דאָרט צווישן דער געדיכטעניש פון די ביי־
מער האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט אַף אָפּרו.

אין אַ קלאָרן טאָג האָט מען פון דאַנען געזען זייער גוט די גאַנצע שטאָט, וועלכע איז געלעגן אין דעם ברייטן טײַך־אויס־בויג; איצט אָבער, הינטער דעם באַוועגלעכן געפל־וואָלקן, באַזילבערט פון דער מאַגנעזיע־שײַן פון דער לעוואָנע האָט זיך פאַר די אויגן פון די פליטים צעשפּרייט אַ געדיכטער אָפּגלאַנץ פון אַ סרייפע, וועלכער האָט אַרומגענומען אַ האַלבן הימל. ער האָט זיך לאַנגזאַם געריירט, געציטערט און געאָטעמט, ווי אַ לעבעדיקער און געוואָרפן אַ טונקל־רויטן שײַן אַף די שוועבנדיקע הויכע וואָלקנס. אַפן רויטן פאָן פון דער סרייפע האָבן זיך ווי מיט שוואַרצער פאַרב געמאָלן און אויסגעפורעמט, אַזוי ווי אַף אַ פאַר־צײַטיקער גראַוויור, די שטאָטישע דעכער, הויכע גלאָקן־טורעמס, פאַבריק־קוימענס. עס האָט געפלאַקערט דער עלעוואַטאָר, לײַכטנדיק מיט אַלע זײַנע פענצטער און אַרויסשמײַסנדיק אין הימל אַרײַן כוואַליעס געל־רויטלעכע פונקען.

ביידע האָבן אַ לאַנגע צײַט געקוקט אַף דעם שוידערלעכן בילד. נאָכדעם האָט זיך דער אַלטער שאַרף אומגעדרייט, אָנגענומען דאָס מיידל באַ דער האַנט און שווײַגנדיק, זי מיטגעצויגן אין וואַלד. זי איז געהאָרכזאַם אים נאָכגעגאַנגען, נאָר פּלוצלינג האָט זי אַרויסגעריסן איר האַנט, זיך נאָך אַמאָל אומגעקוקט צו דער שטאָט און מיט ווייטיק אויסגעשריען:

— זיי, יענע, זײַנען דאָך דאָרטן... אין אונדזערע שטיבער... גייען איבער אונדזערע גאַסן...

דער אַלטער איז געגאַנגען פאָרויס, זיך ניט אומגעקוקט, ניט גערעדט קיין וואָרט. גרויסע טראָפּנס טרערן זײַנען גערונען איבער זײַן פּאָנעם, זיי האָבן זיך געקײַקלט אין די רינוועלעך פון זײַנע קנייטשן, איבער דער ספּאַזמאַטיש־צונויפגעדריקטער גאָמבע.

אַן אַלטער טוישעוו פון די ערטער, אַ לײַדנשאַפטלעכער פישער און אַן אומדערמידלעכער שוואָמען־קלײַבער, האָט מיטראָפּאַן איליטש מיט זיכערקייט געפירט זײַן באַגלייטערן דורך די מיט גראָז באַוואַקסענע וואַלד־סטעזשקעס, מיטן אויסגעהאַקטן וועג דורך וועלכן מען פלעגט ווינטער אַרויספירן צום שאָסיי האָלץ און קלעצער.

דאָס מיידל האָט אָנגעהויבן אָפּצושטיין. גלײַך נאָכדעם ווי זיי זײַנען אַריבערגעקראָכן איבערן פּלויט און זיך געלאָזט גיין אי־

בער די גערטנער־בײטן, האָט זי זיך איבערצײַגט, אַז אירע „עלעגאַנטע לאַקירטע שיכלעך" — װעלכע אַלע אירע כאַװערטעס האָבן מעקאַנע געװען — טויגן אינגאַנצן ניט אַף צו מאַרשירן אין זיי. מוסיאַ האָט זיי אויסגעטאָן און טרעטנדיק פּאָרזיכטיק, געגאַנגען אין די בלויזע זאָקן. גיין קימאַט װי באָרװעס איבער דער װייכער, פֿון דעם פרימאָרגן־טוי פײַכטער ערד, איבערן קילן גראָז פֿון די פֿאַרשװיצטע לאָנקעס איז געװען אַפילע אָנגענעם. נאָר װען זיי זײַנען אַרײַן אין װאַלד און אָנגעהויבן צו טרעטן איבערן שטעכיקן טעפּיך פֿון סאָסנע־נאָדלען, האָט דאָס מיידל שוין שטאַרק כאַראָטע געהאַט װאָס זי האָט זיך אָפּגעזאָגט פֿון יענע אומגעלומפּערטע ספּאָרט־שיך.

איצט, מוירע האָבנדיק צו פֿאַרלירן איר באַגלייטער, נאָכפֿאָלגנדיק מיט אַן אָנגעשטרענגטן בליק דעם שטאָלענעם רינג פֿון דעם אַלטנס רוקזאַק, װעלכער האָט מאַט געגלאַנצט אין דער פֿינצטערניש און האָט איר געדינט װי אַ קליינער לויכט־טורעם, האָט זי ניט געהאַט קיין מעגלעכקייט צו קוקן אונטער אירע פֿיס. יעדע װײַלע האָט זי אָנגעטראָטן אַף טרוקענע שפּיציקע סאָסנע־שישקעס, אַף שטעכיקע צװײַגן, װייטיקלעך אָנגעקלאַפּט זיך מיט די פֿינגער אָן די פֿאַרקניפּטע װאָרצלען און פּעניעס. דער װייטיק איז געװען אַזוי שאַרף, אַז עס האָט איר געקיצלט דעם גומען אין מויל. זי האָט געמוזט זיך אָנשטרענגען די גאַנצע צײַט קעדיי ניט צו שרײַען פֿון װייטיק. און דאָ איז נאָך דער נאַרישער מאַנטל און דער שװערער רוקזאַק.

אײַנהאַלטנדיק מיט גרויס מי די אָנגעזאַמלטע אין איר ברוסט טרערן, האָט דאָס מיידל ביסלעכװײַז פֿײַנט באַקומען אי דעם מאַנטל אי דעם זאַק, און איבערהויפּט, איר באַגלייטער. אים איז גוט אין זײַנע װייכע יעגער־שטיװל. ער שפּאַנט װי איבערן אַספֿאַלט. אים קימערט גאָרניט זײַן באַגלייטערן; אים אַרט ניט, װאָס קוים װאָס זי שלעפּט זיך; אים רירן ניט אירע יעסורים!

מוסיאַס פֿיס האָבן זיך װי אָנגעגאָסן מיט קװעקזילבער. די פּיאַטעס זײַנען אָנגעהאַקט, די צעקװעטשטע פֿינגער ברענען פֿײַנלעך. נאָר מוסיאַ װאָלקאָװאַ געהערט ניט צו יענע, װאָס זאָלן זיי בייגן פֿאַר װעמען עס איז, בעטן מען זאָל גיין לאַנגזאַמער, װיינען און פֿאָדערן זיך אָפּצורוען. דאָס װעט זיך פֿון איר די אַלטע

טראַנטע ניט דערוואַרטן. דאָס מיידל פֿאַרקריצט די ציין, עס זאָל זיך צופֿעליק ניט אַרויסרייסן אַ קרעכץ און אָנשטרענגענדיק אַלע אירע קויכעס, אײַלט זי נאָך איר באַגלייטער. ניין, זי וועט ניט אָפּשטיין, דאָס מעגט איר שוין זײַן זיכער.

בלויז איין מאָל, ווען זיי זײַנען געגאַנגען דורך אַ לאַנקע אַף וועלכע עס האָבן געוואַקסן ווײַסע, ווי שטיקלעך וואַטע, זומפּן־בלומען, האָט זיך מוסיאַ אײַנגעבויגן קעדיי אָרומצוּוויקלען מיט די זאָקן אירע ברענענדיקע פֿיאַטעס, אָבער אויך דאָ האָט זי ניט געבעטן קײַן ראַכמאָנעס און לויפֿנדיק, אָנגעיאָגט איר באַגלייטער. יעבען איז אַלץ געגאַנגען און געגאַנגען מיט גלײַכע, געמאָסטענע טריט, געגאַנגען און געשוויגן. ער זאָל כאָטש איין מאָל זיך אומקוקן, זיך פֿאַראינטערעסירן, אויב זי גייט אים נאָך, עפּשער האָט זי זיך גאָר פֿאַרלוירן אין דעם שרעקלעכן וואַלד, וועלכער איז געווען פֿײַכט און פֿינצטער ווי אַ קעלער.

אין דעם מיידלס לעקסיקאָן איז ניט פֿאַרבליבן קיין איין זידל־וואָרט, מיט וועלכן זי זאָל ניט האָבן באַשאָנקען דעם „ביטערן עגאָיסט“, וועמען דער גורל האָט איר צוגעשיקט פֿאַר אַ באַגלייטער. אָט שפּאַנט ער זיך און שמייכלט געוויס, ער וואַרט אַוואַדע זי זאָל אים בעטן זיך אָפּצושטעלן. אָ, ניין, זײַט מויכל! וועסט עס ניט פֿויעלן. ווי דו זאָלסט ניט אַנטלויפֿן, וועט זי ניט בלײַבן הינטערשטעליק, און קלאָג־ווערטער וועט ער פֿון איר אויך ניט הערן. אָבער ווען זיי וועלן זיך אָפּשטעלן, דאַן וועט זי מיט אים זיך דורכשמועסן. זאָל ער דאַן גלאָצן מיט די אויגן... „עך, גיכער זאָל מען שוין קענען אַביסל זיך אָפּרוען“...

מוסיאַ האָט אָבער געהאַט אַ טאָעס. מיטראָפֿאַן איליטש איז ניט געווען ניט קיין פֿאַרהאַרטעוועטער און ניט קיין שלעכטער מענטש. פּראָסט און פּאָשעט, דאָס בילד פֿון דער ברענענדיקער שטאָט וואָס האָט זיך פֿאַר אים אַנטפּלעקט פֿון דעם בערגל, האָט אים אַזוי דערשיטערט, אַז ער איז איצט געגאַנגען ניט זעענדיק און ניט הערנדיק גאָרניט. ער האָט געשפּאַנט איבער דער גוט באַקאַנטער יעגער־סטעזשקע, וועלכע האָט אים געזאָלט צופֿירן ביז צו די כאַטקעס פֿון די האָלצהעקער, וועלכע זײַנען געשטאַנען טיף אין וואַלד באַם ברעג פֿון אַ קליינער אָזיערע.

אײַ, ווי גוט עס איז געווען אַמאָל אין אַ וואַרעמען פאַרנאַכט ערעוו פרײַען טאָג, מיט אַ וועגדקע אין די הענט, מיט אַ פלעשעלע מאַשקע, וועלכע האָט אַפּעטיטלעך געכליופּעט אין רוקזאַק צווישן פאַרשיידענע געצײַג פאַר פישפאַנג, סלאָיִקלעך מיט ווערעם, נעצן, גיין איבער דער זעלבן שטילן וואַלד־וועג, גיין און זיך פרייען מיט דעם צוקונפטיקן פישפאַנג באַגינען באַם טײַך, אַ פאַרהילטן אין לײַכטן נעפּל, צווישן זאַפטיקן מיט טוי־באַדעקטן גראָז, וואָס שמעקט אַזוי אָנגענעם אַפן פרימאָרגן. יאָ, אַמאָל איז געווען אַ צײַט. ווי גוט עס האָט זיך געלעבט. ערשט גאָר ניט לאַנג, דעם לעצטן פרילינג, האָט מיטראָפאַן איליטש געפירט אַפן ערשטן פאַנג מיט דעם זעלבן וועג זײַן אייניקל וואָווקאַ. דער יינגל איז געווען זייער געשיקט אַף צו גיין, ער איז ניט אָפּגעשטאַנען פון דעם זיידן. זיי זײַנען געגאַנגען און געטרוימט, ווי זיי וועלן זומער כאַפּן אונטערן ברעג ראַקעס אַף טוכלע פלייש; ווי אין האַרבסט וועלן זיי גיין קלײַבן שוואָמען אין וואַלד. געטרוימט... און איצט גאַנוועט ער זיך, אַן אַלטער מאַן איבער דעם באַקאַנטן וועג, ווי אַ כאַיע, קוקט זיך אום און הערט זיך צו צו יעדן גערויש. די זין זײַנען ערגעץ אַף דער מילכאָמע. ווער ווייס אויב זיי לעבן גאָר. די אייניקלעך פאַרן ערגעץ אַף מיזרעך, ווי פון אַ ווינט אָפּגעריסענע בלעטער פוןביימער, וועמען עס יאָגט דער געוויטער. אין זײַן היים נישטערן שוין אַוואַדע די שרעקלעכע פרעמדע, זיי זוכן אין די קאַסטנס, קערן איבער די שאַפעס, ברעכן די בינשטאָקן, רײַסן און צעטרעטן די ווײַנטרויב־צווײַגן „אַרינקאַ" אין וועלכע עס איז אַרײַנגעלייגט אַזויפיל מי, ליבע און האָפענונג.

מיטראָפאַן איליטש האָט ביטער געזיפצט. ווי האָט ער דאָס געקענט פריִער ניט אָפּשאַצן דאָס אַלץ, וואָס האָט אים אַרומגערינגלט? ניין, „ניט אָפּגעשאַצט" איז ניט קיין צוגעפּאַסט וואָרט! ער האָט אָפּגעשאַצט, געוויס אָפּגעשאַצט, אָבער צו די אַלע ווילטאָגן, וועלכע עס האָט אים געגעבן די סאָוועטן־מאַכט איז ער אין מעשעך פון אַ פערטל יאָרהונדערט אַזוי צוגעוווינט געוואָרן, אַז זיי האָבן זיך אים אויסגעוויזן פאַר גאַנץ נאַטירלעכע, אַז אַנדערש קען גאָר ניט זײַן. און איצט, ווען זײַן געבורט־שטאָט האָט געברענט, ווען איבער די גאַסן זײַנען אַרומגעגאַנגען די פאַשיסטן און די אײַנגעשטעלטע אָרדענונג איז געענדערט געוואָרן, האָט

מיטראָפאַן איליטש, קען זײַן צום ערשטן מאָל מאָל פּאַר פינף און צוואַנציק יאָר זיך אָפּגעגעבן כעזשבן וועגן דער גרויסקייט פון דעם וואָס איז געוואָרן באַשאַפן, צו וועלכן אויך ער האָט צוגעטראָגן זײַן בײַלעק, ווי אומגעהויער טײַער עס איז אים דאָס לעבן, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט אין קעסיידערדיקן קאַמף מיט שוועריקייטן; טײַער אַזוי ווי עס איז, מיט אַלע דעפעקטן, אַזוי טײַער, אַז קיין אַנדער לעבן לוינט זיך פּאַשעט ניט צו לעבן.

אַ פּאַרטיפּטער אין די אומעטיקע געדאַנקען, האָט מיטראָפאַן איליטש אינגאַנצן פאַרגעסן אָן זײַן באַגלייטערן. דער רויטער אָפּשײַן פון דער סריפּע, וועלכער האָט זיך געזען אַ לאַנגע צײַט צווישן די פינצטערע סאָסנע־שפּיצן, איז שוין לאַנג פאַרשוווּנדן. דער וואַלד איז געוואָרן שיטערער. פון פאָרנט, צווישן די ביימער האָט שוין געפינקלט מיט שטערן אַ ברעג פון הימל. עס האָט זיך אָנגעהויבן צו פילן די קילקייט פון אַ טײַך. און דאָ ערשט, קימאַט צוקומענדיק צום ציל, האָט דער אַלטער זיך דערמאָנט וועגן מור־סיאַן, ער האָט זיך דערמאָנט און האָט זיך אַזש אײַנגעקאָרטשעט פון אומרו, ראַכמאָנעס און כאַרפּע.

ביין, דאָס מיידל איז ניט אָפּגעשטאַנען פון אים! זי גייט אים נאָך. אָבער ווי נאָר ער איז שטיין געבליבן און זיך אומגע־דרייט צו איר, האָט זי זיך אויך אָפּגעשטעלט, אָנדײַטנדיק בווילעט, אַז זי וויל זיך צו אים ניט דערנעענטערן.

— גייסט? דאַנקען גאָט, און איך האָב זיך איבערגעשראָקן. געמיינט, אַז דו ביסט אָפּגעשטאַנען... עס מאַכט ניט, שוין אָנ־געקומען.

מוסיאַ האָט געשוויגן.

— ביסט מיד? וואָס?

— גייט אַוועק! — האָט זיך ענדלעך אָפּגערופן דאָס מיידל מיט אַ שוואַכער שטימע.

— גיב אַהער דײַן רוקזאַק, נו גיב כאָטש דײַן מאַנטל.

— לאָזט מיך צורו, איך קען אײַך ניט אָנקוקן... ווו דאַרף מען גיין? אַהין?

דאָס מיידל האָט איבערגעיאָגט איר באַגלייטער און איז די ערשטע צוגעגאַנגען צו די שפּיציקע בײַדלעך, באַדעקטע מיט סכאַך און מיט ברוינע פּלאַכטעס קאָרע. זי האָט זיך צוגעזעצט לעבן איי־

נעם פון זיי, אָבער אַף אַראָפּצונעמען פון זיך דעם רוקזאַק האָבן שוין די קויכעס ניט געסטייעט. זי האָט שליידער געטאָן איר מאַנטל אַף דעם פייכטן גראָז, וועלכע האָט זיך גערייכערט מיט אַ נעפּל, זיך אַ וואָרף געטאָן מיטן פּאָנעם אַראָפּ אַף איר זאַק און איז פאַרבליבן אַזוי ליגן אומבאַוועגלעך געניסנדיק פון דער זיסער רו. ווען מיטראָפּאַן איליטש האָט זיך דערנענטערט צו איר, איז זי שוין געשלאָפן.

דער אַלטער האָט אָפּגעשפּיליעט די רימענס פון איר רוקזאַק און אים אַרונטערגעלייגט איר צוקאָפּנס. ניט אויפכאַפּנדיק זיך האָט מוסיאַ זיך אַביסל געטאָרעט, זוכנדיק אַ באַקוועמע פּאָזע, האָט אַרונטערגעלייגט איר הענטל אונטערן באַק, זיך איינגעדרייט ווי אַ בייגעלע און איינגעצויגן אונטער זיך אירע באָרוועסע פיס, איינגעוויקלט אין שטיקלעך צעריסענע נאַסע זאָקן. מיטראָפּאַן איליטש האָט אַרויפגעוואָרפן אַף איר זיין קורטקע און אַליין איז ער קאָרטשענדיק זיך פון דער פייכטער קילקייט, אַריין אין דעם נאָענטסטן בײדל. ער האָט דורכגעטרייסלט דאָס אַלטע שטרוי, אויסגעבעט אַ קישן פון דעם פאַראַיאָריקן היי, באַדעקט דאָס אַלץ מיט בייקענער קאָלדרע, וועלכע האָט זיך געפונען אין די טיפעניש פון זיין רוקזאַק. דערנאָך האָט ער זאָרגפול אַריינגעפירט דאָס שלאָפנדיקע מיידל אין בײדל. ווען ער האָט זי צוגעדעקט מיט זיין קורטקע, האָט ער באַמערקט, אַז די קליינע נאַסע פון טוי פיסלעך פון זיין באַגלייטערן זיינען איינגאַנצן צעשטאָכן און צעדראַפּעט און פון אונטער די אַראָפּגעריסענע נעגל רינט בלוט. אַ ציטער איז אַדורך דורך זיין לייב: זי האָט דאָך קיין פּיפּס ניט געטאָן, אים אַפילע ניט גערופן, ניט געבעטן אָפּצושטעלן זיך.

דער אַלטער האָט דערפילט אַז צום געפיל פון מיטלייד צו דער היימלאָזער מיידל קומט אויך צו אַ געפיל פון דערעכערעץ צו אַ שטאָלצן כאַווער מיט אַ שטאַרקער ווילנס־קראַפט.

מיטראָפּאַן איליטש האָט זיך איינגעאָרדנט אַפן צעריבענעם שטרוי אין אַ שכיינעסדיקן בײדל און האָט נאָך אַ לאַנגע צייט געקוקט דורך דער עפענונג, ווי עס ציטערן פינקלענדיק אין דעם טיפן סאַמעטענעם הימל די שאַרפע שטעכיקע שטערן. געקוקט און געטראַכט וועגן די אומדערוואַרטעטע מײַלעס וועלכע האָבן זיך היינט אַנטפּלעקט אין מוסיאַ וואָלקאָוואַ; וועגן דעם ווי ווייניק

קענען מיר, אין טאָג גענומען, די אַלע וואָס רינגלען אונדז אַרום, און אויך וועגן דעם, אַז דערקענען אַ מענטש געניי קען מען נאָר אין שווערע ניסיונות.

אין דער הינזיכט איז מיטראָפאַן איליטש געווען גערעכט. ער און אַלע זײַנע מיטאַרבעטער האָבן געהאַט טאַקע אַ גרויסן טאָעס באַם אָפּשאַצן דעם כאַראַקטער פון דער קליינער מאַשין־שרײַבערן. מוסיא האָט געשעמט פאַר א כוצפּעניצע דערפאַר, וואָס זי האָט געשריבן פיל שנעלער און קאָרעקטער ווי די אַנדערע און דעריבער האָט זי ניט געקענט פאַרטראָגן די קליינלעכע אַפּעטראָפּסעס און די נודנע אינסטרוקציעס מיט וועלכע די העכערע באַנק־באַאַמטע פלעגן באַגלייטן זייער אַרבעט באַם איבערגעבן זי אין דער שרײַב־מאַשינען ביוראָ. מוסיאַ האָט אויסגעצייכנט גוט געוווסט ווי־אַזוי און וואָס זי האָט צו טאָן און פלעגט דעריבער אָן צערעמאָניעס אָפּהאַקן די אַלע אומנוצלעכע אָנווײַזונגען. אַ שעם פון אַ לײַכט־זיניק מיידל האָט זיך פאַרשפּרייט וועגן איר דערפאַר, וואָס זי האָט ניט אויסבאַהאַלטן איר גלײַכגילטיקייט צו דער באַנק־אַרבעט און האָט זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט צו באַזוכן די סעמינאַרן פאַר אַ העכערער קוואַליפיקאַציע און פאַר שטודיום פון דער פינאַנץ־בוכהאַלטערישער ספּעציאַליטעט, ווו עס האָט זיך געלערנט די גאַנצע יוגנט פון באַנק.

ניין, די באַנק־אַרבעט האָט ניט געצויגן מוסיאַן. זי האָט אין איר לעבן געהאַט גאָר אַן אַנדער ציל און צו דעם איז זי געגאַנגען פעסט און אַנטשלאָסן, ניט אָפּטרעטנדיק פאַר קיין שום שוועריקייטן.

פון קינדהייט אָן, נאָך פון יענער זאָרגלאָזער צײַט אָן, ווען מוסיאַס מוטער האָט זי געפירט אין אַ קינדער־גאָרטן, האָט זיך מוסיאַ צוגעוווינט צום געדאַנק, אַז אין לעבן קען מען דערגרייכן אַלץ וואָס אייגער פאַרלאַנגט, ווען מען וועט דאָס פאַרלאַנגען ווי באַדאַרף צו זײַן. אַ פעיקע פון דער נאַטור, מיט אַ לעבעדיקן, שנעלן און עמפּינדלעכן סייכל, האָט זי זיך אָן גרויסע אָנשטרענגונגען זייער גוט געלערנט. ווען זי האָט אַמאָל באַמערקט אַז אַף די לעקציעס פון פיזישער קולטור שטייט זי אָפּ פון אירע כאַווערטעס, האָט זי זיך אָנגעהויבן אײַנצוזיבן מיט אַזאַ אַקשאָנעס, אַז צום סאָף יאָר האָט זי פאַרנומען דאָס ערשטע אָרט אין דער שול אַלס גלי־

טשערן אַף אײַז, און זומער איז זי געוואָרן דער קאַפּיטאַן פֿון דער מיידלשער וואָליי־באָל־קאָמאַנדע.

אָבער דער עמעסער באַרוף האָט זיך פֿאַר מוסיאַ וואָלקאָוואַ אַנטפּלעקט שפּעטער, ווען מען האָט זי, אַ שילערן שוין פֿון זיבעטן קלאַס, וועלכע האָט פֿאַרמאָגט אַן אָנגענעמע קלינגענדיקע שטימע און האָט מיט דערפֿאָלג געזונגען סאָלאָ־פּאַרטיעס אין דעם שול־כאָר, אַרויסגערוקט אַף אָנטיילצונעמען אין דעם שטאָטישן קאָנקורס פֿון קינסטלערישער זעלבסטטעטיקייט. מיט איר שטענדיקער אַנטשלאָסנקייט האָט זיך מוסיאַ אָנגעהויבן צוצוגרייטן צו דעם אויפֿטריט. זי האָט אויסגעקליבן צוויי ראָמאַנסן מיט פּושקינס ווערטער: „דעם ווינטער־אָוונט” און „איך געדענק דעם וווּנדערבאַרן אויגנבליק”. די ביידע ווערק האָט זי ליב באַקומען פֿון זינט זי איז צוזאַמען מיט דער שול־עקסקורסיע געווען אין דעם דאָרף מיכײַלאָווסקאָיע, אַרומגעוואַנדערט איבערן אַלטן פּאַרק, אונטער די זעלבע אַלטע ליפּעס, ווו צו דעם אין אומכיין אַרײַנגעפּאַלענעם פּאָעט האָט זיך ווי אַן אויגנבליקלעכע וויזיע באַוויזן די פֿון אים באַזונגענע שיינהייט. זי האָט זיך פֿאַרזיכטיק צוגעזעצט אַף דער זעלבער באַנק, אַף וועלכער עס פֿלעגט אויך זיצן פּושקין. זי האָט מיט יִראַס־האַקאָווער געטראָטן איבער די סקריפּענדיקע ברעטער פֿון דער ניאַנעס הײַזקע, אַף וועלכע ס׳האָט אויך געטראָטן דער פּאָעט; זי האָט אַרויסגעקוקט דורך דעם זעלבן פֿענצטער, דורך וועלכן אויך ער האָט געקוקט אַפֿן גרינעם טאָל פֿון דעם טײַך און אַף די מיט געדיכטע ביימער באַוואַקסענע אָזיערעס, און דאַן האָט מוסיאַ דערפֿילט ווי פֿײַערלעך עס קלאַפּט דאָס האַרץ באַ איר און קאַלטע מורעשקעס שטעכן איר פּלייצע. און אַ לאַנגע צײַט נאָך דער עקסקורסיע האָט אין דער מיידעלעס זיקאָרן געלעבט דאָס צאַרטע, בענקענדיקע ליד וועגן דער אַלטיטשקער שכיינע פֿון דעם קליינעם שטיבעלע, וועלכע האָט געטיילט די איינזאַמקייט פֿון דעם יונגן דיכטער אין גאָלעס און אויך זײַנע לײַדנשאַפֿטלעכע שורעס, געווידמעט דער צוגערײַזטער פֿרוי, וועלכע האָט אויפֿגעוועקט די בעסטע סטרונעס פֿון דער פּאָעטישער נעשאָמע.

דערנאָך, ווען זי האָט אין דעם פּיאָנערן־הויז שטודירט די לידער און שפּעטער זיי געזונגען באַ אַ באַלויכטענער ראַמפּע, קוקנדיק מיט שרעק אַראָפּ צו דער סוידעספּולער האַלב־פֿינצטער

קייט פון זאַל, ווי עס האָבן זיך אומקלאָר געזען די צו איר געווענדטע פּענעמער, האָט איר אַרומגעכאַפּט די זעלבע פייערלעכע איפּרעגונג, וואָס זי האָט געפילט אין דער קילער טונקלקייט פון די אַלטע ליפּעס־אַלייען און אין דעם קליינעם שטיבעלע אונטערן געדיכטן געצעלט פון אַ קליאָן־בוים. אַף דער געגנטלעכער אָלימפּיאַדע האָט זי געזונגען אַזוי פריי און אין איר קלינגענדיקער נאָך ניט גאַנץ פעסטער שטימע האָט זיך געשפּירט אַזויפיל צערטלעכקייט און וואַרעמקייט, אַז ווען זי האָט פאַרענדיקט איז די געהיימניספולע פינצטערקייט פון זאַל געבליבן אַף אַ רעגע שטיל און שפּעטער איז זי אויפגעריסן געוואָרן דורך אַ דונער פון אַפּלאָדיסמענטן. דאָס איז געווען אַזוי אומדערוואַרטעט, אַז די קליינע זינגערן האָט זיך איבערגעשראָקן, אַנטלאָפן און האָט זיך אַזוי גוט אויסבאַהאַלטן צווישן די פאַרשטויבטע דעקאָראַציעס, אַז די אָנפירער פון דער אָלימפּיאַדע האָבן זי בעשום אויפן ניט געקענט געפינען, קעדיי זי צו צווינגען אַרויסצוגיין פאַרן אוילעם. די זשורי האָט דאַן איינשטימיק אויסגעקליבן מוסיאַן פאַר אויפטרעטן אין דער הויפּטשטאָט. די יונגע שילערן האָט געזאָלט דעבוטירן אין דעם טעאַטער פון פאָלקס־קונסט צווישן די בעסטע זעלבסטטעטיקע סאָליסטן פון געגנט אין דער אַלגעמיינער פּראָגראַם, וועלכע האָט געהייסן „די דערציילונג פון ליין־צוכטלער און וועבער“.

די צושויער פון דער הויפּטשטאָט האָבן אויפגענומען דאָס מיידעלע נאָך מיט אַ גרעסערער גאַסטפריינטשאַפט. די פּראָגראַם איז געווען זייער אַ גרויסע און זי האָט געזאָלט זינגען בלויז „דער ווינטער־אָוונט“. דער זאַל האָט אָבער אַזוי לאַנג און אַקשאָנעסדיק אַפּלאָדירט און אַזוי איינגעשפּאַרט זי אַרויסגעפאָדערט, אַז מוסיאַ האָט אַ טרייסל טוענדיק מיט איר געלאָקטן טשוב און שטראַלנדיק מיט גליקלעכע אויגן, פּלוצלינג אַליין געמאָלדן, אַז זי וועט זינגען „איך געדענק דעם ווונדערבאַרן אויגנבליק“. באַפליגלט פון דעם דערפאָלג און פילנדיק אַז דאָרט, אין דער געהיימער פינצטערניש פון זאַל זיצן טויזנטער אומבאַקאַנטע פריינט, וועלכע דיגען און באַוומרויקן זיך פאַר איר, האָט דאָס מיידל דרייסט אָנגעפאַנגען דעם שווערן ראָמאַנס און אים געזונגען ווי אין אַ פריידיקן קעמויכאָלעם, אינגאַנצן פאַרגעסנדיק וועגן איר לערערקעס אָנווייזונגען. די מוזיק־באַגלייטונג האָט זיך צו איר דערטראָגן פון ערגעץ זייער

ווײַט, אָבער פֿאַר אירע אויגן האָבן קעסיידער געשוועבט יענע גע־שטאַלטן וועלכע זי האָט מיטגעבראַכט מיט זיך פֿון יענעם אַלטן פּאַרלאָזטן פּאַרק. זי האָט פֿאַרענדיקט דאָס ליד, אַ בליק געטאָן צום אַנטשוויגענעם זאַל מיט אויגן וועלכע האָבן געגלאַנצט מיט טרערן און ניט וואַרטנדיק אַפֿן אויפֿרעגנדיקן טומל, איז זי אַנט־לאָפֿן הינטער די קוליסן.

דאָרטן אין אַ ווינקעלע פֿון טעאַטער־גאַרדעראָב, ווו דאָס מיידל האָט איבערגעלעבט איר דערפֿאָלג, צודריקנדיק אירע קאַלטע הענט צו די פֿאַרפֿלאַמטע באַקן, האָט איר געפֿונען די באַרימטע סאָליסטן פֿון דעם גרויסן טעאַטער. די זינגערין האָט אַרומגענומען דאָס מיידל און זי שטאַרק געקושט ווי אַ מוטער, וועלכע איז באַ־רוישט פֿון איר טאָכטערס ערשטן דערפֿאָלג. מוסיאַ האָט שוין פֿון לאַנג ליב געהאַט די טיפֿע, ריינע שטימע פֿון דער זינגערין, וועלכע איז איר באַקאַנט געווען פֿון די אָפּערעס און קאָנצערטן דורך ראַ־דיאָ. זי האָט זי גלײַך דערקענט, ווײַל ניט איין מאָל האָט זי אין פֿאַרשיידענע זשורנאַלן געזען בילדער פֿון דעם שיינעם, לויטערן, עכט־רוסישן פּאָנעם, דעם שטאָלצן קאָפּ מיט אַ קאַסקאַדע געדיכט־בלאָנדע לאָקן, וועלכע זײַנען געפֿאַלן אַף אירע אַקסלען. און איצט איז אָט די זינגערין, וועלכע האָט זיך שטענדיק פֿאַרגעשטעלט מו־סיאַן ווי אַן אויסערגעוויינלעכע און אומדערגרייכבאַרע באַשעפֿע־ניש, געשטאַנען לעבן איר צווישן דעם אַנטשוויגענעם אוילעם אָנ־טיילנעמער אין דעם קאָנצערט און מיט אַ טיפֿער, מעלאָדישער שטימע, ענלעך אַפֿן קלאַנג פֿון אַ פּרימאַרגן קוקאַווקע, גערעדט צו איר ליבלעך און מיט באַגײַסטערונג:

— דו מוזט זיך לערנען, טײַערינקע, פֿון דיר קען ווערן אַ גרויסע אַרטיסטקע! לערן זיך אומבאַדינגט!

מוסיאַ האָט זיך פֿאַרלוירן. זי האָט אַפֿילו פֿאַרגעסן צו באַ־דאַנקען פֿאַר דער אויפֿמערקזאַמקייט. זי האָט נאָר אָנגעכאַפּט די גרויסע ווייכע האַנט פֿון דער זינגערין, זי צוגעדריקט צו איר ברוסט און האָט אַרויסגעשעפּטשעט:

— איך וועל, איך וועל זיך לערנען. איך זאָג אײַך צו...

די אַקטריסע האָט אַ שמייכל געטאָן מיט אַ ליכטיקן און צאַרטן אומעט און אַרויסגערעדט אַן אומפֿאַרשטענדלעכע פֿראַזע: „ווי גוט עס איז, כאַווײרים, צו זײַן יונג!" — און פֿאַרנייגנדיק

זיך פֿאַר אַלע מאַיעסטעטיש און ליבלעך איז זי אַוועק, פּונקט ווי זי וואָלט צעשווומען געוואָרן צווישן די כאַאָטיש־אָנגעוואָרפֿענע, אָנגעמאָלענע לײַוונטן, פֿאַרשטויבטע בוטאַפֿאָריע און דעקאָראַציעס, פֿון וועלכע עס האָט זיך אַזוי געדיכט געשפּירט דער סטאָליאַרסקער קליי.

אַזוי אַרום איז בײַ מוסיאַן געבוירן געוואָרן דער טרוים. אַזוי האָט זיך אין איר לעבן באַוויזן אַן אידעאַל, צו וועלכן זי האָט פֿון יענעם טאָג אָן געשטרעבט מיט אַלע קויכעס פֿון איר אײַנגעשפּאַרטער, אַקשאָנעסדיקער נעשאָמע. זי האָט פֿאַרלאָזן דעם ספּאָרט, אויפֿגעהערט צו באַזוכן די קינאָס, דאָס לייענען אַריבערגעטראָגן אַף די נאַכט־שאָען. אַלע פֿרײַע פֿון די לעקציעס שאָען האָט זי פֿון דאַן אָן פֿאַרבראַכט אין געזאַנג־צימער פֿון דעם פּיאָנערן־הויז, ווו זי האָט ביז כאַלאָשעס, ביז פֿאַר אירע אויגן פֿלעגן אָנהייבן צו שווימען קאָלירטע רינגען, שטודירט געזאַנג־איבונגען.

נאָר אַ דאַנק איר אויסערגעוויינלעכן זיקאָרן איז איר געלונגען צו פֿאַרענדיקן זיבן קלאַסן, און באַם אַהיימקומען פֿון דעם לעצטן עקזאַמען איז בײַ איר אַנטשטאַנען די ערשטע ערנסטע מאַכלויקעס מיט אירע עלטערן. מוסיאַס פֿאָטער האָט צוליב דער אָרעמקייט פֿון זײַנע עלטערן ניט געהאַט קיין מעגלעכקייט צו פֿאַרענדיקן אַפֿילע אַן אָנפֿאַנגס־שול, בעייס דעם בירגער־קריג האָט ער זיך אויסגעצייכנט אַלס אַ פֿעיִקער קאָמאַנדיר, און די אָפֿיצירן־שול האָט ער פֿאַרענדיקט מיט גרויע האָר אַפֿן קאָפּ. זײַן גאַנץ לעבן האָט אים געפּײַניקט זײַן ניט פֿאַרענדיקטע בילדונג און ער האָט געכאָלעמט, אַז זײַנע קינדער וועלן פֿאַרענדיקן לעכאַל האַפּאָכעס אַ מיטלשול. מוסיאַ אָבער האָט געמאָלדן, אַז זי האָט ניט בעדייע צו פֿאַרענדיקן די מיטלשול, און אָן דער האַסקאָמע פֿון די עלטערן, אַליין צוגעשטעלט אירע פּאַפּירן אין דער שטאָטישער מוזיק־שול.

דער פֿאָטער האָט זיך געפֿילט באַליידיקט פֿון אַזאַ מין האַנדלונג פֿון זײַן טאָכטער און עטלעכע טעג אַפֿילע ניט גערעדט מיט איר. ווען מען האָט אים אָבער גאָר אינגיכן באַשטימט אַלס רעגימענט־קאָמאַנדיר אַפֿן ווײַטן מיזרעך, האָט מוסיאַ, וועלכע איז שוין דאַן געווען אַפֿן דריטן קורס און שוין געכאָלעמט אָנצוקומען אין קאָנסערוואַטאָריע, ווען זי האָט זיך דערוווסט אַז אַפֿן נײַעם

אָרט איז ניטאָ ניט קיין מוזיק־שול און ניט קיין קאָנסערוואַטאָריע. דערקלערט קאַטעגאָריש, אַז זי וועט מיט די עלטערן ניט פאָרן. קיינע אַרגומענטן, פאָרוואורפן און אַפילו די דראָונגען פון דעם פאָטער, וועלכער האָט זײַן עלטסטע טאָכטער ליב געהאַט מער פון אַלע איבעריקע קינדער; ניט די באַקאָשעס און טרערן פון דער מוטער, האָבן געקאָנט ברעכן איר אַקשאָנעס. די מישפּאָכע איז אָוועקגעפאָרן און מוסיאַ איז פאַרבליבן. ניט וועלנדיק זײַן מאַטעריעל אָפּהענגיק פון איר פאָטער, מיט וועלכן זי האָט זיך באַטראַכט ווי צעקריגט, האָט דאָס מיידל זיך אויסגעלערנט שרײַבן אַף אַ שרײַב־מאַשינקע און אַריבערטראָגנדיק אירע לימודים אַף די אָוונט־שאָען איז זי אָנגעקומען אַף אַרבעט אין דער שטאָטישער אָפּטיילונג פון מעלוכע־באַנק. זי האָט געבענקט נאָך אירע עלטערן, געשריבן צו דער מוטער לאַנגע בריוו, אָבער מיט דער שול האָט זי זיך ניט געשיידט. אירע לערערס און כאַווײרים, וועלכע האָבן נאָכגעפאָלגט ווי עס אַנטוויקלט זיך איר שטימע, האָבן איר פאַרויסגעזאָגט אַ גלענצנדיקע צוקונפט.

געאַרבעט האָט זי זייער גוט, אָבער די באַשעפטיקונג אירע האָט זי אַליין ניט ליב באַקומען. אָפּגעקלאַפּט אַף דער מאַשינקע אירע באַשטימטע שאָען, פלעגט זי גלײַך פאַרגעסן וועגן איר אַמט, געלאָפן שנעל אין שול און דאָרטן איבערן קאָפּ פאַרזונקען אין איר באַליבטער וועלט פון קלאַנגען און מעלאָדיעס. פון צײַט צו צײַט פלעגט די באַקאַנטע זינגערן אויפטרעטן דורכן ראַדיאָ. איר געזאַנג וועלכער פלעגט זיך דערטראָגן פון דער ווײַטער מאָסקווע, האָט פאַרן מיידל געקלונגען ווי אַ פרײַנטלעכע דערמאָנונג און זי שטאַרקן אין די מינוטן פון מידקייט, ווען עס פלעגט אַמאָל שווער ווערן צו אַרבעטן און ניט לײַכט צו שטודירן.

דער באַגער צו ווערן אַ זינגערן האָט זיך אין דעם מיידל געשטאַרקט מיט יעדן ווײַטערדיקן לערן־יאָר. און מיט דער גאַנצער זיכערקייט פון דער יוגנט, מיט דער גאַנצער לײַדנשאַפט פון אַן אַכצניעריקער נעשאָמע, האָט מוסיאַ געגלויבט אַז דער באַגער אירער וועט מעקוייעם ווערן, עס וועט פאַרווירקלעכט ווערן, ווײַל זי וויל דאָס זייער שטאַרק און ווײַל אין איר ווונדערבאַרן לאַנד איז ניט פאַראַן קיין אומדערגרייכבאַרע שפּיצן פאַר דרײַסטע, אַרבעטזאַמע און אַקשאָנים.

V

מוסיאַ וואָלקאָווא האָט זיך אויפגעכאַפּט מיט אַ געפּיל פון עפּעס אומנאַטירלעכס, שווידערלעכס, וואָס האָט זיך עפּשער גע־כאָלעמט, אָדער איז טאַקע פאָרגעקומען אין דער ווירקלעכ־קייט. זי האָט ניט באַנומען טייקעף ווו זי געפינט זיך און ווי־אַזוי קומט זי אַהער אין דעם אומבאַקאַנטן ביידל. די אַלטע און אויך אומבאַקאַנטע וואַטאָווע קורטקע, מיט וועלכער זי איז געווען אַזוי זאָרגזאַם צוגעדעקט, האָט פאַרשפּרייט אַ געמיטלעכן היימישן רייעך.

אין דעם דרייעק פון דער אַריינגאַנג־עפענונג האָט זיך געזען דער דורכזיכטיקער ווייך־בלויער הימל; די אויסגעצוואָגענע, פון דעם פרימאָרגן־טוי, בעריאָזקעס האָבן לאַנגזאַם געשאָקלט מיט זייערע צעקעמטע קודלעס; אונטער זיי האָט געפינקלט, ווי זיידנס. אונטער די זונען־שטראַלן, דאָס גרויע מיט טוי־באַדעקטע גראָז. עס איז געווען קיל. דעם מיידלס האָר, קלייד, קורטקע, מיט וועל־כער זי איז געווען צוגעדעקט, אַלץ איז געווען פייכט פון דעם טוי. מוסיאַ האָט געפּילט אַ קעלט. די לופט איז אָבער געווען אַזוי דורכזיכטיק און ריין, עס האָט אַזוי געשמעקט געשמאַק מיט גראָז, סכאַך, ערד און וואַסער, אַז אין האַרצן איז אַריינגעדרונגען ניט ווילנדיק די פרייד פון דעם פרישן פרימאָרגן. די אַלע גרווילן פון דעם נעכטיקן טאָג, די סרייפע אין שטאָט, די נאַכט־פלייטע, דאָס וואַנד־ערן איבערן פינצטערן מאָרעשכוירעדיקן וואַלד, די פאַר־צווייפלונג, אוממעכטיקייט, ווייטיק — אַלץ איז אָפּגעטראָטן, פאַרשטעלט געוואָרן.

דעם מיידלס בליק איז געפאַלן אַף די אַלטע, פעסטע טור־ריסטן־שיך, מיט גראָבע זוילן, מיט ברייטע בולדאָג־נעזער, וועל־

כע זײַנען געהאָרכזאַם געשטאַנען לעבן איר. און טייקעף האָט וועגן זיך דערמאָנט אַ ברענענדיקער ווייטיק אין די צעשטאָכענע און צעדראַפּעטע פיס. באַמיִענדיק זיך ניט צו מאַכן קיין גערויש, האָט מוסיאַ באַפרײַט אַ האַנט פון אונטערן מאַנטל און האָט אָנגערירט די שיך. נעכטן, ווען זי האָט געשפּאַנט איבער די וואָרצלען און שישקעס, האָט זי דאָך אַזוי באַדויערט, וואָס זי האָט זיך אָפּגעזאָגט אָנטאָן זיי. ווי קומען זיי איצט אַהער? זי האָט דאָך זיי מיט אַזאַ ביטל אַוועקגעשלײַדערט דאָרטן אין שטאָט, אין דעם קליינעם שטיבעלע אונטער די ליפּעס. זי האָט פאַרשטאַנען: מיטראָפאַן איליטש! דאָס האָט ער, אַוואַדע, זי אָפּגעפירט אַ שלאָפנדיקע אין בײַדל, דאָס דעקט איר צו אויך זײַן מאַנטל, און זײַן האַנט האָט דאָס זאָרגפעליק אַרײַנגעלייגט אין יעדן שוך אַ שטיקל ווײַסן לײַוונט. אָט האָסטו דיר מיטראָפאַן איליטש! אין דער עמעסן איז ער דאָך אַ טײַערער אַלטיטשקער, אומזיסט האָט זי זיך נעכטן אַף אים געברויגעזט.

דערפילנדיק אַ צופלוס פון ענערגיע, איז מוסיאַ אויפגעשפּרונגען אַזוי האַסטיק, אַז זי האָט מיטן קאָפּ לײַכט זיך אָנגעשלאָגן אָן אייבערשטן שטענגל פון דעם בײַדל. זי האָט זיך געשמאַק אויסגעצויגן ביז די ביינער האָבן אַזש אַ קנאַק געטאָן, אַראָפּגעשאַרט פון זיך דעם סכאַך, דעם שטויב, זאָרגפול צונויפגעלייגט דעם מאַנטל, אָפּגעצויגן אַף זיך דאָס צעקנייטשטע קליידל, צורעכט געמאַכט אירע האָר, אײַנגעוויקלט אין דער ווײַסער לײַוונט אירע צעשטאָכענע פיס, אָנגעטאָן די שיך און איז אַרויסגעקראָכן פון דעם בײַדל.

אין אירע אויגן האָבן אַ זעץ געטאָן די זונען־שטראַלן, וועלכע האָבן זיך דורכגעשלאָגן צווישן די סאָסנע־שטאַמען, ווי רויטע פינקלענדיקע סנאָפּעס. זיי האָבן מיט אַ בונטן ליכט פאַרגאָסן די פײַכטע גרויע לאָנקע און שאַרף געפינקלט אין די גרויסע טראָפּנס טוי, וועלכע האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין גרינעם שויס פון די בלעטער. אַף דער לאָנקע לעבן די בײַדלעך האָט שוין געפלאַקערט ניט קיין גרויסער, אָבער אַ הייסער שײַטער. אַ פאַררויכערט קעסעלע, וואָס האָט שוין אין זײַן לעבן אַ סאַך דורכגעמאַכט, איז געהאנגען איבערן שײַטער אַף אָפּגעסמאַליעטע קאָזלעס. פון דעם בלוילעכן מיט גראָען אַש באַדעקטן זשאַר, האָט

זיך געטראָגן אַן אַפּעטיטלעכער רייעך פון געבאַקענע קאַרטאָפל.

מיט דער פּלייצע צו מוסיאַן איז באַם שטיטער געזעסן מיט־ראַפּאַן איליטש. אַן אײַנגעגנורעטער מיט מיד אַראָפּגעלאָזטע אַקסלען האָט ער שווײַגנדיק געקוקט, ווי דער בלייכער הייסער פלאַם פלאַקערט און קנאַקט און פאַרצערט מיט אַ פּײַף ד׳קָם סכאַך און די טרוקענע צווײַגן. לעבן דעם אַלטן זײַנען געלעגן ביידע רוקזעק. אונטערן מיידלס פוס האָט אַ קנאַק געטאָן אַ צווײַגל. דער אַלטער האָט אַ ציטער געטאָן און אָנגעכאַפּט ביידע זעק, פּונקט ווי ער וואָלט געהאַט בעדייע זיי צו באַשיצן מיט זײַן קערפּער.

— דאָס ביסטו ? און איך האָב זיך איבערגעשראָקן — האָט ער מיט אַ דערלײַכטערונג געזאָגט און מיט מוירע זיך אַרומגע־קוקט. — צו לאַנג כאָלעמסטו, טײַבעלע. שוין שפּעט. באַלד וועלן מיר טרינקען טיי און גלײַך אין וועג אַרײַן.

ער באַמערקט אַף דעם מיידלס פּיס די שלימאַזלדיקע שיך און גיט אַ שמייכל קוים מיט די ווינקלען פון זײַנע ליפּן.

— גוט געטאָן, דער וועג איז ניט קיין נאָענטער. עס הערט זיך דאָך שוין קוים די קאַנאָנען־שיסערײַ.

פון דעם פרישן פרימאָרגן־ווינטעלע האָבן מעלאָדיש געקלונ־גען די סאָסנע־שפּיצן, עס האָבן גערוישט, שאָקלענדיק מיט זייערע שאָרסטקע בלעטער די אָסינע־ביימער, שטיל האָבן געברומט די לאַנגע קאָסמעס פון די וויינענדיקע בעריאָזקעס. ערגעץ גאַנץ ווײַט האָט טרוימעריש גערופן אַ קוקאַווקע. אָבער קיין שום קאַנאָנען־שיסערײַ האָט מוסיאַ ניט געהערט. בלויז איין מאָל האָט זיך צו אירע אויערן דערטראָגן צוויי ווישן ווינט־ריסן, אינמיטן פון די אַלע וואַלד־קלאַנגען, עפּעס אַ קוים פאַרשטענדלעכער קײַקלענדי־קער הילך, ווי עס וואָלט ערגעץ גאָר ווײַט געגאַנגען אַ באַן אי־בער אַ בריק. איז דען מעגלעך, אַז דאָס זאָל זײַן דער דונער פון די קאַנאָנען ?

— אין אַ שטילן רויקן וועטער, קען מען הערן די שיסערײַ פון האַרמאַטן אַף אַ דיסטאַנץ פון אומגעפער צוואַנציק וויאָרסט, פאַרשטייסט ? — מיטראָפּאַן איליטש האָט אָפּגעזיפצט. זײַן בליי־כער פּאָנעם, געדיכט פאַרוואַקסן מיט אַ ניט זויבערער, גרויער שטעכיקער באָרד, איז געווען באַזאָרגט און טרויעריק. — אָבער, נישקאָשע, מיר וועלן אָניאָגן. לאָמיר שנעלער טיי טרינקען. און

אַט וואָס! לערן זיך אויס צו באַלעבאַטעווען אין וואַלד. ס׳וועט צונוץ קומען.

בעיס זיי האָבן געטרונקען דעם טיי, פון וועלכן ס׳האָט זיך געפילט אַביסל מיט רויך, פון קליינע אַלומינענע יאַגד־בעכערלעך, אין דער צײַט ווען זיי האָבן מיט אַפּעטיט פאַרשלונגען די גע־באַקטע קאַרטאָפל, מיט זייער דופּטיקער קוים אונטערגעברענטער שאָלעכץ, געדיכט באַשיטנדיק עס מיט גראָבן זאַלץ, האָט מיט־ראָפאַן איליטש דערקלערט זײַן פּלאַן ווי־אַזוי אַרויסצוגיין פון דער אָקופּירטער טעריטאָריע.

לויט דעם ווי ווײַט עס האָט זיך אָפּגערוקט אין מעשעך פון איין נאַכט דער פראָנט, איז צו פאַרשטיין, אַז דעם סוינע האָט זיך ווײַזט אויס אײַנגעגעבן דורכצופירן ערגעץ אַ גרויסן טאַנקען־דורכברוך. אַזוי אַרום זײַנען די וואַנדערער פאַר איין מעסלעס גע־בליבן אין הינטערלאַנד פון דער דײַטשישער אַרמיי. איצט מוזן זיי זיך רוקן ווי אַמשנעלסטן אין דער ריכטונג אַף מיזרעך נאָך דער אָפּטרעטנדיקער אַרמיי, גיין מוז מען דורך וועלדער, זומפּן, פאַרוואָרפענע סטעזשקעס, ניט באַאַרבעטע פעלדער, אויסמײַדן שליאַכן און שאָסייען, אויסלאָזן באַוווינטע פּלעצער און זיך היטן פון באַגעגענישן מיט מענטשן.

מוסיאַ האָט געהאַלטן אַז דער פּלאַן איז אין גרונט גענומען ניט קיין ריכטיקער: „אויסמײַדן שליאַכן — דאָס איז ריכטיק, ווײַל אַף די שליאַכן אַוואַנסירט דעם סוינעס אַרמיי. אָבער אויס־מײַדן יעדן דאָרף, וועלכן מען וועט אָנטרעפן אַפן וועג און די גאַנצע צײַט גיין אַליין — פאַרוואָס עפּעס? אַ נײַע נײַס. פאַרוואָס זאָל מען זיך אויסבאַהאַלטן פון אייגענע מענטשן?"

מיטראָפאַן איליטש האָט אומצופרידן געקוקט אַף זײַן באַגליי־טערן.

— אָבער ווי פאַרשטייסטו ניט אַזאַ פּאַשעטע זאַך? אַליין, דאַווקע אַליין. אויסשליסלעך אַליין. ניט אַרײַנטרעטן אין ערגעץ, יאָ! פאַרשטייט זיך אַז עס איז שווערער, אָבער וואָס קען מען מאַכן? באַ אונדז געפינען זיך דאָך אַזעלכע ווערטזאַכן. ווי מעגן מיר אײַנשטעלן? ווען איך דערמאָן זיך נאָר, ווי יענער פּאַשיסט איז געשטאַנען לעבן זאַק, אים קימאַט אָנגערירט מיטן שטיוול,

שטעלן מיר זיך די האָר קאַפּויר. ניין, נאָר דורך פאַרוואָרפענע מעקוימעס און אַליין, נאָר אַליין וועלן מיר גיין.

מוסיאַ איז פון פאַרדרוס אויפגעשפּרונגען אַף די פיס.

— „אַליין", „אַליין", אַן אַנגענעמער איניען... איך ווייס נאָר איינס, אַז מיר מוזן וואָס גיכער אָניאָגן אונדזעריקע. צוליב דעם גאָלד זאָל איך פאַרלירן אַזוי פיל צײַט ? זייער נייטיק!

דער אַלטער איז אויך אויפגעשפּרונגען.

— דאַווקע זייער נייטיק, דאַווקע! אונדזער כויוו איז אָפּ־היטן דאָס און צושטעלן אַלץ ביז צו דעם לעצטן גאָלד־שטויבעלע... מיר האָבן ניט קיין רעכט, דו הערסט, מיר האָבן ניט קיין רעכט, מיר טאָרן ניט צולאָזן אַפילו קיין איינס פּראָצענט ריזיקע.

און שוין דאָ אַפן ערשטן אָפּרו־פּלאַץ איז צווישן די גייער אַנטשטאַנען אַ קריגערײַ, וועלכע האָט גלײַך אויפגעדעקט די טיפע מיינונגס־פאַרשיידנקייט לעגאַבע דעם באַדײַט פון דעם אוצער.

מיטראָפאַן איליטש איז געווען גרייט, אויב עס זאָל נאָר נייטיק זײַן, פאַרלירן דאָס לעבן, אַבי נאָר דערטראָגן גאַנץ און אומ־באַרירט דאָס מעלוכישע גוטס, וואָס איז אַרײַנגעפאַלן אין זייערע הענט. מוסיאַ אָבער, האָט אויפריכטיק ניט געקענט באַנעמען: פאַרוואָס מוזן זיי עפּעס, קעדיי אָפּצוראַטעווען דאָס צירונג, גאַנץ באַוווסטזיניק פאַרלענגערן און פאַרשווערן זייער וועג, היטן זיך פאַר מענטשן, גיין מיט כאַיעשע שטעגן און אײַנשטעלן דאָס לעבן?

— הער נאָר וואָס ער האָט עס אַלץ צוגעטראַכט!... שלעפּן זיך ווער ווייס ווו מיטן גאָלד, בלאָנדזשען אין די וועלדער! — האָט זי זיך געקאָכט.

פאַרשטייט זיך, אַז זי וואָלט די ווערטזאַכן ניט איבערגעלאָזט פאַרן סוינע, אָבער, איצט ווען דאָס צירונג איז שוין בעשאָלעם אַרויסגעטראָגן געוואָרן פון דער שטאָט, וועלכע איז באַזעצט דורך די פאַשיסטן, קען מען עס גאַנץ רויק פאַרגראָבן דאָ אין וואַלד אין אַ וויסטן אָרט און אַליין רויק דערשלאָגן זיך צו די אונדזע־ריקע. מען וועט אַרויסיאָגן די פאַשיסטן, די מילכאָמע וועט זיך ענדיקן, דאַן וועט מען דאָס אַלץ אויסגראָבן און אָפּגעבן וועמען מען דאַרף. פּאָשעט און אָן קאָפּדרייעניש. אין צוויי, דרײַ טעג אַרום וועלן זיי אָניאָגן די סאָוועטישע אַרמיי, אַריבערגיין דעם פראָנט און זײַן מיט די אייגענע. דאָס אַלץ האָט זיך דעם מיידל

אויסגעוויזן אַזוי קלאָר און פּאָשעט און זי האָט גאַנץ אויפריכטיק ניט פאַרשטאַנען מיט וואָס האָט איר פאָרשלאָג, אַזאַ ערנסטער און ווי איר שײַנט אַ סייכלדיקער, אַרויסגערופן באַם אַלטן אַזאַ צאָרן און אַפילע איימע.

זיי זײַנען טאַקע ניט געקומען צו קיין אויסגלײַך. דער אַלטער האָט זיך איבערצײַגט אין דער געפערלעכער לײַכטזיניקייט פון זײַן באַגלייטערן און האָט אויפגעפאָדערט, זי זאָל אים טייקעף אומקערן דעם טייל פון צירונג, וועלכן זי האָט געטראָגן. מוסיאַ האָט שפּאָטיש אַ צי געטאָן מיט אירע אַקסלען, אַ שלײַדער געטאָן איר זאַק אַפן גראָז און דעמאָנסטראַטיוו אָנגעפאַנגען צו קלײַבן ווילדע נעגעלעך־בלומען און רומיאַנעק, ניט ווענדיק אַפילע אַ קוק טאָן, ווי איר באַגלייטער דוכנט דאָרט איבערן גאָלד. און יענער האָט זאָרגפעליק אויסגעשפּרייט אַפן גראָז זײַן קאָלדרע און פאָרזיכטיק איבערגעשאָטן אַלץ צוריק אין דער פריערדיקער פאַרזשאַווערטער מיט אייל דורכגעווייקטער טאָרבע.

מיט אַ טעמפּן קלאַנג, פינקלענדיק שאַרף מיט די איידלשטיינער, גלאַנצנדיק מיט די געשליפענע פּאָלירטע קאַנטן, האָט זיך אַ שאָט געטאָן דער אויצער. באַם אַלטן קאָסיר האָט פאַרכאַפּט אַזש דער אָטעם. ווי רײַך וואָלט געקענט ווערן אַ מענטש פון דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט, ווען ער זאָל באַקומען כאָטש אַ טייל פון דעם וואָס שיט זיך איצט אַרײַן אין דעם שמוציקן ברעזענטענעם זאַק; וואָס פאַר אַ קראַפט, וואָס פאַר אַ קאָוועד פאַר זיך און פאַר זײַנע יאָרשים וואָלט ער דערוואָרבן צווישן זײַנס גלײַכן!

די פאַשיסטן! זיי וועלן געוויס ניט קאַרגן קיין מי אַף צו פאַרכאַפּן דאָס צירונג. קוים וועלן זיי נאָר דורכלייענען די ניט פאַרענדיקטע ליסטע, וועלכע איז פאַרבליבן אין וואַליק פון דער צוגערויבטער מאַשינקע, וועלן זיי אָרגאַניזירן אַ געיעג נאָך זיי איבער אַלע וועגן, זיי וועלן אויסהאַרגענען און פאַרפּײַניקן הונדערטער מענטשן, אַבי נאָר צו געפינען דעם אויצער. ניין, אַ פײַג! איר, הערן, וועט פון דעם גאָרניט באַקומען. אַלץ וועט צוגעשטעלט ווערן צום געזעצלעכן באַלעבאָס. דאָס גאָלד וועט נאָך קעגן אײַך קעמפן. און נאָך ווי־אַזוי קעמפן! און יענע צעבאַלעוועטע מויד שפּילט זיך מיט בלומען, פאַרפלעכט זיך עפּעס אַ נאַרישן קראַנץ

און דײַגעט ניט. באַגראָבן אין דער ערד אַרײַן און זיך גיין ווײַטער לײַכט און ליידיק! ווי געפעלט עס אײַך? און ווען? איצט, ווען דאָרטן אין הינטערלאַנד ווערט געזאַמלט אַפילע אײַזן־ברוך. „ניין, דאָס יונגוואַרג פילט ניט קיין דערעכערעץ פאַר ווערטזאַכן. זיי האָבן צו זאָרגלאָז געלעבט! צו לײַכט האָט זיי זיך אַלץ אײַנגעגעבן! הערט נאָר אַן אײַנפאַל „פאַרגראָבן און אַוועקגיין"! אַן אויסערגעוויינלעכע לײַכטזיניקייט!

מיט קאָס און פאַרדרוס האָט מיטראָפאַן איליטש פאַרבונדן און אַרויפגעוואָרפן אַף זײַן פּלייצע דעם אַ סאַך שווערער געוואָרענעם רוקזאַק. אָבער מוסיאַ האָט מיט גוואַלד אַראָפּגעשלעפּט פון זײַנע פּלייצעס די רימענס. דעם „קאָוועד" צו טראָגן דאָס גאָלד איז זי אים, פאַרשטייט זיך, מוחל. זאָל ער דאָס אַליין שלעפּן, אויב עס איז אים אַזוי ליב און טײַער. דערפאַר אָבער, וואָס שײַעך די איבעריקע זאַכן — כאָווערלעך צעטיילן אַף העלפט.

דאָס מיידל האָט געשיקט איבערגעלייגט צו זיך אין זאַק די גאַנצע באַלעבאַטישקייט: דעם קעסל, דעם זעקל מיט גרויפּן, ברויט, זאַלץ, וועש און געצײַג פאַרן פישפאַנג. בײַם נישטערן אין דעם זאַק פון איר באַגלייטער, האָט זי זיך אָנגעשטויסן אַף אַ שטײַף פאַרוויקלטן פראַנבעלענעם אָנצוג, דעם זעלבן פון וועלכן זי האָט זיך נעכטן אָפּגעזאָגט. און אין איר נעשאָמע האָט זיך ווידער אויפגעהויבן אַ כוואַליע פון אַ וואַרעמען געפיל. מוסיאַ האָט געוואָרפן אַ קרומען בליק אַף קאָרעצקין וועלכער איז גלײַכגילטיק געזעסן אָן אַ זײַט און גאָרניט זאָגנדיק אים, האָט זי איבערגעלאָזט דעם אָנצוג אַפן דעק פון זײַן זאַק. „ניין, ער איז בעפיירעש אַ ווילער אַלטיטשקער, אַ שאָד נאָר וואָס ער איז מעשוגע געוואָרן פון דעם גאָלד. און אויך זײַן הוט טראָגט ער זייער קאָמיש אַפן קאָפּ. עס מאַכט אים ענלעך צו אַ שוועמל".

דאָס מיידל האָט פאַרגלײַכט די וואָג פוןביידע רוקזעק. זיי האָבן איצט געוויגן קימאָט גלײַך. אָבער מיטראָפאַן איליטשס זאַק איז געווען קליין, פעסט אײַנגעפאַקט, באַקוועם. מוסיאַס זאַק, אָבער, איז געווען געשוואָלן און האָט געסטאַרטשעט ווי אַ הויקער פון אַ קעמל. דאָס מיידל האָט האַסטיק אויפגעבונדן איר זאַק, אַרויסגעיומען פון אים עטלעכע פון אירע ערגערע קליידער און זיי אַ וואָרף געטאָן אין די קוסטעס. זי האָט אַ רעגע אַ טראַכט

געטאָן און דערמאָנענדיק זיך וועגן דעם וואַרעמען באַקוועמען פֿראַנעל־אָנצוג, האָט זי פֿאַרוואָרפֿן אַהין אויך איר מאַנטל.

— זעסט, אַפֿילו דײַן אייגן האָב און גוטס שאַנעוועסטו ניט. אַ גרינג לעבן האָט איר געהאַט. זיך צוגעוווינט אַלץ כאַפּן אין דער לופֿטן. — האָט געוואָרטשעט מיטראָפֿאַן איליטש.

— פֿאַרוואָס זאָל איך שאַנעווען? ווען עס איז אַ מילכאָמע איז סײַ ווי ניטאָ קיין צײַט ווען זיך צו פּוצן, און אַז מיר וועלן זיגן — וועל איך פֿאַרדינען און זיך קויפֿן נײַע, בעסערע, שענערע. די פּאַסאָנען וועלן דאָך אויך פֿאַרעלטערט ווערן! — האָט לײַכט־זיניק געענטפֿערט דאָס מיידל און אַרויפֿגעוואָרפֿן אַף איר רוקן דעם לײַכטער געוואָרענעם זאַק.

— ווי לײַכט עס רעדט זיך אַרויס „מירן זיגן". און וויפֿל צײַט וועט אויסקומען מילכאָמע צו האַלטן, וויפֿל מענטשן עס וועלן אומקומען... האָסטו אַ טראַכט געטאָן וועגן דעם?

מוסיאַ האָט אַ צי געטאָן מיט די אַקסלען. ווען די סטעזשקע וועלכע האָט זיי געפֿירט אַף מיזרעך האָט זיך פֿאַרקערעוועט, האָט זיך מוסיאַ אומגעקוקט. אַף דער טונקעלער גרינקייט פֿון אַ קוסט האָט געבלויט אַ געוואַנטענער מאַנטל. אַ רעגע בלויז איז מוסיאַן אַ שאָד געוואָרן מיט אים זיך צו שיידן. דער מאַנטל איז געווען קימאַט אַ נײַער אַ,זוי גוט אויפֿגענייט און ער האָט איר אַזוי גוט געפּאַסט. ווי שווער איז אָבער אים צו שלעפּן! מוסיאַ האָט אַ זיפֿץ געטאָן און האָט געטראַכט: „געפֿונען וואָס צו באַדויערן! שטעט ברענען, פֿאַבריקן ווערן פֿאַרניכטעט, מענטשן גיבן אָפּ זייערע לעבנס פֿאַרן פֿאָטערלאַנד. וואָס קען שוין ווערט זײַן עפּעס דאָרט אַ מאַנטל? דערפֿאַר ווי לײַכט איז אָבער איצט צו גיין!" — זי האָט טראָציק אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ און איז אַוועק נאָך איר באַגלייטער.

ביזן האַלבן טאָג זײַנען זיי געגאַנגען מיט אַ גראָזיקן שטעג, וועלכן עס האָבן אויסגעטראָטן די פֿישער און די קאָרע־קלײַבער. די וואַלד־אָזיערע, אַ צעשפּרייטע אין דער גריבער געדיכטקייט פֿון אירע פֿלאַכע ברעגעס, האָט שטיל געגרישט מיט טרוקענע קלאַנגען פֿון דעם ברעגיקן אַיר, זי האָט לײַכט געוויגט די רויטלעכע בלעטער פֿון די וואַסער־ליליעס און גאָלדענע וואַסער־בלומען. ווי אַ לויטערער שפּיגל האָט זי אָפּגעשפּיגלט אין די בלויע וואַסערן די

גרויע צאַקיגע שפּיצן פון ווײַטן וואַלד, די לאָקן פון די ברעגיקע ווערבעס און די באַגילדעטע וואָלקנס, וועלכע האָבן אײַליק גע־שוועבט אין דעם הימלשן בלוי.

אין וי האַמעטנע שטאַרקע שיך איז געווען אַ סאַך לײַכטער צו גיין. און דאָך האָט דאָס מיידל קוים געקענט נאָכהאַלטן דעם אַלטן. ער איז געגאַנגען פאָרויס מיט ברייטע געמאָסטענע טריט, אַ לאַנגער און דאַרער. זײַנע באַוועגונגען זײַנען געווען געמאָסטן, מען קען אַפילע זאָגן לאַנגזאַמע, אָבער מוסיאַ, האַגאַם זי האָט די גאַנצע צײַט זיך געאײַלט און פון צײַט צו צײַט אַפילע אונטערגע־לאָפן, האָט זי דאָך קוים קוים געקענט אים נאָכהאַלטן.

דאָס מאָל האָט שוין מיטראָפּאַן איליטש אַלע ווײַלע זיך אומ־געקוקט, געפרעגט באַם מיידל צי גייט ער ניט אַמאָל צו שנעל, איז זי ניט מיד, עפּשער זאָל מען זיך צוזעצן אַף אַ ווײַלע. מוסיאַ האָט זיך געבייזערט: — ניין, ס'איז ניט צו שנעל, מען דאַרף זיך ניט צוזעצן, זי איז גאָרניט מיד — זי האָט זיך געבייזערט און געפּרווט אַלץ דערגיין: פאַרוואָס גייט ער עפּעס אַזוי לײַכט? פאַרוואָס ווערט ער גאָרניט מיד?

צום האַלבן טאָג, ווען די זון איז דערגאַנגען צום מיט פון הימל און איז דאָרטן ווי שטיין געבליבן, זיך צו שפּיגלען אין דער אָזיערע, ווען דאָס וואַסער האָט זיך פונאַנדערגעפינקלט אַזוי בלענדנדיק, אַז מיטן אויג ניט צו קוקן, האָט מיטראָפּאַן איליטש ראַפּטום געביטן די ריכטונג, אָפּגענויגט פון ברעג און זיך געלאָזן צו דער טיפעניש פון וואַלד.

— דאָ הייבט זיך שוין אָן דער זומפּ, ווילסטו יאָ, ווילסטו ניט, מוזטו אַרויסגיין אַפן וועג, אַפן גאַט.*) זומער איז קיין אַנ־דער וועג ניטאָ, — האָט ער געגעבן צו פאַרשטיין, זיך אָפּשטעלנ־דיק און פאַרריכטנדיק די רימענס פון זײַן רוקזאַק — לאָמיר האָפן, אַז די פאַשיסטן זײַנען דאָ ניט געווען, אַז זיי זײַנען דורכגעגאַנגען מיט אַ זײַטיקן וועג, אָדער זיי האָבן אינגאַנצן אויסגעמיטן די מעקוימעס.

ער האָט זיך צוגעהערט. שאַרף האָבן געגרילט די גרילן, אין

---

*) אַ קינסטלעכער וועג דורכן זומפּ, געמאַכט פון אָנגעלייגטע קלעצער. (דער איבערז.)

שאָטן פון די וויטקעס האָבן דין געזונגען די קאָמאַרן, אין אָזיערע האָבן געפּלעסקעט די פיש.

אין וואַלד זײַנען זיי געגאַנגען זייער פּאָרזיכטיק. מיטראָפּאַן איליטש פּלעגט קימאַט יעדע צען טריט בלײַבן שטיין, אויסציִען זײַן האַלדז און זיך צוהערן. דער וואַלד אַ פאַרשמאַכטער פון דער היץ איז געווען איבערפולט מיט אַ פריילעכער פייגל־צוויטשערײַ. די פעדערדיקע בלעטער פון דעם פּאַפּאַראַטניק, וועלכער איז גע־דיכט געוואַקסן אַף דער זאַמשענער ערד, האָבן זיך לאַנגזאַם גע־וויגט. די וועווערקעס האָבן געשמאַיעט צווישן די סאָסנע־שפּיצן, פון וועלכע ס׳פלעגט מיט אַ שטילן שאָרך אַראָפּפאַלן דער שאָ־לעכץ פון די דורך זיי צעריבענע שישקעס. נאָר פון ערגעץ ווו ווײַ־טער האָט זיך דערטראָגן דאָס גײַציקע קראַקען פון קראָען. אָט די גרילציקע קלאַנגען האָבן ניט ווילנדיק באַומרויִקט. דעם אַלטן זײַ־נען אוי דניט געפעלן געוואָרן די צוויי גרויסע שוואַרצע ראָבן, וועלכע האָבן פלאַך געשוועבט אין דער בלויקייט פון הימל.

— וואַרט דאָ צו. טאָמער וואָס ווען, כאַפּ דעם זאַק, לויף צו דער אָזיערע און באַהאַלט דיך דאָרט אויס — האָט שטיל אָנגעזאָגט מיטראָפּאַן איליטש, אויסטוענדיק דעם רוקזאַק, און צו־געגעבן שעפּטשענדיק — מיר איז עפּעס ניט צום האַרצן דער קראָען־מיטינג... הערסט ?

דער אַלטער האָט איבערגעלאָזט דאָס מיידל און אַליין שטיל פאַרשווונדן אין וואַלד. ער האָט זיך גערוקט פאָרויס אַזוי ווי עס טוען געניטע יעגער, ווען זיי דערנענטערן זיך צו אַ קאַפּ־הון: עט־לעכע עלאַסטישע שפּרונגען אַף די שפּיץ פינגער, דאַן בלײַבן שטיין פאַרגליווערט, זיך אײַנהערן און ווידער אַ שפּרונג פאָרויס. מוסיאַ איז געבליבן שטיין אַ פאַרגליווערטע, אָנגעשפּאַרט אָן אַ בוים. אַ געבוירענע און דערצויגענע אין שטאָט האָט זי קיין שום אַנונג ניט געהאַט וועגן די אַלע פייגלשע מידעס. אָבער דער שאַר־פער, ראָצכישער, גייציקער קראַקען פון די ראָבן און די דראָענ־דיקע קרײַזן, וועלכע עס האָבן געצייכנט איבערן וואַלד די גרויסע שוואַרצע פייגל, האָבן דערשיטערנדיק געווירקט אַף איר. זי האָט דערהערט אַ קנאַק פון אַ צווײַגל, אויפגעציטערט און איז צוגע־פאַלן צום סאָסנע־שטאַם. גאָרניט, דאָס גייט מיטראָפּאַן איליטש. ער האָט אויסגעזען אויסערגעוויינלעך טרויעריק און ווי עפּעס

פֿײַערלעך אין דער זעלבער צײַט. דעם הוט האָט ער געטראָגן אין דער האַנט און דער ווינט האָט געשויבערט זײַנע גראָע האָר.

— נו ? — האָט שעפּטשענדיק געפּרעגט מוסיאַ.

— ניין, אונדז קען מען ניט באַזיגן ! . . . קיינער וועט אונדז קיינמאָל ניט באַזיגן, געדענק עס ! — האָט ער, אויך שעפּטשענדיק, געענטפֿערט. אַרויפֿגעוואָרפֿן אַף זײַנע פּלייצעס דעם רוקזאַק און מיטן בלויזן קאָפּ זיך געלאָזט גיין אין דער ריכטונג פֿון דער קראָען־קראַקערײַ. באַם אַרויסגאַנג פֿון דער פּאָליאַנקע האָט ער זיך אומגעדרייט צו איר און האָט פֿײַערלעך געזאָגט : — דאָ איז פֿאָרגעקומען אַ שלאַכט... פֿאַרשטייסט... דאָ איז עפּעס אַזוינס...

דאָס מיידל האָט זיך אַ ריס געטאָן פֿאָרויס דורך די קוסטעס און מיט אַ געשריי געבליבן פֿאַרגליווערט אַפֿן אָרט. פֿאַר אירע אויגן, קימאַט לעבן איר, איז געשטאַנען אַ ניט קיין גרויסער צע־נעריקטער טאַנק. זײַן טורעם, פֿאַרטראָגן דורכן קויעך פֿון אויפֿ־רײַס, איז געלעגן עטוואָס ווײַטער, מיט דעם לאַנגן נאָז פֿון האַר־מיט טיף אין דער ערד פֿאַרגראָבן. דורך דעם צעריסענעם שלונג פֿון ליוק האָט זיך געזען עפּעס אַ קאַשע פֿון ביינער, בלוט און שטיקלעך שטאָף פֿון יענעם טונקל־גרינעם קאָליר, וועלכער איז פֿון נעכטן אָן פֿאַר מוסיען געוואָרן די פֿאַרב פֿון דעם שוידערלעכן אומגליק, וואָס האָט זיך פֿון מײַרעוו אַנגערוקט אַפֿן לאַנד.

דאָס מיידל האָט אָבער ניט געקוקט אַף דעם אָנקעפּיקן טאַנק און ניט אַף די שמאַטעס. פֿונדערווײַטנס האָט זיך געזען אַ קליי־נער שיפּוי. אַפֿן זאַמדיקן בערגל זײַנען אין דער לענג און אין דער ברייט געלעגן אַנגעוואָלגערט שלאַנקע, בראַנדז־קאָלירקע סאָסנעס, אומגעוואָרפֿענע, צעהאַקטע און צעבראָקטע ווי פֿון עפּעס אַ סטיכישן קויעך. און דאָרטן אין דעם פּלאָנטער פֿון די צעהאַק־טע שטאַמען, אָפּגעהאַקטע צווײַגן, אַפֿן גאָלדענעם נאָך ניט אײַנ־גאַנצן טרוקענעם זאַמד, האָבן געטונקלט עטלעכע מענטשלעכע קערפּערט אין העמדלעך פֿון ליבן היימישן, כאַקי־קאָליר, זיי זײַ־נען געלעגן אומבאַוועגלעך, אין מאָדנע ניט נאַטירלעכע פּאָזעס : איינער אײַנגעגנורעט מיטן פּאָנעם אין זאַמד, אַן אַנדערער אָפּ־רוקן מיט צעשפּרייטע הענט, אַ דריטער צוגעפּאַלן צום ברוסט־ווער פֿון אַ האַלב פֿאַרשאָטענער אָקאָפּע.

אַ מיליטערמאַן וואָלט בלויז פֿון איין בליק גלײַך פֿאַרשטאַנען

וואָס אַזוינס ס׳איז דאָ פֿאַרגעקומען לעבן דעם וואַלדיקן בערגל, וועלכער האָט דאָמינירט די גאַנצע אַרומיקע געגנט און האָט ווי פֿאַרשלאָסן דעם אַרויסגאַנג צום גאָט. לויטן סכאַך וועלכער האָט נאָך ניט באַוויזן צו פֿאַרוועלקן, האָט די שלאַכט דאָ אָפּגעהילכט ערשט גאָר ניט לאַנג. איבער דעם גאָט — דער איינציקער וועג דורכן זומפּ, זײַנען אָפּגעטראָטן אָפּטיילונגען פֿון דער סאָוועטישער אַרמיי. אַן אַרטילעריע־דיוויזיע האָט, ווי עס שײַנט, באַקומען אַ באַפֿעל זיך צו פֿאַרשאַנצן אַפֿן בערגל און אײַנהאַלטן דעם טאַנקען־אַוואַנגאַרד פֿון דעם סוינע. דער אויסגעקליבענער פּונקט איז געווען אַן אויסגעצייכנטער, פֿון דעם שפּיץ פֿון וואַלדיקן בערגל האָט זיך געעפֿנט אַ ברייטער אויסקוק אַף די קאָלווירטישע פֿעלדער. באַזימט באַם סאַמע האָריזאָנט מיט גרויע וואַלד־שפּיצן, אַפֿן וועג וועלכער האָט זיך געשלענגלט איבער די פֿלאַכע בערגלעך צווישן דער שעמערירנדיקער געלקייט פֿון די רײַפֿנדיקע פֿעלדער. די אַרטילעריסטן האָבן קימאַט באַם סאַמע שפּיץ אויסגעגראָבן עטלעכע ניט קיין טיפֿע פֿאָדקעווע־פֿאָרמיקע נעסטן פֿאַר די האַרמאַטן און אַליין זיך אײַנגעגראָבן אין דעם זאַמד. עטוואָס נידעריקער אינדערמיט פֿון יונגן סאָסנע־וועלדל, אַף אַ זוניקער לאָנקע, אַ באַוואָקסענע מיט אַ גראָז, וועלכן די קליינע קינדער רופֿן „האָזן־קרויט”, האָבן זיי באַוויזן אַפֿילע אויסצוגראָבן פֿאַלשע פּאָזיציעס.

לויט דעם אַלעמען איז קענטיק געווען, אַז דאָס זײַנען געווען געניטע, קאַלטבלוטיקע קעמפֿער, און געקעמפֿט האָבן זיי געניט, אויסגעהאַלטן און מיט אַ וווּנדערבאַרער אַקשאָנעס.

עטלעכע פֿאַרברענטע טאַנקען און שווערע געפּאַנצערטע דיזעל־טראַנספּאָרטן, וועלכע זײַנען געלעגן פֿאַרברענטע אַפֿן וועג צופֿוסנס פֿון דעם בערגל האָבן שטום איידעס געזאָגט, אַז דער פֿאַרמאַסקירטער דיוויזיאָן האָט אויפֿגענומען דעם ניט גלײַכן קאַמף, דערלאַנגענדיק דעם סוינע אַ פּלוצימדיקן קלאַפּ פֿון דער מעגלעך־נאָענטסטער דיסטאַנץ. דער צוזאַמענשטויס האָט אָנגעהאַלטן, ווי עס שײַנט, אַ לאַנגע צײַט. נאָך די ערשטע אַרטילעריע־זאַלפּן פֿון דעם דיוויזיאָן האָבן זיך דעם סוינעס געפּאַנצערטע אָפּטיילונגען צוריקגעצויגן אונטערן שוץ פֿון שטיילן גראָבן, וועלכער האָט דורכגעשניטן דאָס פֿעלד פֿון צאָפֿן צו דאָרעם. דאָרטן האָבן זיי זיך איבערגרופּירט און, שיקנדיק פֿאָרויס אַ שטאַרקן טאַנקען־פּויסט.

האָבן זיי גענומען אַטאַקירן די הויכקייט לויט אַלע קלאַלים פון דער מיליטערישער קונסט. אומעטום, וווּהין עס האָט נאָר דער־גרייכט דאָס אויג, זײַנען די ברייטע טוווע־פעלדער געווען צעטראָטן, צעשניטן אַף פּאַסן פון די טאָפּלטע רויפן־קייטן פון די טאַנקען, צעפּיקט פון די אויפרײַסן, וועלכע האָבן געשוואַרצט אין דער געל־קייט פון דער צעטראָטענער טוווע. יאָגנדיק זיך וואָס גיכער אַרויס־צוגיין אַפן גאַט זײַנען די טאַנקען געגאַנגען אין אַטאַקע אין דער פון די דײַטשן באַליבטער פאָרמירונג — מיט אַ שפּיץ פאָרויס, צייכענענדיק זיג־זאַגן, פאַרשיטנדיק אין גאַנג דאָס בערגל מיט גראַנאַטן.

די אַרטילעריסטן האָבן אָפּגעענטפערט שפּאָרעוודיק און פינק־טלעך. דאָ און דאָרט האָבן זיך צווישן דעם קאָרן געזען אַ סאַך צעשמעטערטע אָפּגעבראָכענטע אײַזערנע קעסטלעך, ענלעך צו דעם אויסגעהוילטן שאָלעכץ פון געקאָכטע ראַקעס. פאַרשטומטע און שוין ניט קיין געפערלעכע זײַנען די אַלע מאַשינען מיט אַף זייע־רע פאַנצערס אויסגעמאָלענע קרייצן, שיידים, דראַקאָנעס, כאַיִשע מאָרדעס, געלעגן אַנגעוואָרפענע באַם זוים פון דעם געשלענגלטן גראָבן, געטונקלט אין די קוסטעס באַם וועלדל, זיך געקלאָמערט באַם וועג, קלעטערנדיק איינע אַף די אַנדערע, ווי זיי וואָלטן דאָ גע־שפּילט אַ גרויליקע קינדער־שפּיל.

צום זאַטן רייעך פון דער זון צעוואַרעמטער טוווע, צום טער־פּיקן רייעך פון סאָסנע סמאָלע, האָט זיך שאַרף צוגעמישט אַן איבלדיקער געשטאַנק פון בענזין און אַ שווערער איפּעש פון געס־מאַלעטער פאַרב און איבערגעברענטן אויל.

און דאָס אַלץ האָבן אויפגעטאָן אַ הייפעלע סאָוועטישע סאָל־דאַטן, וועלכע האָבן זיך אײַנגעגראָבן צוזאַמען מיט זייערע קאַנאָ־נען אין שאָטן פון אַ וואַלדיקן בערגל. אָבער ניט קיין ביליקן פרײַז האָבן באַצאָלט די אַרטילעריסטן דערפאַר, וואָס זיי האָבן געגעבן אַ מעגלעכקייט זייערע טיילן זיך אָפּצורײַסן פון דעם סוינעס פאַרפאָלגונג. דאָס זאַמדיקע בערגל איז געווען אַף גלאַט אָפּגעראַ־זירט פון די גראַנאַטן. צווישן די אומגעוואָרפענע סאָסנעס לעבן די צעשעדיקטע, צעקאַליעטשעטע הארמאטן זײַנען געלעגן די פאַר־טיידיקער פון דעם בערגל. קעפּ, אַף שנעל פאַרבאַנדאַזשירטע מיט פאַרבלוטיקטער מאַרלע, מיט הענט און פענעמער שוואַרץ פון

פּולווער, אין צעפּליקטע העמדלעך, מיט ווײַסע זאַלץ־פּלעקן אַף זייערע רוקנס און פּאַכוועס, שטײַפע און ברוינע פון פאַרטריקנטן בלוט.

מוסיאַ און מיטראָפּאַן איליטש זײַנען לאַנגזאַם געשטיגן אַפן בערגל אָנגעשטרענגט צו דערהערן אַ וועלכן ניט איז מענטשלעך קאָל, כאָטש אַ זיפץ, כאָטש אַ קרעכץ. עס האָט זיך אָבער נאָר געהערט דער בייזער קראַקען אין די קוסטעס, עס האָבן ווילד געגרילט די גרילן און פון אונטער די סאַמע פיס האָבן מיט אַ זשום אַרויסגעפלאַטערט רויט־פליגלדיקע „גאָטס קיעלעך“.

אַפן שפּיץ בערגל, אין אַ ניט קיין טיפן אָקאָפּ, הינטער אַ גרויסן סאָסנע־בוים, אויסגעריסן מיט די וואָרצלען, איז געזעסן אײַנגעבויגן אַ דאַרער שאַרף־פּענעמדיקער יאַט אָן אַ קאַסקע, מיט דרײַ קוביקעס אַרויפגעגייטע אַף זײַנע שוואַרצע לאַצן. דער רעכטער אַרבל פון זײַן העמדל איז געווען צעפּליקט און ליידיק. די לינקע האַנט, געל ווי וואַקס, אַראָפּגעלאָזן אַפן גרינעם קעסטל פון פעלד־טעלעפאָן. מיטן אַקסל צוגעדריקט צו זײַן אויער דאָס טעלעפאָן־טרײַבל. זײַן קאַסקע האָט זיך געוואַלגערט לעבן זײַנע פיס. דאָ, אַפן באַאָבאַכטס־פּונקט, באַם טעלעפאָן דורך וועלכן ער האָט שוין אָן אַ האַנט, אויסגייענדיק מיט בלוט, נאָך אַלץ דיקטירט די ריכטונגען פאַר די האַרמאַטן, האָט אים געטראָפן די לעצטע קויל. אָבער אַפילע דער טויט האָט ניט אומגעוואָרפן דעם קאָמאַנדיר. ער איז געבליבן זיצן פאַרגליווערט אין אַ ווינקל פון זײַן שוץ־גרוב, מיטן בינאָקל אַפן האַלדז, מיטן טעלעפאָן־טרײַבל באַם אויער, אײַבערגעבויגן איבער דער מאַפּע מיט די ציל־אָביעקטן. אַן ערנסטער פאַרזאָרגטער אויסדרוק איז שוין אַף אייביק פאַרבליבן אָפּגעשטעמפּלט אַף זײַן פּאָנעם, באַשפּריצט מיט גרויסע גרינלעכע זומערשפּרינקעלעך. דער ווינט האָט געשויבערט זײַנע גלײַכע, שטײַפע געלע האָר. עס האָט אויסגעזען ווי דער באָכער וואָלט זיך פאַרטראַכט איבער עפּעס אַ שווערער קאַמפּס־פּראָבלעם, באַלד אָבער וועט ער זי לייזן, וועט עלאַסטיש אויפשפּרינגען, וועט פאַרזאָרגט אַ בליק טאָן אין בינאָקל, אַ דריי טאָן דאָס הענטל פון טעלעפאָן־אַפּאַראַט און וועט איבערגעבן אַ באַפעל: אָריענטיר־פּונקט אַזעלכער און אַזעלכער, ציל אַזאַ און אַזאַ! פײַער!

מיטראָפּאַן איליטש און מוסיאַ האָבן זיך פאַרהאַלטן באַם קער־

פּער פון דעם עלטסטן לייטענאַנט. ביידע האָבן ניט געהאַט די מינדסטע אַנונג אין קריגס־איניאַנים און האָבן, פאַרשטענדלעך, ניט געקענט זיך פונאַנדערקלײַבן אין דעם טאָך פון דעם ניט גלײַכן קאַמף, וועלכער איז דאָ פאָרגעקומען, באַם אַרויספאָר אַפן וועג. אָבער די פּראָסטע, בוילעטע און פאַרשטענדלעכע, אפילו פאַר אַ ניט געניט אויג, פּראָפּאָרץ פון די פאַרלוסטן, די פּאָזעס אין וועלכע עס זײַנען געבליבן ליגן די פאַרטיידיקער פון דעם בערגל — דאָס אַלץ האָט איבערראַשט מיט איר עפּישער גרויסקייט.

דער אַלטער האָט זיך שווער אַראָפּגעלאָזט אַף די קני און מיט יִראַס האַקאָווד אַ קוש געטאָן דעם ברייטן ריינעם שטערן פון דעם אַרטילעריסט. דערנאָך האָט ער זיך אויפגעשטעלט אַ שטרענגער און פײַערלעכער.

— קען מען דען אַזעלכע באַזיגן? דערהאַרגענען קען מען, אָבער באַזיגן — קיינמאָל ניט. פאַר אונדז מיט דיר, מוסיאַ, איז דאָס אַ לערע, און נאָך וואָס פאַראַ לערע ! — אָנווײַזנדיק מיט דער האַנט אַף דעם אָפּגעשונדענעם בערגל, האָט ער צוגעגעבן : — געדענק דאָס אַלץ . . .

מיטראָפאַן איליטש האָט בייז אַ הוסט געטאָן, אָנגערוקט זײַן הוט איבער די אויערן און איז שנעל אַוועק, קימאַט אַראָפּגעלאָפן פון בערגל צום גאַט, דער צוטריט צו וועלכן עס איז געווען צעמאָלן דורך פיס, רעדער און טאַנקען־קייטן. מוסיאַ האָט זיך שוין קימאַט ווי געלאָזט גיין נאָך אים, זי האָט זיך אָבער געכאַפּט, אָנגעריסן ווײַסע און רויטע פעלד־בלימלעך, זיך צוריקגעקערט צום אָקאָפּ און אַוועקגעלייגט די בלומען אַף דעם אַרטילעריסטס קני. צום ערשטן מאָל אין איר לעבן האָט זי אַזוי נאָענט געזען אַ טויטן, מיט שטוינונג האָט זי זיך איבערצײַגט, אַז אויך דער טויט קען זײַן ניט ווייניקער מאַיעסטעטיש, ווי דאָס לעבן.

דאָס מיידל האָט אָנגעיאָגט איר באַגלייטער שוין אַפן גאַט ער האָט ברייט געשפּאַנט איבער די פאַרפוילטע קלעצער, באַוואַקסענע מיט זומפּן־גראָז, וועלכע האָבן געכליופּעט אונטער זײַנע פיס. דערהערנדיק אירע טריט, האָט ער זיך ניט אומגעדרייט, ער האָט נאָר אַ זיפץ געטאָן.

פאַר דער מיידלס אויגן איז געשטאַנען דאָס באַזייטע מיט

זומער־שפּרינקעלעך פּאָנעם, און אַ לאָק געלע האָר, וועלכן דער ווינט האָט לײַכט געשויבערט. ס'איז ניט געווען קיין כיישעק צו שמועסן.

דעם גאַנצן טאָג ביזן זון־פאַרגאַנג זײַנען זיי בײדע געגאַנגען פאַרזונקען יעדער אײנער אין זײַנע מאַכשאָוועס. וועגן דאָס געזעענע האָבן זיי אין מעשעך פון עטלעכע טעג מיט אַ וואָרט ניט דערמאָנט. אָבער אײנמאָל פאַרנאַכט, ווען זיי זײַנען שטיין געבליבן אַף נאַכטלעגער אין אַ געדיכטן סאָסנע־וועלדל, באַ אַ קלײנעם טײַכל, פון וועלכן ס'האָט זיך ווי אַ רויך, געהויבן אַ שיטערער נעפּל, האָט מיטראָפּאַן איליטש, אַראָפּוואַרפנדיק אַף דער לאַנקע אַ שטויס טרוקענע צווײַגן, וועלכע ער האָט צונויפגעקליבן פאַרן שײַטער, פּלוצים אַ טראַכט געטאָן אַף אַ קאָל.

— נו, וואָס איז די פּעולע פון דעם וואָס דער פאַשיסט איז ווײַט אַרײַנגעקראָכן? ער איז געקומען און וועט אָוועק, אויב עס וועט נאָך זײַן ווער עס זאָל אָוועק... מיט אַזעלכע מענטשן...

— ער האָט אָפּגעזיפצט, אַ קוק געטאָן צו מײַרעוו, אַהין, וווּ ווײַט אַ הינטער איז פאַרבליבן דאָס אָפּגעשוונדענע בערגל: — מיט אַזאַ מין פאָלק וועלן מיר יעדן סוינע באַזיגן.

און מוסיאַ, וועלכע האָט דאַן געשוועגקט באַם טײַך די אָפּגעשיילטע קאַרטאָפל, דרייענדיק זיי שנעל אין קעסעלע, האָט גלײַך פאַרשטאַנען וועגן וועמען ער רעדט.

— איר געדענקט זײַן פּאָנעם? ער, טויטערהייט איז געווען מער לעבעדיק, ווי אַנדערע לעבעדיקע. ניט עמעס? — האָט זי זיך אַ פאַרקלערטע אָפּגערופן פון אונטערן ברעג.

מיטראָפּאַן איליטש האָט אָנגעריבן אַ שוועבעלע, דאָס געלאָזט זיך צעברענען צווישן זײַנע צונויפגעלייגטע הענט, געלאַסן צוגעטראָגן דאָס פײַער צו די ווײַסע לאָקן פון דער בערעזענער קאָרע, וועלכע ער האָט אַרונטערגערוקט אונטער די סאָסנע־צווײַגן. די קאָרע האָט לײַכט אַ פלאַקער געטאָן און גענומען זיך קאַרבן, קנאַקנדיק ווי שמאַלץ אַף דער סקאָוואָראָדע.

אָט אַזוי דאַרף מען דערפילן דעם כויוו צום פאָטערלאַנד. גאָט זאָל געבן אַז איך מיט דיר זאָלן אים אויך אַזוי קענען אויספירן.

די קאָרע האָט זיך אַלץ מער צונויפגעדרייט און מיט אַ קנאַ־קערײַ און וואָיען זיך צעפּלאַקערט. פײַער־צינגלעך האָבן געטאַנצט צווישן די טרוקענע צווײַגן. דער שײַטער האָט זיך אָנגעכאַפּט פֿון אַלע זײַטן, און זײַן לעבעדיקער פרייליכער פײַער האָט באַלויכטן דעם אַלטנס שטרענגן, פֿאַרטראַכטן פּאָנעם.

ערגעץ גאָר נאָענט, הינטערן טײַכל האָט איינטאָניק און אײַנ־געשפּאַרט געשריִען אַ קוראָפּאַטקע. דין האָבן געזונגען די קאָמאַרן. דאָס וואַסער האָט שטיל געטשמאָקעט די גראָזיקע ברעגן. דורך דער פֿײַכטער, וואַרעמער פֿינצטערניש האָט מוסיאַ מיט נײַגערי־קייט געקוקט אַף איר באַגלייטער.

„פֿאַראַן באַ אים וואָס צו לערנען. ווי ער גייט, ווי ער צעפֿירט אַ שײַטער, און סאַראַ שיינע געדאַנקען ער האָט וועגן לעבן. אָט האָסטו דיר די „קאָנצעלאַרסקע קלעק", אָט האָסטו דיר די „רעכן־מאַשינקע מיט אַ בערדל!".

# VI

יענעם אָוונט איז מוסיאַ גלײַך אַנטשלאָפן געוואָרן, ווי נאָר זי האָט זיך אויסגעצויגן אַפן דופטיקן געלעגער פון פרישן סכאַך, וועלכן זי האָט דאָס מאָל אַליין אָנגעהאַקט פאַר זיך און פאַר איר באַגלייטער.

מיטראָפאַן איליטש האָט אָבער ווידער געליטן פון שלאָפלאָזיקייט. קעדיי דער פײַער אָדער דער רויך זאָל ניט צוציִען עמעצן צו זייער נאַכטלעגער, האָט ער צעשלײַדערט דעם שײַטער. פאַרגאָסן מיט וואַסער די גליִענדיקע האָלאָוועשקעס און פאַרטראָטן די קוילן. דערנאָך האָט ער זיך אויסגעצויגן אַפן רוקן מיט די הענט פאַרלייגט אונטערן קאָפּ און האָט זיך פאַרטראַכט. ווי גוט עס איז געווען פריִער אין אַזאַ וואַרעמער גריגלעכער זומער־נאכט, באַם מילדן שײַן פון די שטערן, צווישן לײַכטן דורכזיכטיקן נעפּל, וועלכער האָט ווי זיך געוויכערט מיט דינע צאַפּלדיקע פעדעם. ליגן אָט אַזוי אַף דער ערד אין דעם דופטיקן גראָז, וואָס שטראַלט אויס פון זיך די באַטאָגיקע וואַרעמקייט! וואָס פאַראַ מאַיעסטעטישע רויִקייט הערשט אין דער נאַטור אין אָט דער שאָ! דער וואַלד, די לאָנקע, דער טײַך פאַרצויגן מיט אַ נעפּל, אַלץ שלאָפט מיט אַ פעסטן שלאָף פון אַ גיבער. ווי פריידיק האָט זיך עס געפילט דער מענטש, ווען נאָך אַ וואָך אַרבעט, קען ער זיך אײַנגלידערן אין אָט אזא מין ווארעמער נאכט אין דער רו פון דער נאטור, הערן דעם שאָרך פון דעם דרעמלדיקן וואַלד, אײַנזאַפּן אין זיך דעם דופט פון דעם בליִענדיקן גראָז, נאָך דופטיקער פון דער טויאיקער קילקייט.

עס איז דאָך די זעלבע זומער־נאַכט, דאָס זעלבע שעמערירן פון דעם גרינלעכן דורכזיכטיקן הימל, דער זעלבער דורכזיכטיקער

נעפּל שפּרייט זיך איבער דער לאָנקע, פּונקט ווי דאָן ציט פון טײַך מיט אַ קאַלטער דומפּיקער פײַכטקייט, אָבער עס פילט זיך ניט, ניט קיין רו און ניט קיין פרייד. אין דעם קוואַקען פון די זשאַבעס הערט זיך עפּעס אַן אומרויִקייט, אַ וואָרענונג. עס ווייגט אַ נאַכט־פויגל, ווי אַ מוטער וואָלט געקלאָגט איבער איר אומגעבראַכטן זון. אין דעם זיסן רייעך פון די וואַסער־גראָזן וועלכן דער ווינט דערטראָגט פון דעם ברעג, פילט זיך אַ בײַטאַם פון פוילעניש. אַפילע אין די מאָנאָטאָנע געשרייען פון די קוראָפּאַטקעס, וועלכע מען פלעגט אין די קינדער־יאָרן נאָכמאַכן: „שלאָפן גיי!" קלינגט איצט ווי אַ וואָרענונג: „גיב אַכטונג, גיב אַכטונג!".

וואָס־זשע אַזוינס איז געשען? דאָ, אין די ערטער, איז דאָך דער סוינע אַפילע ניט געווען, ער איז דאָך פאַרבײַגעגאַנגען מיט אַן אַנדער וועג? די מילכאָמע האָט דאָך אויסגעמיטן די וואַלדיקע געדיכטעכישן. אָבער די זומערדיקע נאַכט ברענגט שוין ניט מער קיין פרייד און קיין רו, דאָס געהער איז אָנגעשפּיצט, די נערוון אָנגעצויגן. מיטראָפאַן איליטש זיפצט, ער וואַרפט אומגעדולדיקע בליקן אַפן צווייטן ברעג טײַך, עפּשער מערקט זיך שוין דאָרט דער געלער שטרײַף פון באַגינען, וועט מען שוין איינגיכן ווידער זיך קענען אַ ריר טאָן אין וועג אַרײַן. זאָל שוין וואָס שנעלער אָנקומען דער פרימאָרגן!

אין טײַך האָט אַ פּלעסקע געטאָן אַ גרויסער פיש. מיט אַ זיפצן און קרעכצן פון אַ זאָקן, האָט זיך מיטראָפאַן איליטש אויפגעהויבן פון זײַן דומפּיקן געלעגער, פון אַ צווײַג מיט אַ שטיק קאָרע האָט ער געמאַכט אַ פאַקל, אים אָנגעצונדן און זיך אַראָפּגעלאָזט צום טײַך. מיט דער הוילער האַנט האָט ער געכאַפּט עטלעכע בונטע פישעלעך, וועלכע האָבן געדרעמלט אַף די שטיינער ניט ווײַט פון ברעג. די פישעלעך האָט ער אַרויפגעזעצט אַף האַטשיקעס און זיי פאַרוואָרפן אין טײַך אַרײַן ניט ווײַט פון אַ קליינעם שאָטנדיקן סטאַוו, וועלכן ער האָט נאָך באַמערקט דעם פאָריקן אָוונט. די שפּײַז־רעזערוון זייערע לאָזן זיך שנעל אויס, אַ נישקאָשעדיקער העכט וועט גוט צונוץ קומען. נאָכפאָלגנדיק די אַזשורנע קרײַזן, וועלכע זײַנען זיך פונאַנדערגעגאַנגען איבערן שטילן וואַסער, האָט ער געקלערט זיך ווידער גיין לייגן און עפּשער אײַנשלאָפן, נאָר דאָ איז זײַן בליק געפאַלן אַף עפּעס אַ זאַך, וואָס האָט געגלאַנצט

ווי גאָלד אַף דער קליינער סטעזשקע. מיטראָפאַן איליטש האָט זיך אַזוי דערשראָקן, אַזש אַ שווייס האָט אים באַגאָסן. זאָל דאָס דער זאַק האָבן געפּלאַצט און דאָס גאָלד איז אַרויסגעפאַלן פון אים בעיס זיי זײַנען דאָ נעכטן פאַרבײַגעגאַנגען.

מיטראָפאַן איליטש האָט זיך אײַנגעבויגן און מיט אַ ציטערדיקער האַנט אַ כאַפּ געטאָן די גלאַנציקע זאַך. ס׳איז געווען אַ טײַך־מושל. אַפּאַנעם אַז אַ קראָ האָט אים אַרויסגעשלעפּט פון וואַסער און אויסגעפּיקט דעם אינגעווייד. ניט קוקנדיק דערויף וואָס באַם אַלטן אין דער האַנט איז געלעגן בלויז אַ שיידל פון טײַך־מושל, האָט זײַן האַרץ דאָך פאָרגעזעצט צו קלאַפּן אומרויִק.

זיי האָבן דאָך איבערגענומען דאָס צירונג פּראָסט אַף דער וואָג, געוואויגן אויך אין אײַלעניש און זיכער ניט גענוי. עס קען דאָך עטוואָס פאַרלוירן ווערן, און אַפילע מעגלעך, אַז עס איז שוין פאַרלוירן געוואָרן ווען זיי האָבן איבערגעלייגט די זאַכן פון איין זאַק אין צווייטן. און דעם פאַרלוסט קען מען דאָך אַפילע ניט פעסטשטעלן, ווײַל אַלץ איז צוגענומען געוואָרן אָן אַן אינווענטאַר, אַפילע אָן דער עלעמענטאַרסטער פאַרצייכענונג. ווי איז דאָס מעגלעך, אַז ער, אַ געניטער באַנק־אַרבעטער זאָל מאַכן אַזאַ פעלער? און אַלץ צוליב יאָגעניש, אײַלעניש . . . און דערצו נאָך די נאַרישע, פּוסטע מויד, באַ וועלכער אַ ווינט שפּאַצירט אין מויעך, וועלכע באַציט זיך צו ווערט־זאַכן, פּונקט ווי צו קאַרטאָפל. אָבער נייִן, קאַרטאָפל היט זי אָפּ זייער שטרענג. ערשט הײַנט האָט זי איבערגעציילט די קאַרטאָפל און האָט געכעזשבנט אַף ווי לאַנג עס וועט זיי נאָך סטײַען. און טראָגן, טראָגט זי די קאַרטאָפל אויך אָן פּראָטעסטן, אָן טײַנעס . . . אַ מאָדנע באַשעפעניש!

„נייִן, דאָס מוז מען גוטמאַכן, און פאַרריכטן טאַקע שוין. באַלד! אָבער וויִאַזוי? — האָט זיך געבראָכן דעם מויעך דער אַלטער, האַלטנדיק אין די הענט דעם מושל — גיי שטעל צונויף אַן אַקט, אַז דו פאַרמאָגסט ניט קיין טראָפּן טינט און קיין ברעקל פּאַפּיר. וואָס־זשע, עפּשער דאָס אויפשרײַבן אַף דער קאָרע, ווי פאַרצײַטנס? מען וואָלט אַפילע יאָ געקענט דאָס מאַכן אַף דער קאָרע, וועסטו דען אָבער מיט דעם פאַרטיק ווערן, ס׳איז דאָך אַזויפיל גאָלד און פאַרשיידענע כפייצים. עפּשער אָפּן לײַוונט פון אַ העמד? — ס׳איז אַן אײַנפאַל . . . אָבער ס׳איז דאָך אַ טײַוולישע

אַרבעט צו שרײַבן אָפּן לײַוונט. ווער ווייס וויפל טעג דאָס וועט דויערן ? יאָ, אַ פּראָבלעם !"

דער הימל אין מיזרעך האָט שוין אָנגעהויבן קלאָר צו ווערן. עס האָבן זיך גענומען באַגילדן די סאָסנע־שפּיצן, דער שלאָפנדיקער וואַלד, אָבער, איז נאָך פול געווען מיט אַ פּאַרטאָגיקן לילאַ־נעפּל. ווען מיטראָפאַן איליטשן איז ענדלעך אײַנגעפאַלן אַ געדאַנק: „די ערד־דיפּלאָמען !". זיכער, די „ערד־דיפּלאָמען", די „שלאָגלער־סערטיפיקאַטן", די אַטעסטאַטן פון שטאַטישן סאָוועט, אַט די אַלע אָנדענקען פון לאַנגיאָריקן, ערלעכן, האָרעפּאַשנעם לעבן, וועלכע ער האָט מיטגענומען מיט זיך. ער האָט דאָך אַ סאַך און עס וועט סטײַען, ווען מען זאָל אַף דער לינקער זײַט מיט פּיצינקע אויסיעלער פאַרצייכענען אַלץ, וואָס די אײַזנבאַנער האָבן זיי איבערגעגעבן.

דער אַלטער איז אויפגעשפּרונגען. זיך אַרומגעוואַשן אין טײַכל, וועלכער האָט געריוכלט מיט אַ ראָזלעכן נעפּל, זיך אָפּגע־ווישט מיט דער פּאָלע פון העמד, אַ קריאַקע געטאָן פון טײַנעג, דערפילנדיק אין זיך אַ צופלוס פון פרישע קויכעס. צו דער אַר־בעט ! די אַלע דיפּלאָמען זײַנען געלעגן אין זאַק, וועלכער איז געווען באַ מוסיאַן צוקאָפּנס. ער האָט פאָרזיכטיק אונטערגעהויבן איר קאָפּ און אַרויסגעצויגן פון דעם זאַק די צונויפגעוויקלטע פּאַ־פּירן. מוסיאַ האָט זיך ניט אויפגעכאַפּט. זי האָט נאָר קינדעריש אַ סמאָטשקע געטאָן מיט די ליפּן און אײַנציִענדיק די פיס קימאַט ביז צו דער גאָמבע, נאָך פעסטער זיך צונויפגעדרייט ווי אַ בייגל.

„אויסגעצייכנט, זאָל זי דאָרט שלאָפן וואָס מער, וועט קיי־נער מיר ניט זשומען אין די אויערן". דער אַלטער האָט אײַנגע־דעקט מוסיאַן מיט דער קאָלדרע איבערן קאָפּ און אַליין האָט ער זיך אײַנגעאָרדנט באַם שטאַם פון אַן אָפּגעזעגטן בוים, צעלייגט אַף אים, ווי אַף אַ טיש די פּאַפּירן, אַרויסגעשלעפּט פון קעשענע פון זײַן העמדל אַן אַלטמאָדישע פּענסנע, אַרויפגעזעצט עס אַפן נאָז און מיט אַ געניטער האַנט אָנגעהויבן לינירן דאָס פּאַפּיר. די דאָזיקע איינפאַכע קאַנצעלאַריע־אַרבעט האָט ער דורכגעפירט מיט אַ פריידיקער דערהויבנקייט פון אַ קונסט־מאַלער, וועלכער נעמט זיך ווידער צום פּענדזל נאָך אַ לאַנגיאָריקן איבעררײַס. די הענט האָבן אים אַזש געציטערט באַם אויפשרײַבן מיט אַ טינט־בלײַער, מיט זײַן גלײַכער האַנטשריפט, די גוט־באַקאַנטע און איצט אַזעל־

כע סימפּאַטישע ווערטער: „אינווענטאַר־ליסטע פון די ווערטזאַכן, באַקומענע דעם 2טן יולי 1941 דורך דער שטאָטישער אָפּטיילונג פון מעלוכע־באַנק פון די בירגער אינאַקענטיעוו ע. פּ. און טשאַרני מ. אָ., וועלכע דאַרפן איבערגעגעבן ווערן אין דער נאָענטסטער קאָנטאָר פון מעלוכע־באַנק פון פ.ס.ס.ר. אַף דער ניט־באַזעצטער פון סוינע טעריטאָריע". דערנאָך האָט ער מיט אַ געניטער האַנט אָנגעצייכנט די קעפּלעך פון די גראַפן: נומער לויט דער אָרדענונג, וואָס פאַראַ כייפעץ אויפגענומען, באַזונדערע סימאָנים, באַמערקונגען. ער האָט אַראָפּגערוקט די פּענסנע אַפן שפּיץ נאָז און זיך גענומען צוזאַמענצושטעלן די אינווענטאַר־ליסטע, איבערלייגנדיק בעשאַס מײַסע די כפייצים אײנציקווײַז פון איין שטויס אין אַנדערן.

גענאַרבעט האָט ער אַזוי ווי שטענדיק, אינטענסיוו, שנעל און פּינקטלעך; דערבײַ האָט ער אינגאַנצן פאַרגעסן, אַז ער געפינט זיך ניט אין באַנק־ביוראָ, נאָר אונטערן זיך רויטלענדיקן פרימאָרגן־הימל, בײַ אַ שטאַם פון אַ בוים, וועלכער גלאַנצט מיט די בורשטינענע יאָרן־רינגען. קיינמאָל האָט ער נאָך ניט געפילט אַזאַ מין גענוס פון דעם פּראָצעס גופע פון דער געוווינטער אַרבעט, ווי איצטער, ווען ער איז געווען אָפּגעריסן פון איר אַף ווער ווייס וויפל צײַט, און מעגלעך אַפילע אַז אַף אייביק. פון צײַט צו צײַט פלעגט ער איבעררײַסן זײַן אַרבעט, זיך אָפּרײַסן אַף אַ רעגע פון די אַזוי פּינקטלעך אויסגעפילטע גראַפיק־קעסטעלעך קעדיי אויסצוגלײַכן זײַן פאַרשטאַרטן רוקן און אויסקנאַקן די געלענקען פון זײַנע פינגער. דאָס איז געווען אַ סימען פון צופרידנקייט. אָך ווי עס האָט זיך דאָס געאַרבעט יענעם טאָג! אַפילע דאַן ווען ער האָט באַוויזן פאַר די קאָלווירטישע גערטנער, וועלכע האָבן בעייס מײַסע אַזש אונטערגעהוסט פון דערעכערעץ, זײַנע ווײַנטרויבן „אַרינקאַ", האָט ער אויך ניט געפילט אַזאַ צופרידנקייט, ווי אין אָט די שאָען, אײַנגעבויגן אין אַן אומבאַקוועמער פּאָזע איבערן אָפּגעזעגטן שטאַם, בײַ די שטרענג־אויסלינירטע גראַפיק־קעסטעלעך.

ווען מוסיאַ האָט זיך אויפגעכאַפּט פון די הייסע זונען־שטראַלן, האָט זי דערזען אַזאַ מין בילד: ניט ווײַט פון איר, אין דעם בלויזן העמדל, מיט שלייקעס, די שפּיץ נאָז פאַרקלעמט מיט טשעכאָווישע פּענסנע, איז געזעסן מיטראָפאַן איליטש לעבן אַן אָפּ־

געזעגנט שטאָם און געשריבן. אַף זײַן פּאָנעם איז געלעגן אויס־געגאָסן יענער קאָנצענטרירטער, באַזאָרגטער אויסדרוק, וועלכן אַלע זײַנען געוווינט געווען צו זען אין באַנק. אָפּן פּאָן פון טוי געוואַשענעם וואַלד האָט דאָס אַלץ אויסגעזען אַזוי קאָמיש, אַז דאָס מיידל האָט זיך ניט געקענט אײַנהאַלטן און אַרויסגעשאָסן אַ געלעכטער.

דער אַלטער האָט אַרויפגעצויגן די ברילן, אַן אומצופרידענער אַ קוק געטאָן אַפּן מיידל, פּײַנלעך אָפּגעזיפּצט און ווײַטער פאָרגעזעצט זײַן אַרבעט.

אַנטקעגן אים, אַפּן זאָרגפעליק פאַרשפרייטן מאַנטל, זײַנען געלעגן שטויסן מיט צירונג, וועלכע ער פלעגט איבערלייגן בעייסן שרײַבן פון איין אָרט אַפּן אַנדערן.

— אַ גוט־מאָרגן. קען איך אײַך עפּשער מיט עפּעס העלפן ?

— האָט געפרעגט מוסיאַ, דערשטיקנדיק אַף קויעך איר שמייכל.

— קענסט. שווײַג און שטער ניט. — האָט דער אַלטער אַ ברום געטאָן, ניט אָפּרײַסנדיק זיך פון דער אַרבעט.

ער האָט זיך אויסגעגלײַכט, זיך אויסגעצויגן אַזוי, אַז די ביינער האָבן אַזש אַ קנאַק געטאָן, און צוקנאַקנדיק מיט די פינגער, מיט אַ זיגערישער מינע אַפּן פּאָנעם געזאָגט :

— עס האָט מיך אַזש אַ גרויל אַרומגענומען, ווען איך האָב דאָ רויִק איבערגעקוקט אַלץ. דאָ געפינען זיך אַזעלכע שטיינער... זעלטנהײַטן... אומגעהײַער ווערט... געוואַלדיקער ווערט.

מוסיאַן איז דאָך ניט געלונגען אײַנצוהאַלטן איר שפּאָטישן שמייכל : „ווידער דאָס זײַניקע. ווער עס טראַכט פון וואָס, אָבער דער ציגײַנער פון שפּעק", — ווי עס פלעגט זיך אויסדריקן באַ אַזעלכע געלעגנהייטן איר פאָטער. ס'איז טאַקע עמעס, אַז זי קען זיך אַפילע ניט מעשאָער זײַן, וויפל דאָס אַלץ איז ווערט. זי ווייס דאָס ניט און וויל אַפילע ניט וויסן. זי האָט, פאַרשטייט זיך, געלייענט אין די ביכער וועגן קויעך פון גאָלד, אָבער זי האָט זיך קיינמאָל וועגן דעם ניט פאַרטראַכט, ווײַל זי האָט גאַנץ אויפריכטיק געגלויבט, אַז דער פינצטערער קויעך פון דעם איידעלן מעטאַל, וועגן וועלכן עס איז אַזויפיל געשריבן געוואָרן פון היסטאָריקער, שרײַבער און דיכטער אין מעשעך פון די פאַרלאָפענע יאָרהונדערטער — איז אין אונדזער לאַנד פונקט אַזאַ אָפּגעלעבטע.

פאַרעלטערטע און פאַרטריבענע לעגענדע, ווי די באָבע־מײַסעס וועגן „דעם בלויען צאַרישן בלוט", וועגן „גאָטס קראַפט" און אויך אַנדערע ענלעכע מײַסעס, וואָס לייגן זיך ניט אַפן סייכל.

איינמאָל בלויז אין לעבן האָט מוסיאַ פאַרמאָגט אַ גאָלדענע זאַך, און, קען זײַן, אַז דאָס האָט טאַקע אַף אייביק אונטערגעגראָבן אין אירע אויגן דעם אויטאָריטעט פון דעם איידעלן מעטאַל. דאָס איז געווען אַ פאַרצײַטיקער, מאַסיווער גאָלדענער רינג מיט אַ בלוי־שטיינדל. ווען מוסיאַ האָט, ניט געקוקט אַף אירע ספּאָרט־ און געזאַנג־נייגונגען, דאָך אויסגעצייכנט פאַרענדיקט דעם זיבעטן קלאַס, האָט די מוטער אַרויסגעשלעפּט דעם רינג פון אַ שופלאָד פון קאָמאָד און פײַערלעך איר אים געשאָנקען. דערבײַ האָט זי איר דערציילט, אַז דאָס איז איר פאָטערס כאַסענע־מאַטאָנע, און ביכלאַל אַ ווערטפולע זאַך. דאָס מיידל האָט אַן אַנטוישטע געדרייט דעם רינג צווישן אירע פינגער, ווען זי האָט אָבער אַף איר מוטערס פּנים באַמערקט אַן אויסדרוק פון אומרויִקער אייפערזוכט, האָט זי גענומען טומלדיק זיך אַנטציקן און הייס באַדאַנקען דער מוטער פאַרן געשאַנק. דאָס רינגל איז איר ניט געפעלן. ער איז געווען דיק און אומגעלומפּערט. קעדיי אָבער ניט צו באַליידיקן די מוטער, פלעגט זי אים אָנטאָן אין די יאָנטעוו־טעג. אַרויסגייענדיק אָבער אַפן גאַס, פלעגט זי אים אויסטאָן און פאַרבאַהאַלטן אין קעשענע. זי האָט זיך געשעמט צו טראָגן אַפן האַנט דעם שווערן אַלטפרענקישן כייפעץ.

יאָ, דער פינצטערער קויעך פון גאָלד איז געווען פאַר איר אומפאַרשטענדלעך און פרעמד. אָבער יענע זאַכן, וועלכע זײַנען געלעגן לעבן מיטראָפאַן איליטשן, זײַנען איר זייער געפעלן געוואָרן, ווען זי האָט זיי באַטראַכט אין דער שײַן פון די פרימאָרגנדיקע זונען־שטראַלן. זיי זײַנען געווען אַזוי שיין, זיי האָבן אַזוי פרעכטיק געגלאַנצט אַף דעם וואַטענעם אונטערשלאַק פון דעם אַלטן מאַנטל, די שטיינדלעך האָבן געפינקלט, געשטאָכן די אויגן מיט שפּיציקע פײַערלעך פון פאַרשיידענע קאָלירן. מוסיאַן איז פּלוצים אײַנגעפאַלן אָנצומעסטן די שמאָכטעלעך. זי האָט מיט אַן איראָנישן שמייכל גענומען אַ גרויסע מיט דימענטן באַשאָטענע דיאַדעמע און מיט אַן עכט ווײַבערישן אינסטינקט האָט זי פלינק צוגעשפּיליעט דאָס אומבאַקאַנטע פאַר איר צירונג צו אירע קורצע

יינגלש־געשווירענע בלאָנדע האָר, וועלכע האָבן זיך געלאָקט אין ווייכע קרײַזעלעך. מיטראָפּאַן איליטש האָט געוואָרפן אַף איר אַ קרומען בליק און האָט אַ שמייכל געטאָן.

— זאָלסט נאָר געדענקען פון וואַנען דו נעמסט אַרויס... זאָלסט ניט צעמישן.

„אָרעמע, היימלאָזע מיידעלע" — האָט ער געטראַכט, וויפל וועט איר נאָך אויסקומען איבערצוטראָגן? וואָס דערוואַרט איר אַפן וועג? זאָל זי כאָטש אַביסל האָנאָע האָבן. עפּשער וועט זי נאָך באַגרײַפן דעם ווערט פון די זאַכן און וועט זיך אויפהערן צו באַציִען אַזוי לײַכטזיניק צו אונדזער פּאַק".

— און פּאָרזיכטיקער, זאָלסט, גאָט באַהיט, ניט פאַרזייען עפּעס אין דעם גראָז.

מוסיאַ האָט זייער געשיקט באַפּוצט אירע דינע, שוין אָפּגע־ברענטע פון דער זון הענט, מיט בראַסלעטן, אָנגעטאָן אַף איר הויכן שלאַנקן האַלדז אַ פינקלענדיקן האַלדזבאַנד פון ברילליאַנטענע שטערנס פון אַלערליי גרויסן צונויפגעשמאָלצענע צווישן זיך אין אַ קייטל, זי האָט צוגעשפּיליעט צו איר קלייד אַ שמאַראַגדענע בראָש, אין דער פאָרעם פון אַ דעמבענעם צווײַגעלע מיט אַ נוס אַ וווּנדערבאַרן אַלעקסאַנדריט־שטיין, וועלכער האָט זיך אָנגעצונדן אַפן זון מיט אַ סויד'עספולן צאַפּלדיקן גריניגעם פײַערל, זי האָט אויך אַרויסגעשלעפּט אַ פּאָר אויריננגלעך — צוויי ווײַנטרויבן־בינטלעך פון ראָזע גרויסע פּערל, וועלכע האָבן געגלאַנצט מיט קאָלערליי קאָלירן פון אַ רעגנבויגן, — אָבער זי האָט זיי גלײַך צוריקגע־וואָרפן, ווײַל אירע אויערן זײַנען ניט געווען צוגעפּאַסט צו טראָגן אָט די באַרבאַרישע צירונג.

פינקלענדיק מיטן צירונג, האָט זיך מוסיאַ שעלמיש אַ שטעל געטאָן מיט די הענט אין די באָקעס און קוקנדיק מיט ניצאָכן אַף איר באַגלייטער, האָט זי גענומען זינגען אַן אַריע פון איר באַ־ליבטסטער אָפּערע „אקסאנא":

אין אַ נײַער קליידעלע אונדזער טאָכטער גייט
מיט בלומען אויסגענייט
אַף איר ווײַסן העלדזעלע גאָלדענע קאָרעלן
גאָלדענע קאָרעלן.

דער אַלטער קאַסיר האָט זיך אומגעקוקט. עס האָט זיך איס אויסגעוויזן, אַז דאָס זינגט אַן עמעסע אַרטיסטקע, וועלכע האָט זיך ווער ווייס פון וואַנען גענומען אַהער אַף דער לאַנקע באַם טײַך. ער האָט אַרויפגערוקט זײַנע ברילן, זײַנע ברעמען האָבן זיך פאַרצויגן צום שטערן.

— אַהאַ, אַזאַ מין ביסטו דאָס גאָר?

מוסיאַ האָט שטיפעריש אַ טרייסל געטאָן אירע לאָקן און די אַלע ברילִיאַנטן האָבן אַ פלייץ געטאָן דעם אַלטן אין די אויגן מיט סנאָפּעס פילפאַרביקע שטראַלן.

— וואָס פאַראַ בין איך דאָס?

מוסיאַ האָט געפילט אַז אין איר אַנטוועכץ מוז זי געפעלן ווערן אַלעמען, אַלעמען. זי זאָל נאָר קענען אַנקוקן זיך איצט אין אַ שפיגל, ווי דאָס האָט געטאָן די צעלאָזענע אָקסאַנאַ אין דער אָפּערע! אַזאַ צאַרע, ווו נעמט מען דאָס איצט אַ שפיגל?

— נו, וואָס בין איך דאָס, זאָגט?

— נו, אָט אַזאַ מין — מיטראָפאַן איליטש האָט אַ קנאַק געטאָן מיט די פינגער — אַזאַ... אויסערגעוויינלעכע.

— וואַרט... — האָט מוסיאַ אַ געשריי געטאָן מיט פרייד.

מיט שנעלע טריט פון אירע באָרוועסע פיסלעך האָט זי זיך דורכגעטראָגן איבערן טויאיקן גראָז, דורכגעשניטן די לאַנקע און איז פאַרשוווּנדן הינטער אַ בערגל. און גלײַך האָט זיך ערגעץ פון טײַך דערטראָגן איר פרישע, ריינע ווי באַ אַ נאַכטיגאַל שטימע. זי האָט געזונגען:

זאָגן דאָך די מענטשן, אַז איך בין אַ שיינע
ווי ליכטיקער באַגינען, ווי אַ טויב אַ ווײַסע
אַף דער וועלט איז ניטאָ נאָך אַזאַ איינע...
שלעכטע מענטשן האָבן אויסגעטראַכט די מײַסע.

„ווי זי האָט זיך דאָס צעזונגען, אָבער זי האָט טאַלאַנט, און נאָך אַ מין טאַלאַנט”, — האָט אַ טראַכט געטאָן מיטראָפאַן איליטש. אָבער באַלד האָט ער זיך ווידער דערמאָנט וועגן דעם, וואָס ער האָט דערזען באַנאַכט: עפּעס אַ גאָלדענע זאַך גלאַנצט אין

גראָז. — „מעשוגע, וווהין איז זי דאָס אַנטלאָפן. זי וועט דאָך אַלץ פאַרלירן״.

דער אַלטער האָט אין אײַלעניש צוגעדריקט זײַנע פּאַפּירן מיט אַ שטיין, אַז דער ווינט זאָל זיי ניט צעשיטן, ער האָט צוגע־דעקט דעם אויצער מיט אַ פּאָלע פון זײַן מאַנטל און האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צום ברעג פון טײַך.

דער טײַך האָט דאָ געמאַכט אַ שאַרפן בויגן און באַם אויס־בויג געבילדעט אַ שטילן סטאַוו, פאַרוואַקסן מיט אַ געדיכטן גרי־נעם טשערעט. אין אים האָבן זיך קלאָר אָפּגעשפּיגלט, מיטן קאָפּ אַראָפּ, די גרויע קודלעס פון די דערבײַיִקע אָלכעס און די ווײַטע סאָסנעס, וועלכע האָבן געשפּאַרט אין דער הייך מיט זייערע שלאַנקע בורשטינענע שטאַמען.

אַ דינער פּאַס זילבערנער זאַמד האָט זיך געצויגן פון ברעג ביז צו דער מיט פון סטאַוו, צעשנײַדנדיק אים ווי מיט אַ מעסער. איבער דעם זאַמדיקן פּאַס איז מוסיאַ אַראָפּ צו די טונקעלע וואַ־סערן. לעבן אירע פיס האָבן אָן שום מוירע געשווומען קלייניטשקע זילבערנע פישעלעך. איבערן וואַסער זײַנען פונקט ווי איבער דער יאַבאָשע געשפּרונגען וואַסער־שפּינען און גאָר נאָענט לעבן דעם מיידל האָבן זשוקלעך געצייכנט אָפן פלאַך פון וואַסער פאַרשיי־דענע קאָמפּליצירטע געמעלן, גלאַנצנדיק אַף דער זון מיט זייערע שטאָלענע רוקנס.

מוסיאַ האָט זיך אײַנגעבויגן. אין דעם טונקעלן שפּיגל פון וואַסער אָפן פאָן פון דעם אָפּגעשפּיגלטן העל־בלויען הימל האָט זי זיך דערזען אַזעלכע, אַז ס'האָט זיך געקענט דוכטן אַז אַף איר קוקט מיט גרויסע גרויע אויגן פון דער טיפעניש פון טײַך, אַ סי־רענע, פינקלענדיק מיט פאַרקישעפטן צירונג.

דורכגעדרונגען מיט דעם צויבער פון דעם זומער־פרימאָרגן, נאָכפאָלגנדיק ווי שעמערירנדיק אַף דער זון מיט די בלויע צעלאָפּאַן פליגעלעך, שטיפן אין דעם טשערעט אַ פּאָר פלאַטערלעך, האָט דאָס מיידל פאַרגעזעצט איר באַליבטע אַריע:

> ניין, ניין, ניין, מענטשן האָבן רעכט
> ווער פאַרמאָגט אַזעלכע אויגן, ווער אַזעלכע צעפּ
> מײַנע אויגן — בלויע שטערן
> שלאַנגען מײַנע צעפּ — שוואַרצע און געדיכטע.

זי האָט געזונגען אַרויפקוקנדיק שעלמיש צו מיטראָפאַן איליטשן, וועלכער איז געשטאַנען באַם ברעג.

דער אַלטער איז געשטאַנען ווי פּאַרגליווערט און מיט שטויגען געקוקט אַף מוסיאַן. וויפל מאָל האָט ער זי געזען אין באַנק און שטענדיק האָט זי זיך אים אויסגעוויזן אַזאַ געוויינלעכע, און דאָ... ווו זײַנען געווען די אויגן פון די אַלע באַנק־כאַסאַנים? און איר שטימע? ווען ער זעט עס ניט מיט זײַנע אייגענע אויגן, וואָלט קאָרעצקי בעשום אויפן ניט געגלויבט, אַז דאָס זינגט יענע כוצפּעדיקע מויד, וועלכע אַלע באַנק־אַרבעטער האָבן אַ נאָמען געגעבן „שטעכלקע". מיטראָפאַן איליטשעס האַרץ איז אָנגעקוואָלן געוואָרן מיט אַזאַ געפיל פון פאָטערלעכן שטאָלץ. זי וועט שוין אין לעבן דערגרייכן אירס־... מען זאָל זיך נאָר דורכרײַסן דורך דעם פּראָנט, צוריק זיך דורכרײַסן צו דער אייגענער סוויווע.

די בראַסלעטן האָבן דין אַ קלונג געגעבן אַף מוסיאַס האַנט. דער געדאַנק אַז עפּעס פון דעם צירונג קען אַרײַנפאַלן, אָדער עפּשער שוין אַפילע אַרײַנגעפאַלן אין וואַסער, האָט איבערגעשראָקן דעם אַלטן. פאָכענדיק מיט די הענט איז ער צוגעלאָפן צום סטאַוו.

— מעשוגענע, קריך אַרויס די מינוט! וועסט נאָך עפּעס דערטרינקען. קריך שוין אַרויס, דו הערסט?

— איך בין שיין, וואָס? — האָט מוסיאַ געפרעגט, בייגנדיק זיך ווידער צו איר אָפּשפּיגלונג.

ס'איז שווער געווען זיך אָפּצורײַסן פון דער סירענע, וועלכע האָט פינקלענדיק מיט צירונג, געקוקט אַף איר פון דער טיפעניש פון טײַך.

— קום צוריק אַפן ברעג, דו לײַכטזיניקע מויד! — האָט געליאַרעמט מיטראָפאַן איליטש און איז שוין גרייט געווען קריכן אין וואַסער מיט זײַנע יעגער־שטיוול.

מוסיאַ האָט זיך הילכיק צעלאַכט, און איר געלעכטער האָט זיך צעקײַקלט איבערן טײַך, האָט אָפּגעהילכט פון דער סאָסנעוואַנט.

— ווייסט איר אַף וועמען איר זײַט איצט ענלעך? איר זעט אויס ווי אַ קוואָקע וועלכע האָט אויסגעזעסן קליינע קאַטשקעלעך. די קאַטשקעלעך זײַנען אַוועקגעשווומען און זי, די קוואָקע, לויפט אום באַם ברעג, פאָכעט מיט אירע פליגל און קוואָקעט.

— גאָט אין הימל, ווי קען מען דאָס זײַן אַזוי לײַכטזיניק? וועסט נאָך עפּעס פאַרלירן! קריך אַרויס, די מינוט!

— אויך מיר אַן אומגליק. וועל איך פאַרלירן. ווער נייטיקט זיך דען אין די שמאָכטעס, איצט אין דער מילכאָמע־צײַט?...

דעם מיידל איז פלוצלינג געקומען אַפן זיקאָרן דאָס בערגל, וואָס זי האָט מיט אַ פּאָר טעג צוריק געזען, דער עלטסטער לייטענאַנט אַ פאַרגליווערטער. מיטן טעלעפאָן־טרײַבל צוגעדריקט צום אויער, און אַלץ אַרום איר איז מיטאַמאָל פאַרכווישעכט און פאַרפינצטערט געוואָרן. זי האָט דערפילט אַ בושע, וואָס זי האָט אָנגעטשעפּעט אַף זיך די אַלע שמאָכטעס, וואָס זי האָט זיך צעזונגען, זי האָט זיך פאַרשעמט פאַר די אַלע שטיפערישע, פריילעכע שיידימלעך, וועלכע די דורכזיכטיקע פרישקייט פון דעם זומערדיקן פרימאָרגן האָט אין איר דערוועקט.

זי איז שנעל אַרויס פון וואַסער, מיט קאַס אַראָפּגעריסן פון זיך דאָס צירונג, נאַכלעסיק עס אַוועקגעוואָרפן און ביכדיי אויסצוקויפן איר שולד, וועלכע זי האָט אַליין ניט פאַרשטאַנען, אָבער דאָך געפילט, האָט זי מיט אַ באַזונדערער פלײַסיקייט זיך גענומען צו דער באַלעבאַטישקייט.

אין די פאַרוואָרפענע נעצן זײַנען אַרײַנגעפאַלן צוויי שווערע העכט. דאָס מיידל האָט זיי אַרויסגעצויגן, אָפּגעשאָבן, אָפּגעקאָכט אַ פיש־יויך און אַפילע געדעקט דעם טיש, פאַרשפרייטנדיק אַפן גראָז אַ ווײַסן האַנטעך. אַנשטאָט טעלער האָט זי די גרויסע שטיקער הייסע פיש אַרויפגעלייגט אַף ברייטע גרינע בלעטער.

אונטערדעסן האָט שוין מיטראָפאַן איליטש געהאַלטן באַם פאַרענדיקן זײַן ליסטע. ער האָט נומערירט די בויגנס און באַם סאָף פון יעדן בויגן אָנגעשריבן: „עלטסטער קאַסיר" און „באַנק־מיטאַרבעטערן". דערנאָך האָט ער פײַערלעך און פּינקטלעך אונטערגעצייכנט זײַן פאַמיליע־נאָמען מיט אַ פאַרציקלטן דריידל פון אונטן. ער האָט אויך מוסיאַן געבעטן זיך אונערצוכאַסמענען. מיט אַ האַכנאָעדיקן זיפץ האָט זי אָנגעצייכנט דאָרט ווו מען האָט באַדאַרפט עפּעס אַ נאַכלעסיקן דריידל, דערבײַ האָט זי באַמערקט, אַז ניט אומזיסט האָט „עמעצער" אין באַנק געהאַט אַ צונעמעניש „קאַנצעלאַרישער קלעק".

דער אַלטער, אַ צופרידענער, וואָס ער האָט מיט דערפאָלג פאַרענדיקט זײַן אַרבעט, האָט דורכגעלאָזט פאַרבײַ די אויערן איר באַמערקונג.

זופנדיק פון דעם קעסעלע מיט גרויסער האַנאָע די פּעטע, מײַסטערהאַפט אָפּגעקאָכטע יויך, פון וועלכער עס האָט זיך קוים קוים געשפּירט מיט רויך, האָט ער ווידער געפרווּט אויפצוקלערן פאַר זײַן באַגלייטערן די גרויסע וויכטיקייט פון דער אויפגאַבע, וועלכע איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אַף זיי. ער האָט דערציילט וועגן דער פאַרשאָלטענער ווירקונג פון דעם איידעלן מעטאַל אַפן גאַנג פון דער מענטשלעכער געשיכטע. וועגן דעם, ווי פאַר אַ הויפן גאָלד פלעגט אַ ברודער דערהאַרגענען אַ ברודער, אַ זון — דעם פאָטער, ווי יונגע פרויען פלעגן זיך פאַר גאָלד פאַרקויפן צו אַלטע מענער. ווי פאַרן באַזיץ פון אוצרעס און רײַכטימער, פלעגן זיך צעפלאַקערן בלוטיקע מילכאָמעס. ער האָט געבראַכט בײַשפּילן פון דער ליטעראַטור און האָט אַפילע זיך דערלויבט צו זינגען מיט אַ ציטערדיקן טענאָרל „מענטשן קומען אום צוליב גאָלד, מענטשן קומען אום צוליב גאָלד”.

מוסיאַ האָט אַ פאַרטיפטע געזופט די יויך. דער אַלטער האָט שוין אָנגעהויבן צו גלייבן, אַז סאָף־קאָל־סאָף הייבט זי שוין אויך אָן צו פילן די וויכטיקייט פון דער מיטיע וואָס זיי פירן דורך.

נאָגנדיק דעם קאָפּ פון אַ העכט, האָט ער מיט נאָך מער אײַפער גענומען איבערצײַגן דאָס מיידל. אין זײַן געשפּרעך האָבן זיך גענומען דורכפלעכטן די נעמען פון דאָסטאָיעווסקי און גאָגאָל, באַלזאַק און לאָנדאָן.

— איר ווייסט אַף וועמען איר זײַט געווען הײַנט ענלעך דאָרטן, באַם אָפּגעזעגטן שטאַם, צווישן די אַלע אײַערע אוצרעס דאָרט ? — האָט אומשולדיק געפרעגט מוסיאַ, אַרויסשלעפנדיק די ביינדלעך פון אַ שטיקל פיש.

— אַף וועמען ? — האָט זיך פאַראינטערעסירט מיטראָפאַן איליטש, באַ וועמען עס האָט זיך שוין אָנגעהויבן אויסצושעפּן דער קוואַל פון זײַנע ליטעראַרישע בײַשפּילן.

— אַפן „קאַרגן ריטער”, מײַן ערן־וואָרט. איר געדענקט ? „איך הערש. וואָס פאַראַ צויבערנדיקער גלאַנץ. געהאָרכזאַם איז מיר, פעסט איז מײַן מאַכט ; אין איר איז גליק, אין איר מײַן

ערע און מײַן רום, מײַן קאָוועד!" — אָבער טאָקע זייער און זייער ענלעך!

מיטראָפּאַן איליטש איז אויפגעשפּרונגען און פּאָכענדיק פאַר מוסיאַס נאָז מיטן קאָפּ פון העכט האָט ער זיך פונאַנדערגעשריִען אָפּן קאָל, אין וועלכן עס האָבן זיך געפילט וויינענדיקע טענער:

— און זאָל זײַן אַזוי — יאָ, זאָל אַזוי טאָקע זײַן! ריכטיק, איך ציטער פאַר יעדן שפּרינקעלע גאָלד, פאַר יעדן שטיינדעלע, און איך שעם זיך ניט, ניין, דו הערסט, נאַרישע מויד, איך שעם זיך ניט, ווײַל איך ציטער ניט פאַר מײַן פּערזענלעכן רײַכטום נאָר פאַר אַ געזעלשאַפטלעכן פאַרמעגן, וועלכן מען האָט אונדז אָנפאַרטרויט! דער קאַרגער ריטער? אויסגעצייכנט, זאָל זײַן אַזוי... אָבער פאַרשטייסטו כאָטש מיט וועמען דו פאַרגלײַכסט מיך?

— וואָס שטופּט איר מיר דאָס שטיק פיש אין נאָז אַרײַן? אַנטדעקט אַ גוואַלדיקע רעטעניש — דער קאַרגער ריטער! פאַראַן וואָס צו פאַרשטיין. דער קלאַסישער קאַמצן אײַערער איז געווען פּאָשעט געררירט... נו, זאָגט אַליין, ווער אַ נאַרמאַלער מענטש, וועלכער פאַרמאָגט אַזויפיל געלט, קײַען אַ טרוקן שטיקל ברויט און אומגיין אין צעריסענע פּלודערן? וואָס ווער איר זאָגן — איז דאָס ניט אַזוי?

מיטראָפּאַן איליטש האָט פּײַנלעך אָפּגעזיפצט, און האָפענונג־לאָז זיך אָפּגעטרייסלט פון איר.

— און צו פאָכען מיט די הענט איז אויך ניטאָ צוליב וואָס. איך אַליין קלער אָפּט: צי זײַט איר ניט, די שאָ זאָל ניט זײַן, אויך עפּשער אַביסל ניט מיט אַלעמען מיט אײַער גאָלד דאָרט?...

דאָס מיידל האָט פּילדײַטיק אַ דריי געטאָן מיט אַ פינגער באַ איר הויכן, אַקשאָנעסדיקן שטערן.

פֿון יענעם טאָג אָן האָט שוין דער אַלטער ניט געפּרווט מער איבערצײַגן זײַן באַגלייטערן. ער אַליין האָט געשלעפּט די ווערטפֿולע מאַסע און פֿלעגט איר קאַטעגאָריש אָפּזאָגן, ווען דאָס מיידל האָט געוואָלט איר העלפֿן.

באַם שלאָפֿן גיין פֿלעגט דער אַלטער לייגן דעם זאַק צוקאָפּנס, און דערבײַ אָנוויקלען די זאַק־רימענס צו זיך אַף דער האַנט. געשלאָפֿן איז ער זייער וואַך, ווי די יעגער רופֿן דאָס „מיט איין אויג“. דער מינדסטער שאָרך פֿלעגט אים אויפֿוועקן און צווינגען אָנשטרענגען זײַן געהער. ער האָט שוין מער ניט געהאַט קיין צוטרוי ניט צו די ווילסטע וועלדער, ניט צו די שטילע זומערנעכט, ניט צו דער מענטשלאָזיקייט פֿון די פֿאַרוואָרפֿענע ערטער, וועלכע די מילכאָמע האָט נאָך דערווײַל אויסגעמיטן.

אויך זײַנע כאַלוימעס זײַנען לעצטנס געוואָרן באַ אים אַזעלכע מאָדנע, אומרויִקע און שטענדיק וועגן דעם זעלבן איניען. אַמאָל כאַלעמט זיך אים דער נאַצישער אָפֿיצירל צוזאַמען מיטן דאָלמעטשער מיט די וואָנצעס, ביידע באַוואַקסענע, גרינע, אַזעלכע פּלאַטשיקע, פּונקט ווי אויסגעשניטענע פֿון קאַרטאָן. זיי האָבן געצילט אין אים פֿון רעוואָלווערן און הינטערוויילעכטס געשלעפּט דעם טײַערן רוקזאַק. מיטראָפֿאַן איליטש האָט זיך געריסן נאָך זיי, געוואָלט זיי אָניאָגן, אָפּנעמען דאָס צירונג, אָבער ער האָט ניט געקענט זיך אַ ריר טאָן פֿון אָרט — זײַנע פֿיס זײַנען געווען צוגעוואַקסן צו דער ערד . . . אָן אַנדערש מאָל פֿלעגט אַרויסקריכן פֿון די קוסטעס אַ ריזיקער מענטש מיט אַ ווילדן אויסזען, אים פֿאַרשטעלן דעם וועג און שרײַען: „גיב אָפּ דאָס גאָלד!“. און מוסיאַ איז דערבײַ געשטאַנען און געשאָקלט מיטן קאָפּ ווי אַ כינעזישע

פּאַרצעלײַענע ליאַלקעס ווי אײנער רעדט: „יאָ, גיב אָפּ, גיב אָפּ!"
און אײנמאָל האָט זיך אים אַפילו געכאַלעמט, אַז דער זאַק באַ
אים צוקאַפּנס זינקט אײַן פּלוצלינג אין דער ערד. זינקט און זינקט
ביז ער ווערט פאַרשוווּנדן און אַף זײַן אָרט איז פאַרבליבן אַ גרויר
סער שטיין, וועלכן מען קען בעשום אויפן ניט רירן און ניט אונ־
טערגראָבן. מיט אַ שטאַרקער האַרץ־קלאַפּעניש, אײנגאַנצן באַ־
גאָסן מיט שווייס, פלעגט זיך מיטראַפּאַן איליטש אויפכאַפּן, אַ
טאַפּ טאָן צוקאַפּנס און מיט פרייד זיך איבערצײַגן, אַז דער רוק־
זאַק איז גאַנץ. אָבער דער אומרו פלעגט ניט פאַרשווינדן און
פלעגט פאַרטרײַבן דעם שלאָף. פלעגט זיך דער אַלטער אַזוי ליגן
מיט אָפענע אויגן, נאָכפאָלגנדיק דאָס שטילע שעמערירן פון די
שטערן, אײַנהערנדיק זיך צו דעם צעצויגענעם קלאַנג פון די סאָס־
נע־שפּיצן און דערבײַ נערוועז אויפציטערן באַ יעדן שאָרך פון
דעם שלאָפנדיקן וואַלד. אָבער זײַן באַגלייטערן, וועלכע האָט זיך
שוין צוגעוווינט צום וואַלד־לעבן, איז געשלאָפן מיט אַ געזונטן,
פעסטן, יונגן שלאָף.

אָפטמאָל פלעגט דער אַלטער אַזוי ליגן ניט צומאַכנדיק קיין
אויג, ליגן און טראַכטן ביז דער נאַכט־כוישעך אין וואַלד פלעגט
נעמען צעגיין, ביז די שטאַמען פון די ביימער פלעגן זיך נעמען
באַווײַזן פון דער פינצטערניש און זייערע שפּיצן זיך אָנצינדן מיט
אַ ראָזלעכן פײַער. ער איז געלעגן און לאַנגזאַם געבלעטערט אין
זײַנע געדאַנקען די זײַטלעך פון דעם אַלטן פאַמיליע־אַלבום, מיט
זײַנע אָפּגעבליאַקעוועטע, געל־געוואָרענע פאָטאָגראַפיעס, אויפ־
פרישן אין זײַן זיקאָרן די האַלב־פאַרגעסענע עפּיזאָדן פון זײַן אייר
געגעם לעבן.

עס קען זײַן, ווען אים קומט אויס אָנצוהויבן פונדאָסנײַ,
וואָלט ער עפּשער דורכגעלעבט בעסער, ווייניקער טאָעסן געמאַכט
און פאַר די מענטשן מער נוצן געבראַכט. און דאָך, ווי שטרענג
מען זאָל ניט מעסטן, איז זײַן לעבן דורך גאָר ניט שלעכט, אָרנט־
לעך, און אַפילו דער כאַוועה טשערעדניקאָוו קען אים ניט מאַכן
קיין פאָרוווּרפן. בלויז איין זאַך טויג ניט: צום סאָף האָט ער
געהאַנדלט קליינמוטיק, געוואָלט זיך אָפּרײַסן פון די זײַניקע, קעדיי
צו שטאַרבן אין זײַן היים, אין די היימישע ערטער.

היימישע ערטער! איז דען דאָס בלויז יענער פלאַץ, ווו די

ביסט געבוירן געוואָרן און אויסגעוואַקסן ? לאָמיר נעמען זײַן הײַזעלע אונטער די ליפּעס, ווו ער האָט דורכגעלעבט אַזויפיל יאָרן, ווו עס זײַנען געבוירן געוואָרן זײַנע קינדער, געוואַקסן זײַנע אייניקלעך ; זײַן גאָרטן, ווו עס בליִען זײַנע ווײַנטרויבן „אַרינקאַ״ אין וועלכע עס ליגן אַזויפיל מיט און אַזויפיל טרוימען — איז דען דאָס אַלץ ניט געוואָרן פאַר אים פרעמדער און אומהיימלעכער, ווי אַ וואַרט־זאַל אַף עפּעס אַן אומבאַקאַנטער, פאַרוואָרפענער באַן־סטאַנציע ? אַזוי איז דאָס, אָפּגעלעבט שוין זעכציק יאָר, און ערשט אָפּן איין און זעכציקסטן איז אים קלאָר געוואָרן אַז די היים, דער היימישער קאַנט זײַנען דאָרט, ווו עס געפינען זיך די היימישע מענטשן, די אייגענע, אונדזער סאָוועטישע אָרדענונג.

יאָ, ער האָט געהאַט אַ טאָעס, און נאָך וואָס פאַר אַ טאָעס. איצט אָבער קויפט ער אים אויס, זײַן ניט דערלאָזבאַרן טאָעס, ער קויפט אים אויס דערמיט, וואָס ער ראַטעוועט אָפּ די מעלוכע־אויצרעס ! עפּשער וועט דאָס זײַן זײַן בײַטראָג צו דער אַלגעמיינער זאַך פאַרן קאַמף מיטן סוינע.

אָבער אַזאַ אויספיר באַרוִקט אים אויך ניט. פאַרקערט, פון די געדאַנקען פאַרשטאַרקט זיך בײַ מיטראָפאַן איליטשן דאָס געפיל פון פאַראַנטוואָרטלעכקייט, עס וואַקסט די אומגעדולד. וואָסזשע טויג זיך אַרומצוּוואַלגערן דאָ ? גיין, גיין וואָס שנעלער. ער פלעגט אויפשפּרינגען, זיך אַרומוואַשן, אויב בישכיינעס איז געווען אַ טײַכל, אָדער אַ וואַלד־קוואַל, און אויב ניט — אַ פיר טאָן מיט די הענט איבערן טויאיקן גראָז און זיך אָפּפרישן דעם פּאָנעם מיט די פײַכטע הענט. אָנצינדן אַ שײַטער, קאָכן קאַשע, אָדער פּרעגלען פיש, וועלכע ער האָט שטענדיק לעראָוו געכאַפּט אַף ווענטקעס אָדער אין די נעצן. קיין שפּײַז האָט זיי קיינמאָל ניט אויסגעפעלט. קאַרטאָפל פלעגן זיי אויסגראָבן אין די פאַרוואָרפענע קאָלווירטישע פעלדער, וועלכע האָבן זיך אָפּט אַרײַנגעשניטן אין וואַלד. אַף די פאַר־אָסעמטע מיט ווילד־גראָז פאַרוואַקסענע, צעטראָטענע טווע־פעלדער פלעגן זיי זאַמלען קאָרן־זאַנגען, זיי טריקענען און אויסטרייסלען פון זיי די קערנדלעך, אַף קאַשע. מיטראָפאַן איליטש, וועלכער איז געווען זייער עמפּינדלעך אין דעם איניען פון אייגנטום, האָט אין דעם ניט געזען קיין פאַרברעכן. די אַרמיי איז אָפּגעטראָטן און זיי, וואָס ראַטעווען אָפּ מעלוכע־

אייגנטום, געפינען זיך איצט אַף אַ מעלוכע־דינסט און דעריבער קענען זיי זיך באַטראַכטן פאַר געזעצלעכע יאָרשים פון די אַלע פאַרלאָזענע גיטער.

אַזוי זײַנען זיי געגאַנגען טאָג־אײַן, טאָג־אויס. געגאַנגען לאַנגזאַם, אויסמײַדנדיק אַפילע די דאָרפישע וועגן, אויסמײַדנדיק באַוווינטע ערטער, אויסהיטנדיק זיך פון אַ באַגעגעניש מיט מענטשן. אין אָט דעם וואַנדער־וועג האָט זיך דער אַלטער אַרויסגעוויזן צו זײַן אַן אומאָפּשאַצבאַרער מיטגייער. זיי זײַנען שוין לאַנג אַריבער די גרענעצן פון זייער אָזיערע־קרײַז, וועלכן ער האָט דורכגעשפּאַנט אין דער לענג און אין דער ברייט מיט ווענטקעס, אָדער מיט אַ קויש פאַר שוואָמען. איצט איז זייער וועג געלעגן אין אַ גאַנץ אומבאַקאַנטער געגנט, דורך וועלדער, זומפּן, דורך פאַרלאָזענע זומפּיקע לאָנקעס און ווילדע פלעצער, און האַגאַם זיי איז אויסגעקומען זייער אָפּט צו גיין אינגאַנצן אָן אַ וועג און אַ מאַפּע האָבן זיי אויך ניט געהאַט, דאָך האָט ער קיין איינמאָל ניט פאַרבלאָנדזשעט.

דער קאָמפּאַס, וועלכן מיטראָפּאַן איליטש האָט מיטגענומען פון דער היים איז פאַרלוירן געגאַנגען באַם איבערפּאַקן די זאַכן. אָבער דער אַלטער האָט אויסגעצייכנט געקענט פעסטשטעלן די ריכטונג לויט דער זון, און אין כמאַרנע טעג — לויטן מאָך, וועלכער איז געוואַקסן אַף אַלטע ביימער, לויט דעם אין וועלכער זײַט זײַנען געווען געריכטעט די קרענצלעך פון די בלומען, לויט דער דיק פון די יאָר־רינגען אַף די אָפּגעזעגטע שטאַמען און לויט נאָך אַ צענדליק אַנדערע סימאָנים, וועלכע זײַנען גוט באַקאַנט די שוואָמען־קלײַבער, יעגער און פישער. לויטן קאָליר פון הימל באַם זונאונטערגאַנג, לויטן ווינטל אין אָוונט פלעגט ער גענוי פאָרויסזען, וואָס פאַר אַ נאַכט עס שטייט זיי פאָר און האָט געוווּסט וואָס פאַר אַ פלאַץ מען מוז אויסקלײַבן פאַרן נאַכטלעגער, דאַרף מען בויען אַ בײַדל, אָדער מ׳וועט קענען שלאָפן אונטערן פרײַען הימל. לויט די שטערנדלעך פון דעם גרינעם מאָך, צי עס זײַנען צעעפנט, אָדער פאַרמאַכט די מײַלער פון זײַנע ברוינע העמערלעך, לויט דעם אַזוי דעליקאַטן נאַטור־באַראָמעטער האָט ער געקענט פאָרויסטרעפן דעם וועטער און שוין באַגינען פעסטשטעלן אָן אַ טאָעס אויב מען דאַרף פאַרן ווײַטערדיקן וועג זיך אָנטאָן לײַכט אָדער וואַרעמער.

אין מעשעך פון די וואַנדער־טעג איז מיטראָפאַן איליטשעס פּאָנעם און האַלדז פון דער זון באַדעקט געוואָרן מיט אַ געדיכטן לילאַ־קאָליר, און נאָר איין העלפט פון זײַן שטערן, וועלכן עס האָט פאַרדעקט זײַן הוט, איז פאַרבליבן ווײַס. זײַנע אויסגעוואַקסענע וואָנצעס האָבן זיך צוזאַמענגעגאָסן מיט דער באָרד און האָבן זיך גענומען קרויזן. ער איז איצט שוין ענלעך געווען אַפן אַמאָליקן פּראַנטעוואַטן באַנק־באַאַמטן און האָט גיכער אויסגעזען ווי אַ קאָלווירטישער זיידע, פון יענע לעבעדיקע זקיינים, וועלכע ווערן באַשטימט אַלס היטער בײַ די בינשטאָקן, אָדער אַלס קוואַליטעט־אינספּעקטאָרן.

אָבער אַ סאַך בוילעטערע ענדערונגען זײַנען פאָרגעקומען אין מוסיאַן. איר זײַדענע קלייד איז שוין לאַנג געלעגן אַפן דעק פון איר רוקזאַק און געטראָגן האָט זי דעם פּראַנעלענעם סקי־אַנצוג, וועלכער האָט איר אַרויסגעבראַכט פון די קיילים, באַם בלויזן אָנקוקן אים. דאָס מיידל האָט זיך צוגעוווינט צום וואַלד־לעבן. זי איז דערגאַנגען דעם סאָד פון דעם ניט אײַליקן, לײַכטן יעגער־טראָט, און האָט שוין אָן אָנשטרענגונגען געקענט נאָכגיין נאָך איר באַגלייטער. ווען עמעצער פון די באַנק־מיטאַרבעטער אָדער מיט־שילער פון דער מוזיק־שול וואָלט איצט באַגעגנט מוסיאַן, וואָלט ער זי פּאָשעט ניט דערקענט. דעם מיידלס פּאָנעם, הענט און האַלדז זײַנען איצט געווען ווי באַדעקט מיט אַ געדיכטער ברוינער פאַרב. איר טשוב איז אָפּגעבלאַקט געוואָרן פון דער זון און האָט זיך אויסגעטיילט פון צווישן אירע געדיכטע בלאָנדע האָר, ווי אַ קנויל לײַן־פעדעם. די אָפּגעבליאַקעוועטע וויִעס האָבן אַף איר אָפּגעבריענטן פּאָנעם אויסגעזען נאָך לענגער. דאָס מיידל איז איצט געווען ענלעך צו אַ פּעסט־געבויטן, פלינקן יאַטל; דער יאַטל האָט, אָבער, געקוקט אַף דער וועלט מיט אַ שוין צו אָנגעשטרענגטן בליק און פון זײַן פּאָנעם פלעגט קיין איין מאָמענט ניט פאַרשווינדן פאַר דער יוגנט ניט אייגנטימלעכער אויסדרוק פון אומרויִקן טרויער.

אַפילע איר כאַראַקטער האָט זיך געביטן. זי איז אימשטאַנד געווען איצט צו גיין אַ גאַנצן טאָג, ניט אַרויסריידנדיק קיין וואָרט, פאַרזונקען אין אירע ראַיוינעס.

און גיין איז געוואָרן יעדעס מאָל אַלץ שווערער. דער זומער האָט זיך שוין גענייגט צום האַרבסט. די נעכט זײַנען געוואָרן לענ־

גער, פינצטערער און קילער. אין מעשעך פון דער נאַכט פלעגט זיך אַראָפּלאָזן אַזאַ געדיכטער טוי, אַז באַגינען פלעגט דאָס מיידל מוזן מאַמעש אויסדרייען אירע האָר. און דערצו נאָך די גרויע נודנע רעגנס, וועלכע האָבן אָפטמאָל געשפריצט עטלעכע טעג קעסיידער. גיין אונטערן רעגן איז געווען ניט הייס, אָבער דער וואַלד־באָדן פלעגט זיך גיך אָנזאַפּן מיט דער נעץ, די ערד ווערט צעקראָכן און די פיס פלעגן נעמען זינקען. די פייַכטע מאַלבושים האָבן שווער געמאַכט די באַוועגונגען.

די קעסיידערדיקע שלעכטע וועטערן, וועלכע האָבן נאָך מער באַשווערט זייער וואַנדערן האָבן דערפירט צו דעם, אַז די פליטים האָבן גענומען טרוימען ווי וועגן דעם העכסטן גליק — פון אַ נאַכטלעגער אונטער אַ דאַך, פון דער מעגלעכקייט כאָטש איינמאָל זיך אויסצוטריקענען ווי געהעריק, זיך אַרומצוואַשן אין אַ באָד און שלאָפן אָן דעם אָנטועכץ. אָבער דאָך, ווען דאָס מיידל, באַמערקנדיק, אַז די סטעזשקע מיט וועלכער זיי גייען איז עפּעס צו־פיל אויסגעטראָטן, דערהערנדיק פונדערווייַטנס אַ קריי פון אַ האָן, אָדער, דערפילנדיק מיט איר שאַרף געוואָרענעם כוש הארייעך, אַ רויך פון אַ יישעוו, פלעגט וואַגן פאַרצושלאָגן אַרייַנצוכאַפּן זיך אין דאָרף כאָטש אַף איין טאָג — פלעגט מיטראָפּאַן איליטש ווערן פאַרציטערט פון שרעק: אין דאָרף בעשום אויפן ניט. דאָרט גע־פינט זיך דאָך דער סוינע. און אויב ער איז דאָרט ניטאָ, קען זיך דאָך געפינען צווישן די אייַנוווינער אַ פאַשיסטישער מאָסער, וועל־כער וועט גלייַך צווויסן געבן אין דער נאָענטסטער קאָמענדאַנטור. ווען זיי וואָלטן געווען פּאָשעטע פליטים, וואָלט מען געמעגט זיך אָפּשטעלן אין אַ דאָרף. אָבער — די ווערטזאַכן ? ניין, ניין, וועגן אַ שטוב מוז מען פאַרגעסן אַפילע צו טראַכטן.

מוסיאַ פלעגט מיט פאַרדרוס איבערשלאָגן דעם אַלטנס רייד. זי פלעגט אים אָנרופן: אומשטערבלעכער קאַשטשיי, קאַר־גער ריטער, פּליושקין, שיַילאָק — מיט איין וואָרט, זי פלעגט צופּאַסן צו אים די נעמען פון אַלע קאַמצאָנים וועלכע זייַנען איר באַקאַנט געווען פון דער ליטעראַטור. ער אָבער האָט סטאָיִש אי־בערגעטראָגן אַלע אירע שטעך־ווערטער, און זיך ניט געלאָזט בייגן.

גייענדיק מיטן וואַלד האָבן זיי אָפטמאָל געזען פונווייַטן מי־ליטערלייַט אין דעם היימישן סאָוועטישן אויפּאַרעם, וועלכע האָבן

זיך אויך געצויגן אַף מיזרעך איבער די וויסטע וועגן. אַזעלכע סאָלדאַטן־גרופּעס, וועלכע האָבן זיך אַרויסגעריסן פון דער אַרומרינגלונג, פלעגן אָפּט באַשטיין פון עטלעכע צענדליק און אַמאָל אויך הונדערטער מענטשן. עטלעכע מאָל זײַנען אונדזערע פּלייטים איבערגעיאָגט געוואָרן פון גאַנצע מאַרש־קאָלאָנעס. זיי זײַנען שנעל געגאַנגען, באַוואָפנטע, יעדע אָפּטיילונג אָנגעפירט פון אַן אָפיציר. עס איז געווען אַ פרייד צו זען, ווי אין טיפן הינטערלאַנד פון דעם סוינעס אַרמיי, ווערט אַזוי אייפערדיק אָפּגעהיט די אָרדענונג און דיסציפּלין פון די קעמפער, וועלכע זײַנען אָפּגעריסן געוואָרן פון זייערע אַרמייען, און זײַנען אויך איצט גרייט צום קאַמף מיטן סוינע. אויסבאַהאַלטן זיך פון אַזעלכע אָפּטיילונגען איז אונדזערע פּלייטים אַממייגסטן געווען פײַנלעך. דאָס מיידל פלעגט ווידער פּרוּוון איבערצײַגן איר באַגלייטער זיך אָנצושליסן אין איינער פון אַזעלכע אָפּטיילונגען, וועלכע האָבן אַף אַן אָרגאַניזירטן אופן געפּרוּווט אַרויסרײַסן זיך פון דער אַרומרינגלונג און צוזאַמען אָניאָגן דעם פראָנט און זיך דורכשלאָגן צו די אייגענע.

מיטראָפאַן איליטש האָט פאַראַקשנט געשאָקלט מיטן קאָפּ: ניין און טויזנט מאָל ניין! און טאָמער וועט מען זיי דערהאַרגענען אין אַ צוזאַמענשטויס מיט די דײַטשן? עס מאַכט ניט? ניין, עס מאַכט יאָ! זיי האָבן ניט קיין רעכט אײַנצושטעלן זייערע לעבנס. דאָס גאָלד וועט דאָך דאַן אַרײַנפאַלן צום סוינע. און ווען מוסיאַ פלעגט טראָצדעם נאָך אַלץ ניט זײַן מאַסקים זײַן מיט זײַן מיינונג, דאַן פלעגט מיטראָפאַן איליטש, אויסקנאַקנדיק די פינגער, איר מעלדן אין אַ פײַערלעכן טאָן זײַן וואָגיגסטן און איבערצײַגנדיקסטן אַרגומענט: דער קאָמאַנדיר, אָדער קאָמיסאַר פון איינער פון אַזעלכע אָפּטיילונגען, וואָס רײַסט זיך אַרויס פון דער אַרומרינגלונג, וועמען זיי וועלן אָנפאַרטרויען זייער סאָד, וועט זיכער ניט גלייבן קיין איין וואָרט פון זייער געשיכטע. ווײַל די גוואַלדיקע ווערטזאַכן, וועלכע זיי טראָגן מיט זיך זײַנען ניט באַשטעטיקט מיט קיין שום אָפיציעלן דאָקומענט. פון וואַנען קומען עפּעס אַזעלכע אוצרעס צו אַ זאַקן מיט אַ מיידל? מיט וואָס וועלן זיי קענען איבערצײַגן, אַז דאָס ראַטעווען זיי אַפּ דאָס גאָלד פאַר דער מעלוכע? עפּשער האָבן זיי דאָס פאַשעט צוגעגאַנוועט פאַר זיך אין דעם טומל בעשאַס עס איז פאָרגעקומען די עוואַקואַציע? אין בעסטן פאַל וועט

מען זיי האַלטן פאַר פּאַשעטע גאַנאָווים, אין ערגסטן פאַל — פאַר פאַשיסטישע אַגענטן.

דער לעצטער אַרגומענט איז טאַקע בעעמעס געווען אַן איבער־צײַגנדיקער. מוסיאַ פלעגט פאַר זיך אַליין פּרוּוון פעסטשטעלן אַף וויפל עס קען קלינגען ווי אַן עמעס די גאַנצע געשיכטע זייערע, און זי פלעגט קומען צום אויספיר, אַז ווען זי זאָל זײַן אַפן אָרט פון דעם קאָמאַנדיר אָדער קאָמיסאַר, וואָלט זי אַליין אויך ניט געגלויבט אין דער גאַנצער געשיכטע.

אָבער זייער שווער, פיל שווערער ווי בלאָנדזשען אָן אַ וועג איבער וועלדער און זומפּן, איז געווען פאַרן אַלטן און פאַר דער מיידל צו דערשטיקן אין זיך דעם פאַרלאַנג אַרויסצוגיין צו די נאָענטע אייגענע מענטשן, אַרײַנגיסן זיך אין זייערע מידע רייען, אויסוויינען זיך געשמאַק אַף אַ זעלנערישן אַקסל, זיך אָנריידן זאַט, פרעגן און געבן אייצעס, אָנזיפּצן זיך צווישן היימישע מענטשן און צוזאַמען מיט זיי טיילן די לאַסט פון דער פאַראַנטוואָרטלעכקייט.

איינמאָל, באַם אָפּרוען זיך, האָבן די פליטים דערהערט פונ־ווײַטנס דעם גערויש פון אַ באַוועגונג. מיטראָפאַן איליטש האָט האַסטיק צעשלײַדערט דעם שײַטער און צעטראָטן די האָלאָוועש־קעס. זיי זײַנען פאַרקראָכן אין די קוסטעס, באַהאַלטן דעם זאַק און אָנגעהויבן צו אָבסערווירן דעם וועג. צו זייער דערשטוינונג זײַנען דאָס געגאַנגען ניט קיין מיליטערלײַט. דאָס האָט מען גע־קענט לײַכט פעסטשטעלן אַפילע פונדערווײַטנס צוליב די טונקעלע מאַלבושים פון די גייענדיקע און אויך ווײַל זיי זײַנען ניט געגאַנ־גען אויסגעצויגן אין אַ קייט, נאָר אין אַ געדיכטער מאַכנע. עפּ־שער פאַשיסטן? דער אַלטער און מוסיאַ האָבן זיך פאַרטײַעט אין די קוסטעס. די מאַכנע האָט זיך דערנענטערט צו זיי, און דאָ האָט זיי איבעראַשט דער נידעריקער ווּקס פון דער מאַרשירנדיקער גרופּע.

— אַף מײַן וואָרט, דאָס זײַנען דאָך שילער פון אַ האַנט־ווערקער־שול! — האָט אַרויסגעשעפּטשעט מוסיאַ, וועלכע האָט באַמערקט די העלע קנעפּ אַף די שוואַרצע רובאַשקעס.

יאָ, זי האָט ניט געהאַט קיין טאָעס: דאָס זײַנען געגאַנגען שילער פון עפּעס אַ האַנטווערקער־שול. מיט קליינע זעקלעך אַף די פּלייצעס האָבן זיי זיך מיד געשלעפּט איבערן וועג. פון פאָרנט

האָט געשפּאַנט אַ נידעריקער קוטשעראַווער באָכערל אָנגעטאָן אין קורצע ספּאָרט־הייזלעך. זײַנע קליידער, פֿאַרבונדן אין אַ פּאַק, האָט ער געטראָגן אַפֿן אַקסל צוזאַמען מיטן רוקזאַק. עטוואָס ווײַטער פֿון דער גאַנצער מאַכנע האָבן צוויי געפֿירט אונטער די אָרעמס אַ דריטן, ווי עס שײַנט אַ קראַנקן אָדער אַן אָפּגעשוואַכטן. הינטער זיי אַלע האָט מען געטראָגן אַ טראָג־בעטל.

דער אַלטער און דאָס מיידל האָבן אין אַ פֿײַנלעכער שטילשווײַגן נאָכגעקוקט דער מאַכנע קינדער ביז דאָס טראָג־בעטל איז ניט פֿאַרשוווּנדן הינטער אַן אויסבויג פֿון דעם וועג.

— דאָס זײַנען דאָך נאָך גאָר קליינע קינדער, שפּילן וואָלטן זיי זיך נאָך געדאַרפֿט — האָט אַרויסגעשעפּטשעט מיטראָפּאַן איליטש.

— העלדישע יאַטן! האָט זיך אָפּגערופֿן מיט אַ באַגײַסטערונג מוסיאַ, וועמענס האַרץ איז נאָכגעלאָפֿן נאָך דער כאַווערלעכער מישפּאָכע פֿון די אַנטשלאָסענע קליינע מענטשעלעך, וועלכע זײַנען פֿאַרשוווּנדן אין וואַלד.

פֿון יענעם טאָג אָן איז דאָס בילד פֿון די איבערן וואַלד וואַנדערנדיקע האַנטווערקער־שילער ניט אַרויס פֿון דעם מיידלס געדאַנקען. ווען עס איז איר שווער געווען צו גיין און נאָך אַ טאָג מאַרשירן האָט זי קוים געשלעפּט אירע אָפּגעשוואַכטע פֿיס, פֿלעגט איר קומען אַפֿן זיקאָרן די דורך פֿרײַנטשאַפֿט פֿעסט־צעמענטירטע מאַכנע יינגלעך, וועלכע האָבן דרייסט געשפּאַנט איבער די אומבאַקאַנטע פֿאַרוואָרפֿענע וועלדער.

אין אַ געוויסן טאָג איז געווען באַזונדערס שווער צו גיין. אַ געדיכטע דושנעקייט האָט אַרומגענומען דעם אומבאַוועגלעכן וואַלד. אַפֿילע דאָ, אונטערן שאָטן פֿון די ביימער איז געווען שווער צו אָטעמען, און זיי ביידע זײַנען געגאַנגען טרוימענדיק וועגן אַ רעגן, זאָל דאָס אַפֿילע זײַן אַ לאַנגער, אַ פֿאַרצויגענער. אַלץ איז אָבער געווען ווי פֿאַרגליווערט. די פֿייגל זײַנען אַנטשוויגן געוואָרן, און בלויז די קאָמאַרן האָבן זיך פֿאַרזאַמלט אין זשומענדיקע כמאַרעס און מיט אַ באַזונדערער רעציכע באַפֿאַלן די וואַנדערער, באַדעקנדיק זייערע פּענעמער, העלדזער און הענט. אין די זומפּן בײַ די וואַלד־טאַלן האָבן אַן אויפֿהער געקוואַקעט די פֿרעש.

— עס דערנענטערט זיך אַ געוויטער — האָט באַמערקט

מיטראָפאַן איליטש בלײַבנדיק שטיין און ווישנדיק מיטן אַרבל זײַן פאַרשוויצטן שטערן.

— זאָל ער שוין קומען וואָס גיכער! — האָט אַ זיפץ געטאָן דאָס מיידל, באַלעקנדיק אירע געזאַלצענע ליפּן.

דער געוויטער איז אָבער נאָך אַ לאַנגע צײַט ניט געקומען. אין די שפּאַלטן צווישן די דרײַעקיקע סאָסנע־שפּיצן איז נידעריק געהאַנגען אַן איינטאָניקע גרויע כמאַרע. די לופט איז געווען אומבאַוועגלעך. ערשט אין אָוונט האָט זיך באַוויזן אַפן מיזרעך אַ וואָלקן, אַ שווערער און אַ געדיכטער ווי אַ רויך־פאָרהאַנג, אַף צו פאַרדעקן אַ טײַך־איבערגאַנג. אין וואַלד האָט מען לעכאַטכילע דעם וואָלקן ניט געזען, אָבער זײַן נאָענטקייט האָט זיך געפילט אין דער אומרויִקייט פון די פייגל, לויט דעם ווי עס האָט פלוצים אויפגעהערט דאָס פײַנלעכע זשומען פון די קאָמאַרן. שפּעטער האָט זיך דערהערט אַ טויבער דונער, דורך דיביימער איז דורכגעפלויגן אַן אומרויִקער גערויש און אַף די מידע פענעמער פון די וואַנדערער האָט אַ בלאָז געטאָן מיט דער לאַנג דערוואַרטעטער פרישקייט. דער אָוונט האָט זיך אָנגעהויבן שנעל אָנצורוקן.

— ראַטעוועט זיך, ווען נאָר עס קען! — האָט מיט אַ שמייכל אויסגערופן מיטראָפאַן איליטש בלײַבנדיק שטיין און קוקנדיק אין דער האַלב־טונקלקייט פון וואַלד, וועלכער האָט פון צײַט צו צײַט אויפגעציטערט פון די בלויע פלאַמען פון בליץ. ער האָט באַמערקט אַ גרופּע געדיכטע יאָלקעס און שנעל גענומען לויפן צו זיי. איינמיטן געלאָף שוין האָט ער זיך אָנגעמערקט אַ געדיכטן נידעריקן בוים.

דער אַלטער האָט צענומען די צווײַגן און האָט אַרײַנגעשטופּט מוסיאַן אין אַ געראַומען, באַטירלעכן געצעלט, וועלכער איז געווען אָנגעפילט מיט אַ רייעך פון סמאָלע, שוואָמען און מאָך. אין דעם זעלבן אויגנבליק האָט אַ הילך געגעבן אַזאַ דונער, אַז עס האָט זיך מוסיאַן אויסגעדוכט, אַז ערגעץ גאָר ניט ווײַט האָט אויפגעריסן אַ שווערע אַוויאָ־באָמבע. דערנאָך איז אַנטשטאַנען אַן איבערגעשראָקענע שטילקייט און ווידער, אָבער דאָס מאָל שוין ראַשיק, מיט אַ פײַפערײַ און וואָיע, האָט אַ יאָג געטאָן אַ ווינט בייגנדיק די שטאָלצע ביימער־שפּיצן, אַראָפּרײַסנדיק די קאָרע־שופּן

פון זייערע שטאַמען, און שויבערנדיק מיט רעציכע די בלעטער פון די בעריאָזעס און אָסינעס.

דורך די צווײַגן האָט זיך דערפילט אַ קילע פײַכטקייט. די ביימער האָבן אָנגעהויבן צו קרעכצן, שאָרכלען מיט די נאָדלען, רוישן מיט די בלעטער. דער וואַלד איז אָנגעפילט געוואָרן מיט אַן אומרויִקן טומלדיקן גערויש, ווי ער וואָלט געציטערט פאַר שרעק פון אַן אומפאַרמײַדלעכן אומגליק.

מיטראָפּאַן איליטש, אָנגעשפּאַרט מיטן רוקן אָן דיקן שטאַם האָט מיד צוגעמאַכט די אויגן. מוסיאַ האָט פונאַנדערגערוקט די צווײַגן, געמאַכט אַ קליין פענצטערל און האָט אַרויסגעשטעקט איר קאָפּ. אַלץ ארום איר איז אָבער געווען באַדעקט מיט אַ געדיכטער בלײַענער טונקלקייט און נאָר באַם שײַן פון די בלויע בליצן האָט זי אָף אַ רעגע בלויז געקענט זען דורך די אָפענע שפּאַלטן צווישן די שפּיצן פון די ביימער די פײַער־רויטע בלאָטערס פון אַ ריזיקער כמאַרע און נידעריקער, נאָענט צו דער ערד אַ דיניטשקע בעריאָזקעלע, וועלכע האָט זיך פון ווינט געריסן און געבויגן, געצאַפּלט מיט יעדן צווײַגעלע און מיט יעדן ציטערדיקן בלעטעלע.

דערנאָך האָבן שווערע טראָפּנס גענומען פויקן איבערן סכאַך ווי מיט שרויט און פּלוצים, נאָך אַ פאַרבלענדנדיקן בליץ וועלכער האָט אָף אַ רעגע אַנטבלויזט מיט אַן אומגעהײַערער קלאָרקייט דעם אומרויִקן וואַלד, די גאַנצע טיפקייט פון הימל ביז צו דער כמאַרע, אונטער וועלכער עס זײַנען סקאָס געפלויגן דערשראָקענע פייגל, גלאַנצנדיק מיט זייערע פליגל, האָט אַ פליוך געטאָן אַזאַ שלאַקס־רעגן, פּונקט ווי דער בליץ זאָל האָבן דורכגעריסן אַ דאַמבע און דאָס גאַנצע וואַסער וואָס האָט זיך דאָרט אָנגעזאַמלט האָט מיטאַמאָל אַ פלייץ געטאָן אָף דער ערד. מיטראָפּאַן איליטש האָט זיך נאָך טיפער אײַנגענורעט אין געצעלט. אָבער מוסיאַ, וועלכע האָט פון קינדווײַז אָן ליב געהאַט דעם געוויטער, איז צוגעפאַלן צו איר פענצטערל, זי האָט מיט אַ האַנאָע געפילט אָף איר פּאָנעם די קילקייט פון די דינע רעגן־שפּריצן און האָט גיריק אײַנגעזאַפּט אין זיך דעם דופט פון דעם באַגאָסענעם וואַלד.

די אַלטע יאָלקע האָט געציטערט ביז צו די וואָרצלען, זיך געשאָקלט, געסקריפּעט, אָבער אירע צעשפּרייטע צווײַגן זײַנען געווען פעסט געשלאָסן צווישן זיך און האָבן געבילדעט אַ פּילשטאָ־

קיקן קאָנוס, און דאָס וואַסער איז אַראָפּגעפלאָסן ביז צום לעצטן טראָפּן, אַזוי אַז די וואַנדערער, וועלכע זײַנען געזעסן צוגעטוליעט צום שטאַם איז געווען טרוקן און אַפילע וואַרעם.

לאַנג האָט אַזוי געבליצט און געדונערט, לאַנג האָט געטאַנצט איבערן וואַלד דער קרומער שלאַקס־רעגן. דורך דעם פענצטערל צווישן די צווײַגן האָט זיך דורכגעזיפּט אַ דינער וואַסער־שטויב. אָבער ווען דער ווינט האָט שוין פאַריאָגט די לעצטע שטיקער פון די אויסגעשעפּטע וואָלקנס, איז אין וואַלד ניט געוואָרן ליכטיקער. אין דעם טיפן, פריש־אויסגעצוואָגענעם הימל האָבן געדיכט געשימערט די שטערן און אַ העלער פאַס פון דער יונגער לעוואָנע האָט באַגאָסן דעם אײַנגעשטילטן וואַלד מיט אַ ווייכן בלויען שײַן.

גיין ווײַטער איז שוין געווען צו שפּעט און אויך צו פײַכט. אַ בעסערן אָפּרו־פּלאַץ איז שווער געווען צו געפינען. האָט מען באַשלאָסן איבערצונעכטיקן דאָ אונטערן געצעלט פון דער יאָלקע, צובײַסנדיק פאַרן שלאָפן גיין מיט יאַגדעס, וועלכע זיי האָבן געהאַט מיטגענומען אין קעסעלע נאָך פון באַטאָגיקן אָפּרו. אָבער די נאָכן רעגן אָפּגערייניקטע לופט איז געווען אַזוי שטאַרק און געדיכט אָנגעזאָפּט מיט אוזאָן, אַז די מידע מוסיאַ, ניט אַראָפּשלינגענדיק אַפילע איין יאַגדע, איז טייקעף אַנטשלאָפן געוואָרן פעסט און זאָרגלאָז.

דאָס מיידל האָט זיך אויפגעכאַפּט פון עפּעס פרעמדע, ניט קיין געוויינלעכע פאַרן וואַלד קלאַנגען, וועלכע איר אויער האָט זיך שוין צוגעוווינט אויפצוכאַפּן אַפילע אין שלאָף. זי איז געשלאָפן זיצנדיק. דער קרייץ האָט שנײַדיק וויי געטאָן. דער אַלטער האָט זיך אַרויסגערוקט פאָרויס און האָט אָנגעשפּיצט געקוקט דורך דעם פענצטערל, וועלכן זי האָט נעכטן אויפגעעפנט צווישן די צווײַגן. דאָס מיידל האָט אים געוואָלט פרעגן, וואָס איז דאָרט, אָבער זי האָט דאָס ניט באַוויזן: איר באַגלייטער האָט שנעל אויסגעדרייט צו איר זײַן בלייכן פּאָנעם און מיט דער האַנט פאַרמאַכט איר דאָס מויל.

— „סאָנים!“ — האָט באַשלאָסן מוסיאַ, און האָט דערפילט, ווי איר קערפּער ווערט פאַרשטיינערט. באַלד אָבער האָט איר האַרץ גענומען פריידיק צאַפּלען. זי האָט דערהערט שטימען, ערגעץ גאָר נאָענט האָט מען גערעדט רוסיש.

דאָס מיידל האָט אַרויסגעקוקט פון הינטער דעם אַלטנס פּליי־צע, נעכטן, אין אַפּלעניש, אין דער פינצטערקייט פון געוויטער האָבן זיי זיך פאַרקליבן אונטער אַ בוים, וועלכער איז געוואַקסן באַם סאַמע ראַנד פון אַ וואַלד־וועג, דער וועג איז געווען אַ פאַר־לאָזטער און אינגאַנצן פאַרוואַקסן מיט גראָז. פון זייער געצעלט האָט זיך קלאָר געזען אַ שטיק פון דעם וועג. פאַרביי זייער בוים, אויסגעצויגן אין צוויי שיטערע קייטעלעך זײַנען געגאַנגען פון ביידע זײַטן וועג זעלנער אין דעם היימישן סאָוועטישן אוניפאָרעם. אַלע זײַנען זיי געווען שוואַרץ אָפּגעבערנט, די פּנים־עמער מידע, פאַרוואַקסענע, אין אָפּגעשאָסענע העמדלעך. באַ אייניקע זײַנען די שטיוול געווען אַזוי צעריסן, אַז זיי האָבן די זוילן צוגעבונדן מיט שטריקלעך און מיט דראָט, אַנדערע זײַנען געווען אינגאַנצן באָר־וועס. זיי האָבן געטראָגן אַ צענומענעם האַנט־פּולעמיאָט. צוויי פאַר־ווונדעטע, מיט שמוציקע פאַרשטויבטע באַנדאַזשן, זײַנען פאַרביי־געגאַנגען אונטערהאַלטנדיק איינעם דעם אַנדערן. לאַנגזאַם האָט זיך געשלעפּט אַ וואָגן, באַדעקט מיט פּלאַשטש־פּאַלאַטקעס. פון אונטערן ברעזענט האָבן זיך אַרויסגעזען פאַרבאַנדאַזשירטע קעפּ, די רעדער האָבן רויק געסקריפּעט אין די טיפע, גראָזיקע מיט וואַ־סער פאַרגאָסענע קאָלייעס.

איבער דער סטעזשקע, לעבן סאַמע בוים איז פאַרבײַגעגאַנגען גאָר אַ יונגער, גלאַט־אויסגעראָזירטער, פעסט־אונטערגעצויגענער אָפיציר. אַף יעדן שולטער האָט ער געטראָגן אַ דײַטשישן אויטאָ־מאַט. ער איז פאַרבײַגעגאַנגען אַזוי נאָענט, אַז מוסיא האָט דײַט־לעך געהערט, ווי ער אָטעמט. אַ ווײַלע שפּעטער האָט זיך פונדער־ווײַטנס דערהערט זײַן קלינגענדיקע, פעסטע שטימע:

— אונטערציִען זיך, ניט אָפּשטיין. צוגפירערס, ציט אונטער די קאָלאָנע, וואָס פאַר אַ שוואַרץ־יאָר!

די לעצטע זײַנען געגאַנגען זעלנער אָנגעטאָן אין שינעלן מיט פאַרשפּריצטע בלאָטיקע פּאָלעס, פאַרשטעקט אונטער די גאַרטלען. אַף זייערע פּאַסיקעס האָבן געקלונגען לאָפּעטעס און קאַסקעס. יע־דער פון זיי האָט געטראָגן אַפן רוקן אַ זאַק. זייער מיט פּעטס גע־שמירטע געווער האָט מאַט געגלאַנצט. מען האָט בוילעט געזען אַז דאָס זײַנען קאַדראָווע זעלנער, יונגע און שטאַרקע. זיי זײַנען געגאַנגען אין אַ באַזונדערער געשלאָסענער גרופּע, שטרענג אָפּ־

היטנדיק די מיליטערישע אָרדענונג. שפּעטער אָבער האָט מוסיאַ דערזען עפּעס אַזוינס, פון וואָס באַ איר איז פאַרכאַפּט געוואָרן דער אָטעם און אירע אויגן האָבן זיך אָנגעגאָסן מיט טרערן.

עטוואָס ווײַטער פון דער אינפאַנטעריע־קאָלאָנע, זײַנען געגאַנגען אַרטילעריסטן. זיי זײַנען געווען ניט קיין סאַך, אָבער זייער אויסזען איז געווען מונטערער און פעסטער, ווי באַ דער אינפאַנטעריע. אַ טייל פון זיי זײַנען אויך געגאַנגען באַ ביידע ראַנדן פון וועג, אָבער זייער קייט איז געווען פעסטער און מיט מער אָרדענונג. אַ כוץ זייערע רוקזעק און די צונויפגעוויקלטע שינעלן, האָבן זיי געטראָגן צו צוויי ברעזענטענע טאָרבעס אַריבערגעוואָרפן איבערן אַקסל, פון וועלכע עס האָבן אַרויסגעשטעקט זייערע אַלומינענע קעפּלעך די גראַנאַטן. הינטער זיי, אַ מאַן צוועלף, אײַנגעשפּאַנט אין רימענע שלייעס, האָבן געשלעפּט נאָך זיך אַ האַרמאַט. די רעדער זײַנען ביז צו דער אַקס פאַרזונקען אין די טיפע קאָלייעס און האָבן געשפּריצט מיט בלאָטע. דער האַרמאַט האָט זיך אַקשאַנעסדיק אײַנגעשפּאַרט, אָבער מען האָט אים אונטערגעשטופּט אויך פון הינטן. די אַרטילעריסטן האָבן זיך געמונטערט מיט הייזעריקע אויסגעשרייען: „מאַרש, מאַרש, מאַרש!" — און דער האַרמאַט האָט זיך געקײַקלט קלאַפּנדיק מיט זײַנע רעדער איבער די אַנטבלויזטע וואָרצלען.

פון איר באַהעלטעניש האָט מוסיאַ געזען בוילעט אַפילו די אָנגעשוואָלענע אָדערן אַף זייערע שלייפן, געהערט זייער הייזעריקן סאַפּען. עס איז צו איר דערגאַנגען דער שטאַרקער גערוך פון זעלנערישן שווייס. די אַרטילעריסטן האָבן אויסגעזען ווי די בורלאַקעס אַף רעפּינס בילד, אָבער זייערע פּנימער זײַנען ניט געווען קיין האָפענונגסלאָז־האַכנאָעדיקע, פאַרקערט, אַקשאָנעסדיקע, בייזע, באַגײַסטערטע.

ווי אַ דערשײַנונג פון אַ ווײַטער וועלט, צו וועלכער דאָס מיידל האָט געשטרעבט טאָג און נאַכט, איז פאַרבײַגעשוווּמען פאַר אירע אויגן די מענטשן־גרופּע באַם האַרמאַט. עס האָט זיך אײַנגעשטילט דאָס כליופּען פון דער בלאָטע אונטער די שטיוול, שוין פאַרשטומט געוואָרן די ווײַטע אויסגעשרייען „מאַרש, מאַרש", און די וואַנדערער האָבן אין זייער באַהעלטעניש נאָך אַלץ ווי פאַרקישעפטע ניט געקענט אַרויסברענגען אַ וואָרט פון זייערע ליפּן.

ענדלעך זײַנען זיי אַרויסגעקראָכן פון זייער בוים־געצעלט און אַ לאַנגע צײַט געשטאַנען און געקוקט אין יענער ריכטונג, ווו עס איז אַוועק די קאָלאָנע. די פרישע סימאָנים פון די טריט אַפן וועג האָבן זיך לאַנגזאַם אָנגעפילט מיט רעגן־וואַסער.

— איך וואָלט וועלן, אַז היטלער זאָל כאַטש מיט איין אויג אַ קוק טאָן אַף זיי, אַזוי ווי מיר ביידע האָבן זיי געזען. ער, דער הונט, וואָלט פאַרציטערט געוואָרן פון שרעק — אַף וואָס פאַר אַ פאָלק ער האָט געהייבן זײַן האַנט. — און פלוצלינג אומקוקנ־דיק זיך צו זײַנע איניאָנים, האָט ער אַ וואָרף געטאָן אַ בייזן קרוי־מען בליק אַף זײַן באַגלייטערן — יענע שלעפן דאָרט אַף זיך אַ גאַנצן האַרמאַט, און פאַראַן אַזעלכע פאַר וועמען ס׳איז אַ שווע־רע לאַסט צו טראָגן גאָלד, פאָלקס־אויצרעס.

— געפונען אַ פאַרגלײַך, — האָט זיך פויל אָפגערופן מוסיאַ. פאַר אירע אויגן זײַנען נאָך אַלץ געשטאַנען די אַרטילעריסטן מיט זייער האַרמאַט. עס האָט זיך איר ניט געגלוסט אַמפּערן — ווערסט דאָך אַזאַ איינעם סײַ ווי ניט איבערצײַגן!

אַ קנאַפּע שאָ זײַנען זיי געגאַנגען שווײַגנדיק, יעדער פון זיי האָט אַף זײַן שטייגער געטראַכט וועגן דער באַגעגעניש.

די זון האָט געשײַנט, פריילעך האָט געהילכט דער פון דעם געוויטער אָרומגעוואַשענער וואַלד. די טונקלקייט, וואָס האָט זיך אויסבאַהאַלטן אונטער די ביימער איז געווען אָנגעפולט מיט פּע־טע רייכעס פון דעם שפּעטן זומער. מיטאַמאָל האָט זיך מיטראָפּאַן איליטש אָפּגעשטעלט, ער האָט זיך שאַרף אויסגעדרייט צו מוסיאַן, זײַנע קורצזיכטיקע אויגן האָבן זיך שעלמיש געזשמורעט.

— האָסט זיך קיינמאָל ניט פאַראינטערעסירט אין יוועליר־טאָרג וועגן דעם ווערט פון אַ גראַם גאָלד? — האָט ער געפרעגט.

די פראַגע איז געווען אַזוי אומדערוואַרטעט, אַז דאָס מיידל האָט זיך מיט אַ געוויסער מוירע אָפּגערוקט פון דעם אַלטן.

— ס׳איז ניטאָ אין דעם קיין שום אויסערגעוויינלעכעס. האָסט דאָך געקענט אַרײַנגיין קויפן פאַר זיך אַ בלעטל גאָלד לאָ־מיר זאָגן אַף אַ צאָן.

— צוליב וואָס עפּעס? — דאָס מיידל האָט אויסגעשטשי־רעט צוויי שורעס זייער ווײַסע גלײַכע ציין, קליינע ווי בײַ אַ וועװערקע. — אויב עס וועט אַפילע נייטיק זײַן, וועל איך זיך אויך

ניט אַרײַנשטעלן קיין גאָלדענע, פֿאַר אַ וויאָרסט דערקענט מען זיי און זיי רײַבן זיך שנעל אויס.

מיטראָפֿאַן איליטש האָט אָבער באַשלאָסן ניט אונטערצוגעבן זיך.

— פֿונדעסטוועגן וואָלט פֿאַר דיר געווען זייער נוצלעך צו וויסן וויפֿל עס קאָסט אַ גראַם גאָלד. — ער האָט אָנגערופֿן אַ ציפֿער — און וויפֿל טראָגן מיר ביידע מיט זיך. מער־ווייניקער זיבעצן קילאָ מיט אַ פֿערטל, עמעס? אָבער דער הויפּט ווערט באַשטייט דאָך ניט בלויז אין דעם גאָלד. פֿאַראַן דאָרט אַזעלכע שטיינער, וואָס יעדן פֿון זיי וועסטו ניט קויפֿן אַפֿילו פֿאַר אַ גאַנצן הויפֿן גאָלד. זעלטענע שטיינער.

דאָס מיידל האָט אַ זיפֿץ געטאָן.

— לאָמיר בעסער ווײַטער גיין, כאַווער קאַרגער ריטער! ווען איך זאָל געפֿינען אַ שמיק גאָלד, ווי אַ קאָפּ פֿון אַ פֿערד די גרויס, ווי עס שרײַבט זיך אין אַ באָבע־מײַסעלע, איר געדענקט, וואָלט איך עס אַלץ אײַך אַוועקגעשאָנקען. אַבי איר זאָלט מיר אויפֿהערן צו נודיען מיט אײַערע מײַסעס.

זי האָט זיך געלאָזט גיין, אָבער דער אַלטער האָט מיט אַן אַנטשלאָסנקייט זי אַ כאַפּ געטאָן פֿאַר דער האַנט.

— שטיי!

— אַף מײַן וואָרט, איך האָב שוין ווייניקסטנס אַ הונדערט מאָל געהערט פֿון אײַך, אַז איך בין אַ לײַכטזיניק מיידל. קעדיי צו הערן דאָס זעלבע צום הונדערט ערשטן מאָל דאַרף מען, לויט מײַן מיינונג, ניט אָפּשטעלן זיך. איר קענט מיר דאָס זאָגן גייענדיק.

מיטראָפֿאַן איליטשעס קורצזיכטיקע אויגן האָבן געשײַנט פֿון באַגײַסטערונג. ער האָט באַשלאָסן, אַז דאָס מאָל וועט ער שוין ניט אָפּטרעטן. אין זײַן מויעך האָבן זיך שוין געדרייט די רעדעלעך פֿון אַ רעכן־מאַשין. די ציפֿערן האָבן זיך געמערט, געסומירט, געקייפֿלט, געביטן די ערטער און לעסאָף זיך אויסגעצויגן אין אַ לאַנגער ריי פֿון אַן אַלגעמיינעם סאַכאַקל. דער אַלטער האָט פֿײַערלעך געמאָלדן מוסיאַן דעם מער אָדער ווייניקערן ווערט פֿון די ווערטזאַכן, וועלכע זיי האָבן מיט זיך געטראָגן. דערנאָך האָט ער אויסגערעכנט וויפֿל צום בײַשפּיל, מען קען פֿאַר אַזאַ ריזן־סומע אײַנקויפֿן טאַנקען, האַרמאַטן, גראַנאַטן אאַז״וו.

דאָס מיידל האָט זיך אָפּגעשטעלט. צום ערשטן מאָל האָט זי ערגסט, אָן איר געווייבלעכער איראָניע, אויסגעהערט מיטראָפּאַן איליטשעס ווערטער וועגן זייער קאָסטבאַרן באַגאַזש. פאַרשטייט זיך, אַז זי אַליין פלעגט אויך צײַטנווײַז זיך פאַרטראַכטן וועגן דעם, וואָס פאַר אַ נוצן עס קען ברענגען פאַרן ניצאָכן איבערן סוינע דער אוצער, וועלכן מען האָט זיי אָנפאַרטרויט. אָבער אירע מאַכשאָוועס זײַנען שטענדיק געווען זייער נעפּלדיק און ניט קיין גענויע. דערפאַר איז מוסיאַ אַזוי שטאַרק איבערראַשט געוואָרן פון די פּאָשעטע איבערצײַגנדיקע כע;שבוינעס, וועלכע דער אַלטער קאָסיר האָט אונטערגעפירט. פאַר אירע אויגן האָט ווידער אויפגעלעבט דאָס בילד פון הײַנטיקן פרימאָרגן. אויב יענע מענטשן, אָפּגעטיילטע פון זייער אַרמיי דורך דער פראָנט־ליניע, אויסגעשעפּטע, אויסגעהונגערטע שלעפּן אַף זיך מיט אַזאַ זעלבסטאָפּפערונג איבערן וויסטן וועגלאָזן וואַלד גראַנאַטן און אַן אײַנציקן האַרמאַט, ווי‌אַזוי מוז מען דאַן אָפּהיטן דעם גאָר ניט אַזאַ שווערן זאַק, ווען מען עס באַמרעף איז ווערט ניט נאָר איינעם, נאָר אַ סאַך האַרמאַטן, ניט ווי צענדליקער, נאָר וויפל אַ סאַך טויזנטער אַרטילעריע־גראַנאַטן.

— אָבער ווו קויפט מען דאָס געווער ? וועט דען עמעצער אין דער מילכאָמע־צײַט וועלן אויסטוישן געווער אַף די נאַרישע פאַטשערקעס ? — האָט זי געפרעגט מיט אַ צווייפל, קוקנדיק אַפּן זאַק, וועלכער איז שווער געהאנגען אַף איר באַגלייטערס רוקן.

— ע... ע... זאָל נאָר זײַן גאָלד, וועט מען שוין געפינען באַ וועמען קויפן געווער. — האָט אויסגעשריִען מיטראָפאַן איליטש, קנאַקנדיק מיט די קנאָכן פון זײַנע פינגער — פאַרגעסט, אַז מיר לעבן אין אַ קאַפּיטאַליסטישער אַרומרינגלונג.

דאָס מאָל האָט שוין מוסיאַ אַלץ פאַרשטאַנען.

פון יענעם טאָג אָן איז שוין צווישן זיי מער ניט פאָרגעקומען קיין קריגערײַען. דעם זאַק האָבן זיי שוין געטראָגןביידע, טורנעווײַז, און דאָס מיידל האָט זיך אָנגעהויבן צו באַציִען צום צירונג ניט ווייניקער זאָרגעווודיק, ווי דער אַלטער.

אין איין איניען, אָבער, האָבן די וואַנדערער נאָך אַלץ ניט געקענט קומען צו קיין אויסגלײַך.

מיטראָפאַן איליטש האָט נאָך אַלץ ווי פריִער אויסגעמיטן די באַוווינטע ערטער, אַפילע די שטיבעלעך פון די וואַלד־וועכטער, אַפילע די פאַרוואָרפענע בײַדלעך פון די האָלצהעקער, וועלכע זײַנען געווען אויסבאַהאַלטן אין געדיכטן וואַלד, ווײַט פון טראַקטן און פון שאָסיי־וועגן.

פון דעם איז מוסיאַ געווען אויפגעבראַכט ביז דער טיפעניש פון איר נעשאָמע.

פון קינדווײַז אָן איז זי געווען איבערצײַגט אין דער ווונדערלעכער קראַפט פון מענטשלעכער קעגנזײַטיקער הילף. ווען זי איז נאָך געווען גאָר קליין און איר מוטער פלעגט זי פירן אין קינדער־גאָרטן, שוין דאָרט, אין די געמיינזאַמע שפילערײַען, אין די קינדערשע קאַראַהאָדן, בײַ דעם אַלגעמיינעם טיש, זײַנען אין איר נעשאָמע פאַרפלאַנצט געוואָרן די ערשטע קערנדלעך פון קאָלעקטיוויזם. זי איז געוואָרן אַן „אָקטאָבערל“, שפעטער אַ פיאָנער און דערנאָך, ענדלעך, אָנגענומען געוואָרן אין קאָמיוג. די קערנדלעך זײַנען געפאַלן אַף אַ פרוכטבאַרן באָדן. פון זיי איז אויסגעוואַקסן אַ פעסטער צוטרוי צו די אַרומיקע, אַ גלויבן אין זייער גוטוויליקייט, אין גרייטקייט מיטצוהעלפן. עס האָט זיך אין איר אַנטוויקלט דאָס, וואָס די דיכטער פון די ערשטע יאָרן פון דער רעוואָלוציע, האָבן פײַערלעך אַ נאָמען געגעבן „דאָס געפיל פון אַקסל“.

קאָרעצקיס איבערגעטריבענע פאָרזיכטיקייט איז געווען פאַר מוסיאַן אומפאַרשטענדלעך, זײַן פאַרדריסלעכע, זקײניִשע, ווי איר

האָט זיך געדוכט, מעשוגאַס, האָט נאָר פאַרלענגערט און פאַרפּלאָנטערט זייער אַזוי אויך גענוג שווערן וועג. אָבער ווען זי האָט פאַרשטאַנען אַז עס איז נוצלאָז מיט אים זיך צו אַמפּערן וועגן דעם, האָט זי אַ מאַך געטאָן אַפן אַלטן מיט דער האַנט און האָט זיך באַנוגנט בלויז מיט דעם, וואָס אַנשטאָט אים צו רופן ווי פריִער „דער קאַרגער ריטער", האָט זי פאַר אים געפונען אַ פרישן נאָמען: „דער נאָזיר". אָבער סאָפקאָלסאָף האָט שוין „דער נאָזיר" אַליין, וועלכער איז די גאַנצע צײַט העלדיש אויסגעשטאַנען אַלע אירע אָנפאַלן, געמוזט זיך מוידע זײַן, אַז ווײַטער וואַנדערן אַזוי בלינד אָן וועגן, ניט ווינסדיק געגנוי ווו מען געפינט זיך און וווהין מען גייט, ווערט וואָס אַמאָל אַלץ שווערער.

איינמאָל, נאָכדעם ווי זיי האָבן צוויי טעג קעסיידער געבלאָנדזשעט איבער אַ זומפּיקן וואַלד איז ער געצוווּנגען געווען אײַנצושטימען, אַז עס איז אומבאַדינגט נייטיק דורכצופירן אַן אויסשפיר. מוסיאַ האָט זיך שטאַרק דערפרייט און האָט אים גלײַך אַפן אָרט פאָרגעלייגט אַ פלאַן, וועלכער איז שוין באַ איר אין מויעך לאַנג רײַף געוואָרן. דערגייענדיק צו אַ דאָרף וועט זיך דער אַלטער מיטן צירונג אויסבאַהאַלטן אין אַ פאַרוואָרפענעם ווינקל; זי אַליין וועט אָנטאָן אַ פאָשעטן לײַוונטענעם זאַק, וועט פאַרוויקלען איר קאָפּ מיט אַ האַנטעך, עס זאָל אויסזען ווי אַ פאַטשיילע, וועט נעמען דעם אַלטנס שטעקן און וועט זיך לאָזן גיין ביז צו דער ערשטער כאַטע. זי האָט שוין אויך צוגעגרייט אַ געשיכטע, וועלכע זי וועט דערציילן די קאָלווירטניקעס: איר מאַן האָבן די פאַשיסטן אויפגעהאַנגען, זייער הויז פאַרברענט און איצט גייט זי צו איר מוטער, וועלכע וווינט אין שטאָט. דערבײַ וועט זי יעדעס מאָל אָנרופן אַ שטאָט, וואָס ליגט נאָענט אַף זייער וועג און וועט אויספרעגן, וויאַזוי צו גיין אַהין.

מיטראַפּאַן איליטש איז דער פלאַן געפעלן. ווען אַפן צווייטן טאָג פון זייער אַרומבלאָנדזשען איבער זומפּן האָבן זיי זיך אָנגעשטויסן אַף אַ פון צוויי גאַנג געפלאָכטענעם פאַרקאַן און די בוילעטע רעדער־סימאָנים אַפן וועג האָבן זיי איבערצײַגט אין דער נאָנטקייט פון אַ יישעוו, איז באַשלאָסן געוואָרן דורכצופירן די ערשטע אויסשפיר־אַרבעט. זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין אַ געדיכטן וועלדל. מוסיאַ האָט זיך אַף שנעל פאַרשטעלט אַפן געהעריקן

אויפֿן, עס זאָל אויסזען נאַטירלעכער האָט זי אַפֿילע אויסגעשמירט איר פּאָנים, האַלדז און הענט מיט אַש. אין איר אַלטן סקי־אָנצוג, מיט אויסגעטראָטענע שיך, דעם קאָפּ פֿאַרבונדן מיט אַ שמוציקן האַנטוך, ווי אַ זקיינע, מיט אַ גרוי ברוינעם פּאָנים, וואָס האָט אויסגעזען ווי נישט געוואַשן שוין אַ לאַנגע צײַט, איז זי איצט אַף אַן עמעס ענלעך געווען צו איינע פֿון די היימלאָזע פּליטים, וועלכע האָבן אין יענע צאָרעסדיקע טעג אַרומגעוואַנדערט אין די טויזנטער איבער די וועגן פֿון דער באַזעצטער טעריטאָריע.

— אויב גאָט איז דיר ליב, זײַ פֿאָרזיכטיק. ריזיקיר נישט. באַם מינדסטן געפֿאַר קער זיך אום צוריק. געדענק אַז מיר ביידע געהערן איצט נישט זיך. מיר זאָלן ריזיקירן איז אַ פֿאַרברעכן! — האָט מיטראָפֿאַן איליטש איר אָנגעזאָגט אַפֿן וועג, מיט אַ פֿאַר־כאַפּטן אָטעם פֿון אויפֿרעגונג,

— זאָג מיר צו, אַז דו וועסט זיך ניט אײַנשטעלן.

— איך גיב אײַך מײַן וואָרט — האָט מוסיאַ פֿײַערלעך פֿאַרזיכערט. אירע גרויע אויגן, האָבן פֿיבערדיק געגלאַנצט פֿון אונטער דעם נידעריק־פֿאַרבונדענעם האַנטוך, און האָבן שרײַיק ניט געפּאַסט צום טונקעלן פֿאַרעלטערט געוואָרענעם פּאָנעם. מיטראָפֿאַן איליטשעס שטעקן האָט געציטערט אין אירע הענט. — יעדנפֿאַלס זאָלט איר מיך אָפּוואַרטן בלויז איין מעסלעס, ניט מער. קוים קער איך זיך ניט אום — גייט אַליין.

— זאָלסט נאָר אַליין ניט קריכן צום שעד אַף די הערנער, —

אַן אײַנגעבויגענע, מיט אַראָפּגעלאָזטע אַקסלען, שווער אָנ־געשפּאַרט אַפֿן שטעקן האָט זיך מוסיאַ באַמיט שוין דאָ אין וואַלד שפּילן די ראָל פֿון אַ ניט קיין יונגער פֿאַרמאַטערטער פֿרוי, זי איז אַרויס פֿון צווישן די קוסטעס אַף דעם גוט אײַנגעפּרעסטן שטויביקן וועג. זי האָט מיט פֿאַרדרוס געפֿילט, אַז זי איז נערוועז. נאָך אַזוי פֿיל טעג אַרומוואַנדערן איבער וועלדער איז איר איצט פֿאַרגעשטאַנען זיך צו באַגעגענען מיט מענטשן, הערן נײַעס וועגן דעם גאַנג פֿון דער מילכאָמע און דערוויסן זיך ווי ווײַט פֿון דאַנען ס׳געפֿינט זיך דער פֿראָנט.

ווען דער וועג האָט זיך פֿאַרנומען צווישן די ברייטע פֿעלדער, אויסגעשמיסענע פֿון די ווינטן, ערטערווײַז מיט אינגאַנצן צעטראָ־ענער און פֿאַרוואַקסענער טווּוע, און פֿון דער ווײַטנס האָבן זיך גע־

נומען זען די טונקעלע שטרויענע דעכער פון אַ דערפל, האָט זיך אין דעם מיידלס האַרץ קעגן איר ווילן פאַרגאַנוועט אַ נײַע מוירע: זײַנען דאָרט ביכלאַל פאַראַן מענטשן? עפשער זײַנען זיי אַלע אַוועק? און אויב זיי זײַנען אַפילע נאָך דאָ, וואָס איז פון זיי געוואָרן פאַר די שרעקלעכע וואָכן פון דער אָקופּאַציע?

מוסיאַ האָט באַשלאָסן צו גיין אין דאָרף ניט מיטן וועג נאָר דורך דער לאָנקע, קעדיי ניט אַרויס גלײַך אַף דער דאָרפישער גאַס, נאָר צוקומען צו איר דורך די הינטערהויפן.

אָן אַ זײַט פון די קאָלווירטישע געבײַדעס, באַ אַ טײַכל, וועלכן מען האָט זיך געקאָנט מעשאַער זײַן אַ דאַנק די געדיכטע גרינע שפּיצן פון טשערעט, האָט זיך געשלענגלט אַ דינער רויך. אויב אַ רויך — זײַנען פאַראַן מענטשן. וואָלט ניט בעסער געווען זיך מיט זיי צו באַגעגענען דאָ, ווײַט פון זייערע כאַטעס?

מוסיאַ באַמיענדיק זיך צו האַלטן רויק האָט זיך גלײַך געלאָזט גיין אַפן רויך, וועלכער האָט זיך געהייבן ערגעץ פון אונטן, פון ברעג. מיט אַ געפּיל פון אַ מענטשן וואָס גרייט זיך אַרײַנשפּרינגען אין קאַלטן וואַסער, האָט מוסיאַ מיט אַ פאַרהאַלטענעם אָטעם געמאַכט די עטלעכע לעצטע טריט און איז שטיין געבליבן אַן איבעראַשטע באַם אָפּהאַנג פון ברעג. זי האָט לעכאַטכילע אַפילע ניט געקענט באַנעמען וואָס אַזוינס עס קומט דאָ פאָר פאַר אירע אויגן.

די לאָנקע האָט דורכגעשניטן אַ קורצע טיפע טראַנשייע, אַ בערגל פרישע זאַמד האָט זיך געצויגן לענגאויס דעם גראָבן, און פון אונטן פון דעם דעק פון דער טראַנשייע האָבן מענטשן, וועלכע מוסיאַ האָט ניט געקענט זען, אַרויסגעוואָרפן פרישע ערד. דאַנעבן, אַף שטרוי, זײַנען געלעגן אָנגעוואָרפן גרויסע, פעסט אָנגעשטאָפּטע בײַכיקע זעק און עפּעס שווערע מעטאַלענע כפייצים, פאַרוויקלטע אין גראָבן לײַוונט. עס האָט געברענט אַ שײַטער און איבער אים האָט געפּאָרשקעט אַ קאָכנדיקער טשײַניק. אַ מאַן אין די מיטעלע יאָרן, אַ ברייטפּלייציקער, אַ שווערער, אָנגעטאָן אין אַ סאַטינענער העמדל אָן אַ גאַרטל, אַ באָרוועסער, איז געשלאָפן אַף די זעק אין אַ זייער ניט באַקוועמער פּאָזע מיט ברייט צעוואָרפענע הענט. ער האָט שווער און הילכיק געכראָפּעט, שלאָגנדיק זיך אַ ווײַלע מיט דער דייע, האָט מוסיאַ זיך גענומען אַראָפּלאָזן צום

טײַכל. פֿון אונטער אירע פּיס האָט זיך אָפּגעריסן אַ שטיק ערד. דער מאַן האָט גלײַך אויפֿגעעפֿנט זײַנע אויגן, זיך אויפֿגעזעצט און גענומען אַרומקוקן זיך אַ צעבישטער. דערזעענדיק דאָס מיידל האָט ער אַף איר אַנגעשטעלט אַ שווערן בליק.

— ווער? פֿון וואַנען? האָסט אַ פּאַס מיט אַ דײַטשישן שטעמפּל? — האָט ער געפֿרעגט מיט אַ טעמפּער שטימע ווי פֿון אַ פּאַס.

מוסיאַ האָט געשוויגן און געפּרוווט טרעפֿן, ווער דער מענטש איז, ווער אַרבעט עס דאָרטן אַפֿן דעק פֿון גראָבן, און פֿאַרוואָס גראָבט מען דאָס? „נאָר רויק זײַן, נאָר רויק. די הויפּט־זאַך ניט ווײַזן אַז איך האָב מוירע, נאָר ניט אויפֿרעגן זיך".

— אַ גוט מאָרגן אײַך — האָט זי אַרויסגערעדט צעצויגן און מיט אַ ניגן.

— ווער ביסטו דאָס, מומע? די מינוט זאָלסטו ענטפֿערן. ווײַז אַ שײַן אָדער דעם פּאַס מיטן קאָמענדאַנטס שטעמפּל, — איז צוגעשטאַנען דער מאַן. ער האָט שוין געשפּאַנט צו איר אי־בערן טײַכל, צעשפּריצנדיק דאָס וואַסער מיט גרויסע וואַקלדיקע פּיס.

פֿון גרוב זײַנען אַרויסגעפֿלויגן צוויי רידלען, דערנאָך האָט זיך באַוויזן אַ גרויער קאָפּ, אָבצנדיק איז אַרויסגעקראָכן אַן אַל־טער מאַן וועלכער האָט נאָך זיך געשלעפּט פֿאַרן האַנט אַ קרענק־לעכן באָכער מיט אַ הילצערנעם פֿוס.

„מומע", ער האָט געזאָגט „מומע", — אַ סימען, אַז איך האַלט זיך גוט, האָט געטראַכט מוסיאַ, קוקנדיק ווי דער מאַן דער־נענטערט זיך צו איר. — לויפֿן? ניין, נאָך צו פֿרי. ער איז אַן געווער און איז בעגילופֿן. כ׳וועל נאָך באַווײַזן צו אַנטלויפֿן. זאָל „דער נאָזיר" טאַקע גערעכט זײַן, און מען מוז זיך היטן אַפֿילע פֿאַר אייגענע מענטשן?

דער שיקערער איז געבליבן שטיין לעבן מוסיאַן און זײַן שווע־רע האַנט האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַף איר אַקסל.

— אַ פּלייטע בין איך, ליבינקער, ברויט אַ שטיקעלע וואָלסטו מיר געגעבן — האָט אַרויסגערעדט דאָס מיידל, באַמיִענדיק זיך צוגעבן איר שטימע טענער פֿון אַ זקיינע.

— ברויט? אָט האָסטו דיר, ברויט האָט זיך איר פֿאַרגלוסט.

דאָרט איז ער דער ברויט, פוילט אונטערן רעגן, שיט זיך אָפּ. נעם, מומע, וויפל דו ווילסט, נעם אַלץ. מיר זשאַלעווען ניט. אַלץ שענ־קען מיר דיר אַוועק. איצט זשאַלעווען מיר שוין גאָרניט. אַלץ איינס, אַ סאָף צו אונדזער לעבן. זעסט, אָט גראָבן מיר אַ קייווער. מיר באַגראָבן אונדזער קאָלווירטישן גליק. אַ סאָף. עק וועלט.

— סטעפּאַן, סטעפּאַן, פּלאַפּלסט איבעריקע רייד! — האָט זיך אָפּגערופן דער באַכער אָן אַ פּוס.

דער, וועמען מען האָט גערופן סטעפּאַן, האָט זיך אָנגעשפּיצט. אַ טרייסל געטאָן דאָס מיידל און פאַרהויבן איבער איר קאָפּ זײַן שווערע פויסט.

— באַווײַז נאָר אַהער דײַן פּאַשיסטישן שײַן, אַז ניט וועל איך דיר דאָ באַלד אַ כמאַליע טאָן! — ער האָט אַ קריץ געטאָן מיט די ציין אָטעמענדיק איר גלײַך אין פּאָנעם אַרײַן מיט אַ שווערן איבערגעברענטן בראָנפן־רייעך.

— וואָס שרעקסטו זי? וואָס פאַרלאַנגט זי? — האָט גע־פרעגט דער אַלטער פון יענער זײַט טײַכל.

— אָט, אַ פּלייטע, ברויט וויל זי... שלעפּט זיך דאָ אַרום און קיין שײַן ווײַזט זי ניט...

— איז גיב איר, וואָס איז — זשאַלעוועסט? שיט איר אַן מעל אין איר טאָרבע אַרײַן.

— אַוואַדע, דו וועסט איר אָנשיטן... און זי וועט גלײַך גיין און מאָסערן. עפּשער איז זי גאָר פון דער געשטאַפּאָ? אַנו, ווײַז נאָר דײַן שײַן אָדער דעם פּאַס מיט אַ שטעמפּל!

— ניטאָ בײַ מיר קיין פּאַס, אָפּגעברענט, צוזאַמען מיט דער כאַטע אָפּגעברענט, אַלץ אָפּגעברענט — האָט גענומען מורמלען מוסיאַ און גלײַך אָנגעהויבן אַרויסצולייגן איר טרויעריקע געשיכטע.

סטעפּאַן האָט זי אָפּגעשטופּט.

— גענוג, גיי! עס ווערט ניט גוט פון אייגענע צאָרעס, און דאָ ברענגט מען נאָך צו פרעמדע... שטיי, ווו לויפסטו? שלעפּ אַראָפּ די טאָרבע.

מוסיאַ האָט האַסטיק אַראָפּגעשלעפּט פון זיך איר זאַק און דערלאַנגט סטעפּאַנען. סטעפּאַן איז ווידער אַריבער דאָס טײַכל, פונאַנדערגעבונדן איינעם פון די זעק און האָט אָנגעהויבן מיט די הויפנס איבערצושיטן אין איר זעקל קאָרענע מעל. דאָס מעל האָט

זיך געזיפּט צווישן זײַנע פינגער, געשאָטן זיך אַפן זאַמד, דער ווינט האָט עס געיאָגט איבערן גראָז, געשלעפּט צום טײַכל. דאָס שטילע וואַסערל האָט זיך פאַרצויגן מיט אַ ווײַסלעכן שלײער, ווי מיט ביימער־שטויב בעיסן בליען אין פרילינגס־צײַט.

דאָס מיידל איז געוואָרן דרייסטער און האָט שפּרינגענדיק איבער די שטיינער, אַריבערגעשפּאַנט דאָס טײַכל.

— וואָס וואַרפסטו זיך מיטן מעל! — האָט געוואָרטשעט דער אַלטער, קוקנדיק בייז, ווי דאָס גראָז ווערט ווײַס פון דעם מעל־שטויב.

— און דיר איז אַ שאָד? וואָס? — האָט אַ רעווע געטאָן סטעפּאַן. — קלײַבסט זיך עפּשער צו שפּײַזן דעם פאַשיסט? בעשום אויפן ניט! ער וועט עס ניט באַקומען, דער פּאַראַזיט. — און מיטן גאַנצן קויעך האָט ער גענומען בריקען מיט זײַן באָרוויעסן פוס אין דעם זאַק. ער האָט געבריקעוועט מיט אַ וואַקסנדיקער רעציכע, אָבער דער זאַק האָט זיך ניט גערירט. דאָס האָט דעם שיקערן אינגאַנצן אַרויסגעבראַכט פון די קיילים. ער האָט אַ ריס געטאָן דעם זאַק פון דער ערד, סאָפּענדיק, אים אויפגעהויבן און זיך פאַרמאָסטן אים אַרײַנצושלײַדערן אין טײַכל אַרײַן, אָבער דער איינפּיסיקער באָכער האָט מיט אַן אומדערוואַרטעטער פלינקייט און קויעך אים פּעסט אַ כאַפּ געטאָן פאַר די הענט.

דער אַלטער האָט פאָרזיכטיק צונויפגעקליבן מיט די הויפנס דאָס צעשאָטענע מעל.

— וואָלסט בעסער געגאַנגען מילכאָמע האַלטן מיטן דײַטש און ניט מיטן זאַק מעל.

— טשעפּע זיך אָפּ פון מיר! — האָט מיט אַ מידער שטימע זיך אָפּגערופן סטעפּאַן. ער האָט אָנגעהויבן ביסלעכווײַז זיך אויסניכטערן, האָט פאַרלוירן געקוקט אַף מוסיאַן און, ווײַזט אויס באַמערקנדיק אין איר בליק אַ פאָרוואורף, האָט ער געזאָגט, ווי פאַרענטפערנדיק זיך: — נו, איך טרינק, עמעס, שוין די דריטע וואָך ווי איך טרינק. די נעשאָמע ברענט אין מיר, ניטאָ מיט וואָס צו אָטעמען. געווען אַ קאָלווירטניק ביהגער סטעפּאַן קאַטאָוו, און איצט אַן אַרבעטס־פערד סטיאָפּקאָ גומער אָזאָ און אַזאַ, שלעפּקראַפּט... אַ פערדן־קראַפּט. — ער האָט אַראָגעריסן פון זײַן האַלדז אַ ברעטעלע, וועלכעס איז באַ אים געהאנגען אַף אַ שנירל,

זי אַ שלײַדער געטאָן אַף דער ערד און האָט אָנגעהויבן זי ווילד אַרײַנטאָפּטשען אין זאַמד אַרײַן.

דער אײנפּיסיקער באָכער האָט מיט אַ שטעקעלע אַרויסגעגראָבן דאָס ברעטל פון זאַמד, אויפגעהויבן און עס באַוויזן מוסיאַן. דאָס איז געווען ניט קײן גרויסע, שוין היפּש אָפּגעריבענע פּאַניר־ברעטל מיט אַן אויסגעבריגטן פאַשיסטישן אָדלער אײַנגעקלאַמערט אין אַ סוואַסטיק, און אַ נומער 1850.

— נאָך ניט געזען אַזאַ שײַנדל, בירגערן? — האָט מיט אַ ביטערן שמייכעלע געזאָגט דער אַלטער — באַקען זיך, באַקען זיך, מיט וואָס מען האָט אונדז איצט באַקליידט... וואָס, ביסט אַוואַדע פון הימל אַראָפּגעפאַלן, וויבאַלד דו קענסט נאָך ניט די פאַשיסטישע שטיק?

דער אַלטער האָט אויך איצט פאָרשנדיק געקוקט אַף דער אומבאַקאַנטער, אַרײַנלייגנדיק אין זײַנע ווערטער עפּעס אַן אומבאַקאַנטן פאַר מוסיאַן געדאַנק, האָט ער געזאָגט:

— און עפּשער טאַקע בעמעס פון הימל? עפּשער האָט דיך עמעצער אַראָפּגעשיקט זיך צו באַקענען וויאַזוי די אָקופּירטע מענטשן קלאָגן דאָ אַף זייער לעבן? וואָס? און די מענטשן, זעסט דאָך, — ער האָט אַ ווונק געטאָן אַף סטעפּאַנען, וועלכער האָט זיך געזעצט אַף די זעק — און די מענטשן, ווי דו זעסט, שיקערן.

— וואַרט אַ רעגע, באַומיטש, עפּשער איז זי טאַקע פון דאָרטן, — האָט איבערגעשלאָגן דעם אַלטנס רייד דער אײנפּיסיקער באָכער, און אַריבערגייענדיק פּלוצלינג אַף „איר", האָט ער געפרעגט:

— עפּשער וועט איר אונדז דערציילן ווי גייט עס אַפן פראָנט? אַ?

מוסיאַ האָט פאַרשטאַנען, אַז זיי נעמען זי אָן ניט פאַר קײן פּלייטע, נאָר פאַר עמעצן אַנדערש, זי האָט אָבער אויך דערפילט, אַז פאַר די מענטשן דאַרף מען ניט מוירע האָבן, אַז זיי דערוואַרטן נײַס וועגן דער סאָוועטישער אַרמיי מיט דער זעלבער אומגעדולד, ווי זי אַליין.

— איך ווייס גאָרניט, כאַווײרים, איך אַליין בין נײַגעריק זיך צו דערוויסן, ווו דער פראָנט געפינט זיך, — האָט זי שוין מיט מער דרײַסטקייט געזאָגט.

— נו, מיילע, ס'איז אײַער זאַך, אויב איר ווייסט ניט, דאַרף מען ניט — האָט טרויעריק זיך אָפּגערופן דער באָכער אָן פוס.

— מען שמועסט, אַז דער פראָנט געפינט זיך אַ פערציק קי־לאָמעטער פון דאַנען. מען האָט דעם פאַשיסט פאַרהאַלטן באַם טײַך, די דריטע וואָך מיימעסט מען אים, און מען מיימעסט גאַנץ פעסט — האָט געענטפערט סטעפּאַן. ער איז געזעסן אַף דער ערד און, שאָקלענדיק זיך, צונויפגעדריקט מיט ביידע הענט זײַן פאַר־שיקערטן קאָפּ. — מען שלאָגט און מען מיימעסט אים, און ער שלעפט צום פראָנט אַלץ פרישע און פרישע דיוויזיעס . . . ניין, ער איז נאָך ניט אויסגעשעפּט . . . נאָך שטאַרק, גענוג שטאַרק . . . פון וואַנען נעמט זיך צו אים אַזויפיל כאַיעל ?

— און מיט שפּײַז, ליבינקע, וועלן מיר זיך באַזאָרגן — האָט געזאָגט דער אַלטער.

פאַרזיכטיק האָט ער אָנגעהויבן איבערצושיטן דאָס מעל פון זאַק אין מוסיאַס טאָרבע, ער האָט געשאָטן און האָט גערעדט קוקנ־דיק מיט שולדיקע אויגן אַף מוסיאַן.

— און אויב דו, מיידעלע, אָדער ווײַבעלע, שווער דיך צו פאַרשטיין, ביסט פון דאָרטן — און ער האָט אָנגעוויזן מיט זײַן פינגער אַף מיזרעך — דערציייל דאָרט זיי, אַז מיר גייען איצט דורך אַ שווערע פּאָליטישע שול.

דער אַלטער האָט מיט ביטל געוואָרפן אַ קרומלעכן בליק אין דער זײַט פון דעם שיקערן, וועלכער איז נאָך אַלץ געזעסן אין פאַרלוירענער פּאָזע, און האָט צוגעגעבן: — און פאַר אייניקע וועט די שול צונוץ קומען, פאַר די יעניקע, וועלכע האָבן גערעכנט איבערוואַרטן די מילכאָמע, זיצנדיק אין די קוסטעס.

דאָס מיידל האָט נאָך אַלץ ניט געקענט פאַרשטיין, פאַרוואָס זיי ריידן צו איר מיט אַזאַ צוטרוי. און מוירע האָבנדיק פאַר מעג־לעכע אומאָנגענעמלעכקייטן אויב די מענטשן וועלן זיך כאַפּן, אַז זי איז גאָר ניט די, פאַר וועמען זיי האַלטן זי, האָט זי אַ כאַפּ געטאָן איר שווער געוואָרענע טאָרבע, און באַדאַנקענדיק אַף שנעל מיט גיכע טריט זיך געלאָזט גיין צום וואַלד, איבערלויפנדיק אַי־בער די שטיינער דעם טײַכל. ווען זי איז אַריבערגעקראָכן איבער אַ פלויט, האָט זי זיך אומגעקוקט און דערזען ווי פון דאָרף ציט זיך צום גראָבן אַ שערענגע פרויען. זיי האָבן געשלעפּט אַף זיך עפּעס שווערע פּעק.

אירע אײַנדרוקן זײַנען געווען ווידערשפּרעכיקע. זי האָט זיך

געמיט צו פֿאַרשטײן פֿאַר וואָס פֿאַר אַ „שעליעך פֿון הימל" האָבן זײ זי אָנגענומען און וואָס האָט געהאַט אין זינען דער אײַנפּיסיקער, ווען באַם געזעגענען זיך, האָט ער איר געזאָגט: „גיט איבער דאָרט דעם עלטסטן אײַערן, אַז מיר האָבן זיך טאַקע אײַנגעבויגן, אָבער צעבראָכן — צעבראָכן וועלן מיר זיך ניט!". דערמאָנענדיק זיך דעם איפּעש פֿון איבערגעבראַכטן שנאַפּס, די שווערע פּויסט איבער איר קאָפּ, סטעפּאַנס מאַכטלאָזע פֿאַרצווייפֿלונג האָט דאָס מיידל אַזש געציטערט פֿון עקל. דערפֿאַר אָבער האָט די יעדיע, אַז מען האָט דעם סוינע פֿאַרהאַלטן עטלעכע צענדליק קילאָמעטער פֿון דאַנען, און ער לײַדט שווערע פֿאַרלוסטן און אַז דער וועג וואָס פֿירט צו די אייגענע פּאָדערט ניט מער ווי עטלעכע טעג גאַנג, דערוועקט באַם מיידל אַ שטורמישע פֿרייד און זי האָט געפֿילט ווי פֿריידיק עס קלאַפּט איר דאָס בלוט אין די שלייפֿן.

זי האָט אינגאַנצן פֿאַרגעסן, אַז זי שפּילט אַן אַלטיטשקע און איז מונטער געגאַנגען איבערן וואַלד־וועג אונטערזינגענדיק אַ פֿריילעך לידל. און פּלוצלינג; ניט ווײַט פֿון אַ נוסבוים, וועלכער האָט איר געדינט פֿאַר אַ סימען ווו זי דאַרף זיך פֿאַרנעמען אין דער וואַלד־געדיכטעניש, האָט זי באַמערקט אַ גרופּע מענטשן. זי האָט זיך טײַקעף באַהאַלטן הינטער אַ בוים און פֿון דאָרטן גענומען נאָכשפּירן. דאָס זײַנען געווען יונגע כעווריע, ייִנגלעך קלענערע און גרעסערע, אַלע אין דעם זעלבן שוואַרצן אוניפֿאָרעם, וועלכן עס טראָגן די שילער פֿון די האַנטווערקער־שולן. מידע, אָפּגעריסענע, מיט רוקזעק אויף די פּלייצעס, די שיך צוזאַמענגעבונדן מיט די שנירלעך און אַריבערגעוואָרפֿן איבער דער פּלייצע, זײַנען זײ געשטאַנען אין אַן אומרויִקן קרײַז אַרום עפּעס. דאָס מיידל האָט זיך דערמאָנט אין די קליינע אויסגעמאַטערטע מענטשעלעך, וועלכע זײַנען שוין איין מאָל פֿאַרבײַגעגאַנגען פֿאַרבײַ זײ איבערן וואַלד־וועג. זיכער, אַוודע, זײַנען זײ דאָס! אָט שטייט אַפֿילע צווישן די קוסטעס דאָס טראָג־בעטל און איבער איר סטאַרטשעט אַרויס אַ דאַר, קאַנטיק ייִנגלש קעפּל. מיט אַן אויסגעצויגענעם האַלדז קוקט דער קראַנקער צו דער מאַכנע כאַווײרים זײַנע און באַמיט זיך עפּעס וואָס צו דערזען. די יאַטן טומלען אַרום אויפֿגערעגטע, די הינטערשטע שטעלן זיך אויף די שפּיץ־פֿינגער, עמעצער וויינט און כליפּעט הילכיק.

מוסיאַ האָט פאַרשטאַנען, אַז עס איז געשען עפּעס אַן אומגליק און קיין סאַך ניט טראַכטנדיק האָט זי זיך אַ וואָרף געטאָן זיי צו העלפן. די יינגלעך זײַנען געווען אַזוי שטאַרק צערודערט, אַז זיי האָבן אַפילו ניט באַמערקט, אַז צווישן זיי געפינט זיך אַ פרעמדע פרוי. און ווען מוסיאַ האָט געפרעגט וואָס אַזוינס איז געשען, האָט זיך אַף איר קיינער ניט אומגעקוקט. די נאָענט־שטייענדיקע האָבן זיך פון איר אָפּגעשאָקלט, ווי פון אַ זלידנער פליג. פון די אָפּגעריסענע פראַזן האָט מוסיאַ פאַרשטאַנען, אַז אַ גיפטיקע שלאַנג האָט אַ ביס געטאָן איינעם אַ טאָלקע.

זי האָט זיך דערמאָנט ווי אין די ערשטע טעג פון זייער וואַנדערן איבערן וואַלד, האָט מיטראָפאַן איליטש זי געוואָרנט, — אַז מער ווי פון אַלץ, זאָל זי זיך היטן פון אַ ביס פון די קורצע, דיקע שלענג מיט אַ שוואַרצן זיג־זאַג אַפן פלאַכן גרויען רוקן — און זיך דורכגעריסן צום מיט פון קרײַז. באַ אַ סאָסנע־שטאַם איז געלעגן מיטן קאָפּ פאַרוואָרפן אַף הינטן און מיט אַן אויסגעצויגענעם באַרוועסן פוס אַ דאַרער יינגל פון אַ יאָר פופצן, קימאַט אַ קינד מיט אַ טונקעלן אויסגעמאַטערטן פּאָנעם. ער איז געווען אָנגעטאָן אין קורצע ספּאָרט־הייזלעך. זײַנע אויגן זײַנען געווען פאַרמאַכט פון ווייטיק. די צונויפגעקריצטע ציין האָבן ניט אַרויסגעלאָזט קיין זיפץ און קיין קרעכץ, נאָר דער שווייס, וואָס איז אין דינע ריטשקעלעך גערונען איבערן יינגלס פּאָנעם האָט בוילעט איידעס געזאָגט וועגן זײַנע יעסורים.

מוסיאַ האָט גלײַך דערקענט אין אים יענעם באָכערל, וועלכער האָט דאַן אָנגעפירט מיט דער מאַכנע האַנטווערקער־שילער. אַרום אים האָבן זיך געשטופּט זײַנע כאַוויירים, בלאַסע, פאַרלוירענע און אין זייערע אויגן האָט זיך אָפּגעשפּיגלט צאַר און איימע. אַלעמענס בליקן זײַנען געווען געצילט בלויז צו איין פונקט: אַפן געלענק פון דאַרן יינגלשן פוס, ווו עס האָבן זיך געמערקט פיר קליינע בלוט־טראָפּנס, ווי פון אַ שטאָך פון אַ נאָדל. דערנעבן האָבן זיך געוואַלגערט, אײַנגעטראָטן אין דעם שטויב פונעם וועג, שטיקלעך פון אַ צעפּיצלטער שלאַנג. „קעדיי צו ראַטעווען דאָס לעבן פון אַ געביסענעם פון אַ שלאַנג, מוז מען ווי אַמשנעלסטן אויסזויגן דעם גיפט, אויב מען האָט נאָר געזונטע יאַסלעס..." — האָבן דײַטלעך אָפּגעקלונגען אין דעם מיידלס אויערן דעם אַלטנס

ווערטער. בײַ איר זײַנען די יאַסלעס געזונט, זי האָט נאָך ביזן הײַנטיקן טאָג אַפילע, ניט געוווסט וואָס דאָס הייסט צאָן־ווייטיק. אָבער פון דעם געדאַנק בלויז, אַז זי מוז אַרײַננעמען אין איר מויל דעם גיפט פון אַן עקלדיקן שערעץ, וועמענס צעקוועטשטע שטיקער וואַלגערן זיך אַפן וועג, האָט מוסיאַ געגומען איבלען.

נאָך אין דעם זעלבן אויגנבליק האָט דער צעביסענער אויפגעפּנט זײַנע שוואַרצע מאַנדל־אויגן און אין זיי איז געווען אַזוי פיל יעסורים און טרויער, אַז דאָס מיידל האָט אָן אַלץ פאַרגעסן, זי איז אַ פאַל געטאָן אַף די קני און צוגעדריקט אירע ליפּן צום ייִנגלס פוס. די ליפּן האָבן דײַטלעך דערשפּירט, ווי אין די אַנטצינדעטע מוסקלען פּולסירט דאָס בלוט. זי האָט דערפילט אַ געזאַלצנקייט אין מויל און גלײַך אַ שאַרפן, שטיקנדיקן בײַטאַם פון שלאַנגען־גיפט. בלויז אַף אַ רעגע איז איר דורכגעפלויגן אַ געדאַנק: „און טאָמער איז אין די יאַסלעס פאַראַן בלויז אַ קלייִנער ראַץ?” זי האָט מיט עקל אויסגעשפּיגן. די האַנטוועךקער האָבן געקוקט אַף איר מיט ברייט־צעעפנטע אויגן פון שרעק. מוסיאַ האָט אײַנגעזאָטעמט פרישע לופט און איז ווידער צוגעפאַלן צו דער בלוטגעוואַרענער ווונד. זי האָט געזויגן און אויסגעשפּיגן אַזוי לאַנג ביז אין איר מויל איז פאַרבליבן בלויז דער געזאַלצענער טאַם פון בלוט. דאַן, שוין אָן קויכעס, האָט זי זיך אַראָפּגעזעצט אַפן גראָז קעגנאיבער דעם טונקעלן באָכערל, פילנדיק אַ שוואַכקייט אין איר גאַנצן קערפּער.

— ווער זײַט איר? — האָט געפרעגט אַ קרייִקער ייִנגלשער בעסל.

די פראַגע האָט מוסיאַן אויפגעמונטערט. מיט אַ טרייסל פון קאָפּ האָט זי פאַרטריבן פון זיך דעם געפיל פון כאַלאָשעס און זיך אַרומגעקוקט. די כאַליאַסטרע, וואָס האָט זי אַרומגערינגלט, האָט מיט איין מאָל אָנגעפאַנגען טומלען, ריידן און שרײַען מיט קאָלערליי קוילעס. די איימע איז פאַרשוונדן. עמעצער האָט הילכיק און פריילעך אַ פײַף געטאָן. מוסיאַ האָט געריבן אירע ליפּן מיטן וואָלענעם שטאָף פון איר אַרבל.

— ווער זײַט איר? — האָט ווידער געפרעגט דער שוואַרצינקער באָכערל, וועמען מען האָט גערופן טאָליאַ. ער האָט איצט

פּאַרזיכטיק באַוועגט מיט די פינגער פון זײַן פוס, וועלכע איז מערקבאַר אָנגעשוואָלן.

— און איר ווער זײַט ? — האָט געפרעגט מוסיאַ.

די יאַטן האָבן זיך איבערגעקוקט צווישן זיך, ווי זיי וואָלטן שטום זיך געאײַיצעט, אויב מען מעג ריידן אָפנהאַרציק דאָ אַף דער אָקופּירטער ערד. אָבער טאָליאַ האָט געמאָלדן פעסט און דײַטלעך :

— מיר זײַנען האַנטווערקער פון דער הונדערט צווייטער שול. אַפן צווייטן טאָג פון דער מילכאָמע האָבן מיר געפאָדערט מען זאָל אונדז מאָביליזירן צו גראָבן אָקאָפּעס... איצט גייען מיר אַרויס פון אַן אַרומרינגלונג. ער האָט אַ זיפץ געטאָן און פילדײַטיק צוגעגעבן : יאָלקי־פּאַלקי.

— און לאַנג גייט איר שוין ?

— פון דעם דריטן יולי אָן, פונקט פון יענעם טאָג, ווען כאַ־ווער סטאַלין האָט געהאַלטן די רעדע. אין יענעם טאָג האָט מען אונדז אַרומגערינגלט מיט טאַנקען... און איר האָט גאָר קיין מוירע ניט געהאַט און אויסגעזויגן דעם גיפט ? דאָס איז דאָך אַ געפערלעכער סאַם, יאָלקי־פּאַלקי. איך האָב געפילט ווי איר וואָלט פון מיר פײַער אויסגעזויגן. איר האָט ניט געהאַט קיין מוי־רע ? יאָלקי־פּאַלקי. דאָס הייסט אַ מענטש.

ער האָט נאָך גערעדט, אָבער מוסיאַ האָט אים ניט געהערט. זי האָט וועגן אַלץ פאַרגעסן, אַ חוץ דעם וואָס עס האָט צופעליק אַרויסגעזאָגט דער באָכערל וועלכן זי האָט אָפּגעראַטעוועט פון טויט, און וועלכער האָט יעדע רעגע געזאָגט „יאָלקי־פּאַלקי".

— זאָגסטו, אַז דער כאַווער סטאַלין איז אַרויסגעטראָטן מיט אַ רעדע ?

— און איר ווייסט גאָר ניט ?

— ניין ! ס'איז עמעס ? זאָגסט ניט קיין ליגן ?

— אַט האָסטו דיר, אַ ליגן, אַלע האָבן געהערט.

די קינדערשע שטימען האָבן אָנגעהויבן לעבהאַפט צו טומלען.

— יענעם פרימאָרגן האָט דער פאַשיסט באַשאָסן אונדזערע אָקאָפּעס. זיי שיסן, אונדזערע ענטפערן זיי פון די סעקרעטן. די האַרמאַטן האַמערן און מיר זיצן אין בלינדאַזש און הערן דורכן פעלד־ראַדיאָ. מיר הערן און פאַרשרײַבן.

— איך אַליין האָב געהערט סטאַלינס רעדע. געהערט ווי ער האָט געגאָסן וואַסער אין גלאָז, ווי דאָס גלאָז האָט געקלונגען — האָט שטיל געזאָגט טאָליאַ.

— וואָס־זשע האָט ער געזאָגט? וועגן דער מילכאָמע וואָס? גערעדט עפּעס וועגן אונדזער אָנגריף?

— די גאַנצע רעדע איז געווען וועגן דעם, וועגן מילכאָמע...

— ער האָט געזאָגט: אונדזערע קויכעס זײַנען אָנצאָליקע. דער פאַרגאַלאָפּירטער סוינע וועט זיך גאָר גיך איבערצײַגן אין דעם...

— ער האָט געזאָגט, אַז מיר וועלן שלאָגן די פאַשיסטן אין קאָפּ און אין עק.

— אין קאָפּ און אין עק, — דאָס איז שוין אַ ליגן, אַזוי האָט ער ניט געזאָגט.

— ס'הייסט אַפן פראָנט און אין הינטערלאַנד, אַזוי איז עס...

די קלינגענדיקע ייִנגלשע שטימען האָבן געטומלט, איבער־שלאָגנדיק איינער דעם אַנדערן. יעדער פון די קליינע מענטשעלעך, וועלכער האָט שוין דורכגעמאַכט אַ סאַך קילאָמעטערס איבערן דײַטשישן הינטערלאַנד, האָט געוואָלט כאָטש מיט דער גוטער יע־דיע וועגן סטאַלינס רעדע אָפּדאַנקען דער אומבאַקאַנטער פרוי פאַרן אָפּראַטעווען זייער כאַווער. אין דעם אויפגעברויזטן טומל איז מו־סיאַן געווען זייער שווער צו פאַרשטיין עפּעס.

— זאָל שוין בעסער איינער פון אײַך...

— מיר האָבן דאָ איינעם, אַ „טשעמפּיאָן פון זיקאָרן". ער געדענקט קימאַט די רעדע אַף אויסנווייניק, — האָט געזאָגט טאָ־ליאַ; ער האָט געהאַלטן אין איין אײַנבייגן און אויסגלײַכן דעם פוס, אויספרווונדיק זײַן קראַמפּ. — רופן אים? סאַשקאַ, שפּאַן אַהער! און איר אַלע, גענוג געשריִען! סאַשאַ, דערלאַנג, יאַלקי־פּאַלקי, דערציייל אַלץ וואָס דו געדענקסט.

דער „טשעמפּיאָן פון זיקאָרן", אַ נידעריקער, ברייטבייניקער באָכער, מיט גלאַטע, גאָלדענע, ווי שטרוי, האָר, האָט זיך אָנגע־דערגעזעצט לעבן מוסיאַן און האָט קימאַט בוכשטעבלעך איבער־דערציילט די היסטאָרישע רעדע. עס איז געווען פּאַשעט ניט צו גלייבן, ווי האָט ער דאָס געקענט אַלץ געדענקען, הערנדיק עס

אונטערן דונער פֿון דער נאָענטער שלאַכט. אָבער דער „טשעמפּיאָן פֿון זיקאָרן" איז געשטאַנען אַף דער געהעריקער הייך. לויט דער קלאָרקייט, פּינקטלעכקייט און גאַנצקייט פֿון די אויסדרוקן, לויט דער טיפֿקייט פֿון געדאַנק, וועלכע האָט זיך געפֿילט אין יעדן וואָרט, לויט דער אייזערנער לאָגיק, וועלכע איז אַזוי אייגן סטאַלינס רעדעס, האָט מוסיאַ פֿאַרשטאַנען, אַז דער אומגעלומפּערטער בלאָנדהאָריקער יונגאַטש, גיט טאַקע בעעמעס איבער די ווערטער פֿון דעם גרויסן פֿירער, און זיי זײַנען טיף אַרײַנגעדרונגען אין איר נעשאָמע.

שעפּטשענדיק האָט דאָס מיידל איבערגעכאַזערט פֿאַר זיך די ווערטער, קעדיי אײַנצוקריצן אין איר זיקאָרן סײַ דעם געדאַנק, אַז די רויטע אַרמיי און אַלע סאָוועטישע בירגער מוזן פֿאַרטיידיקן יעדן שפּאַן פֿון זייער ערד, שלאָגן זיך מיט די פֿאַרכאַפּער ביזן לעצטן טראָפּן בלוט, און סײַ סטאַלינס באַפֿעל צו אַלע סאָוועטישע מענטשן, וועלכע זײַנען צוליב די מילכאָמע אומשטענדן פֿאַרבליבן אין דײַטשישן הינטערלאַנד, זיי זאָלן שאַפֿן פֿאַרן סוינע אומדערטרעגלעכע באַדינגונגען. ווען דער „טשעמפּיאָן פֿון זיקאָרן" האָט אַרויסגערעדט סטאַלינס שלוס־ווערטער: „פֿאָרויס, פֿאַר אונדזער ניצאָכן!" איז מוסיאַ אויפֿגעשפּרונגען און אים געגעבן אַ שטאַרקן קוש אין זײַנע שאָרסטקע, פֿאַרטרוקנטע ליפּן.

— וויאַזוי האָסטו דאָס אַלץ אויפֿגעכאַפּט?

— איך האָב אויסגעהערט די רעדע צוויי מאָל — האָט געזאָגט דער „טשעמפּיאָן פֿון זיקאָרן", רויט־ווערנדיק ווי אַ בוריק און ווישנדיק פֿאַרשעמט זײַן מויל מיטן אַרבל. צולעצט האָבן זיי שוין געשאָסן פֿון די האַרמאַטן איבער דער ערשטער ליניע און געטראָפֿן אין אונדזער אָקאָפּ, און איך האָב נאָך אַלץ געהערט סטאַלינען.

— איינעם האָט מען בײַ אונדז טאַקע דערהאַרגעט לעבן ראַדיאָ־אַפּאַראַט, און אַ צווייטן, יענעם, וואָס ליגט דאָרטן אַפֿן טראָגבעטל, דעם האָט מען פֿאַרוווּנדעט אין אַ פֿוס. — האָט צוגעגעבן טאָליאַ.

— ביסט אַ כאָכעם, אַ כוואַט! — האָט אויסגעשריגן מוסיאַ און האָט שוין געוואָלט ווידער אַ קוש געבן „דעם טשעמפּיאָן פֿון

זיקאָרן", יענער איז שוין אָבער פאַרשוווּנדן געוואָרן הינטער זײַנע כאַווײַרימס פּלײצעס.

איצטער — וואָס שנעלער צו מיטראָפאַן איליטשן! זאָל „דער גאזיר" זיך איבערצײַגן, ווי וויכטיק און נוצלעך עס איז צו זײַן אין קאָנטאַקט מיט מענטשן. מוסיאַ האָט פאַרוואָרפן אַפן אַקסל די טאָרבע מיטן מעל און, נישט געזעגענענדיק זיך אַפילע מיט די יאַטן, שנעל געלאָפן אין וואַלד, כאַזערנדיק פאַר זיך סטאַלינס ווערטער, זי זאָל אַפן וועג גאָרנישט פאַרגעסן.

זי איז פאַרשוווּנדן פונקט אַזוי אומדערוואַרט, ווי זי איז דערשינען. און ווען דער רויש פון אירע טריט איז אַנטשוויגן געוואָרן אין די קוסטעס האָבן זיך די יאַטן איבערגעקוקט צווישן זיך מיט שטוינען. ווער איז זי די אומבאַקאַנטע פרוי, מיט אַ טונקעלן פּאָנעם פון אַ זקיינע און מיט אַ מײדלשער פלינקייט אין די באַוועגונגען, מיט ליכטיקע יונגע אויגן.

— עי. וואַרט נאָר, ווער זײַט איר? — האָט איר טאַליע נאָכגעשריגן.

מוסיאַ האָט זיך נישט אומגעדרייט, זי איז קימאַט ווי געלאָפן איבערן באַקאַנטן וועג. ווען זי האָט צווישן די קוסטעס דערזען איר באַגלייטערס אומרויִק געזיכט איז זי צוגעפאַלן צו זײַן ברוסט.

— סטאַלין! סטאַלין האָט געהאַלטן אַ רעדע! ער האָט געזאָגט אַז די פאַשיסטישע אָקופּאַנטן וועט מען צעשמעטערן.

פון יענעם טאָג אָן האָט שוין מיטראָפאַן איליטש מער נישט מוירע געהאַט אַרויסצושיקן מוסיאַן אַף אַן אויסשפּיר. דאָס מײדל פלעגט זיך דרייסט דערנענטערן צו די דערפער, זיך אָפּשטעלן באַ דער לעצטער כאַטע, אַנגעקלאַפּט אין פענצטער און אויב עס האָט זיך באַוויזן אַ פרוי האָט זי געבעטן באַ איר אַ נעדאָווע און איר אויסדערציילט איר טרויעריקע געשיכטע, וועלכע איז מיט יעדן מאָל באַוואַקסן געוואָרן מיט נײַע פילפאַרביקע אייבצלהייטן. מען האָט איר געגלייבט. און ווי האָט מען געקאָנט נישט גלייבן, ווען יעדע שטוב איז אין יענע טעג געווען פול מיט ענלעכע צאָרעס. די קאָלווירטישע פרויען האָבן מיטגעפילט מיט דער פּלייטע, געזיפצט, איר אָנגעוויזן דעם ווײַטערדיקן וועג און געהאָלפן לויט זייערע מעגלעכקייטן. מען פלעגט זי אַ מאָל פאַרבעטן אין כאַטע,

און אַפילו פאַרשלאָגן איבערנעכטיקן, האָגאָם מען האָט גע־וווּסט, אַז פאַר האָבן צו טאָן מיט אומבאַקאַנטע מענטשן, וועלכע האָבן נישט קיין פעסטער מיטן קאָמענדאַנטס שטעמפּל איז בײַ די פאַשיסטן געווען אײַנגעפירט איין שטראָף — די טליע.

נאָך יעדן אַזאַ אויספלוג אין אַ דאָרף, פלעגט דאָס מיידל זיך צוריקקערן צו מיטראָפאַן איליטשן אַ שטילע, אַ פאַרטראַכטע... איבערגעבנדיק די אַלע נייטיקע פאַרן ווײַטערדיקן וועג ידיעות, פלעגט זי אַ לאַנגע צײַט שווײַגן, זיצן בײַם שײַטער און קוקן אַף די גליענדיקע קוילן, אָדער באַכפאָלגן מיטן בליק די שנעל שווימענ־דיקע וואָלקנס אין הימל. וואָס שאַרפער זי פלעגט זיך צוקוקן צום לעבן אין די באַזעצטע ישובֿים, אַלץ מער האָט זי זיך איבערצײַגט: דער גרויל פון דער אָקופּאַציע האָט נאָך ענגער צונויפגעשמאָלצן די סאָוועטישע מענטשן. זיי האָבן אײַפערדיקער אָפּגעהיט די סאָ־וועטישע געזעצן, וועלכע די פאַשיסטן האָבן דערקלערט פאַר באָטל, און שטרענג זיך געפירט לויט די אַלע אַמאָליקע מינהאָגים אין זייערע פאָרמעל אויפגעלייזטע קאָלווירטן, וועלכע זײַנען אָבער אין דער עמעסן ביז די צײַט וועט קומען בלויז אַראָפּ אין אונטערערד.

די פּליטים זײַנען שוין איצט נישט געגאַנגען אַף בלינד, אָבער דאָך נאָך אַלץ זייער לאַנגזאַם און פאָרזיכטיק. אין די דער־פער האָט קיינער נישט געוווּסט אַף זיכער, ווו עס איז פאַרהאַלטן געוואָרן דער דײַטשישער אָנגריף. אָבער אַפילו אָן פּינקטלעכע ידיעות איז נישט שווער געווען זיך אָנצושטויסן, אַז די פראָנט־ליניע געפינט זיך שוין נאָענט און אַז דאָרטן קומען פאַר אַקשאָ־נעסדיקן און פאַרביסענע שלאַכטן.

איבער די שאָסייען און טראַקטן האָבן זיך אָן אויפהער גע־צויגן אין דער ריכטונג צו מיזרעך אַלערליי מאַשינען; קליינע, גרויסע און ריזיקע, טראַנספּאָרטן מיט אינפאַנטעריע, סאַפּיאָרן־אָפּטיילונגען מיט קאַטערס, לאָדקעס און טיילן פון פּאָנטאָן־בריקן, מאָטאָריזירטע אַרטילעריע, קאָלאָנעס פון לאַסט־אויטאָמאָבילן אָנ־געלאָדענע מיט געווער. גראַנאַטן און אַמוניציע. און די אַלע אַנ־דערע צווייט־ראַנגיקע וועגן און שטעגן פון מיזרעך אַף מײַרעוו, אָדער מער ווייניקער אין דער ריכטונג, זײַנען געווען געדיכט פאַרפּראָפּט מיט אָן אַ סאָף צוריקשטראָמענדיקע מאַסן פון שפּיטאָל־אויטאָמאָבילן, פורן, און וואָגנס מיט פאַרווונדעטע און טראַנס־

פּאָרטן מיט אונטערגעשאָסענער, צעקאַליעטשעטער טעכניק. די
ווינטערדיקע וואַלד־וועגן, וועלכע זײַנען ערשט איצט נישט לאַנג
געווען באַוואַקסן מיט גראָז, זײַנען וואָס אַ טאָג געוואָרן אַלץ מער
אויסגעטראָטן און מער באַלעבט. די באַקוועמע, עלעגאַנטע אויטאָ־
בוסן, וועלכע מען האָט צונויפֿגעשטעלט אַהער אין דעם וואַלדיקן
געגנט פֿון אַלע באַזעצטע אייראָפּעיִשע לענדער, האָבן שוין נישט
געקאָנט אַרײַננעמען אין זיך די גרויסע צאָל פּאַרוואָנדעטע. מען
האָט זיי געפֿירט אויף אָפֿענע לאַסט־אויטאָמאָבילן און אויף די רעקווי־
זירטע קאַלווירטישע וואָגנס. אַ סך האָבן זיך געשלעפּט צופֿוס
בײַ די זײַטן פֿון די וואַלד־וועגן, זיך געקלאַמערט אָן די טראַקטאָרן,
וועלכע האָבן געצויגן נאָך זיך די צעקאַליעטשעטע טאַנקן. מען
איז געפֿאָרן הענגענדיק אויף די טרעפּלעך און ראַדיאַטאָרס פֿון די
אויטאָמאָבילן, וועלכע זײַנען געווען אָנגעשטאָפּט ווי הערינג אין
אַ פֿאַס, מיט די מער מאַזלדיקע כאַווײַרים זייערע.

אַלע דערפֿער. אַפֿילו די קלענסטע, זײַנען געווען באַזעצט
מיט די פֿריש־צוגעקומענע אָפּטיילונגען אָדער מיט פֿעלד־שפּיטאָלן,
און אומעטום, אַפֿילו אין די טיפֿענישן פֿון די ווילדסטע וועלדער,
ווו די זונען־שטראַלן דערגייען בלויז מיטאָג־צײַט, האָבן זיך גע־
מערקט סימאָנים פֿון שווערע שלאַכטן, פֿאַרברענטע טאַנקען, צעשע־
דיקטע מאַשינען, שטיקער פֿאַרזשאַווערטע פּאַנצער־בלעטער, וועלכע
האָבן זיך געוואַלגערט איבער דער גאַנצער געגנט ווי בוס־שאָלעכץ,
רעשטלעך פֿון אַראָפּגעשאָסענע אַוויאָנען, וועלכע זײַנען געלעגן ווי
אין שוואַרצע טאַצן פֿון דער פֿאַרוויכערטער, אויסגעברענטער און
מיט אייל דורכגעזאַפּטער ערד.

איצט האָט מען געקאָנט גיין בלויז דורך דער געדיכטעניש
פֿון וואַלד, און פֿונדעסטוועגן דאַך זיך געמוזט שטענדיק אומקוקן
און אויסבאַהאַלטן זיך בײַ יעדן שאָרך. איין מאָל זײַנען די פּלייטים
אָפּגעלעגן אַ קנאַפּע שעה אין אַ לוזשע צווישן זומפּ בערגלעך, הערנ־
די צווײַגן. שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז דאָס פּאַשעט זיך
אין גראָז אַ הויכער ברוינער, מיט ווײַסע פֿלעקן, פֿערד אָן אַ זאָטל.
מיט אַ רעשטל פֿון אַ קאַוואַלעריע ציימל. ער האָט זיך אײַנזאַם
געפּאַשעט און פֿלעגט יעדע רגע אויפֿהייבן דעם קאָפּ מיט די אָנ־
דיק ווי נאָענט פֿון זיי גייט אימיצער, אָטעמט שווער און ברעכט

געשפּיצטע אויערן, ווען ער האָט באַמערקט מענטשן האָט ער בייז אַ כראָפּע געטאָן און איז אַנטלאָפן ברעכנדיק אַפן וועג די קוסטעס און צווייַגן, ווי אַ הירש. ער איז שוין פאַרווילדעט געוואָרן.

אין די שווערע שאָען פון וואַנדערן איבער די וויסטע וועלדער, אָן וועג און אָן שטעג, צווישן פאַרטריקנטע צווייַגן, אומגעוואָרפענעביימער, האָט גאָר איין זאַך זיי געוויזן דעם וועג, זיי געמוטיקט און געשטאַרקט זייערע קויכעס: דאָס זייַנען געווען די ווייַטע קוים הערבאַרע קלאַנגען פון קאַנאָנען־דונער, וועלכע עס פלעגט פון צייַט צו צייַט דערטראָגן צו זיי דער מיזרעך־ווינט. זיי האָבן זיך צוגעהערט צו אָט די קלאַנגען, ווי צו אַ געזאַנג פון פרייַנט, ווי צו אַ מאַרש וועלכער מוטיקט און פילט אָן די הערצער מיט פרייד. און זיי זייַנען געגאַנגען פאָרויס, דער ווייַטער קאַנאָנאַדע אַנטקעגן, טרוימענדיק וואָס שנעלער צוצוקומען צום פראָנט.

אין אַ געוויסן פרימאָרגן האָבן זיי באַמערקט, אַז דער וואַלד ווערט שיטערער. די געקרייַזלטע סאָסנע־קרוינען פאַרשטעלן שוין נישט מער די זון. זי האָט באַלויכטן די גרינע לאָנקעס, וועלכע האָבן זיך געזען דאָ און דאָרט. צווישן די טונקעלע סכאָך־ביימער האָט זיך באַוויזן אַ וועלדל פון בלעטער־ביימער. דער ווייכער פייַכטער מאָך אין וועלכן עס האָבן שטיל געזונקען די פיס האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ האַרטן באָדן באַדעקט מיט אַ טעפּיך פון אַראָפּגעפאַלענע סאָסנע־נאָדלען. עס האָבן זיך באַוויזן בלומען, פון אַלע זייַטן האָבן זיך געזען פוסטע פלעצער מיט טרוקענע שטרוי־בלומען: ווייַסע, לילאָווע און רויטלעכע. דערנאָך זייַנען אינגאַנצן פאַרשוווּנדן געוואָרן די דרייַעקיקע שפּיצן פון די יאָלקעס, די סאָס־נעס נידעריקע און, ענדלעך, האָט זיך הינטער זייערע קודלאַטע שפּיצן אַנטפּלעקט אַ ברייטער, ליידיקער זומפּיקער פּלאַץ.

די פּלייטים האָבן זיך אָפּגעשטעלט. דער הילך פון דער קאַ־נאָנאַדע האָט זיך שוין געהערט גאָר דייַטלעך און פלעגט נישט פאַרשטומען אַפילו ווען דער ווינט פלעגט בייַטן די ריכטונג. ערגעץ ווייַט, פון לינקס און רעכטס, האָבן מאַנאָטאָן, ווי בינען, געזשומעט מאַשינען.

מיטראָפאַן איליטש האָט זיך צוריקגעצויגן אין וואַלד, זיך

צוגעזעצט אַף אַ זומפּ־בערגעלע און באַטראַכטנדיק זײַנע דאַרע, ווי מיט פּאַרמעט באַצויגענע הענט, האָט ער געזאָגט.

— שלום. דער וואַלד האָט זיך געענדיקט. — און נאָך אַ קורצן שווײַגן האָט ער צוגעגעבן — באַטאָג טאָר מען נישט אַרויס־גיין אַפן זומפּ. מען וועט אונדז דאָ גלײַך דערזען, ווי אַ שוואַרצע קראָ אַפן ווײַסן שניי — אַף אַ דיסטאַנץ פון פינף קילאָמעטער. און די מאַשינען — הערסט ווי די מאַשינען רוישן ?

זיי האָבן זיך צוריקגעקערט אין וואַלד. נישט מאַכנדיק קיין פײַער האָבן זיי זיך געלייגט צווישן די קוסטעס און סאָסנע־ביימער און צוהערנדיק זיך צו דער קאַנאַנאַדע האָבן זיי זיך געקלערט וועגן דעם לעצטן און ווי עס שײַנט דעם שווערסטן עטאַפּ פון זייער וועג.

די שיסערײַ האָט נישט אויפגעהערט די גאַנצע נאַכט. פון אָוונט אָן, ווען אין הימל האָבן זיך אָנגעצונדן די ערשטע שטערן האָט מען אַפן גאַנצן מיזרעכדיקן האָריזאָנט געקאָנט זען די קעסיידערדיקע געלבע פלאַמען פון די אויפרײַסן, ענלעך צו יענע שקיעבליצן וועלכע לויטן פאָלקס־גלויבן העלפן צײַטיקן דעם האָבער. אינגיכן אָבער האָט זיך פון דער נידער אָנגערוקט אַזאַ געדיכטער נעפּל, אַז מען האָט שוין נישט געזען נישט די פײַערלעך, נישט די שטערן און נישט די לעוואָנע. אַלץ איז פאַרשוווּנדן. געבליבן איז נאָר אַ געדיכטער באַוועגלעכער ווײַסער שלייער, וועלכער האָט אַלץ אַרומגעקלעפּט, ווי מיט וואַטע, פאַרשלונגען אַלע קלאַנגען.

עס איז אַפילו נישט מעגלעך געווען צו טראַכטן וועגן לאָזן זיך אין וועג איבער די זומפּן אין אַזאַ צײַט. מען האָט באַשלאָסן אָפּוואַרטן דעם באַגינען. אָבער אויך באַגינען איז דער נעפּל נישט געוואָרן דורכזיכטיקער. אין דער מילכיקער געדיכטקייט האָבן זיך קוים געזען די פאָרמען פון די נאָענטע ביימער. די פאָרזיכטיקייט האָט געפאָדערט וואַרטן ביז עס וועט קלאָר ווערן. אָבער די נאָענטקייט פון דעם פראָנט האָט גערופן צו זיך. האָבן די פליטים באַשלאָסן צו ריזיקירן.

— גיט נאָר אַ טראַכט, מאָרגן קאָנען מיר דאָך שוין זײַן צווישן די אייגענע. מ׳קען דאָך פון זינען אַראָפּ — האָט געזאָגט מוסיאַ מיט אַ טעמפּער הייזעריקלעכער שטימע פון דעם פײַכטן נעפּל.

מיטראָפאַן איליטש האָט נאָר אָפּגעזיפצט. מען האָט שוין נישט געהערט נישט די קאַנאָנאַדע און נישט דעם גערויש פון די

מאַשינען. אַרום איז געשטאַנען אַזאַ טויטע שטילקייט פון וועלכער עס האָט אַזש געקלונגען אין די אויערן.

אַרויסגייענדיק צום זומפּ, ווו דער נעפּל איז געווען נאָך געדיכטער, האָבן זיך אונדזערע וואַנדערער געלאָזט גיין צו מיזרעך. יעדע רעגע פלעגן זיי זיך אָנשטויסן אַף זומפּ־בערגלעך, אַף קלייווקסיקע סענקעוואַטע בעריאָזקעס, אָדער נידעריקע סאָסנע־ביימלעך. מיטראָפּאַן איליטש, געפירט פון זײַן געניטן יעגער־כוש, איז פונדעסטוועגן געגאַנגען זיכער פאָרויס. איצט האָט ער געטראַכט, אַז דער נעפּל איז אַפילע גוט פאַר זיי, עס דינט ווי אַן אייגנאַרטיקער רויך־פאָרהאַנג. דער זומפּ — אויך ניט שלעכט. דאַפקע אַ זומפּ, „ווו אַ פרעמדער וועט בעשום אויפן נישט קריכן” איז לויט זײַן מיינונג געווען דער פאַסיקסטער שטעטך פון די פאַר לעצטע צענדליק קילאָמעטער, וועלכע טיילן זיי אָפּ פון דעם פראָנט. ער האָט גוט פאַרשטאַנען ווי געפערלעך עס איז צו בלאָנדזשען בלינדערהייט איבער אַן אומבאַקאַנטן זומפּ. אָבער וואָס באַדײַט אָט די געפאַר אין פאַרגלײַך מיט יענער, וואָס דראָט זיי, ווען זיי זאָלן גיין איבער די באַלעבטע וועגן.

דער אַלטער איז געגאַנגען זייער פאָרזיכטיק: ער פלעגט אָן אויפהער זיך אָפּשטעלן, אויסצײַען דעם האַלדז און זיך צוהערן. אָבער די שיסערײַ האָט זיך איבערגעריסן אָדער צוליבן נעפּל. אָדער ווײַל די קלאַנגען זײַנען פאַרזונקען געוואָרן אין דעם נעפּל ווי אין אַ פערענע. אַרום האָט געהערשט אַ טויטע שטילקייט. שפּרינגענדיק פון בערגל צו בערגל, זינקענדיק ביז די קנעכל אין דעם טיפן מאָך, זײַנען זיי געגאַנגען ביז די שטאַרקע זון האָט אָנגעפאַנגען פרעסן דעם נעפּל. דער באָדן איז געוואָרן נאָך מער זומפּיקער, די בערגלעך אונטער די פיס האָבן זיך געטרייסלט און עלאַסטיש נאָכגעגעבן.

אָט דאַן האָט מיטראָפּאַן איליטש געפּאָדערט זיך אָפּשטעלן. אויסגעווייקטע ביז צו דער ברוסט, אויסגעמאַטערטע פון דעם קעסיידערדיקן שפּרינגען, האָבן זיי זיך אַנידערגעזעצט אייגער קעגן אַנדערן און האָבן גענומען וואַרטן ביז דער נעפּל וועט אינגאַנצן נעשווימען. שטיקנדיק האָט זיך געפילט דער רייעך פון „קאַפּויי״־גראַז. אַף די שכײַנישע בערגלעך האָט מוסיאַ באַמערקט שאַרסטקע יאַגדע־קוסטעס. פונקט ווי אַ בערעלע האָט זי געמאַלקן אין דער רלאַגיע די געדיכטע מאַט־בלויע יאַגדעס און זיי געשטופּט צו זיך

אין מויל אַרײַן, די יאַגדעס זײַנען געווען גרויסע שוין איבערצײַטיקע, אָבער זאַפּטיקע און פֿון זיי האָט זיך געפֿילט אַ טערפּקער גערוך פֿון צוויל.

וואָס שיטערער ס'איז געוואָרן דער נעפּל, אַלץ באַזאָרגטער איז געווען מיטראָפֿאַן איליטש. ער האָט זיך יעדע רגע אויפֿגעהויבן פֿון דער ערד און אומרויִק באַטראַכט דעם ליכטיק געוואָרענעם האָריזאָנט. אומעטום, ווי זײַן בליק האָט נאָר דערגרייכט האָט ער געזען דעם איינטאָניקן, אומעטיקן, גרודיקן פֿלײַן, מיט שיטערע, ראַכיטישע סאָסנעס און קליינוווּקסיקע בעריאָזקעס. די קרענקלעכע ביימער האָבן זיך געבויגן, גענייגט צו דער דער אַנגעזאַפּטער מיט פֿײַכטקייט ערד, פּונקט ווי זיי וואָלטן ניט געוואָגט אויפֿצוהייבן זייערע קעפּ, זיי האָבן זיך ספּאַזמאַטיש אײַנגעקלאַמערט אין גרונט מיט זייערע אָנטבלויזטע, רעוומאַטיש־קנויליקע וואָרצלען.

אין דער לויטער געוואָרענער לופֿט האָט זיך ווידער דערהערט די קאַנאָנאַדע, זי האָט געהילכט ערגעץ גאָר נאָענט. מען האָט ניט געזען קיין איין סטעזשקעלע אַפֿן פּוכיקן ווײַסלעכן מאָך, איבער וועלכן עס האָבן זיך געצויגן רויטע פּעדימלעך און זײַנען קופּעסווײַז געווען צעוואָרפֿן ווײַסע יאַגדעס פֿון נאָך ניט קיין צײַטיקע קליוקווע. די שפּורן פֿון די טריט וועלכע די פּלייטים האָבן געלאָזט נאָך זיך ביז צום ווײַטן וואַלד, זײַנען שוין פֿאַרצויגן געווען מיט אַ געדיכטן ברוינעם וואַסער.

מיטראָפֿאַן איליטש איז פֿאַרזיכטיק אַראָפּ פֿון בערגל און האָט אַ פּרוּוו געטאָן דעם גרונט מיטן פֿוס. דער גרונט האָט זיך ווייך אונטערגעגעבן, זײַן פֿוס איז טייקעף פֿאַרזונקען געוואָרן, פֿון אונטערן זויל האָט אַ שפּריץ געטאָן מיט מוטנעם וואַסער.

— הער אויס, מײַן טײַערע — האָט געזאָגט מיטראָפֿאַן איליטש אַן אומרויִקער — דו גיי מיר נאָך טראָט נאָך טראָט, אָבער שטעל ניט דײַן פֿוס אין מײַנע שפּורן, פֿאַרשטאַנען? און היט אָפּ אַ דיסטאַנץ פֿון אַ וועלכע דרײַ מעטער, ניט נענטער.

— וואָס איז געשען? — האָט געפֿרעגט דאָס מיידל. דעם אַלטנס אומרויִקייט האָט זיך איר איבערגעגעבן.

ער האָט שטום אַ זעץ געטאָן מיטן פֿוס אין זומפּ־בערגל. דאָס

בערגל האָט עלאַסטיש אַ ציטער געטאָן, און מוסיאַן האָט זיך אויס־געוויזן אַז גלײַך נאָך דעם האָבן אויפגעציטערט אויך די אַנדערע שכײַנעסדיקע בערגלעך.

— מיר זײַנען פאַרקראָכן אין אַ געפערלעכן זומפּ... נישט קיין קאַטאַוועס... מען מוז זײַן וואַך.

דער אַלטער האָט זיך אַ ווײַלע פאַרטראַכט. זײַן געניטקייט האָט אים געזאָגט, אַז מען מוז דורכויס זיך אומקערן צוריק אָבער די קאַנאָנאַדע האָט זיך איצט געהערט זייער נאָענט. אַלע וועגן אין דער גאַנצער אומגעגנט זײַנען דאָך זיכער פאַרשטאָפּט מיטן סוויגעס טראַנספּאָרטן. די באַגעגעניש מיט די פאַשיסטן איז דאָך גע־פערלעכער ווי די שרעקלעכסטע סאַקאָנעס, וועלכע קאָנען זיי דער־וואַרטן אין זומפּ. ניין, ניין, נאָר גיין פאָרויס, וואָס עס זאָל נישט זײַן.

ניט ווײַט אַפן אומעטיקן פּאָן פון די זומפּ־בערגלעך האָט ער באַמערקט ווײַסע בערשטעלעך פון טרוקענעם גראָז, וועלכע הייסן אין זײַן געגנט „פוקס־וואָנצעס“. דאָס גראָז וואַקסט טאַקע שטענ־דיק אין די זומפּן, אָבער נאָר דאָרטן, וווּ עס איז טרוקענער און דער גרונט פעסטער, דעריבער פלעגט עס שטענדיק דינען פאַר אַ סימען פון אַ וועג, וועלכער איז אַמאָל אויסגעטראָטן געוואָרן דורך אַ מענטש אָדער דורך אַ גרויסע כײַע. אַמאָליקע צײַטן, ווען מיטראָפּאַן איליטש פלעגט, באַגלייט פון זײַנע זין, גיין זאַמלען יאַג־דעס, פלעגט ער שטענדיק אַ דאַנק אָט די גרעזעלעך אויסגעפינען צווישן די זומפּן אַ זיכערן וועג.

דערזעענדיק, אַז די העלע טרוקענע סטעזשקע פון „פוקס־וואָנצעס“ ציט זיך פונקט אין דער ריכטונג פון דער קאַנאָנאַדע, האָט מיטראָפּאַן איליטש, שפּרינגענדיק פון בערגל צו בערגל אָנגעהויבן גיין ווײַטער באַמיִענדיק זיך נישט אָפּצובייגן פון דעם נאַטירלעכן וועג־ווײַזער. די זון איז שוין געשטאַנען הויך אין הימל און האָט אומבאַראַכמאָנעסדיק געברענט. דער זומפּ האָט געדיכט געאָטעמט מיט פוילער פּאַרע. פון דעם איבלדיקן רייעך פון „קאַפּוויי“ האָט געשווינדלט דער קאָפּ.

מוסיאַ, וועלכע האָט זיך שוין ניט איינמאָל איבערצײַגט אין דער יעגערישער געניטקייט פון איר באַגלייטער האָט זיך האַכנאָ־עדיק געשלעפּט נאָך אים, אויסמײַדנדיק צו טרעטן אין די שפּורן

פון זײַנע טריט, װעלכע האָבן זיך צעגאָסן טײקעף אָנגעפּילט מיט ברױנעם װאַסער. אָפּטמאָל פלעגט אַ פוס פאַרזינקען אין דער בלאָטע ביזן קני, אַז עס האָט געקאָסט מי עס אַרױסצושלעפּן. אָבער טראַכטן װעגן עפּעס אַנדערש װי נאָר װעגן דער נאָענטער שיסערײַ, האָט זי נישט געקאָנט.

איצט קאָן שױן לאַנג נישט דױערן, אַ טאָג, זאָל זײַן אַ סאַך איז צװײ און זײ זײַנען שױן בײַ די אײגענע! מען װעט זיך אױסבאָדן אין אַ ריכטיקער הײסער באָד, אונטערשערן די האָר, אַראָפּװאַרפן פון זיך דעם פאַרשטײַפּטן געװאָרענעם פלאַנעלנעם אָנצוג, זיך איבערטאָן אין דעם זײַדן קלײדל און װידער װערן די פריערדיקע מוסיאַ. זי האָט געגלױבט, אַז װי נאָר זײ װעלן אַריבערטרעטן די פראָנט־ליניע, װעלן זײ אָן שום מי אָפּזוכן זײערע באַנק־מיטאַרבעטער. אומדערװאַרט װעט זי דערשײַנען צװישן זײ און װי קײנמאָל גאָרניט, זאָגן: „אַ גוט מאָרגן אײַך, כאַװײרים“. אַלע װעלן בלײַבן געפּלעפט. „דאָס זײַט איר, כאַװערטע װאָלקאָװאַ? און מיר האָבן גערעכנט, אַז איר זײַט פאַרבליבן בײַ די דײַטשן“. און זי װעט זײ ענטפערן קאַלטבלוטיק: „ניין, װאָס רעדט איר? װאָס האָט עס צו טאָן מיט די דײַטשן. מיר האָבן גאַנץ פּשוט דורכגעפירט זײער אַ װיכטיקע רעגירונגס־מיסיע“. דערנאָך װעט זי און מיטראָפּאַן איליטש אױפבינדן דעם זאַק און װעלן אױסשיטן דאָס צירונג אױפן טיש. „נעמט עס צו, זײַט אַזױ פרײַנטלעך. ערד־װאָרט אַז מיר מיטן כאַװער קאָרעצקי איז שױן נימעס געװאָרן דאָס צו שלעפּן“. אַלע װעלן אַזש אױפשפּרינגען פון איבעראַשונג: „אַך און אַך און אוך!“ און טשערעדניקאָװ װעט אומבאַדינגט זאָגן: „בראַװאָ, איך האָב שטענדיק געװוּסט, אַז די כאַװערטע װאָלקאָװאַ און דער כאַװער קאָרעצקי — זײַנען אונדזערע בעסטע כאַװײרים!...“

פלוצלונג האָט עפּעס אַ זעץ געטאָן װי מיט אַ שװערער ברעט איבער דער בלאָטע, און גלײַכצײַטיק האָט זיך איבערן זומפּ צעטראָגן אַ קורצער װילדער אױסגעשרײ, װעלכער האָט צעטריבן אַ מאַכנע קאָלירטע פײגל, װאָס האָבן זיך געפּאָרעט צװישן די יאַגדע־קוסטעס. מוסיאַ האָט זיך אױפגעכאַפּט פון אירע זיסע כאַלױמעס און האָט שיער אַלײן נישט אָנגעהױבן צו שרײַען. מיטראָפּאַן איליטש איז געװאָרן אַף אַ העלפט קורצער, פּונקט װי מען װאָלט אים

אָפּגעהאַקט די פּיס. ער איז געווען מיט אַ דריי מעטער ווייטער פון איר און געמאַכט קראַמפּיקע באַוועגונגען באַמיִענדיק זיך אויסצודרייען צו איר מיטן פּאָנעם. דאָס האָט זיך אים אָבער ניט איינגעגעבן, פּונקט ווי עמיצער אַ בייזער און אַ שטאַרקער האָט דאָרט אונטער דער ערד זיך איינגעקלאַמערט אין זיינע פּיס.

עס איז געשען אַן אומפאַרשטענדלעכע און זייער אַ שלעכטע זאַך. אַף יענעם פּלאַץ, ווו מיטראָפאַן איליטש איז איינגעזונקען געוואָרן האָבן זיך די זומפּ בערגלעך, באַוואַקסענע מיט קרענקלעכע בעריאָזקעס, ווי זיך פונאַנדערגעגאַנגען און געשאַפן אַ קליינע שמאַראַגד־גרינע לאָנקע. איבער דעם געדיכט געוואַקסענעם גראָז, צווישן וועלכן עס האָבן זיך געוויגט די פּוך־קעפּלעך פון די זומפּבלומען, האָט וויברירט אַ הויכער זייל פון קאָמאַרן. דער אַלטער איז געשטאַנען פאַרזונקען ביז צום גאַרטל אין גראָז פּונקט אונטער דעם צאַפּלדיקן טונקל דורכזיכטיקן זייל. אַרום אים האָט געבלעזלט אַ קרייז פון ברוינעם וואַסער. ענדלעך איז אים געלונגען זיך אויסצודרייען צו מוסיאַן און זי האָט דערזען זיין פּאָנעם אַ געדיכט באַקלעפּט מיט קאָמאַרן, וואָס האָט צוליב דעם אויסגעזען קימאַט ווי שוואַרץ, מיט ברייט צעעפנטע אויגן.

דאָס מיידל האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צו הילף, אָבער יענער האָט זי צוגעשמידט צום אָרט מיט אַ הייזעריקן אויסגעשריי:

— צוריק! טשאַרוסאַ!

דאָס אויסטערלישע וואָרט איז דעם מיידל געווען אומבאַקאַנט, אָבער דאָך האָט זי פאַרשטאַנען: דער זומפּ פאַרשלינגט דעם אַלטן. זי האָט פאַרשטאַנען און זיך געוווּנדערט, פאַרוואָס שטייט ער עפּעס אַזוי אומבאַוועגלעך, פאַרוואָס פּרווּט ער ניט זיך אַרויסצורייסן, פאַרוואָס וואַרפט ער ניט אַראָפּ פון זיינע פּלייצעס דעם שווערן זאַק?

זי האָט ווידער זיך אַ וואָרף געטאָן צו אים.

— שטיי! טרעט ניט דאָס גראָז! — מיטראָפאַן איליטש איז פאַרגליווערט געוואָרן אַן אומבאַוועגלעכער מיט ברייט צעשפּרייטע הענט. אַפילו גערעדט האָט ער מיט אַ פאַרשטיקטן קאָל, ווי ער וואָלט זיך איינגעהאַלטן.

איצט האָט מוסיאַ באַמערקט, אַז יעדע באַוועגונג זיינע, אַפּי־

לע יעדעס אַרויסגערעדטע וואָרט האָט אים ווי נאָך טיפער אַרײַנגעשטופּט אין זומפּ אַרײַן.

— נעם אַרויס פון רוקזאַק דאָס העקל, האַק אָפּ די קוסטעס און שלײַדער צו מיר — האָט ער ענדלעך אַרויסגערעדט מיט אַ ניט נאַטירלעכער רויִקייט.

— דער זאַק! וואַרפט אַראָפּ פון זיך דעם זאַק! — האָט דאָס מיידל זיך געבעטן בײַ אים מיט ראַכמאָנעס.

מיטראָפּאַן איליטש האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

— האַק!

מוסיאַ האָט זיך גענומען האַסטיק האַקן די שוואַכע, קרענקלעכע ביימלעך און קוסטעס וועלכע זײַנען אַרום איר געוואַקסן. זי האָט געאַרבעט און זיך קעסיידער אומגעקוקט אָף איר באַגלייטער. ער איז געוואָרן אַלץ קורצער און קורצער, ווי ער וואָלט צעגאַנגען געוואָרן אין דער זאַפּטיקער שמאַראַגדן גרינקייט, ווי פּוטער אָף אַ הייסער סקאָוואָראָדע.

— וואַרף אַהער, לעבעדיקער! — האָט ער זי פּלוצלינג גענומען אונטעריאָגן. זײַן שטימע איז געווען שטיל און הייזעריק. ער איז שוין געווען פאַרזונקען ביז איבערן גאַרטל און דער זומפּ האָט געפּרעסט זײַן ברוסט.

מוסיאַ איז צוגעקראָכן ביז צום ראַנד פון דער „טשאַרוסאַ" און האָט אָנגעהויבן שלײַדערן צו אים ביימלעך און צווײַגן. מיטראָפּאַן איליטש האָט מיט פּאָרזיכטיקע, שמײַדיקע באַוועגונגען, פּונקט ווי אַ צירק־עקוויליבריסט אָף אַ פרײַ שטייענדיקן ביט אָנגעשפּאַרטן לייטער, זיי געלייגט לעבן זיך. ער האָט אָנגעוואָרפן אַן אָנשיט און זיך אָנגעשפּאַרט אָן אים מיט די הענט און מיט דער ברוסט. די צווײַגן זײַנען טייקעף פאַרזונקען געוואָרן אין דער שיטערער מאַסע און פאַרשוווּנדן אין דעם בורן, בלעזלדיקן וואַסער, פונדעסטוועגן דאָך געשאַפן אַ שטיקל אָנשפּאַר.

אַביסל ווײַטער פון איר איז געוואַקסן אַ בעריאָזקעלע העכער און לענגער ווי די איבעריקע.

— איר וועט זיך נאָך קענען האַלטן אַ מינוט? — האָט געפרעגט מוסיאַ.

מיראָפּאַן איליטש האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אָף „יאָ". זײַן פּאָנעם איז געווען באַקלעפּט מיט אַ געדיכטער מאַסקע פון

קאָמאָרן. קיין אויסדרוק האָט מען שוין אָפּן פּאָנעם ניט געקענט באַמערקן. אָבער לויטן אויסדרוק פֿון זײַנע אויגן האָט מוסיאַ פֿאַרשטאַנען, אַז ער פֿאַרשטייט און איז מאַסקים מיט איר פּלאַן.

— פּאָרזיכטיקער, — האָבן קוים געשעפּטשעט זײַנע גרין גע־וואָרענע ליפּן.

דאָס מיידל האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צו דער בעריאָזקעלע. דאָס איז געווען אַ דינער, בויגעוודיקער בוים, ווי אַ ווענדקע. אונ־טער די קלעפּ פֿון העקל האָט עס זיך נאָר עטוואָס געבויגן און געטרייסלט מיט די בלעטער, און אויף דער מאַט־ווײַסער קאָרע זײַנען געבליבן קוים באַמערקבאַרע גרינע סימאָנים. דערפֿאַר אָבער האָט זיך יעדער האַק אָפּגערופֿן אין דעם זומפּיקן באָדן און ער האָט אָנגעצויגן געציטערט אונטער די פֿיס. דאָס מיידל האָט פֿאַר־שטאַנען, אַז אויך זי שטייט איבער אַ זומפּ, וועלכער איז באַ־דעקט מיט אַ פֿעסטערן שיכט פֿון טאָרף. ניין, אויף אַזאַ אופֿן וועט זי באַלאָמוטשען ביז מאָרגן! זי האָט פֿאָרזיכטיק אַ שפּרונג גע־טאָן און אָנגעכאַפּט דעם שטאַם עטוואָס איבער די ערשטע צווײַגן, אײַנגעבויגן דאָסביימעלע צו דער ערד און מיט צוויי קלעפּ עס איבערגעהאַקט.

איצט זײַנען שוין פֿאַרשוווּנדן געוואָרן אין דעם געדיכטן גראָז אויך מיטראָפֿאַן איליטשס הענט. אין די אויגן, פֿון אונטער דער שרעקלעכער קאָמאָרן־מאַסקע, האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אימע און פּאַכעד.

— שוין, באַלד! — האָט געמורמלט מוסיאַ.

זי האָט זיך אָוועקגעשטעלט אויף אַ פֿעסטערן בערגל, זיך אָנ־געכאַפּט מיט דער לינקער האַנט פֿאַרן שטאַם פֿון אַ דערבײַקער סאָסנעלע און מיט דער רעכטער אויסגעשטרעקט צו איר באַגליי־טער דעם דינעם בעריאָזע שטעקן.

— כאַפּט זיך אָן! שטאַרקער!

זי האָט זיך פֿעסטער אָוועקגעשטעלט אויפֿן בערגל. „וואָס טוט ער עפּעס דאָרט דער משוגענער? — האָט זי מיט פֿאַרוווּנדערונג און שרעק געטראַכט קוקנדיק אויפֿן אַלטן. אַנשטאָט אָנצוכאַפּן זיך מיט ביידע הענט פֿאַרן שטעקן, פּאָרעט ער זיך עפּעס גאָר אין דער בלאָטע! דוכט זיך, אַז ער נעמט אַראָפּ פֿון זיך דעם רוק־

זאַק... אַהאַ, ער וויל זיך באַפרײַען פון אים. ריכטיק. אָן דער מאַסע וועט אים זײַן לײַכטער אַרויסצוקריכן".

— כאַפּט זיך שוין אָן, כאַפּט זיך אָן! וואָס טוט איר דאָרט?

„אָבער ניין, ער בינדט גאָר צו דעם זאַק צום שפּיץ פון דראָנג. מײַן ערן־וואָרט, ער איז מעשוגע געוואָרן!"

— איר זאָלט עס ניט וואַגן, איר וועט דערטרונקען ווערן! — שרײַט מוסיאַ אַ פאַרצווייפלטע.

— שלעפּ! — שעפּטשעט מיטראָפאַן איליטש. איצט זײַנען שוין אין דעם בלאָטיקן גראָז פאַרשוואונדן אויך זײַנע אַקסלען, די בלאָטע פּענטעט זײַנע הענט.

„ווי איז מיר, דאָס איז שוין דער סאָף?" מוסיאַ שלעפּט האַסטיק צו זיך דעם שווערן זאַק. באַם שלעפּן קראַצט דער זאַק אַראָפּ דעם אייבערשטן דינעם שיכט גראָז און אַפן גרינעם גראָזיקן טעפּיך בלײַבט אַ לאַנגע סטעזשקע, וועלכע גלאַנצט מיט ברוינעם וואַסער. דאָס מיידל אַרבעט איצטער מיט דער גאַנצער שנעלקייט, אַף וועלכע עס זײַנען נאָר פעיִק אירע קליינע, פלינקע הענט.

זי בינדט אָפּ דעם זאַק, לייגט אים אַוועק אַפן בערגל און ציט ווידער אויס דעם דראָנג צום פאַרזונקענעם. דערבײַ בייגט זי זיך אַליין אויס און בלײַבט הענגען איבערן זומפּ. דער אַלטער האָט זיך מיטביידע הענט אָנגעכאַפּט פאַרן ביימל. ענדלעך. אירע הענט זאָלן זיך נאָר ניט אָפּרײַסן, דאָס דרענגל זאָל זיך נאָר ניט איבערברעכן און דעריקער. עס זאָל זיך כאָלילע ניט אַרויסרײַסן מיט די וואָרצלען דאָס סאָסנע־ביימל אָן וועלכן זי האַלט זיך.

— פאַל ניט אַרונטער — דערהערט זי אַ שאָרכלענדיקן שעפּטשען.

„ער רעדט נאָך דאָרט! וואָס טוט זיך מיט אים? עס וועט דאָך אים אײַנגאַנצן אַרײַנציִען".

— ציט זיך אונטער! קריכט שוין אַרויס! נו, קריכט!

דאָס דרענגל ציט זיך אָן; דאָס מיידל הענגט איבערן זומפּ און ציטערט פון אָנשטרענגונג. עס הייבט זיך איר אָן אויסצודוכטן אַז דער אַלטער איז שוין צו טיף פאַרזונקען. און וואָס פאַרעט ער זיך עפּעס דאָרט אַזוי לאַנג? זי פּרוּווט אים שלעפּן צו זיך. מיט אַ טויבן קנאַק פּלאַצט איינער פון די וואָרצלען פון דער סאָסנע. מוסיאַ ווערט פאַרציטערט, אַ קעלט גייט איבער דורך

אירע גלידער. זי פֿאַרמאַכט די אויגן, אָבער דעם דראַנג לאָזט זי ניט אַרויס פֿון דער האַנט.

— האָב געדולד — הערט זי אַ פֿאַרשטיקטן שעפּטשען.

ניין, די סאָסנעלע האָט אויסגעהאַלטן! אירע וואָרצלען האָבן זיך פֿעסט אײַנגעקלאַמערט אין דעם פּוכקן טאָרפֿישן באָדן. און דער אַלטער? יאָ, ער טוט זייער ריכטיק, וואָס ער אײַלט זיך ניט. ער ציט זיך אַפֿן דרענגל און סענטימעטער נאָך סענטימעטער שלעפּט ער זיך אַרויס פֿון דער בלאָטע אַפֿן אָנשיט פֿון די צווײַגן. אָט האָבן זיך שוין באַוויזן זײַנע אַקסלען. „הוראַ, נאָך אַביסל!" נאָר ניט אַרויסלאָזן דעם דראַנג פֿון האַנט. פֿון אָנשטרענגונג ווערט מוסיאַן פֿינצטער אין די אויגן. „נאָך, נאָך!" אָט ליגט ער שוין מיט דער ברוסט אַפֿן אָנשיט, אָט שפּאַרט ער שוין אָן זײַנע קני. נאָך איין אָנשטרענגונג און מיטראָפֿאַן איליטש ליגט שוין אַפֿן אַרײַנגעקוועטשטן אין בלאָטע אָנשיט פֿון קוסטעס און צווײַגן און אָטעמט שווער.

איצט דערלאַנגט זי שוין, אַן אויסגעצויגענע, צו אים מיט דער האַנט.

— כאַפּט אָן. וואָס איז מיט אײַך? — שרײַט מוסיאַ.

אָבער דער אַלטער הייבט אַפֿילע ניט אויף זײַן קאָפּ. דער באַוועגלעכער קאַמאַרן זײַל ווירבלט זיך איבער אים. דער זומפּ כליפּעט און בלעזלט זיך בייז, ווי ער זאָל אין כּעס זײַן וואָס מען האָט בײַ אים פֿון די ציין אַרויסגעריסן דעם קאָרבן. און דער אַלטער ליגט מיטן פּנים אין בלאָטע און זײַנע אַקסלען הייבן זיך שווער.

— מיטראָפֿאַן איליטש, ליבינקער, טײַערער! — שרײַט דאָס מיידל — קומט שוין צו זיך...

ענדלעך הייבט ער אויף זײַן קאָפּ, ווישט אָפּ פֿון פּנים די קאָמאַרן־מאַסקע און קוקט אַ פֿאַרוואונדערטער אַף דער גראָ־בלאָטיקער קאַשע וועלכע פֿאַרבלײַבט אַף זײַן דלאָניע, און שמייכלט בלויז מיט די ליפּן...

מען מוז זיך אומקערן. לאַנג גייען זיי איבער זייערע פֿריִערדיקע שפּורן, וועלכע זעען זיך בוילעט אָן אַפֿן ווײַסן זומפּן-מאָך און, ווען זיי דערגייען צום פֿעסטן באָדן, צינדן זיי אָן אַ שײַטער. דער אויגוסט־טאָג איז וואַרעם, מען קען אַפֿילע זאָגן — הייס. דער

שטעטער ברענט מיט אַזאַ היץ, אַז דאָס אַרומיקע גראָז קאַרבט זיך און צינדט זיך אָן, עס הייבט אָן צו גליִען אַפילו דער נאַסער טאָרף. זיי ביידע אָבער ציטערן פון דער אינערלעכער קעלט, ציטערן און קענען בשום אופן זיך ניט דערוואַרעמען.

שפּעטער וואַשט אויס מוסיאַ אין אַ קאַלוזשע וואַסער איר באַגלייטערס קליידער. מיטראָפאַן איליטש, איינגעוויקלט אין אַ קאָלדרע, אין ריינע טרוקענע וועש זיצט באַם שטעטער. פאַר די עטלעכע שאָ איז ער איינגעצערט, איינגעדאַרט און ווי מיטאַמאָל פאַרעלטערט געוואָרן. ער באַמיט זיך אויסצוזען רויִק, אָבער די ציין קלאַפּן אים אין מויל. אין דעם אַלטנס אויגן ליגט אַן אומעט און אַ פאַרלוירנקייט.

— איך וועל שוין ניט דערגיין — שעפּטשעט ער, אָבער, ווען ער גיט אַ קוק אָף מוסיאַן, באַקומט ער ראַכמאָנעס אָף איר און גיט צו — עפּשער...

דאָס מיידל צעהענגט אָף די סאָסנעס זײַן קורטקע, די גימנאַסטיאָרקע, זײַן הוט; ווען זי דערהערט די ווערטער, דרייט זי זיך שאַרף אויס צו אים:

— וואָס נאָך? אויסגעטראַכט אַ נײַס! אַ גרויסער אומגליק — זיך אויסגעבאָדן אין דער בלאָטע.

ער קוקט אָף איר שטום און זײַן בליק איז אַזאַ מידער, אַזאַ טרויעריקער אַז דעם מיידל ווערט נאָך קעלטער.

— פאַר די ווערט־זאַכן שרעק איך זיך שוין איצט ניט, וועסט זיי ברענגען אָן מיר אויך... וועגן זיך קלער איך, מוסיאַ. דאָרטן, אין דער טשאַרוסאַ האָב איך באַשלאָסן — אַלץ געענדיקט, באַשלאָסן און אַ טראַכט געטאָן: „ניט דערגאַנגען. כ'וועל ניט שטאַרבן צווישן אייגענע. ניט גוט". כ'האָב זיך צוגעהערט צו דער שיסערײַ. דאָס דערלאַנגען דאָך קלעפּ די אונדזעריקע...

— זאָל שוין זײַן געבוג, איך קען ניט הערן, פאַרפירט אַ ניגון!

— האָט אויסגעשריִען מוסיאַ מיט אַן אָפּגעריסענער שטימע און איז שנעל אַוועק פון שטעטער. ווי זי וואָלט געגאַנגען נאָך צווײַגן.

פאַר אירע אויגן האָט ווידער אָנגעהויבן שווינדלען דאָס בילד: אַ מענטש ווערט קלענער, צעגייט, איינזינקענדיק אין אַ כליופּעדיקער, בלעזלדיקער בלאָטע. „יאָ, עס מוז זײַן שרעקלעך צו שטאַרבן אָף אַזאַ מין אופן — לאַנגזאַם, ווערן פאַרטרונקען אין זומפּ סע־

טימעטער נאָך סענטימעטער. און יענער לייטענאַנט, דער אַרטילעריסט... יענער איז געשטאָרבן אין שלאַכט, ער האָט מיסטאמע אַפילו ניט באַוויזן אַ טראַכט צו טאָן, אַז עס קומט זײַן סאָף".

ווען די זון האָט זיך גענומען זעצן איבערן זומפּ, האָבן געגומען צינען, גאָר נידעריק, אַנטירנדיק קימאַט די שפּיצן פון די סאָסנעס, און פּײַפּנדיק מיט זייערע שווערע פליגל, די ווילדע קאַטשקעס. האָט מיטראָפאַן איליטש אָנגעטאָן זײַנע אויסגעטריקנטע בגאָדים און די פּלייטים האָבן פאָרגעזעצט זייער וועג אַף צוריק, אין דער באַגלייטונג פון כמאַרעס זשומענדיקע קאָמאַרן. זיי האָבן באַשלאָסן אַרומגיין דעם זומפּ.

אָבער דער אומגליק איז זיי נאָכגעגאַנגען פוס־טריט און האָט זיי אָנגעיאָגט באַם נאַכטלעגער.

מוסיאַ האָט זיך אויפגעכאַפּט פון די שטאַרקע זון־שטראַלן וועלכע האָבן איר געשלאָגן גלײַך אין די אויגן. זי האָט טייקעף דערפילט עפּעס אַן אומרויִקייט. געוויינלעך פלעגט איר באַגלייטער אויפשטיין באַגינען, אָנוואַרעמען וואַסער, פאַרקאָכן די טרוקענע ברוסניצע־בלעטער, וועלכע זיי האָבן גענוצט אַנשטאָט טיי, אָפּבאַקן קאַרטאָפל און ווען אַלץ איז שוין געווען גרייט, פלעגט ער זי אויפוועקן.

דאָס מאָל האָט זיך מוסיאַ אויפגעכאַפּט אַליין. די זון איז שוין געשטאַנען זייער הויך. זי האָט גלײַך דערפילט עפּעס ניט קיין גוטס און איז אַרויסגעשפּרונגען פון אונטער דער קאָלדרע. מיטראָפאַן איליטש איז געשלאָפן עטוואָס ווײַטער פון איר, מיטן זאַק אונטערן קאָפּ און די שטריק פון זאַק אַרומגעוויקלט אַרום זײַן האַנט. ער איז געלעגן אַפן רוקן, זײַן מויל איז געווען האַלב אָפן, די פאַרטריקנטע ליפּן צעפּלאַצט, זײַן פּאַנעם און די הענט זײַנען געווען ניט נאַטירלעך רויט און האָבן געגלאַנצט. דער אַלטער האָט געוויינלעך געהאַט זייער אַ לײַכטן שלאָף, באַם מינדסטן גערויש פלעגט ער עפענען די אויגן און זיך אויפהייבן. איצט האָט ער זיך ניט אויפגעכאַפּט אַפילו ווען מוסיאַ האָט אים גערופן צום פרישטיק. ער האָט זיך נאָר אַ ריר געטאָן און עפּעס ניט דײַטלעך אַרויסגעברומט.

דאָס מיידל האָט זיך איבערגעשראָקן און אים אָנגעהויבן צו טרייסלען.

— וואָס איז מיט אײַך? שטייט שוין אויף!

ענדלעך האָט ער אויפגעעפנט די אויגן, זיך פאַרזשמורעט און האָט זיך מיט אַזויפיל מי אויפגעהויבן. ווי ער וואָלט צוגעקלעפּט געווען צו דער ערד. ער האָט זיך אויפגעזעצט, זיך אַרומגעקוקט, זיך ווייטיקלעך פאַרקרימט, אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ, אָפּגעווישט מיט דער דלאָניע דעם שווייס פון שטערן און מיט אַ שוואַכער שטימע פאַרשולדיקט אַרויסגערעדט:

— דוכט זיך אַביסל קראַנק געוואָרן... ווײַזט אויס פאַרקילט זיך.

ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון עסן און נאָר געיאָגט אין וועג אַרײַן. אים האָט באַהערשט אַן אָנפאַל פון פיבערדיקער טעטיקייט. ער האָט דערקלערט, אַז זיי מוזן וואָס שנעלער, אויב עס איז מעגלעך, אַפילו נאָך הײַנט אומגיין דעם זומפּ און אָנקומען צו די אייגענע. דעם טאָג איז ער געגאַנגען אַפילו שנעלער ווי געוויינלעך, אָבער, אין זײַן שטענדיק געמאָסטענעם ריטמישן גאַנג האָט זיך באַוויזן עפּעס נײַס, עפּעס אַ מין ניט זיכערקייט. ער איז אויך געוואָרן ווייניקער פאַרזיכטיק און האָט זיך שוין ניט צוגעהערט מיט אַזויפיל מורע צום ווײַטן רויש פון די פײַנטלעכע מאַשינעס.

ווען ער פלעגט זיך אָפּשטעלן קעדיי אונטערצוואָגן מוסיאַן, וועלכע האָט קוים געקענט אים נאָכהאַלטן, האָט זיך זײַן ברוסט ראַשיק געהויבן, דער אָטעם געווען הייזעריק, דער שווייס האָט טײַכנווײַז גערונען איבער זײַן פּאָנעם און מיט שווערע טראָפּנס געקאָפּעט פון דער צעשויבערטער באָרד און פון די וואָנצעס.

דער פאַרגעפיל פון אַ נאָענטן אומגליק האָט אַף קיין איין רגע ניט אָפּגעלאָזן מוסיאַן. זי איז געווען צעשטרײַט. פלעגט זיך יעדע רגע פאַרטשעפּען אַן די וואָרצלען און איין מאָל איז זי אַפילו אומגעפאַלן און זיך שטאַרק צעראַצט די באַק. מיטיק־צײַט פלעגן זיי זיך געוויינלעך אָפּשטעלן אַף אָפּרו, ערגעץ אין שאָטן פון די ביימער, באַם ברעג פון אַ טײַכל אָדער אַ לוזשע רעגן־וואַסער, און דאָרט איבערוואַרטן די הייסע שאָען. דאָס מאָל האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט אַף אַן אָפענעם פּלאַץ אונטער דער זון. מיטראָפאַן איליטש האָט געוואָרפן אין קאַדאַכעס. ער האָט זיך ווידער אָפּגעזאָגט פון עסן און האָט נאָר גײַציק אויסגעזופּט קימאַט אַ פולן קעסל וואַסער.

זייער וועג איז געגאַנגען דורך אַ יונגן וועלדל. די לאָנקעס, וועלכע האָבן זיך געזען דאָ און דאָרט האָבן געדיכט געגרינט מיט די נידעריקע גלאַנציקע ברוסניצע קוסטעס. צווישן דער גרינקייט האָבן זיך בוילעט אויסגעטיילט בינטלעך גרויסע יאַגדעס, וועלכע האָבן זיך געררויטלט מיט זייערע בײַכלעך אונטער די זון־שטראַלן.

מוסיאַ, באַמערקנדיק ווי מיטראָפּאַן איליטש קנײַט מיט אַן אויסערגעוויינלעכער גײַציקייט די צײַטיקע ברוסניצעס, וועלכע ער רײַסט גייענדיק אַפן וועג, האָט זי זיך אונטערגענומען אָנזאַמלען אין פינף מינוט צײַט אַ פולן קעסעלע מיט יאַגדעס.

— ניין, ניין, לאָמיר וואָס גיכער גיין! — האָט ער זיך מיט שרעק אָפּגערופן אַף איר פאָרשלאַג און זיך אַ ריס געטאָן פאָרויס, זיך אָנשטויסנדיק אַף אַ קוסט. דעם אַלטנס גאַנג איז וואָס אַמאָל געוואָרן אַלץ וויניקער זיכער. ער האָט געשלעפּט די פיס, רײַסנדיק די ערד.

— לאָמיר זיך אָפּרוען, — האָט פאָרגעלייגט מוסיאַ.

דער אַלטער האָט ניט געענטפערט און ווײַטער געגאַנגען, אָטעמענדיק שווער און הייזעריק, ווי אַ פאַרמאַטערט פערד.

אַף אַ גלײַכן וועג פלעגט ער אַפילע פּרוון לויפן.

באַם ערשטן אָפּרו האָט מוסיאַ אים באַפרײַט פון דער מאַסע. די פיבערדיקע גלאַנציקע אויגן פון דעם אַלטן, אין וועלכע עס האָט זיך פון נעכטן אָן פעסט באַזעצט אַן אויסדרוק פון טרויער, האָבן מיט אומגעדולד געקוקט בלויז אין איין ריכטונג — צו מיזרעך. קלאַמערנדיק זיך אין די צווײַגן פון בוים האָט ער זיך לאַנגזאַם אויפגעשטעלט, געבליבן אַ ווײַלע שטיין אַפן אָרט, שמייכלענדיק נעבעכדיק און מאַכטלאָז.

מוסיאַ האָט אַ דערשראָקענע געטראַכט, אַז דער אַלטער וועט שוין ניט קענען גיין ווײַטער, און די ערשטע טריט האָבן זיך אים טאַקע זייער שווער אײַנגעגעבן, אָבער דערנאָך איז זײַן גאַנג געוואָרן פעסטער און ער האָט שוין גאַנץ מונטער געשפּאַנט ביז צום זון־אונטערגאַנג. ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון אָפּרו, ווײַל ער האָט, ווײַזט אויס, מוירע געהאַט אַז עס וועט אים פאַרפעלן קויכעס זיך ווידער אויפצוהויבן. געבויגן אונטער דער שווערער וואָג פון דער טאָפּלטער לאַסט האָט מוסיאַ אים קוים נאָכגעהאַלטן. אין אירע שלייפן האָט אַזוי ראַשיק געקאַפּט דאָס בלוט, אַז זי האָט ניט גע־

הערט וואָס אַרום איר טוט זיך. נאָר ווען זי פּלעגט איבערלייגן די זעק פון איין אָנגעמאַטערטן אַקסל אַפן צווייטן, פּלעגט זי דאַן גאַנץ דײַטלעך אויפכאַפּן דעם הילך פון דעם ווײַטן אַרטילעריע־דועל, און אין דער מיט יעדער רעגע אַלץ מער דײַטלעכערן געהילך, איז געלעגן אָט דער קויעך, וועלכער האָט אָן אָפּהאַלט געצויגן פאָרויס דעם אַלטן, פולשטענדיק קראַנקן און אויסגעמאַטערטן מענטשן.

אונטער דער טאָפּלטער מאַסע, איז דאָס מיידל אַזוי מיד געוואָרן, אַז זי האָט אַפילו נישט באַמערקט, ווי אַזוי זיי זײַנען דורכגעגאַנגען די לעצטע פּאָר קילאָמעטער. ווען די זון האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ גרויסן בלוט־רויטן דיסק און האָט אָנגעהויבן לאַנגזאַם אַראָפּלאָזן זיך צום האָריזאָנט, זײַנען זיי אַרויס פון דעם וואַלד און פאַר זייערע אויגן האָט זיך אַנטפּלעקט אַ ברייטע לאָנקע מיט אַ לאַנגער ריי סטויגעס היי. ווי פאַרקישעפטע גיבורים האָבן זיך געהויבן די הויכע סטויגן און בעיים זייערע צופוסנס האָבן זיך שוין געטוקט אין דעם גרוילעכן נעפּל פון דעם אָנקומענדיקן בענאַשמאָשעס, האָבן זיך די שפּיצן זייערע נאָך געגילט אין די שטראַלן פון דער שקיעה.

אויסגעשעפּט און אָן קויכעס האָבן זיך די פּליטים דערשלעפּט ביז צום נאָנטסטן סטויג און קימאַט ווי אין אָנמאַכט געפאַלן אַפן זומפּ־היי, וועלכער האָט אַזוי שאַרף געשמעקט, אַזש ביז קאָפּ־שווינדל. מיטראָפּאַן איליטש האָט באַוויזן בלויז אַ ברום צו טאָן: „אום גאָטעס ווילן, דאָס צירונג!” — און טייקעף פאַרזונקען אין אַ שווערן שלאָף. מוסיאַ, אָבער, האָט אַ לאַנגע צײַט נישט געקענט אַנטשלאָפן ווערן, דעם זאַק האָט זי באַהאַלטן טיף אין דעם היי, און פאַר זיך אויסגעהוילט אַף דער אַנדערער זײַט סטויג אַ גרוימען נעסט און זיך אויסגעצויגן דאָרט, פילנדיק מיט פאַרגעניגן, ווי איר מידקייט פאַרשווינדט ביסלעכווײַז, ווי עס רוט אַפּ יעדער אָנגעמאַטערטער מוסקול פון איר קערפּער.

איבערן מיזרעכדיק זוים פון האָריזאָנט האָבן מעטושטעש אויפגעבליצט און פאַרלאָשן געוואָרן אומרויִקע פײַערלעך פון אויפרײַסן. דאָרט זײַנען געווען די אייגענע.

דער ליכטיקער סערפּ פון דער לעוואָנע, וועלכער איז קרום געהאָנגען אין הימל, האָט דערמאָנט אַ שפּילצײַג פון אַ ווײַנאַכט־

בוים. און מיט אַ מאָל האָט זיך מוסיאַן פאַרוואָלט. עס האָט זיך איר פאַרגלוסט „ביז צו מעשוגאַס״ זיך אַריבערצוטראָגן מיטן קויעך פון אַ וועלכן עס איז קישעף, פון דאַנען, פון אָט דער שרעקלעכער וועלט, וווּ זי פילט זיך ווי אַ געהעצטע כײַע, וועלכע ווערט פאַרפאָלגט פון יעגער, זיך אַריבערטראָגן אַהין, וווּ עס געפינט זיך איר מישפּאָכע, ווידער ווערן אַ קליין מיידעלע און ווי אַמאָל איך אירע קינדערשע יאָרן פאַרשטעקן איר פּאָנעם אין דעם וואַרעמען שויס פון דער מוטער. זי איז געווען גרייט אָפּצוגעבן אַלץ, אַלץ אַוועקשענקען בלויז פאַר דער פרייד זיך קאָנען זאַרגלאָז צוטוליען צו איר מאַמעס ברוסט, דערפילן דעם קוש פון די וואַרעמע מוטערלעכע ליפּן.

— מאַמע, מאַמעלע, מאַמינקע ! — האָט געשעפּטשעט דאָס מיידל. מיטאַמאָל זיך באַרויִקט, פאַרגעסן אירע נאָגנדיקע מוסקולן, די קרענק פון איר באַגלייטער, די ווערטזאַכן, וועלכע זיי מוזן שלעפּן מיט זיך. זי האָט זיך אײַנגענורעט אין אַ קנויל און איז אײַנגעשלאָפן שטאַרק, פעסט אָן כאַלוימעס . . .

. . . אויפגעכאַפּט האָט זי זיך פּונקט, ווי יענסמאָל, מיט אַ געפיל פון אומרו. דער פרימאָרגן האָט זיך גערויטלט איבערן זוים פון דעם מילכיקן נעפּל, געטריקנט מערקבאַר די סטויגעס היי. וועלכע זײַנען דורך דער נאַכט פײַכט און טונקל געוואָרן. קליינע בונטע פייגעלעך האָבן פריילעך געצוויטשערט, אַרומלויפנדיק מאַסנווײַז פון איין אָרט צום אַנדערן. אָן אויפהער האָבן זיך אַף אַלע קוילעס געריסן די גרילן. אָבער עפּעס האָט געפעלט אין אָט דעם אַלגעמיינעם קאָנצערט פון די שוין באַקאַנטע קלאַנגען, עפּעס אַזוינס, וואָס מוסיאַ האָט ניט געקענט טייקעף אויפכאַפּן. זי האָט אַן אומרויִקע זיך אַראָפּגעגליטשט פון דעם סטויג.

מיטראָפּאַן איליטש איז נאָך געשלאָפן, ער האָט געקרעכצט און שווער געכראָפּעט. אין נאָענטן וועלדל האָט דאָס מיידל אַף שנעל אָנגעקליבן אַ קעסעלע צײַטיקע ברוסניצעס, געמאַכט פון זיי אַ געדיכטן געטראַנק פון דעם דופט אַליין האָט באַ איר גענומען רינען דער שפּײַעכץ פון מויל. זי האָט נאָך אָפּגעקאָכט עטלעכע קאַרטאָפל און ערשט דאַן אויפגעוועקט איר באַגלייטער. יענער האָט זיך אויפגעהויבן, זיך אָנגעשפּאַרט אַפן עלנבויגן און זיך אײַנגע־

הערט, אָבער טייקעף צוריקגעפאַלן. זײַנע אויגן האָבן זיך אָנגע־פילט מיט טרערן.

— וואָס איז מיט אײַך ?

— פאַרשפּעטיקט — האָט ער הייזעריק געענטפערט מיט אַ זיפץ — די קאַנאָנאַדע, הײַנט הערט מען שוין נישט די שיסערײַ.

ערשט איצט האָט זיך מוסיאַ געכאַפּט, וואָס אַזוינס עס האָט איר הײַנט אויסגעפעלט צווישן די אַלע צוגעוווינטע קלאַנגען פון דעם שיינעם פרימאָרגן.

— עפּשער איז דאָס אַזוי זיך, אַ שטיל־שטאַנד... פעלט אויס גראַנאַטן...

מיטראָפאַן איליטש האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— ניין, די גאַנצע נאַכט האָט מען געשאָסן אָן אויפהער. הײַנט איז אַזאַ קלאָרער טאָג... מוסיאַ, מוסיענקאַ, און איך בין טאַקע ניט דערגאַנגען צו די אונדזעריקע.

פאַר דער נאַכט איז דער אַלטער נאָך מער אײַנגעפאַלן, אַזוי ווי פאַרטריקנט געוואָרן. זײַנע אויגן האָבן אומנאַטירלעך געפינקלט מיט אַ פיבערדיקן גלאַנץ, און פּלוצלינג זיך גענומען אויסלעשן און ווערן מוטנע, זקייניש. די נאַז האָט זיך באַ אים פאַרשפּיצט. זײַנע באַקן פון אונטער די געדיכטע, גרויע, שטעכיקע האָר, האָבן זיך אַזוי געגרויטלט, אַז עס איז פּײַנלעך געווען צו קוקן.

— אַ נײַע נײַעס ! גלייבט מיר אַז נאָכן אויסטרינקען דעם הייסן ברוסניצע־טיי — וועט אײַך גלײַך גרינגער ווערן. שוין טיי טרינקען און קיינע טײַנעס. ניטאָ קיין צײַט דאָ צו פאַרלירן. מען מוז גיין.

מוסיאַ האָט אַנטשלאָסן אויפגעזעצט דעם אַלטן, אים אונ־טערגעבעט די פּלייצע מיט היי. געצוווּנגען אויפצועסן אַ פּאָר קאַר־טאָפל און אַ שטיקל פון אַ פּלעצל, וועלכן זי האָט מיט אַ טאָג פריִער אָפּגעבאַקן אַף אַ צעגליטן שטיין.

— פּרוווט אָקאָרשט ניט עסן ! אָנגעזאָגט : אַלע קויכעס אַף צו באַזיגן דעם סוינע. ניט אַזוי ? מיר טוען דאָך אַ וויכטיקע אַר־בעט. אונדזערע קויכעס זײַנען נייטיק ? נייטיק. איז אויב אַזוי, מוזט איר זיך דערנערן און קרעפטיקן.

מוסיאַ האָט געגראַגערט אָן אויפהער, געשמאַיעט, געפּרוווט

אַפּילע שפּאַסן, אָבער עס האָט איר זיך דאָך ניט אײַנגעגעבן אויפ־
צומונטערן איר באַגלייטער. ער איז געלעגן אומבאַוועגלעך, גלײַכ־
גילטיק צו אַלץ. ער האָט קימאַט ניט געקענט עסן און האָט נאָר
מיט טרויער געקוקט אין יענער זײַט, פון וואַנען ערשט נעכטן
האָט זיך געהערט די קאַנאָנאַדע. ער האָט געוווּסט, אַז עס דער־
נעענטערט זיך אַן אָנפאַל פון יענער ביטערער קרענק, פון וועלכער
עס האָט אים אַמאָל אָפּגעראַטעוועט דער דאָקטער גאָלדשטיין. ער
האָט אויך געוווּסט, אַז אויב מען זאָל ניט באַקומען יענע רעפּועס,
וועלכע איז אים דאַן פאַרשריבן געוואָרן, וועט ער זיך שוין מער
ניט אויפהייבן. אָבער גיי, באַקום דאָ אין וואַלד די רעפּועס. ער
האָט זיך באַנאַרישט מיט דעם, וואָס ער האָט עס ניט מיטגענומען
מיט זיך.

דער קראַנקער קערפּער האָט געפאָדערט רו. עס האָט זיך
געגלוסט באַקוועם ליגן, צומאַכן די אויגן און וואַרטן אָפן טויט.
דאָס וואָלט געווען אַן אויסלייזונג פון די יעסורים. אָבער דאָס
צירונג? פון זינט ער איז פון מוסיאַן געוווּיר געוואָרן פון סטאַ־
לינס אָנזאָג צו אַלע סאָוועטישע מענטשן, וועלכע זײַנען פאַרבליבן
אַף דער צײַטווײַליק־אָקופּירטער טעריטאָריע איז ער דורכגענומען
געוואָרן מיט נאָך אַ גרעסערער פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר זײַן
אויסערגעווייגלעכער אויפגאַבע. מיטראַפּאַן איליטש איז ניט גע־
ווען ניט קיין סאָלדאַט און ניט קיין פּאַרטיזאַן, ער האָט ניט גע־
שמידט קיין געווער אין הינטערלאַנד, ער האָט ניט געקענט זיך
באַטייליקן אין דיווערסיע־אַקטן באַם סוינע אין הינטערלאַנד,
אָבער, ער איז שטאָלץ געווען מיט דעם, וואָס אַפּראַטעווענדיק די
ווערטזאַכן, גיט ער דערמיט זײַן באַשיידענעם בײַטראָג צו די
אַלגעמיינע מילכאָמע־אָנשטרענגונגען פון זײַן פאָלק.

און דאָ איצט, ווען עס איז שוין אַזויפיל דורכגעמאַכט גע־
וואָרן, ווען ערשט נעכטן האָט זיך אַזוי דײַטלעך געהערט יעדער
שאָס פון די סאָוועטישע האַרמאַטן, זאָל ער ווײַטער ניט גיין צו־
ליב עפּעס אַ נאַרישן צופאַל. קיינמאָל אין לעבן האָט אים אַזוי
ניט געשראָקן דער געפיל פון זײַן אייגענער מאַכטלאָזיקייט, ווי
איצט.

דער אַלטער האָט געפּרוווט זיך אויפהייבן, אָבער מיט אַ
קרעכץ צוריקגעפאַלן אָפן היי.

— כאַווערטע וואָלקאָוואַ! — האָט ער זיך פֿײַערלעך געווענ־דעט אַ ווײַלע שפּעטער צו מוסיאַן, רופֿנדיק זי צום ערשטן מאָל פֿאַר דער גאַנצער צײַט פֿון זייער געמיינזאַמען וואַנדערן, באַם פֿאַמיליע־נאָמען. — כאַווערטע וואָלקאָוואַ! איך וועל זיך שוין ניט אויפֿהייבן... ניין, ניין, דו שווײַג, איך ווייס. נעם די ווערט־זאַכן און גיי, קאָלזמאַן דער פֿראָגט האָט נאָך ניט אָפּגעטראָטן צו ווײַט. נעם און גיי. דאָס איז אַ כּיוו. צו דעם האָט ער אונדז אויפֿ־געפֿאָדערט... גיי און וועגן מיר זאָרג זיך ניט... זע אָפּראַטע־ווען דאָס... איך וועל שטאַרבן, ווי עס באַדאַרף צו זײַן.

מוסיאַ איז איבערראַשט געוואָרן ניט אַזוי פֿון די ווערטער, ווי פֿון דעם טאָן אין וועלכן זיי זײַנען אַרויסגעזאָגט געוואָרן.

— גרינג צו זאָגן — גיי! ווי וואַגט איר דאָס גאָר? שלאָגט זיך עס אַרויס פֿון קאָפּ און טאַקע שוין, איר הערט?!

מיטראָפֿאַן איליטשס גרויע ליפּן האָט באַרירט אַ ליבלעכער, טרויעריקער שמייכל.

— יאָ, יאָ, דו גיי... ווער, ווער, אָבער דו האָסט טאַקע ניט קיין רעכט זיך דאָ צו פֿאַרהאַלטן.

— נאַרישקייטן! — האָט אים אָפּגעשניטן מוסיאַ. — איך וועל אײַך אויפֿהייבן, איך גיב מײַן וואָרט. וואָס איז אײַך? מיט וואָס האָט מען אײַך געהיילט?

— עס איז פֿאַראַן אַ ווונדערבאַרע רעפּוע... גאָלדשטיין האָט עס פֿאַרשריבן. אָבער... — ער האָט ביטער אַ שמייכל געטאָן — זי וואַקסט נישט אַף דיביימער.

מיטראָפֿאַן איליטש האָט מיד פֿאַרמאַכט די אויגן. פֿון דער ליכט האָבן זיי אים ווייי געטאָן. ווי מען וואָלט אים אָנגעשאָטן זאַמד אונטער די אויגן־לעפֿלעך. עס איז אים שווער געווען צו ריידן. מוסיאַ מיט צונויפֿגעצויגענע ברעמען האָט פֿאַרטראַכט גע־שוויגן. זי האָט אַף יעדן פֿאַל 3 מאָל איבערגעכאַזערט דעם שווערן נאָמען פֿון דער רעפּוע, אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ און צוגעטראָטן טייקעף צו דער אַרבעט. זי האָט אָפּגעקאָכט די איבערגעבליבענע קאַרטאָפֿל, געווייקט אין געקאָכטע וואַסער דאָס פֿלעצל, אָנגעקליבן ברוסניצעס, דאָס אַלץ האָט זי אײַנגעוויקלט אין אַ האַנטוך און אַנידערגעלייגט לעבן מיטראָפֿאַן איליטשן.

— דאָ האָט איר עסן אַף הײַנט, און איר זאָלט אומבאַדינגט

עסן — האָט זי אים שטרענג אָנגעזאָגט, און זיך גענומען גרייטן אין וועג.

פון איר רוקזאַק האָט זי אַרויסגעשלעפּט אירע צוויי קליידער און זיי אַרײַנגעשטופּט אין דעם לײַוונטענעם זאַק מיט וועלכן זי פלעגט גיין אַף אויסשפּיר, זיך אַרומגעבונדן מיט אַ האַנטוך, גע־נומען דעם סענקעוואַטן שטעקן. דער אַלטער האָט מיט אַ צערט־לעכן טרויער געקוקט אַף די אַלע צוגרייטונגען.

— ווען דו וועסט דערגיין... דערצייל דאָרט... דעם כאַ־ווער טשערעדניקאָוו... אַז נישט געקאָנט... נישט באַשערט געווען...

צוויי גרויסע, מוטנע טרערן האָבן זיך אַרויסגעקײַקלט פון די אײַנגעפאַלענע אויגן און האָבן זיך פאַרפּלאָנטערט אין דער באָרד.

— זאָג, ער זאָל קיין שלעכטס נישט טראַכטן... זאָג: דער אַלטער מיטראָפאַן... האָט נישט באַפלעקט...

פאַרנומען מיט די צוגרייטונגען, האָט דאָס מיידל מיט שטוי־נען געוואָרפן פון צײַט צו צײַט אַף אים אַ בליק: „אַנטקעגן וואָס רעדט ער עס?... זאָל זײַן פון היץ?...” מיטאַמאָל האָט זי אָבער פאַרשטאַנען, אַז די רייד זײַנען נישט פון היץ, און זי איז טאַקע אַף אַן עמעס אין קאַס געוואָרן.

— וואָס טראַכט איר זיך, מיטראָפאַן איליטש? — פאַר וועמען האַלט איר מיך? איך זאָל פאַרלאָזן אין וועג אַ קראַנקן כאַווער? עמעס? אַזוי קומט עס אויס לויט אײַער מיינונג? איך בין דאָך אַ קאָמיוגיסטקע!

דעם אַלטנס בליק האָט זיך אָפּגעשטעלט אַפן שטעקן. וועלכן זי האָט געהאַלטן און אַף דער לײַוונטענער טאָרבע, וועלכע איז געהאנגען באַ איר אַפן אַקסל.

— קאָמישער מענטש, וואָס איר זײַט, ז'אָס גיי איך אין דאָרף נאָך די רעפּועס! עפּשער וועט זיך געפינען באַ עמיצן, וועל איך אויסבעטן, אויסטוישן... אָבער, ווו איז אַ דאָרף? ווי ווײַט פון דאַנען אָט דאָס איז די פראַגע.

מיט אַ ברויגעזער זאַרגעוודיקייט האָט זי אָנגעזאָגט איר כאַ־גלייטער: אָן מיר נישט וואַגן אויפצוהייבן זיך, און אויב עס וועלן זיך באַווײַזן מענטשן אַפן פעלד — זאָל ער זיך גיט אָפּ־

רופֿן און בעשום אויפֿן ניט אַרויסנעמען דעם זאַק מיט די ווערט־זאַכן, וועלכן זי האָט פֿאַרגראָבן טיף אין דעם היי. דער אַלטער האָט ווידער געפּרוווט ווירקן אַף איר, אַז זי מוז זיך צואײַלן אַריבערצו־גיין דעם פֿראָנט, אָבער מוסיאַ האָט זיך אַזוי צעשריִען, אַז ער איז אַ פֿאַרשעמטער געבליבן שטיל. זי האָט אים באַקוועם אײַנ־געאָרדנט, צוגערוקט נענטער צו אים די שפּײַז, און פֿאַרמאַסקירט אים פֿון אַלע זײַטן מיטן היי. דערנאָך האָט זי צונויפֿגעזאַמלט דעם צעשאָטענעם היי אַרום דעם סטויג. אָפּגעטראָטן אָן אַ זײַט און ווען זי האָט זיך איבערצײַגט אַז דער סטויג אונטערשיידט זיך נישט מיט גאָרנישט פֿון די אַלע איבעריקע, האָט זי אים אָנגעזאָגט מיט אַ טאָן פֿון דער „מאַמע־ציג", פֿון דער קינדער מײַסעלע:

— אַלזאָ, גיי איך! איר זאָלט זיך דאָ אָן מיר נישט לאַנג־ווײַליקן, שטיפֿט ניט, די טיר זאָלט איר פֿאַר קיינעם ניט עפֿע־נען, אין שטוב קיינעם נישט אַרײַנלאָזן. זײַט געזונט, און אַף ווי־דערזען.

מיטראָפֿאַן איליטש האָט זי באַגלייט מיט אַ דאַנקבאַרן שמייכל, און ווען אירע טריט זײַנען אײַנגעשטילט געוואָרן, האָט ער טיף אָפּגעזיפֿצט און מיד צוגעמאַכט די אויגן. עס איז אים לײַכטער געוואָרן אַף דער נשמה. ס'איז געבוירן געוואָרן אַ פֿונק פֿון האָפֿענונג אַף אַ נעס.

# X

די וואַנדער טעג איבער די וועלדער זײַנען פֿאַר מוסיאַן געווען אַ גוטע שולע.

זי האָט זיך אויסגעלערנט פֿונאַנדערצוקלײַבן אין די וואַלדוועגן, דערזען, ווי די קוים באַמערקבאַרע שמאָלע סטעזשקעלעך, פֿאַרוואַקסענע מיט גראָז און ברוסניצע קוסטלעך, ווען זיי דערנענטערן זיך צו באַוווינטע פּלעצער. גיסן זיך צונויף אין גרעסערע סטעזשקעס, ווי שפּעטער פֿאַרוואַנדלען זיך אָט די סטעזשקעס אין וואַלד־וועגן און פֿירן אומבאַדינגט צו באַוועגטע שליאַכן. און דער שליאַך וועט שוין זיכער דערפֿירן צו אַ יישעוו.

נאָכדעם ווי מוסיאַ האָט פֿונאַנדערגעפּלאָנטערט אַף אַזאַ מין אויפֿן דעם קנויל פֿון די וואַלד סטעזשקעס איז זי גאַנץ שנעל אַרויס אַף אַ שליאַך און גייענדיק מיט דעם וועג איז זי צוגעקומען צו אַן אָרט ווו דער שליאַך איז זיך צעגאַנגען און ווו עס איז געשטאַנען אַ סלופּ מיט אַ וועגווײַזער. אַף אַ ברעט איז געווען אָנגעשריבן מיט טונקעלער פֿאַרב אַף דײַטש: „וועטלינאַ“. און אַ ביסל נידעריקער האָט עמיצער אָנגעשריבן אַף רוסיש מיט אַ טינט־בלײַער: „היטלער איז אַן אויסוואורף“.

דאָס מיידל איז ניט ווילנדיק אָפּגעשפּרונגען פֿון דעם וועגווײַזער, ווי דאָס וואָלט ניט געווען אַן איינפֿאַכער סלופּ מיט אַ פֿאַניר־פֿײַל, נאָר אַ פֿײַנטלעכער זעלנער וועלכער קאָן זי באַלד כאַפּן, אָדער נאָכשיקן איר אַ סעריע פֿון זײַן אויטאָמאַט. מוסיאַ האָט זיך געלאָזט לויפֿן אין דער ריכטונג, אָנגעצייכנט פֿון דעם פֿײַל און האָט זיך באַלד אָנגעשטויסן אַף אַ צווייטן סיורפּריז. דאָס גאַנצע באַרג־אַרויף, פֿון וועלכן עס האָט זיך געזען דער ברייט־אויסגעשפּרייטער, אָפּגעשניטענער פֿעלד און דאָס דערפֿל, וואָס האָט

זיך אויסבאַהאַלטן צווישן קודלאַטע ביימער, איז פֿאַרזייט געווען מיט לאַנגע גלײַכע רייען צלאָמים, צונויפֿגעשלאָגענע פֿון ביעראָזע דרענגער מיט ווײַסער ניט אָפּגעשיילטער קאָרע. עס זײַנען געווען אַזויפֿיל צלאָמים און זיי האָבן זיך געצויגן פֿון בערגל אין אַזעלכע לאַנגע, גלײַכע רייען, אַז צווישן זיי האָבן זיך ווי געשאַפֿן דיאַגאָנאַלע סטעזשקעס. אַף די אַקסלען פֿון די צלאָמים זײַנען געזעסן עטלעכע פֿאַראומערטע קראָען.

לעכאַטכילע האָט זיך מוסיאַ אַ וואָרף געטאָן אַף צוריק. די צלאָמים זײַנען געשטאַנען ווי זעלנער אין געשלאָסענע רייען. עפּעס אַ מין גרויל־האָט זיך געטראָגן פֿון אָט די שטומע, גלײַך ווי אַ שנור אויסגעצויגענע רייען. וועלכע האָבן זיך געצויגן, דאַכט זיך אָן אַ סאָף. קומענדיק צו זיך פֿון דער שרעק האָט דאָס מיידל מיט שאָדן־פֿרייד אַ שמייכל געטאָן און אַ שטאַלצע זיך געלאָזן שנײַדן דעם בייסוילעם פֿון די פֿרעמדע, באַגלייט דורך די פֿאַרוווּנדערטע בליקן פֿון די קראָען.

יאָ, ס׳איז געווען קענטיק, אַז די רויטע אַרמיי האָט נישט פֿאַרלוירן אומזיסט קיין צײַט. ניט אומזיסט האָבן זיך פֿאַר די לעצטע פֿאַר וואָכן געצויגן איבער אַלע שטעגן און וועגן אומענדלעכע קאַראַוואַנען שפּיטאָל־פֿורן, וואָגנס און לאַסט־אויטאָמאָבילן אַלע געריכטעט צו מײַרעוו. פֿון באַרג אַראָפּ האָבן זיך די צלאָמים געצויגן קימאַט ביז צו די הויפֿן פֿון דאָרף, דערגאַנגען קימאַט ביז צו די שטאַלן, אַרומגעצוימטע מיט אַ הילצערנעם פֿאַרקאַן. מוסיאַ איז אַריבערגעקראָכן דעם פֿאַרקאַן און האָט זיך אײַנגעהערט. דאָס דערפֿל האָט שטיל געדרעמלט אונטער די הייסע זונשטראַלן פֿון האַלבן טאָג, אין שאָטן פֿון אַלטע ביימער. צוזאַמען מיטן פֿאַרשלאָפֿענעם קרייען פֿון די הענער, מיטן פֿוילן בילן פֿון די הינט, האָט זיך צו מוסיאַס אויערן דערטראָגן אויך דאָס האַסטיקע פּיכקען פֿון אַ לאָק־מאָטאָר, דאָס קוויטשערײַ פֿון אַ מוילהאַרמאָשקע, און פֿון הינטער אַ נאָענטן שטאַל האָט זיך געהערט דער יאָמערדיקער קלאַנג פֿון אַ האַנט־זעג און די כאָרכלענדיקע טענער פֿון אַ פֿרעמדער שפּראַך.

אין דאָרף געפֿינען זיך דײַטשן! מוסיאַ איז געבליבן שטיין. „גיין צוריק?” דאָס בערגל האָט זיך גענאָדלט מיט די בעריאָזע צלאָמים ווי אַ רוקן פֿון אַ יאַזש. ווי מאָדנע עס זאָל נישט אויסזען,

אָבער דאָס בילד פֿון דעם בײַסוילעם האָט דערמוטיקט דאָס מײדל. זי האָט זיך אַ װײַלע איבערגעלײגט. געגעבן פֿאַרשײט אַ טרײסל מיטן קאָפּ און, איבערלאָזנדיק באַם פּלויט איר שטעקן, מיט זיכערע טריט צוגעגאַנגען צום נאָענטסטן שײַער. זי האָט זיך באַמיט צו האַנדלען רויִק און געלאַסן, פֿאַר די אויגן פֿון די צװײ דײַטשן, װעלכע האָבן עפּעס געמײַסטרעװעט אין דער נאָענט, האָט זי צעפֿראַלט דעם סקריפּענדיקן טויער.

די דײַטשן, אין בלויזע ספּאָרט־הײזלעך, האָבן געאַרבעט באַם שכײנעסדיקן שטאַל. זײערע אוניפֿאָרמס זײַנען געלעגן זאָרגעװדיק צוזאַמענגעלײגט אַפֿן גראָז. מיט אַן אָנשטעל, װי זי װאָלט אַף זײ קײן שום אַכט ניט געלײגט איז דאָס מײדל אַרײַן אין דער דושנע קילקײט פֿון פֿרעמדן הײ־שטאַל, זיך אַרומגעקוקט, באַמערקט אַ גרויסן געפֿלאָכטענעם קאָרב מיט אַ שטריק און אים אָנגעפּילט ביז איבער די ברעגעס מיט הײ. דעם קאָרב האָט זי פֿאַרװאָרפֿן צו זיך אַפֿן רוקן, באַלעבאַטיש צוגעמאַכט דעם טויער און אײַנגעבויגן אין דרײַען, זיך געלאָזט צװישן די פּלויטן פֿון די גערטנער.

זי האָט זיך געצװוּנגען צו גײן מיט דער קירצערער גלײַכער ליניע, פֿאַרבײַ די דײַטשן אין די קורצע הײזלעך. יענע האָבן נאָך אַלץ דאָרטן געמײַסטערט, שמועסנדיק װעגן עפּעס אַ נישט קײן פֿרײלעכן איניען. בײדע זײַנען שוין געװען נישט יונג. די זון האָט זײ נישט געגומען און זײערע צעקראָכענע קערפּערס האָבן עפּעס מאָדנע געװײַסט אונטער דער ליכטיקער שײַן. אָנגעשפּאַרט אָן דעם דאַך פֿון דער שטאַל זײַנען געשטאַנען לאַנגע דינע בעריאָזע־דרנגער, מיט נישט קײן אָפּגעשײלטער קאָרע און לענגאויס דער װאַנט איז געװען צונויפֿגעלײגט אין סימעטרישע פּיראַמידעס, די פּאַרטיקע אויסאַרבעטונג — פֿרישע װײַסע צלאָמים.

מוסיטן האָט עס מעװאָרפֿן, אָבער געגאַנגען איז זי נישט געאײַלט. זי האָט זיך אויך געצװוּנגען לאַנגזאַם פֿאַרבײַצוגײן נאָך פּאַר צװײ עלטערע זעלנער, װעלכע זײַנען געשטאַנען באַם פּלויט מיט ליולקעס אין די מײַלער. דאָס מײדל איז פֿאַרבײַגעגאַנגען אַזוי נאָענט פֿון זײ, אַז עס האָט איר אַ זעץ געטאָן אין נאָז דער רײעך פֿון שלעכטן טאַבאַק. באַם טויער פֿון אַן אָפֿענעם הויף, איז געשטאַנען אַ דאַרע, אײַנגעהויקערטע פֿרוי און האָט עפּעס געװאַשן אין אַ הילצערנעם מולטער. דערזעענדיק מוסיאַן האָט זי אויסגע־

גלײַכט איר רוקן, אָפּגעווישט איר שטערן מיטן אַרבל און מיט אַ כמורנעם בליק גענומען באַטראַכטן די אומבאַקאַנטע, וועלכע האָט זיך לאַנגזאַם דערנענטערט צו איר מיטן קאָרב הײ אַף דער פּלייצע. דרײַסט, פּונקט ווי זי וואָלט דאָ געווען אַ קעסיידערדיקע אײַנגייערקע, איז דאָס מיידל אַרײַן אין טויער פאַרבײַ דער פרוי. שאַרפע זונען־שטראַלן, וועלכע האָבן זיך דורכגעריסן דורך דעם שטרויענעם דאַך האָבן דורכגעשפּיזט די טונקלקייט וועלכע האָט דאָרט געהערשט. דער מיידלס האַרץ האָט מוירעדיק געקלאַפּט. עס האָט זיך איר געדוכט, אַז אַלץ דאָ אַרום איר: די פּינפּווענטיקע פּויערישע כאַטע, די אָנגעשאָטענע אַף דער ערד שטרוי, וואָס קנאַקט אונטער די פיס. דער זייפן־דאַמף, וועלכער ציט זיך פון דעם וועש — אַלץ לאָזט פון זיך אַרויס יענעם ביטערן פרעמדן אײ־פּעש, וועלכן זי האָט דערפּילט פאַרבײַגייענדיק די זעלנער מיט די ליולקעס.

די פרוי האָט אָפּגעטרייסלט דעם שוים פון אירע הענט, און ווישנדיק זיי מיטן זוים פון איר קלייד נאָכגעגאַנגען דער אומבאַ־קאַנטער אין הויף אַרײַן. מוסיאַ איז געבליבן שטיין און אָנגע־שטעלט אַף איר אַ פּאָר ראַכמאָנעסדיקע אויגן.

— ווּהין טראָגסטו ? אַהער, דערלאַנג אַהער ! ווען מיר טאַקע באַלד געבן פרעסן די שעפּסעלעך. — האָט מיט אַן אומיסטן הויכן קאָל, געמיינט נישט מוסיאַן נאָר די דײַטשן, אַרויסגערעדט די פרוי און אײַנקלאַמערנדיק זיך אין דעם מיידלס עלנבויגן האָט זי זי אַרײַנגעשלעפּט טיפער אין הויף אַרײַן — ביאַש ... ביאַש ... ביאַש ...

און ווען די שעפּסן האָבן איר אָפּגעענטפערט מיט אַ מעקען און זייערע שוואַרצע שפּיציקע מאָרדעלעך האָבן זיך באַוויזן צווישן די דרענגער פון פּלויט האָט די פרוי אַ שלעפּ געטאָן מוסיאַן פאַרן אַרבל מיט אַזאַ קויעך אַז די קורטקע האָט גענומען טרעשטשען.

— וואָס זײַט איר דאָרט, פון זינען אַראָפּ ? אויב איר שאַ־נעוועט נישט אײַערע אייגענע קעפּ, האָט כאָטש אַף מיר ראַכמאָ־נעס, איך בין דאָך נישט אַליין... איך האָב דאָך אַ זונדעלע... אייערנעכטן און נעכטן, און אָט הײַנט ווידער. פּונקט, ווי אַ כויץ מיך, וואָלט גאָר מער קיין מענטשן אין קאַלווירט נישט געווען. זיך אָנגעזעצט אַף איינער ווי די פליגן אַף אַ בעהיימע.

מוסיאַ איז נאָך אַלץ געשטאַנען מיטן קאָרב אַף דער פּלייצע. די שוואַרצע שעפּסענע מאָרדעלעך האָבן זיך געשטופּט אין די שפּאַלטן צווישן די דרענגער. גיך באַוועגנדיק מיט די ליפּן האָבן זיי געצופּט פון דעם קאָרב בינטלעך היי. דאָס מיידל האָט פאַרשטאַנען, אַז אויך די פּרוי האָט זי אָנגענומען פאַר עמעצן אַנדערש, פונקט ווי יענע מענטשן דאָרטן באַם טײַכל.

— איבגאַנצן פאַרלוירן דעם געוויסן, שוין ווייניק פאַר זיי די נאַכט. אַט האָסטו דיר מען קריכט גאָר אין מיטן העלן טאָג! — האָט די באַלעבאָסטע געשאָטן אין מוסיאַס אויער אַ האָסטיקן ביזן שעפּטשען. און אַ מאָדע זיך געמאַכט, אַלץ קיין וועטלינאַ און אין וועטלינאַ; און „דער ערשטער מײַ?" און „דער רויטער טאָל" און „וואָראָשילאָוואַ"? דאָרטן זײַנען אויך פאַראַן דײַטשישע שפּיטאָלן, שפּיטאָלן איבער דער גאַנצער געגנט, און איר, זיך פאַרגאַדיעט בלויז צו אונדז און צו אונדז. דער איינציקער בלויכטענער פענצטער — אונדזער שלימאַזלדיקע וועטלינאַ. איר ווילט, אַז מען זאָל אונדז פאַרברענען? . . .

— באַ אײַך דאָ געפינט זיך אַ שפּיטאָל? — האָט געפרעגט מוסיאַ מיט פרייד, וואָס זי האָט אָנגעטראָפן, פונקט אַהין ווו מען באַדאַרף.

— און דו ווייסט, נעבעך נישט! — האָט בייז אַ שמייכל געטאָן די באַלעבאָסטע, — קוקט זי נאָר אָן די טאַמעוואַטע, נעבעך! וואָס פאַרשטעלסטו זיך פאַר מיר. אַוואַדע אַ שפּיטאָל. אומעטום זײַנען דאָ פאַראַן שפּיטאָלן. אונדזערע האָבן אַזויפיל זייעריקע אָנגעדראָשן באַם טײַך, אַז עס סטאַיעט שוין מער נישט קיין כאַטעס פאַר די פאַרוווּנדעטע. אין „ערשטן מײַ" שמועסט מען, האָט מען שוין אַפילע די היי־שטאַלן פאַרנומען און אַף דער כאַזער פאַרם ליגן זיי אָנגעוואַלגערט . . . און דו, טײַערע, מאַך זיך נישט נאַריש, ביסט געקומען, דערציי̆ל נאָך וואָס האָט מען דיך געשיקט . . . שטעל שוין אַוועק דעם קאָרב, וואָס האַלסטו זיך מיט אים?

מוסיאַ האָט אַראָפּגעלאָזט דעם היי אַפן שטרוי־אָנשיט וועלכער האָט זאַטיק אַ כליופּע געטאָן אין דער מיסט־קאַשע. די שעפּסן האָבן אומרויק זיך געשטופּט הינטערן פּלויט, געבעקעט און געשורשעט מיטן היי. די פּרוי האָט געשעפּטשעט, אָטעמענדיק הייס

מוסיען גלײַך אין אויער אַרײַן און קיצלענדיק איר באַק מיט די גרויע האָר, וועלכע זײַנען אַרויסגעקראָכן פון אונטער איר קאָפּטיכל.

— הײַנט האָט מען דאָך פאַר אײַך אָוועקגעטראָגן אַפן באַשטימטן אָרט אַ פלאַש מיט מילך און אַ זעקל ברויט. וואָס זשע נאָך. אַלץ ווייניק ?

מוסיאַ האָט נישט פאַרשטאַנען וועגן וואָס מען רעדט צו איר און מוירע האָבנדיק, אַז ווען די פרוי וועט זיך דערוויסן, אַז זי איז גאָר נישט יענע, פאַר וועמען מען האַלט זי וועט זי איר אַרויסיאָגן, אָדער גאָר איבערגעבן אין די הענט פון דעם סוינע, האָט שטיל געזאָגט :

— מומענקע, איך דאַרף האָבן אַ רעפוע. פאַראַן אַזעלכע פילן . . . דער פאָטער מײַנער איז מיר קראַנק געוואָרן אַפן וועג, ער שטאַרבט. העלפט מיר, מומעשי !

שרעקנדיק זיך, אַז די פרוי וועט איר גלײַך אָפּזאָגן, האָט מוסיאַ אַרויסגעשלעפּט פון דער טאָרבע אירע קליידער און געשטופּט זיי אין דער באַלעבאָסטעס הענט.

— איך פאַרלאַנג, כאָלילע, נישט אומזיסט, נעמט, זײַט אַזוי גוט, אַבי העלפט מיר.

די באַלעבאָסטע האָט בייז אָפּגעשופּט פון זיך די קליידער מיט אירע קנויליקע הענט מיט אָנגעדראָלעטע אָדערן, צעפּאַרעטע און ווײַסע פון דעם וועש וואַשן.

— נעם צוריק. ביסט נישט געקומען אַף אַ מאַרק. פאַר שמאַטעס שטופּט מען נישט דעם קאָפּ אין דער פּעטליע. — זי איז פּלוצלונג בייז געוואָרן : — און ווער האָט עס דיר געאייצעט זאָלסט מיך אונטערקויפן מיט די שמאַטעס ? באַ מיר אַליין זײַנען דרײַ אַף דער מילכאָמע. דאָס וויסטו נישט ?

— מומינקע, קיינער האָט מיר נישט געאייצעט, איך ווייס גאָרנישט. דאָס האָב איך פון זיך אַליין. איך מוז נייטיק האָבן די רעפּועס פאַר מײַן טאַטן.

אַפן דאָרן, נישט שיינעם, שטרענגן פּאָנעם פון דער באַלעבאָסטע האָט זיך באַוויזן אַ אומעטיקער שמייכל.

— ביסט אַן אײַנגעשפּאַרטע. ווײַזט אויס באַקומען אַזאַ אינסטרוקציע. מיילע פאַרן טאַטן, זאָל זײַן פאַרן טאַטן, מיר איז

אַלץ איינס. קום אַרײַן אין כאַטע. נאַ, פאַרכאַפּ דאָס מיט זיך זאָלסט נישט פאַרבײַגיין מיט ליידיקע הענט פאַרבײַ די מערדער.

זי האָט דערלאַנגט מוסיאַן אַ שיסל מיט פײַכטע צונויפגעדרייטע, פעסט אויסגעקוועטשטע וועש. פון הויף זײַנען זיי אַרײַן אין פאָרהויז. מוסיאַ האָט שוין געוואָלט אַנעמען די קליאַמקע פון דער טיר, אַ באַשלאָגע מיט צראַטע, וועלכע האָט געפירט אין כאַטע. נאָר די באַלעבאָסטע האָט זי אַ שלעפּ געטאָן אַף צוריק און אַרײַנגעשטופּט אין אַ קליינעם נידעריקן קעמערל, וועלכער האָט איר געדינט פאַר אַ וויך־צימער.

— ווו קריכסטו ? ווײַזט אויס, אַז זי האָט דיר טאַקע בעעמעס נישט אָנגעזאָגט, אַז אין דער כאַטע ליגן פאַרווונדעטע ? אָדער קומסט גאָר נישט פון איר, נאָר פון אַנדערע... רייד שוין, — ביסט שוין צו מיר געקומען. וואָס זשע באַהאַלסטו זיך אויס פון מיר ?

— מומינקע, מײַן וואָרט גיב איך, אַז איך ווייס נישט, וועגן וועמען איר רעדט.

— איינע אַ קראַנקן־שוועסטער, זי באַהאַלט זיך אויס מיט אונדזערע פאַרוווּנדעטע אין וואַלד לעבן די אַלטע ביימער. דער גאַנצער קאָלווירט באַשפּײַזט זי שוין באַלד די דריטע וואָך. מיר וואַשן פאַר איר די אַלטע דײַטשישע ביגמן און מאַרליע. די פרוי וועלכע האָט זיך געכאַפּט, אַז זי האָט אויסגעפּלוידערט איבעריקע ווערטער, האָט זיך פאַרהאַקט און דערגעגטערגדיק איר דאַרן פּאַנעם צו מוסיאַן זי געפרעגט מיט אַ דראָענדיקן קאָל: — און דו ווער ביסט ? ענטפער, זאָגט מען דיר !

אין דער באַלעבאָסטעס בליק האָט זיך באַוויזן עפּעס אַזוינס, פון וואָס מוסיאַ איז איבערגעשראָקן געוואָרן אַף טויט.

— פּלייטים זײַנען מיר, איך מיט מײַן פאָטער. — האָט זי פאַרלוירן אויסגעצויגן אירע ווערטער.

— זיך אײַנגעכאַזערט אַ לידל, און זינגט קעסיידער: „פּלייטים, פּלייטים !” מיילע, שווײַג, אויב בײַ דיר איז אַזאַ איגסטרוקציע, הער אויס אָבער. מיידל, מײַן אייצע: האָסטו זיך גענומען פאַר אַזאַ אַרבעט, איז היט זיך פאַר וועלף, אָבער מענטשן זאָלסטו געטרויען... מיילע, פּלייטע, זאָל שוין זײַן אַזוי, די רעפּוע דײַנע וועל איך פרווון באַקומען. אין איין צימער בײַ מיר ליגן פאַרווונ־

דעטע און אין דעם צווייטן ווינט זייערער אַ פעלדשער, עפשער וועל איך בײַ אים אויסבעטן.

איצט, ווען מוסיאָס אויגן האָבן זיך שוין צוגעוווינט צום קילן האַלב־כּווישעך פון קעמערל, ווו די ווענט זײַנען געווען אָפּגע־פּאַלירט פון די זעק און האָבן נאָך באַהאַלטן דעם זאַטן רייעך פון ווייץ, האָט זי באַמערקט, אַז אויף דער ערד, צוגעדעקט מיט אַן אַלטן גרויסן פעלץ, איז געשלאָפן אַ ייִנגעלע פון אַ יאָר צוועלף. פּונקט אַזאַ דאַרער און נישט שיינער, ווי זײַן מוטער.

די פרוי האָט צערטלעך צורעכט געמאַכט די קישן באַם ייִנגלס צוקאָפּן, דערנאָך האָט זי אַרויסבאַקומען ערגעץ פון אונטערן פּענצ־טער אַ קריגל מיט מילך, אַגרויסע מויצע נישט קיין פרישן צוגע־טריקנטן ברויט און האָט דאָס אַלץ שווײַגנדיק אַנידערגעלייגט פאַרן גאַסט. אַליין האָט זי זיך געזעצט קעגנאיבער און קוקנדיק פון אַ זײַט, ווי דאָס מיידל עסט, האָט זי בלויז געזיפצט. ווען מוסיאַ האָט צונויפגעקליבן פון טיש די לעצטע קרישקעלעך ברויט און זיי אַרײַנגעשאָטן צו זיך אין מויל, איז די באַלע־באָסטע אויפגעשטאַנען, אָפּגעשניטן נאָך אַ היפּשע מויצע און ווידער שווײַגנדיק אַנידערגעלייגט פאַר איר. פון אירע מידע אויגן איז אַפילע אויף אַ רעגע נישט פאַרשווונדן געוואָרן דער אויסדרוק פון אומרויִקן טרויער.

— פאַרוואָס הערט מען שוין נישט דעם צווייטן טאָג קיין קאַ־נאָנען־שיסערײַ ? זײַנען כאָלילע אונדזערע נישט אָפּגעטראָטן פון טײַך, ווי מייַנסטו ? — און נישט באַקומענדיק קיין ענטפער האָט זי פאַרגעזעצט : — שווײַגסט ? ווידער אַזאַ אינסטרוקציע, אָדער ווייסט טאַקע בעעמעס נישט ? מיילע, שווײַג, שווײַג ! וועל איך דיר שוין אַליין דערציילן. עפשער וועט בײַ אײַך דאָרטן — זי האָט אומבאַשטימט אָנגעוויזן מיט איר קנויליקער האַנט אויף מיזרעך — עפשער וועט קאָנען צונויף קומען מײַן פלוידערײַ. הער ! דאָ איז די גאַנצע געגנט אָנגעפּראָפּט מיט פאַרווונדעטע. און טאָג און נאַכט, טאָג און נאַכט ברענגט מען צושלעפּן נאָך און נאָך. אַ גרויסן פאַר־לוסט האָט דאָ געהאַט היטלער.

די באַלעבאָסטע האָט אַ ווײַלע געשוויגן, זיך אײַנגעהערט צו די מאַנצבילשע שטימען וועלכע האָבן זיך טויב געהערט פון הינ־טער דער וואַנט און האָט פאַרגעזעצט :

— אָנגעמיימעסט האָט מען זיי דאָ, נישט איבערצוציילן. האָסט געזען דעם בעסוילעם אָפּן בערגל? איז דאָרטן אונטער יעדן ציילעם ליגן צוויי־דריי. און אַפילע פינף צוזאַמען. מען שיט זיי קופּעסווײַז. און פון דאָרטן, — זי האָט אָנגעוויזן אַף מיזרעוו — ברענגט מען אַלץ פרישע און פרישע אַף מאַשינען יאָגט מען זיי אַהער, און פון וואַנען נעמט זיך באַ זיי אַזויפיל? און באַ אײַך האָסטו אַמאָל נישט געהערט, אַף ווי לאַנג וועט באַ זיי סטאַיען? גיך וועט שוין דער כאַווער סטאַלין זיי זאָגן „קאַפּוט?” אָדער ער וועט נאָך אַביסל צוּוואַרטן, צוזאַמען נעמען די קויכעס?

איצט האָט שוין מוסיאַ פאַרשטאַנען, אַז די באַלעבאָסטע מיינט, אַז זי איז אָדער אַ פּאַרטיזאַנקע, אָדער אַן אויסשפּירערן, איינע פון יענע, וועמען, ווי מען שמועסט אין די דערפער, מען וואַרפט אַראָפּ באַנאַכט מיט פּאַראַשוטן אין די אָקופּירטע טערי־טאָריעס.

געפינענדיק זיך איצט אין אָפטן קאָנטאַקט מיט מענטשן, האָט שוין מוסיאַ געוווּסט, אַז ווי אַן ענטפער אַף סטאַלינס רוף צעפלאַ־קערט דאָס פאָלק אין דעם סויגעס הינטערלאַנד דעם פלאַם פון פּאַרטיזאַנען קריג. מען נעמט זי אָן פאַר אַ פּאַרטיזאַנקע — זאָל זײַן. די אַרבעט וועלכע זי פירט דורך מיט מיטראָפּאַן איליטשן, איז אויך זייער וויכטיק פאַרן לאַנד און זיי האָבן די פולסטע רעכט אַף דעם מיטגעפיל און שטיצע, וועלכע די פּרוי שענקט די וואַלד־קעמפער. קומענדיק צו אָט דעם אויספיר האָט שוין מוסיאַ אָפּן געפרעגט באַ דער באַלעבאָסטע, אין וועלכן אָרט, אין דער געגנט איז אַמבעסטן אַריבערצוגיין דעם פראָנט.

— מיט דעם איניען, זעסטו, וועט דיר שוין, ווײַזט אויס, אויסקומען אַביסל איבערצוואַרטן. זיי האָבן אָנגעשלעפּט צום טײַך אַ יאַם פאַרשיידענע מאַכשירים, און אַ כוץ דעם... — די באַלע־באָסטע האָט אַ זיפץ געטאָן — ווער ווייס אויב דער פראָנט גע־פינט זיך נאָך דאָרט. ווו ער איז נעכטן געווען, ער זאָל נישט האָבן אַוועקגעגאַנגען? איך האָב דאָך דיר שוין געזאָגט — עפּעס שטיל געוואָרן. פון נעכטיקן אָוונט אָן הערט מען מער נישט קיין שיסערײַ. עס זאָל דיר נישט אויסקומען אַמאָל אים נאָכצויאָגן.

אַ טיר האָט אַ קלאַפּ געטאָן. אין פאָדערהויז האָבן אָפּגעהילכט טריט, שטאַרק און שווער, ווי עס וואָלט איבער אַ הילצערנעם

בריק געשפּאַנט אַ טשוהונענע סטאַטוע. מוסיאַ, די באַלעבאָסטע און דער דערוואַכטער יינגל, וועלכער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, זיינען געבליבן פּאַרגליווערט איינהערנדיק זיך. עס האָט אַ סקריפּע געטאָן די טיר פון דער כאַטע. די טריט זיינען פּאַרטויבט געוואָרן.

— שוין צוריקגעקומען דער געץ! דאַרפסט טאַקע אַף אַן עמעס די רעפּוע, אָדער דו האָסט עס גלאַט אַזוי אויסגעטראַכט?

— ניין, ניין, איך דאַרף! — האָט זיך אַ צאַפּל געטאָן מוסיאַ. זי האָט אָנגערופן דעם נאָמען פון דער רעפּוע און געפרעגט: — אויב איר ווילט וועל איך מיט אייך גיין?

די באַלעבאָסטע האָט קריטיש באַקוקט די דאַרינקע פיגורל אין דעם סקי אָנצוג.

— ווי קומסטו! ביסט נאָך צו יונג און קענסט, מיסטאָם, קיין גוטן ליגן אויך נישט אויסטראַכטן, כ'וועל שוין אַליין גיין. און דו לייג זיך נעבן מיין קאָסטקאַן אונטערן פעלץ, מאַך זיך שלאָפנדיק. טאָמער וואָס ווען — ביסטו מיין פלימעניצע ניושקאַ, פון „ערשטן מײַ", מיין ברודער, פיאָדער, דיין טאַטע הייסט עס, איז קראַנק... אַליין האָב איך אין מיין לעבן קיין ליגנס נישט געזאָגט, און איצט אַף דער עלטער קומט אויס זיך צו לערנען. זיי וועלן דיך אויסלערנען נישט בלויז ליגנס צו זאָגן! בלייב דאָ.

די פרוי איז אַרויסגעגאַנגען. אין אַ ווײַלע אַרום האָבן זיך דערטראָגן פון ערגעץ ווײַזט אויס פון אַ שטאַל ווי אַ קו האָט געשאָרשעט מיטן שטרוי, היסטערישע קוילעס פון אַן אָף. שפּעטער האָבן איבער די ברעטער אָפּגעהילכט דער באַלעבאָסטעס באָרוועסע פיס און עס האָט טויב אַ סקריפּע געטאָן די באַשלאָגענע טיר.

מוסיאַ האָט זיך אַנידערגעלייגט אַף דער ערד נעבן דעם יינגל און באַמיִענדיק זיך צו דערשטיקן איר אומרויִקייט, האָט זי זיך צוגעהערט ווי פון הינטער דער וואַנט דערטראָגט זיך נישט דייטלעך אַ ווײַבערישע און אַ מענערשע שטימען. זי האָט דערפילט אַף איר באַק דעם יינגלס אָטעם. אין דער פינצטערניש האָבן געפינקלט זיינע העלע אויגן.

— ציטער נישט, ס'וועט דורכגיין גלאַטיק. נישט דאָס ערשטע מאָל קומט אויס מיין מוטער זיי אָפּצונאַרן. — האָט ער געזאָגט מיט אַ קרייעדיקער יינגלשער שטימע.

— און דו, שרעקסט זיך נישט?

— לעכאַטכילע האָב איך זיך געשראָקן. וואָס דען! דער קאָמענדאַנט זייערער האָט פיר אונדזעריקע אויפגעהאָנגען לעבן דעם שטאָל פון די פֿערלעשער... אָבער איצט איז שוין גאָר־נישט. שוין צוויי וואָכן לעבן מיר אונטער דער האַק, שוין צוגע־וווינט.

מוסיאַ האָט זיך נענטער צוגערוקט צום יינגל. אין שכיינעס מיט אָט דעם קליינעם פויגל איז די נאָענטקייט פון די אומפּאַר־שטענדלעכע אַרײַנדרינגער פון אַ פרעמדער וועלט, שוין נישט געווען אַזוי שרעקלעך. די צוויי שטימעס, דער ווײַבערישער און מענערישער האָבן זיך הינטער דער וואַנט וועגן עפּעס געאַמפּערט.

— און דײַן מוטער, זע איך, האָט אויך פאַר זיי קיין מוירע נישט.

דאָס יינגל האָט זיך אונטערגעהויבן אָנגעשפּאַרט אַף זײַנע עלנבויגנס. אַף זײַן לענגלעכן דאַרן פּענימל האָט זיך באַוויזן אַן אויסדרוק פון שטאָלץ.

— וועגן דער מוטער האָט איינער פון אײַעריקע געזאָגט: אַ שטאָלענע איז זי, אָט וואָס! איצטער פאָלגט אויס דער גאַנ־צער קאָלווירט אַלץ, וואָס זי זאָגט.

ווידער האָט אַ סקריפּע געטאָן די טיר. ענדלעך! מוסיאַ האָט זיך אײַנגעקאַרטשעט און פאַרזשמורעט די אויגן. די פלינקע, טשוגונענע טריט האָבן ווידער אָפּגעהאַמערט איבערן בריקל, אי־בער די סקריפּענדיקע טרעפּ פון גאַניק און זיך פאַרלאָרן אַף דער גאַס. די באַלעבאָסטע האָט זיך באַוויזן אין דער טיר פון קעמערל. זי איז געווען בלייך. איין באַק איז בײַ איר געווען פאַרשפּריצט מיט בלוט. אין דער קנויליקער האַנט האָט זי געהאַלטן אַ פלע־שעלע מיט ווײַסע פּילן.

— ער האָט געגעבן! איך האָב געשאָכטן אַ הון. אים גע־געבן די הון אַ מאַטאָנע, האָט ער מיר געגעבן. זאָג זיי דאָרט, ווען מען באַדאַרף, אַז פּריצן זײַנען אויך פאַראַן פאַרשיידענע. פאַר אייניקע איז די מילכאָמע — אַ נעכאָמע, און פאַר אַ צווייטן, אָט, ווי לעמאָשל, פאַר אונדזערן, איז זי נישט צום האַרצן. ער זיפצט אַלץ — נישט גוט, און דאָס לעבן — ניכט גוט. די מיל־כאָמע — ניכט גוט, און רוסלאַנד אויך ניכט גוט. אין די אָווגטן שלעפּט ער אַרויס אַ בילדל — מיט דער ווײַב און קינדער און

עפּשער אויך מיט די איינציקלעך איז ער דאָרט פאָטאָגראַפירט, גאַפּעט מיט די אויגן אָפּן בילדל און זיפּצט. איין מאָל בין איך דרייסט געוואָרן און פרעג אים: און היטלער איז אַפּאָנים אויך נישט גוט? ער איז אַזש ווײַס געוואָרן, קוקט זיך אום, אַרויס־געשטעקט זײַן קאָפּ הינטער דער טיר און שפּעטער אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, ווי איינער רעדט: אויך דאָסזעלבע! פאַראַן פאַראַן צווישן זיי אַזעלכע.

מוסיאַ האָט פאַרשטאַנען אַז געוויינלעכע, פּאָשעטע ווערטער זײַנען דאָ גאָרנישט ווערט און, ווענלדיק דאָך מיט עפּעס אָפּדאַנ־קען דער דרייסטער קאָלווירטניצע האָט זי אָנגעהויבן איבערדער־ציילן סטאַלינס רעדע, אָבער די באַלעבאָסטע האָט איבערגעשלאָגן אירע רייד.

— דאָס אַלץ, ליבינקע, ווייסן מיר שוין. דאָן זײַנען מיר נאָך נישט געווען אָקופּירטע, פרײַע זײַנען מיר נאָך געווען, ווען ער, דער פאָטערל, האָט עס גערעדט. דו זאָג אונדז בעסער, ווען וועט מען די דײַטשן צוריקיאָגן. עס איז שוין, דוכט זיך מיר די העכסטע צײַט, שוין אַביסל צו ווײַט האָט מען זיי אַרײַנגעלאָזט.

— גיך, גיך, טאַקע זייער גיך. אָף לאַנג וועט באַ זיי נישט סטאַיען.

— זאָל שוין טאַקע זײַן וואָס גיכער. דאָס געדולד פּלאַצט שוין. טײַכן טרערן ווערן דאָך פאַרגאָסן... און דו גיי שוין, גיי. דער דאָקטאָר זייערער זאָל כאָלילע נישט אָנקומען. יענער, זעסטו, איז טאַקע אַן עכטער פאַשיסט. קיין איין יונג מיידל לאָזט ער נישט דורך.

מוסיאַ האָט פאַרשטעקט דאָס ווערטפול פּלעשעלע אין בוזים און באַם געזעגענען, זיך ווידער געפרוווט פאַרשלאָגן דער באַלע־באָסטע אירע קליידער. יענע איז אָבער דאָס מאָל אָף אַן עמעס געוואָרן אין קאַס.

— נעם עס צו. נישט אַזאַ צײַט איז הײַנט באַ אונדז. ביסט אָהער נישט געקומען אײַנהאַנדלען קאַרטאָפל, הערסט! לאָמיך דיך בעסער אַרויסבאַגלייטן, זיי זאָלן אָף דיר, טײַבעלע, זייערע לאַפּעס נישט אַרויפלייגן.

די באַלעבאָסטע האָט אַרויפגעכאַפּט אָף זיך אַן אַלטן אָפּגעַ־בליאַקעוועטן זשאַקעט, זיך פאַרבונדן מיט אַ טוך, אַריבערגעוואָרפן

אַ זאַק איבערן אַקסל,, גענומען אַ קאָסטע און מוסיאַן געגעבן אַ גראַבליע... דאָס אַלץ האָט זי אָפּגעטאָן נישט געאײַלט, באַטראַכט, אויסגערעכנט — מען האָט גלײַך געזען, אַז אַרויסבאַגלייטן נישט קיין גערופענע געסט, איז באַ איר נישט קיין נײַעס.

— זאָג נאָר, מאַרליע און בינטן דאַרפסטו נישט? — האָט זי געפרעגט האַלטנדיק שוין די קליאַמקע. — מיר קלײַבן. דאָך צונויף אָפּן מיסט זייערע אַלטע בינטן, קאָכן דאָס אויס אין סאָדע. געכטן האָב איך אַ סאַך אָפּגעגעבן, אַביסל אָבער איז נאָך פאַרבליבן.

— ניין, ניין, מומינקע, אַ דאַנק אײַך!

מוסיאַ איז אַרויפגעפאַלן דער באַלעבאָסטע אַפּן האַלדז און שטאַרק זי געקושט אין איר פאַרגרעבטער, שאַרסטקער באַק.

— געפונען אַ צײַט — האָט זי יענע שטרענג אָפּגעשטויסן.

— נו, געגאַנגען!

זיי זײַנען פאַרבײַגעגאַנגען דעם וועכטער אין אַ קאַסקע מיט אַן אויטאָמאַט אין די הענט, וועלכער האָט מעכאַניש געמאָסטן מיט זײַנע טריט דעם שעטעך לענגויס דעם פאַרקאַן, פאַר דער כאַטע, זיך באַגעגנט און מיט דרייסטקייט פאַרביי די פריערדיקע צוויי עלטערע דײַטשן, וועלכע האָבן דאָס מאָל געשלעפּט אַף אַ טראָג־בעטל עמיצנס קערפּער באַדעקט מיט אַ לײַלעך, פאַרבײַגעגאַנגען עטלעכע שפּיטאָל פורלעך, אין וועלכע עס זײַנען געווען אײַנגעשפּאַנט ברייטביי֯ניקע פערד מיט פאַרשאָרענע עקן. פון אונטערן ברעזענט האָבן זיך געהערט פאַרשטיקטע קרעכצן. נאָר וואָס האָט מען געבראַכט אַ פרישן טראַנספּאָרט פאַרוווּנדעטע. זיי זײַנען דורכגעגאַנגען פאַרבײַ צוויי שווײַגנדיקע וועכטער, וועלכע האָבן אַרומגעשפּאַצירט היין און צוריק באַם אַרײַנגאַנג אין דאָרף און אַרויס אין פעלד.

דאָס מיידל האָט זשעדנע אײַנגעאָטעמט די ריינע פאַרנאַכטיקע לופט געדיכט אָנגעזאַפּט מיטן דופט פון דעם זיך טריקנדיקן גראָז.

— זאָלסט אויך איבערגעבן דאָרטן, אַז די פריצן פירן זיך אויף זייער זאָרגלאָז. זיי היטן זיך גאָרנישט, איבערהויפּט באַנאַכט. זיי צעלייגן זיך שלאָפן אין כאַטע און כראָפּען אַפּן גאַנצן קאָלווירט, אַזש די אויוונס טרייסלען זיך.

זיי האָבן זיך געזעגנט באַם אַרײַנגאַנג אין וואַלד, מוסיאַ האָט אָפּגעגעבן דער באַלעבאָסטע די גראַבלע. יענע האָט איר אַרײַנגעשטופּט אין האַנט אַ קלימעקל, פון וועלכן עס האָט זיך געפילט דער געשמאַקער רייעך פון אַ זויערן פויערשן ברויט.

— הייבסט שוין ווידער אָן — האָט געברומט די באַלע־באָסטע ווען מוסיאַ האָט אָנגעהויבן דאַנקען. — און ווער וועט מײַנע געבן אַ שטיקל ברויט. — און דערנאָך שטיל געזאָגט:

— עפּשער ווייסטו פאָרט, גיך וועט איר צוריקקומען? ווי לאַנג וועט נאָך אונדז, אומגליקלעכע, אויסקומען צו וואַרטן אַף אײַך?

— גיך, גיך, מומענקע — האָט איר מוסיאַ געענטפערט מיט אַזאַ זיכערקייט, ווי עס וואָלטן איר געווען גענוי באַקאַנט די פּלע־נער פון דער סאָוועטישער אויבערקאָמאַנדע, אָבער אויפכאַפּנדיק אַ כויזעק אין דער באַלעבאָסטעס קלוגע, מידע אויגן האָט זי פאַר־שעמט צוגעגעבן: — ער האָט דאָך געזאָגט אין זײַן רעדע, אַז גיך.

— ניין, נישט עמעס. ער האָט נישט געזאָגט „גיך". — האָט שטרענג געענטפערט די באַלעבאָסטע. — ער נאַרט קיינמאָל נישט אָפּ זײַן פאָלק. נו, גיי שוין.

און נאָך אַ לאַנגע צײַט, גייענדיק אַפן וועג איבערן פעלד, האָט דאָס מיידל געזען צווישן דער שערענגע ווײַסע צלאָמים פון דעם דײַטשישן בעסוילעם איר ווײַסן קאָפּטיכל און די קאָסע וועלכע האָט געגלאַנצט אין די רויטע שטראַלן פון דער שקיִע.

דאָרטן, אין דאָרף האָט די נאָענטקייט פון דעם סוינע, דער שאַרפער געפיל פון סאַקאָנע, פאַרטויבט אין מוסיאַן די אומרויִקייט פאַרן גוירל פון איר באַגלייטער. איצט אָבער, ווען זי איז געבליבן אַליין, האָט זי מיט שרעק געטראַכט, אַז זי האָט געפּאַטערט צו פיל צײַט. זי איז געגאַנגען אַלץ שנעלער און שנעלער, און פון צײַט צו צײַט אַפילע געלאָפן. צודריקנדיק צו זיך דאָס פלעשעלע מיט די פּילן האָט זי געפילט, אַז דאָס האַרץ קלאַפּט באַ איר אַזוי שטאַרק, ווי אין איר ברוסט וואָלט געווען פאַרשפּאַרט אַ לעבעדיקער פויגל, וועלכער שלאָגט זיך און רײַסט זיך אַף דער פרײַ. און די זון האָט זיך שוין געזעצט הינטערן וואַלד: די שפּיצן פון די סאָסנעס האָבן געפלאַמט אין דעם שקיִע פײַער.

דער כוישעך האָט איר פאַרכאַפּט אַפן וואַלד־וועג, נישט ווײַט

פון יענעם אָרט, וווּ זי האָט באַדאַרפט פאַרקערעווען אַף אַ סטעזש־קע. יענעם אָרט האָט זיך מוסיאַ פריִער אָנגעצייכנט, איבערברעכנ־דיק צוויי יונגע אַלכעס, באַ ביידע זײַטן פון דער קוים באַמערקבאַ־דער סטעזשקע. אָבער איצטער, ווען די ביין האַשמאָשעסדיקע טונ־קלקייט איז געוואָרן אַזוי געדיכט, אַז אַלע ביימער און קוסטעס האָבן זיך צונויפגעגאָסן אין איין פינצטערער צײַנעדדיקער וואַנט, האָט דאָס מיידל בעשום אויפן נישט געקאָנט געפינען די אײַנגע־בראָכענע ביימלעך. זי האָט זיך אַרומגעדרייט ווי אַ פויגל, באַ וועמען דער ווינט האָט צעשטערט דעם נעסט, געגישטערט מיטן בליק די פינצטערניש באַטאָפּנדיק מיט די הענט די קוסטעס באַם וועג. פלוצלונג איז זי דערשיטערט געוואָרן פון אַ געדאַנק: עפּ־שער האָט אימיצער גאָר צופעליק אויסגעהאַקט די צוויי ביימלעך, און זי וועט פאַרבלאָנדזשען און נישט קענען געפינען דעם ניטיקן וועג? פון אָט דער האַשאָרע האָט זי זיך דערפילט אַזוי שוואַך אַז זי האָט זיך אַן קויכעס אַראָפּגעלאָזט אַף דער ערד.

זי האָט זיך פאָרגעשטעלט ווי דער קראַנקער מיטראָפאַן איליטש ליגט עלנט אין סטויג, ווי ער וואָרפט זיך, ווי ער רופט זי. עס האָט זי אַרומגענומען אַ שוידער. זי איז אויפגעשפרונגען און זיך אָנשטויסנדיק אין דער פינצטער אַף די ביימער, צעדראַ־פּענדיק זיך דאָס פּאָנעם און די הענט אַן די קוסטעס האָט זי ווי־דער גענומען זוכן די פאַרשווונדענע סטעזשקע. אַ דינער סערפּל פון דער דאַרער לעוואָנע האָט זיך אַרויסגעגליטשט פון הינטערן וואַלד און לאַנגזאַם זיך גענומען באַוועגן צום מיט פון הימל, און דאָס מיידל איז נאָך אַלץ אַרומגעלאָפן לענגויס דעם וועג. צום סאָף, אינגאַנצן אַן אויסגעשעפּטע, איז זי אַנידערגעפאַלן צווישן די קוסטעס און איז טייקעף אַנטשלאָפן געוואָרן צעבראָכן פון מיד־קייט און פאַרצווייפלונג.

צום ערשטן מאָל אין איר לעבן איז זי געשלאָפן אין וואַלד אײַנגאַנצן אַליין. אַ שטאַרקער ווינט האָט אומרויִק געוואָיעט, ערגעץ נאָנט האָט טרויעריק געקרעכצט אַ אָנגעבראָכענע סאָסנע. אַ וויפּ האָט געיאָמערט ערגעץ ווײַט קימאַט ווי מיט אַ מענטשלעכער שטימע. קליינע וואָלקנדלעך האָבן האַסטיק געצויגן פאַרבײַ דער לעוואָנע, ווי זיי וואָלטן זיך געראַטעוועט פון עפּעס אַ געפאַר. מוסיאַ האָט דאָס אַלץ נישט געהערט און נישט געזען. דער קאַיאַר־

נעפּל האָט פאַרהילט די גאַנצע אומגעגנט, אָבער דאָס מיידל האָט נישט געפילט קיין פייכטקייט און נישט קיין קעלט.

מוסיאַ איז געשלאָפן אָן כאַלוימעס, ווי עס שלאָפן שטאַרק מידע קינדער. אָבער דער ערשטער בלאָז פון דעם פרימאָרגן־ווינטעלע האָט זי גלייך אויפגעוועקט. זי איז אויפגעשפּרונגען. צום פרישן דופט פון טויאיקן וואַלד האָט זיך צוגעמישט אַ שאַרפער רייעך פון ברויט. דאָס מיידל האָט דערפילט קראַמפן אין מאָגן. אָבער ס'איז נישט געווען קיין צייט זיך צו פאַרנעמען מיטן עסן. דער וואַלד האָט אָנגעהויבן אַרויסצוטרעטן פון דעם געדיכטן־גרויען פאַרטאָגיקן נעפּל. מוסיאַ איז אַרויסגעלאָפן אָפן וועג און האָט גלייך דערזען די סאָסנע, וועלכע איז געווען צעשפּאָלטן אָף צוויי ווי אַ גאָפּל. די וואָכן פון וואַנדערן האָבן אויסערגעוויינלעך פאַרשאַרפט בא מוסיאַן אַלע כושים און דעם זיקאָרן. זי האָט גלייך דערקענט די סאָסנע און לויפנדיק ווייטער איבערן וועג האָט זי באַמערקט אַ באַקאַנטן שטיין, וועלכער האָט איר נעכטן דערמאָנט אַ הינטישן קאָפּ, און, ענדלעך, צוויי טריט ווייטער פון דעם שטיין, — צוויי איינגעבראָכענע אַלכעס, וועלכע זי האָט זיך אָנגעצייכנט ווי אַ סימען, ווו מען באַדאַרף זיך פאַרנעמען אָף דער סטעזשקע. דעם גאַנצן איבעריקן וועג איז זי שוין געלאָפן מיט אַלע אירע קויכעס.

ס'איז געווען אַ וווּנדערבאַרער אויגוסט־פרימאָרגן, איינער פון יענע פרימאָרגנס, ווען די פון טוי אויסגעצוואָגענע נאַטור זעט אויס אויסערגעוויינלעך שיין, און די לופט איז אַזוי ריין און דורכזיכטיק, אַז דער פייזאַזש פאַרלירט די פּערספּעקטיוו און זעט אויס עפּעס אַזוי פלאַך. די זומערפייגעלעך וויגן זיך אָף די טרוקענע צווייגן. די ווילדע בינען הודיען מיט אַ באַסאָוון קלאַנג, ווי שווערע באָמבאַרדיר־אַוויאָנען. אַלץ האָט געבליט, געקלונגען, זיך איבערגעגאָסן מיט שאַרפע קאָלירן. פונדעסטוועגן האָט זיך אָבער אין דער לופט געפילט עפּעס, וואָס האָט אָנגעזאָגט דעם סאָף פון זומער.

דאָס מיידל איז געלאָפן נישט באַמערקנדיק דעם ווייכן אומעט, וועלכער איז געווען צעגאָסן איבער דער נאַטור. זי פלעגט זיך אָפּשטעלן בלויז אָף אַ רעגע, זיך אָפּרוען, איינשטילן די האַרץ־קלאַפּערײַ און ווייטער געלאָפן, שפּרינגענדיק איבער די פּעניעס, דורכרייסנדיק זיך צווישן די קוסטעס. „איך זאָל נאָר נישט פאַרשפּעטיקן, איך זאָל אים נאָר געפינען אַ לעבעדיקן". זי האָט אַפילע

גישט באַמערקט ווי עס האָט זיך געענדערט דער וועטער, דער הימל האָט זיך פאַרצויגן מיט אַ גרויער כמאַרע, אַלץ איז טונקל געוואָרן, אַזוי ווי אָפּגעבליאַקעוועט און עס האָט אָנגעהויבן צו שפּריצן אַ דינער רעגנדל.

שוין אײַנגאַנצן אַן אויסגעשעפּטע, ווי אַ געיעג־פערד אַף דער לעצטער דיסטאַנץ איז מוסיאַ אַרויסגעשפּרונגען אַף דער לאָנקע. פאַר אירע אויגן האָט זיך אַלץ געוויגט און געשווומען. אָט איז די רייַע סטויגן. ענדלעך. מיט די לעצטע קויכעס האָט זיך דאָס מיידל אַ לאָז געטאָן צום לעצטן סטויג, צוגעלאָפן צו אים, זיך אַרומגעקוקט און מיט אַ ווילדן אויסגעשריי געפאַלן מיטן פּאָנעם אין היי, ווי עמעץ וואָלט איר געגעבן אַ שטאַרקן זעץ אין נאַקן.

אין דעם סטויג איז מיטראָפּאַן איליטש נישט געוועז.

מוסיאַ האָט קוים איבערגעכאַפּט דעם אָטעם און זיך טייקעף גענומען צום זוכן. זי האָט דורכגענישטערט דעם היי, אומגעלאָפן אַרום דעם סטויג, באַקוקט די שכייניעסדיקע סטויגן. דער אַלטער איז פאַרשווונדן געוואָרן נישט איבערלאָזנדיק קיין שפּור.

פאַרגעסנדיק אינגאַנצן אָן דער פאָרזיכטיקייט, האָט זי אָנגעהויבן אים צו רופן באַם נאָמען הויך, אַף אַ קאָל. דער ווידערקאָל, וואָס האָט דינטלעך און הילכיק איר אָפּגעענטפערט פון וואַלד, האָט נאָך מער אונטערגעשטראָכן איר אײַנזאַמקייט. דאָס מיידל האָט זיך דאַן ווידער אַ וואָרף געטאָן צום סטויג און ווידער אָנגעהויבן נישטערן אין דעם היי. זי האָט זיך דערגראָבן ביז צום פייַכטן געלן גראָז. דער זאַק איז נישט געוועז. און עפשער איז דאָס גאָר נישט יענע לאָנקע און נישט יענער סטויג ? „אוי, ווען דאָס זאָל גאָר זײַן אַזוי !" אָבער ניין, אָט זײַנען די קוילן פון דעם שייטער, וואָס זי אַליין האָט אָנגעצונדן, דאָרט גרויט אין דעם גראָז די שאָלעכץ פון די קאַרטאָפל, וועלכע זי האָט אַרויסגעשאָטן צוזאַמען מיטן וואַסער.

מוסיאַ איז געוואָרן פאַרצווייפלט. זי איז מיטן פּאָנעם געפאַלן אין דעם צעראָיעטן סטויג און פאַרגליווערט געבליבן אין אַ פּולשטענדיקער אומבאַוועגלעכקייט, אָן קויכעס אַ ריר צו טאָן מיט אַ האַנט אָדער פוס, פּונקט ווי ערגעץ באַ איר אינעווייניק וואָלט געפּלאַצט אַ פעדער, וועלכע האָט ביז איצט זי געהאַלטן שאַרף

אָנגעצויגן. אַן עק. אַלע אָנשטרענגונגען, אַלע קאָרבאָנעס, אַלץ, אַלץ איז אַוועק מיטן רויך. לוינט זיך דען ווײַטער צו לעבן?

אָבער ווו, ווו איז דאָס אַלץ פֿאַרשווונדן געוואָרן? און אַלץ דערפֿאַר, וואָס זי, מוסקאַ וואָלקאָוואַ, איז אַוועק, און איבערגעלאָזט איר קראַנקן, הילפֿסלאָזן באַגלייטער און נישט געקאָנט אַפֿילע אים אויסבאַהאַלטן ווי עס באַדאַרף צו זײַן. דאָס מיידל האָט געקרעכצט, ווי פֿון אַ פֿיזישן ווייטיק.

ערגעץ נאָנט האָט זיך דערהערט אַ לײַכטער שאָרך, וועלכער האָט געצווונגען מוסיאַן זיך אָנצושפּיצן. מיט יענעם באַזונדערן כוש, וועלכער ווערט אויסגעאַרבעט בײַ אַ מענטשן דורך לאַנגע וואַנדערונגען, האָט מוסיאַ דערפֿילט, אַז זי איז נישט אַליין: אי־מיצער שפּירט זי נאָך. אָבער זי האָט זיך נישט איבערגעשראָקן. אַ פֿײַנלעכע גלײַכגילטיקייט צו אַלץ האָט פֿאַראַליזירט איר ווילן. ווידער האָט אַ קנאַק געגעבן אַ טרוקענע צווײַג.

מוסיאַ איז אויפֿגעשפּרונגען, אָפּגעטראָטן און זיך צוגעטוליעט צום סטויג.

נישט ווײַט פֿון איר, אַ צען טריט אומגעפֿער, צווישן קליינ־ווּוקסיקע, שיטערע בעריאָזע ביימלעך איז געשטאַנען אַ הויכע יונגע פֿרוי, דעם קאָפּ מיט אַ ווײַסן טיכל נידעריק פֿאַרבונדן. זי האָט געקוקט אַף מוסיאַן מיט אַ רויִקן, פֿאָרשנדיקן בליק. באַהער־שנדיק דעם פֿאַררעטערישן ציטער האָט זיך דאָס מיידל אויסגע־גלײַכט, אַ טרייסל געטאָן מיט אירע אָפּגעבליאַקעוועטע לאָקן און שטאָלץ פֿאַריסן דעם קאָפּ.

— ווער זײַט איר? וואָס דאַרפֿט איר דאָ.

איר אַפּאַטיע איז מיטאַמאָל פֿאַרשווונדן. אינגאַנצן אַ געשפּאַנ־טע איז מוסיאַ גרייט געווען צו קעמפֿן.

— וואָס קוקט איר אַזוי אַף מיר?

— אַ גוטער מאָרגן אײַך — האָט אַרויסגערעדט די אומבאַ־קאַנטע מיט אַ נידעריקער, אָבער זייער אַן אָנגענעמער ברוסט שטימע. — אָט קוק איך אַף אײַך און וווּנדער זיך: וואָס זוכט איר עפּעס דאָ אין די סטויגן? פֿאַרלוירן עפּעס, צי וואָס?

— און וואָס איז אײַער דייגע? וואָסי, עפּשער האָב איך צעטראָטן אײַער היי?

— אָבער ניין, איך דײַגע גאָרנישט. איך קוק נאָר און טראַכט.

וואָס נישטערט עפּעס אַ מיידל דאָ אין די סטויגן. קלער איך מיר, לאָמיר צוגיין און אַ פרעג טאָן. עפּשער נייטיקט זיך דאָ אַ מענטש אין הילף.

די אומבאַקאַנטע האָט גערעדט זייער געלאַסן, די אויסשפּראַך מיט אַ „סאַמעך", נישט ווי מען רעדט דאָ אין דער אומגעגנט, נאָר טאַקע ווי דאָרט אין יענער געגנט פון וואַנען מוסיאַ שטאַמט. אנשטאָט עפּשער, האָט די פרוי געזאָגט „עפּסער", אנשטאָט שיין — „סיין". אָבער דאָס האָט נישט פאַרקריפּלט איר שפּראַך, נאָר פאַרקערט, צוגעגעבן אַן אייגנאַרטיקן כיין און האָט דערמאָנט מוסיאַן איר געבורט־שטאָט, די אַלטע היימישע ערטער.

דערווײַל איז די אומבאַקאַנטע לאַנגזאַם אַרויס פון צווישן די קוסטעס, מיט דער ברייטער דלאָניע האָט זיך פאַרשטעקט אונטערן טיכל די געדיכטע קאַשטאַנענע לאָקן, און דאָס טיכל גופא האָט זי אַרויפגערוקט איבערן שטערן און פאַר מוסיאַן האָט זיך אַנטפּלעקט איר רונדער פּאָנעם מיט שוואַרצע אויגן און ברעמען, ווי סאַמעט, וועלכע האָבן געמאַכט דעם אײַנדרוק אַז זיי זײַנען קינסטלעך אָנגעצייכנט מיט שוואַרצן טוש אַף דער טונקעלער זײַדענער הויט. דאָס פּאָנעם האָט מוסיאַן אויסגעזען זייער באַקאַנט. זי איז קימאַט ווי זיכער געווען, אַז זי האָט שוין ערגעץ אַמאָל באַגעגנט אָט די פרוי, אָבער ווו און ווען — דאָס האָט זי זיך נישט געקאָנט דערמאָנען. די פרוי איז געגאַנגען אָנגעטאָן אין אַ טונקעלן גוטן, וואָלענעם אָנצוג, גוט אויפגענייט פון אַ שטאָטישן שנײַדער. איר קאָפּ איז געווען איבערגעבונדן אַפן פויערישן שטייגער מיט אַ גרויסן פּוכענעם טוך. אַזוי פלעגן זיך קליידן די כאַשעווע קאָלווירטניצעס פון די רײַכע אַרטעלן, ווען זיי פלעגן קומען אין שטאָט צו די פאַרשיידענע קאָנפערענצן אָדער צוזאַמענפאָרן. אָבער אַף די פיס האָט די אומבאַקאַנטע געטראָגן ריינע, לייוונטענע אָניצעס און גוט געמאַכטע לאַפּטעס, די אָניצעס זײַנען געווען אַזוי עלעגאַנט געוויקלט, אַז זיי האָבן נישט פאַרדעקט די שטריכן פון אירע געזונטע איקרעס. אַזאַ מין שוכוואַרג האָט מוסיאַ געזען בלויז איין מאָל אין איר לעבן, און דאָס אויך אַף דער בינע, אין דער אָפּערע „איוואַן סוסאַנין".

,אין דעם גאַנצן אָנבליק פון דער אומבאַקאַנטער איז געווען עפּעס אַן אויסטערלישער שטריך, וועלכער האָט זיך טייקעף גע־

וואָרפן אין די אויגן. עפּעס, — אָבער וואָס אַזוינס, דאָס האָט די מיידל גלייך נישט געקאָנט באַנעמען: מעגלעך, אַז איר מונטערער, פרישער אויסזען, עפּשער איר אָפּנהאַרציקער, גלייכער בליק, פול מיט כשיוועס און זיכערקייט, — דאָס האָט געמאַכט דער פרוי אינגאַנצן נישט ענלעך אַף אַלע יענע פרויען, מיט וועלכע מוסיען איז אויסגעקומען זיך צו טרעפן אין דער אָקופּירטער טעריטאָריע.

דאָס מיידל האָט באַשלאָסן, אַז פאַר דער פרוי איז נישטאָ וואָס מוירע צו האָבן.

— האָט איר דאָ נישט געזען אַ קראַנקן? ער איז געלעגן דאָ אין דעם סטויג? — האָט זי געפרעגט, און בעשאַס מײַסע פלעגט זיך אָנגעשטרענגט צו דערמאָנען, ווו האָט זי שוין אַמאָל געהאַט געזען דעם אָפּענעם, שיינעם שוואַרץ־ברעמיקן פּאָנעם.

— אַ יונגער, אַזאַ בלאָנדער? — האָט די אומבאַקאַנטע איבערגעפרעגט קוקנדיק אַף מוסיאַן מיט אַ פריינטלעכן אָבער גלייכציטיק כיטרען בליק.

— אָבער ניין, אַן אַלטער, אַ הויכער, אַן אײַנגעהויקערטער, מיט אַ בערדל... ער האָט שוין מער נישט געקאָנט גיין, קראַנק געוואָרן.

— און זיין נאָמען און פאַמיליע נאָמען ווייסט איר?

עס איז געוועזן קלאָר, אַז די פרוי ווייס עפּעס וועגן דעם גורל פון מוסיאַס באַגלייטער און עפּשער אויך וועגן דעם פאַרשווונדענעם צירונג. „זאָל זי אַמאָל נישט זיין אַ געשיקטע פון די דייטשן? — האָט אַ בליק געטאָן אין דעם מיידלס מויעך. — אָבער ניין, עס קאָן נישט זיין, זי האָט אַזאַ גוטן פּאָנעם און די אויגן אַזעלכע ליבלעכע, צערטלעכע... און אַז די דייטשן וועלן אַפילע וויסן זיין נאָמען! די ווערטזאַכן זיינען דאָך שוין סיי ווי סיי נישטאָ".

— קאַרעצקי, מיטראָפאַן איליטש, — האָט מיד געזאָגט דאָס מיידל. — מיר האָבן געוואָלט דורך... איך מיין, איך וויל זאָגן, מיר האָבן געקליבן נעדאָוועס אין די דערפער.

מוסיאַ האָט אַ טרייסל געטאָן מיט דער לייוונטענער טאָרבע, וועלכע איז געהאַנגען בא איר אַפן אַקסל.

— אויב אַזוי, זייט איר דאָס טאַקע קאַטיאַ?

און בעיס מײַסע האָט די אומבאַקאַנטע געקוקט מוסיאַן גלייך אין די אויגן. „נו, זיכער, זיינען איר גוט באַקאַנט אָט די שיינע

ווי מיט טוי פאַרצויגענע אויגן. ווען און ווו האָב איך זי געזען? און אָן שום ספּק ווייס זי עפּעס... אָבער אויב זי ווייס יאָ, פאַרוואָס האָט זי אומיסטן מיך אָנגערופן מיט אַ פרעמדן נאָמען?״

— ניין, איך הייס מאַריאַ, מאַריאַ וואָלקאָוואַ... איך צוזאַמען מיטן כאַוועד קאַרעצקי האָבן געוואָלט איבערגעבן דעם פּראָגנט און מיר זײַנען געגאַנגען צו די אונדזעריקע, — האָט פּעסט אָפּגעענטפערט מוסיאַ און אַרויסרופּעריש אַ קוק געטאָן דער פרוי גלײַך אין די אויגן.

די אומבאַקאַנטע האָט זיך צעשמייכלט, צעשמייכלט אָפן און ברייט, אַז איר טונקעלער פּאָנעם האָט ווי אויפגעלויכטן פון דעם פײַכטן גלאַנץ פון אירע גרויסע, גלײַכע ציינער.

און איך בין מאַטריאַנאַ רובצאָוואַ פון דעם קאָלווירט „דער רויטער אַקער״ עפּשער געהערט אַמאָל? ס׳איז דאָך פון אײַער געגנט. ער איז בײַ אונדז געווען זייער אַ באַוווּסטער, דער קאָלווירט.

זי האָט מיט איר גרויסער שטאַרקער האַנט צוגעצויגן מוסיאַן צו זיך און צוזריקנדיק זי צו איר ברוסט האָט זי שטיל און האַרציק געזאָגט:

— אײַער קאַרעצקי, איז שוין מער נישטאָ צווישן די לעבעדיקע, געשטאָרבן. נעכטן פאַר זון פאַרגאַנג איז ער געשטאָרבן. מיר גרייטן זיך אים צו באַערדיקן, אַף אײַך טאַקע האָבן מיר געוואַרט.

מוסיאַ האָט זיך מיטאַמאָל דערפילט אַזוי קליין, אַזוי הילפלאָז און אַזוי מיד, פּונקט ווי אַלע צאָרעס און שרעק פון די לעצטע וואָכן זײַנען אַלע מיטאַמאָל אַרויפגעפאַלן אַף איר. זי האָט זיך צוגעטוליעט צו דער פרוי און ווײַל יענע איז געשטאַנען לעבן איר אַזאַ ליבלעכע, אַזאַ גרויסע און מוטערלעך געגלעט איר קאָפּ, האָט פון אירע אויגן אָן אָפּהאַלט אַ פלייץ געטאָן אַ שטראָם טרערן און דאָס מיידל איז זיך פאַרגאַנגען אין אַ קאָנוולסיוו יאָמערלעך געוויין.

— וויינט זיך אויס, מאַשאַ, וויינט, טרערן שטילן אײַן יעדן ווייטיק — האָט גערעדט מאַטריאַנאַ רובצאָוואַ — ער איז געשטאָרבן מיט אַ לײַכטן טויט, מיטראָפּאַן איליטש, מיט אָפענע אויגן און בײַם קלאָרן פאַרשטאַנד. פאַרן טויט האָט ער אונדז אי־

בערגעגעבן זײַן לעצטן ווילן. . . די גאַנצע צײַט וועגן אײַך זיך דערמאָנט, געווען שטאַרק אומרויק. . .

מוסיאַ האָט אויפגעהויבן אַף מאַטריאָנאַ רובצאָוואַ אירע גרויסע, גרויע אויגן, וועלכע האָבן פון די טרערן אויסגעזען נאָך גרעסער. אין איר בליק האָט זיך גלײַכצײַטיק אָפּגעשפּיגלט אומרויקייט און שרעק, געבעט און האָפענונג. . .

— און דעם זאַק? ווו איז דער זאַק, וועלכן מיר ביידע האָבן געטראָגן?

— און אײַער פּאַס, מיידעלע, האָט איר בײַ זיך? אָדער עפּעס אַן אַנדער דאָקומענט — האָט געפרעגט מאַטריאָנאַ, און עס האָט זיך געפילט, אַז ס׳איז איר נישט באַקוועם צו שטעלן אָט די פראַגע.

מוסיאַ האָט אַרויסגעשלעפּט פון בוזעם אַ צעראַטעגעם זעקעלע, אין וועלכן זי האָט באַהאַלטן איר פּאַס, דעם קאָמיוגיסטישן בילעט און אַ באַשטעטיקונג, אַז די באַנק־אָפּטיילונג האָט „אויסגעצאָלט וואָלקאָוואַ מאַריאַ ניקאָלאַיעוונאַ אַ צוויי־וואָכנדיקן געהאַלט, אַלס שטיצע, וועלכע קומט איר אין שייכעס מיט דער עוואַקואַציע פון אַנשטאַלט״. מאַטריאָנאַ רובצאָוואַ האָט אויפמערקזאַם באַקוקט די פּאַפּירן, פאַרגליכן די פאָטאָגראַפיע פון דער דאַרער האָפעריקער מיידעלע מיט געפּאַרבטע ליפּעלעך ווי אַ הערצל, מיט דעם אָפּגעברענטן פאַרווינטיקטן סטאַלנע געוואָרענעם אָריגינאַל און האָט איר צוריקגעגעבן די פּאַפּירן.

— אַלץ איז קלאָר. איר, מיידל, האָט אַף מיר נישט קיין פאַריבל, איר פאַרשטייט דאָך אַליין, ווו עס איז אונדז אויסגעקומען זיך צו באַגעגענען. דער פאַשיסט איז דורכגעטריבן, כיטרע, ער קען זיך פאַרשטעלן אַף אַלע אופנים. — און צובייגנדיק זיך צו מוסיאַן האָט זי שטיל געזאָגט: פאַר יענער זאַך זאָרגט זיך נישט, יענץ איז איצטער אין זיכערע הענט. קיין שטויבעלע, קיין שפּרינקעלע וועט פון יענץ נישט פעלן. קומט, לאָמיר גיין זיך געזעגענען מיטן קערפּער, שוין צײַט אים צו באַערדיקן. . . ער איז געווען ווײַזט אויס, אַ גוטער, ווערטפולער מענטש.

מיטראָפאַן איליטשס קערפּער, פאַרוויקלט אין אַן אַלטן פאַרלאַטעטן לײַלעך, איז געלעגן אין וואַלד, אין שאָטן פון בעריאָזעס. פון דעם ווײַסן לײַלעך האָט זיך אַרויסגעזען בלויז דער קאָפּ.

װעלכער איז געלעגן אַף פּרישע בעריאָזע צװײַגן. דעם אַלטנס פּאָנעם, אָפּגעצערט און באַדעקט מיט אַ דורכזיכטיקער װאַקסענער געלקײט איז געװען שטרענג און רויִק. עס האָט געמאַכט דעם אײַנדרוק װי ער װאָלט שטאַרק אַנטשלאָפן געװאָרן נאָך אַ שװערער האָרעװאַניע.

אונטער אַ הויכער סאָסנע איז געװען אויסגעגראָבן אַ קײװער. אַפּן בערגל טונקל־געלן, נאָסן זאַמד זײַנען געלעגן צװײ רידלען. באַם קײװער זײַנען געשטאַנען אומבאַקאַנטע פרויען. זײ האָבן מיט מיטגעפיל געקוקט אַף מוסיאַן.

מאַטריאָנאַ רובצאָװאַ איז צוגעגאַנגען צו זײ און עפּעס שטיל דערצײלט. די פרויען האָבן געזיפצט און געשאָקלט מיט די קעפּ. אָבער מוסיאַ האָט נישט געהערט זײער צוגעדעמפּטן געשפּרעך און נישט באַמערקט זײערע פאַרשטענדיקע בליקן. זי האָט אין יענעם אויגנבליק איבערהויפּט גאָרנישט געזען און נישט געהערט. זי איז שטום געשטאַנען באַם קערפּער פון איר געטרײַען װאַנדערכאַװער און האָט נישט געקאָנט אָפּרײַסן איר בליק פון זײַן רויִקן פּאָנעם. אירע אויגן זײַנען געװען טרוקן, אָבער אינערלעך האָט אַלץ אין איר געװײנט, געװײנט שטורמיש און טרײסטלאָז. עס האָט זי געשראָקן, װאָס דער מענטש, װעלכער האָט איר פאַרטראָטן דעם פאָטער, די כאַװײרים און איר גאַנצע װעלט אין װעלכער זי איז געװען אײַנגעלעבט, און פון װעלכער די מילכאָמע האָט זי אַרויסגעריסן, װעט שוין מער נישט אויפשטײן, װעט זי נישט אונטעריאָגן און װעט זי נישט מוסערן פאַר איר לײַכטזיניקײט. נישטאָ שוין װער זאָל איר אַנטפּלעקן די סוידעס פון דעם װאַלדלעבן, װעלכן ער האָט אַזוי גוט געקענט, נישטאָ מיט װעמען פאַרצוזעצן דעם װײַטערדיקן װעג. „און דאָס איז אַף אײביק. דאָס קאָן מען נישט גוט מאַכן".

מוסיאַ האָט אַ זיפץ געטאָן און זיך אויסגעדרײט. אין אַ זײַט איז געשטאַנען שװײַגנדיק אַ גרופּע אומבאַקאַנטע פרויען, אין דער אײביקער פּאָזע פון װײַבערישן צאַר, די הענט צונויפגעפּלאָכטן אַף דער ברוסט און אונטערגעשפּאַרט די באַק מיט דער דלאָניע. און װידזיר, װי באַם באַגעגענען זיך מיט מאַטריאָנאַ רובצאָװאַ, האָט מוסיאַ אַ טראַכט געגעבן: עפּעס אונטערשײדט זײ פון די אַלטע יענקע, װעלכע זי האָט באַגעגנט פאַר די לעצטע װאָכן, פּונקט װי

זיי וואָלטן זיך נישט געפונען אָף דער באַזעצטער פון דעם סויגע ערד, נאָר געלעבט אין זייער געוויילעכער, געוויינטער סוויווע.

פון דעם נידעריק העגגענדיקן גרויען הימל האָט דין גע־שפּריצט אַ קאַלטער רעגנדל. ער האָט געשפּריצט שטיל, אָבער אין וואַלד האָט זיך אָן אויפהער געהערט אַ טרויעריקער רויש. „פון וואַנען נעמט זיך אָט דער אומעטיקער רויש?" — האָט אָן אַ פּאָר־וואָס אַ טראַכט געטאָן מוסיאַ און האָט זיך אַרומגעקוקט. די פייַכטקייט האָט זיך געזאַמלט אָף די צווייַגן און נאָדלען פון די הויכע סאָסנעס. קליינטשינקע טראָפּנס זייַנען געפאַלן אָף די יונגע בעריאָזקעס, געטרייסלט זייערע בלעטלעך אַראָפּשטויסנדיק די גרעסערע טראָפּנס, וועלכע האָבן פאַלנדיק שווער געפויקט אין די ברייטע, ציינערדיקע בלעטער פון פּאַפּערקרויט. די בלעטער פון דעם פּאַפּערקרויט האָבן געציטערט און זיך געוויגט, און פון זיי זייַנען אַראָפּגערונען, ווי פון אַ דאַך, איבער די רינוולעך פון די שטענגלעך, דינינקע, גלאַנציקע שטראָמען, אַראָפּגערונען און גע־פאַלן אָף די ברוסניצע קוסטעס, אָפן גרינעם מאָך, און דאָן אייַנ־געזאַפּט געוואָרן אין דער ערד.

אָט די באַוועגונג פון די וואַסער־טראָפּנס האָט געשאַפן אָט יענעם קעסיידערדיקן אומעטיקן שאָרך, מיט וועלכן עס איז געווען אָנגעפילט דער וואַלד. דער וואַלד האָט געוויינט.

מאַטראָנאַ רובצאָוואַ ווי זי וואָלט פאַרשטאַנען דעם מיידלס געדאַנקען, האָט זיך אָפּגעטיילט פון דער פרויען גרופּע. צוגעגאַנ־גען צו איר, זי לייַכט אַרומגענומען, ווי אַ כאַוועריטע, ווי אַ יינגערע שוועסטערל און שטיל אַרייַנגערעדט אין איר:

— און איר, וויינט זיך אויס!... ס'וועט גרינגער ווערן... נישט ווייניק טרערן נעמט איצט אויף די ערד... אָבער לעבן מוז מען דאָך, מיידל, מען מוז לעבן!

„אָבער ווו, ווו האָב איך זי געזען?" האָט ווידער אַ טראַכט געטאָן מוסיאַ, שטאַרק קוקנדיק אָף איר נייַער באַקאַנטער.

# צווייטער טייל

## I

ביז יענעם טאָג, ווען דער גוירל האָט צופעליק צוזאַמענגעפירט מוסיאַן מיט מאַטריאָנאַ ניקיטישנאַ רובצאָוואַ, בײַ מיטראָפּאַן איליטשס אָפּענעם קייווער, האָט מוסיאַ דער פרוי קיינמאָל נישט באַגעגנט. אָבער דער ערשטער אײַנדרוק האָט מוסיאַן נישט אָפּגענאַרט. זי האָט טאַקע נישט איינמאָל געזען דעם שיינעם, שטרענגן פּנים, פון וועלכן עס האָט געאָטעמט מיט אַ רויִקער ענערגיע, אָבער געזען האָט זי אים נישט אין לעבן, נאָר אַף פאָטאָגראַפישע בילדער אין פאַרשיידענע צײַטונגען און זשורנאַלן. ווען מוסיאַ זאָל בײַ זייער באַגעגעניש נישט האָבן געווען אַזוי דערשיטערט, וואָלט זי זיכער זיך דערמאָנט דעם נאָמען און פאַמיליע נאָמען פון דער אומבאַקאַנטער, ווײַל די כאָשעווע פּי־ציכטלערן מאַטריאָנאַ רובצאָוואַ איז געווען באַרימט נישט נאָר אין יענעם געגנט, ווו מוסיאַ האָט געוווינט, נאָר איבערן גאַנצן ראַטנפאַרבאַנד.

די פאָטאָגראַפיסטן פון אַלע לאָקאַלע און הויפּטשטאָטישע צײַטונגען, בעיס זייערע אָפּטע באַזוכן אין קאָלווירט „דער רויטער אַקער” האָבן ליב געהאַט זי פאָטאָגראַפירן. אַ פאָטאָ — ווי מאַטריאָנאַ ניקיטישנאַ אָנגעטאָן אין אַ בונטן שאַל, וועלכער פלאַטערט אַפן ווינט, אַפן פאָן פון דיגע בעריאָזקעס, אַזאַ פריידיקע און שפּרודלדיקע מיט יוגנטלעכער פרייד, — האַלט צוגעטוליעט 2 כיינעוודיקע קעלבערשע מאָרדעלעך, האָט באַקומען אַ גאָלדענעם מעדאַל אַף אַן אינטערנאַציאָנאַלן קאָנקורס. דאָס בילד איז געוואָרן אָרויסגעגעבן אין אַ פאַרגרעסערטן פאָרמאַט, אַלס אַ בײַלגע צו אַ באַ־

קאַנטן אילוסטרירטן זשורנאַל, און פון דעמאָלט אָן האָט מען זייער אָפט געקאָנט באַגעגענען קימאָט אין יעדן פּויערישן הויז, אין אַן אָרבעטער דירע און אין די ביבליאָטעקן די פּאָטאָגראַפיע פון דער קאָלווירטישער שיינקייט מיט די צווי קעלבלעך, אַ בילד וואָס האָט ווי סימבאָליזירט דעם נייעם דאָרף.

צו איר באַרימטקייט, איז מאַטריאָנאַ ניקיטישנאַ דערגאַנגען נישט אַזוי לייכט און נישט מיטאַמאָל. איר פאַרהעלטניסמעסיק קורצער לעבנס־וועג איז געווען גאָר נישט אַזוי גרינג און פּאַשעט.

רובצאָוואַס מוטער, אַ דאָרפישע יעסוימע, וועלכע איז געגנר־מען געוואָרן אַף האָדעוואַניע פון גוטהאַרציקע שכיינים, איז נאָך אַלס קינד געוואָרן קעגן איר ווילן פאַרשלייערט פאַר אַן אַלטן באָכער, וועלכער האָט געאַרבעט באַם גוטבאַזיצער. אַ כוץ יוגנט, זעלטענע שיינקייט, און אומדערמידלעכע אַרבעטס הענט, האָט זי גאָרנישט פאַרמאָגט. איר מאַן האָט געהאַט באַם עק פון אַ גרויסן האַנדלס דאָרף, אַן אַלטע ליידיקע כאַטקע, אונטער אַ צעפוילטן מיט גרינעם מאָך באַדעקטן דאַך, וועלכער איז ביסלעכווייז אַלץ מער און מער איינגעפאַלן. דער מאַן איז געווען אַ שלים־שלימאַזל, אַ מאָרע־שכוירעדיקער, שווייגנדיקער מענטש, וועכער האָט שוין לאַנג פאַר־לאָרן די האָפענונג זיך צו עפּעס דערשלאָגן. מאַטריאָנאַ האָט נישט געדענקט איר פאָטער. ער איז פאַרפרוירן געוואָרן אין פעלד, ווי עס האָט אים פאַרכאַפּט אין זיינע צעפליקטע בגאָדים, אַפן וועג פון באַלעבאָס הויז אַהיים, אַ זאַווערוכע. מאַטריאָנאַ איז דאַן אַלט געוואָרן דריי יאָר און איר יינגערן ברודערל האָט די מוטער נאָך געגעבן צו זויגן.

די פויערטע, געוווינט צו צאָרעס, האָט איבערגעטראָגן רויק דעם אומגליק. זומער האָט זי אומדערמידלעך זיך אַרומגעפּאָרעט אין דעם קליינעם גערטנדל הינטער איר כאַטע, געהאָלפן מענטשן באַם קאָסיען היי, באַם שניט און באַם דרעשען, און ווינטער־צייט פלעגט זי זיך פאַרדינגען אַף טאָג־אַרבעט אַף צופּן פלאַקס און גע־שטריקט פויערשע הענטשקעס, וועלכע זי פלעגט פאַרקויפן, און מיט דעם אַלעמען קוים קוים דערנערט אירע קינדער. קוים דריי מיט אַ האַלב יאָר אַלט פלעגט מאַטריאָנאַ ניאַנטשען איר ברודערל, און פון פינף יאָר אָן האָט זי שוין צוגעהאָלפן דער מוטער שפּינען און וויקלען וואָל. קיין ערד האָבן זיי נישט פאַרמאָגט. לאַנג, לאַנג

ביז צו אירע דערוואַקסענע יאָרן, פלעגט מאַטריאָנאַ זיך דערמאָנען, ווי אין יענע ווײַטע ווינטער־טעג, ווען איבערן פאַרפרוירענעם דאָרף פלעגן זיך אין דער געלער פראָסטיקער לופט הויך צום הימל ציִען אומבאַוועגלעכע סטענגעס רויך, פלעגט זייער כאַטע ווערן אײַנגאַנצן פאַרשאָטן מיט שניי. די שניי־בערג האָבן זיך געדרוקט אַף די פענצטער, באַליגט די טיר, פאַרשאָטן דעם גאַניק. דורכן צעלעכערטן דאַך פלעגט זיך דער דינער שניי זיפן אין פאָדערהויז, אַרײַנדרינגען אין כאַטע און ווי אַ סטענגע בלײַבן ליגן באַם אַרײַנגאַנג. קיין לעבעדיקער נעפעש האָט נישט אָפּגעשאַרט, נישט אויסגעטראָטן די שנייבערג.

די מאַמע האָט זיך געטוליעט אָפּן אויוון, אײַנדעקנדיק די קינדער מיט אַן אַלטן פאַרלאַטעטן, אויסגעריבענעם גלאַנציקן פעלץ. פון באַגינען ביז אָוונט און אָפטמאָל אַפילע ביז שפּעט נאָך האַלבער נאַכט, באַם צאַפּלדיקן שײַן פון אַ קין, האָט זי געשטריקט און געשטריקט, ווי מאַטריען האָט זיך דאַן אויסגעוויזן, אַלץ איינע און די זעלבע הענטשקע, מיט אַ ברוינער צייכנונג, אויסגעאַרבעט פון וואָל געפאַרבן מיט ציבעלע־שאָלעכץ. דער אָטעם פלעגט פון איר מויל אַרויס ווי אַ ווײַסע פּאַרע. זי פלעגט זיך אָפּרײַסן פון איר אַרבעט נאָר אַף אַ ווײַלע, אַף צו בײַטן דעם קין, וועלכער איז געווען אַרײַנגעשטעקט צווישן די ציגל פון קוימען און דערוואַרעמען אונטער די פאַכוועס אירע פאַרפרוירענע פינגער. זייער אָפט פלעגט זי באַפאַלן אַ הייזעריקער הוסט, אַזאַ שווערער און לאַנגדויערדיקער, אַז די קינדער האָט זיך אויסגעוויזן אַז עפּעס וועט באַלד פּלאַצן באַ איר אין ברוסט.

פרילינגס־צײַט, ווען דער שניי פלעגט צעגיין און אונטער די פענצטער פלעגט אויפהערן דאָס פויקן פון די טראָפּנס און אַף דער אַלטער ווערבע, וועלכע איז געוואַקסן אין גאָרטן, פלעגן ווילד טומלען די אָנגעפלויגענע פייגל, פלעגט מאַטריאָ העלפן איר מוטער גראָבן דעם גאָרטן, די נאַסע ערד, פון וועלכער עס האָט געטראָגן מיט וואַרעמקייט, פײַכטקייט און שאַרפן גערוך פון צעפרייעטער מיסט. דאָס איז געווען די גליקלעכסטע צײַט. די יינגער און שענער געוואָרענע מוטער מיט אַ נישט קיין נאַטירלעכער רויטקייט, צעגאָסן איבער אירע ברוינע באַקן, האָט פלינק געאַרבעט מיטן רידל. מאַטריאַ מיטן קליינעם קאָלקאַ האָבן זיך באַשעפטיקט מיט

צעברעקלען די גרויסע פֿאַרהאַרטעוועטע גרודעס, מיט אויסרייניקן דעם ווילדגראָז פֿון די הויכע בייטן, אויפֿגעשלאָגענע הויך, ווי פֿוך־פֿערענעס. די שטאָרן, שוואַלבן און אַנדערע פֿייגל האָבן אויפֿגערעגט אַרומגעטומלט און צורעכט געמאַכט זייערע צעשטערטע פֿון די געוויטערן נעסטן; די זון האָט געוואַרעמט און אַ דורכזיכטיקער רויכל האָט זיך געהויבן איבער דער שוואַרצער ערד. און פּלוצלונג פֿלעגט דער מוטער באַפֿאַלן אַ הוסט, דער רידעל פֿלעגט אַרויספֿאַלן פֿון אירע הענט און זי פֿלעגט אָן קייכעס זיך אַראָפּלאָזן אַף דער ערד, אַ באַדעקטע מיט הויכן פּאַראַיאָריקן גראָז. אויסגעהוסט זיך פֿלעגט די מוטער אָפּשפּײַען מיט בלוט ערגעץ ווײַטער אין אַ זײַט. דאָס מיידל פֿלעגט פֿאַרציטערט ווערן פֿון שרעק.

אָפּטמאָל, באַגינען, ווען דאָס דאָרפֿישע קליינוואַרג איז נאָך געשלאָפֿן פֿלעגן מאַטריאַ און קאָלקאַ אויפֿשטיין און מיטגענעמענדיק אַן עמערל זיך אַוועקלאָזן איבערן דאָרף זאַמלען מיסט פֿאַרן גאָרטן. זיי האָבן זיך באַמיט דאָס אָפּצוטאָן איידער מען טרײַבט אַרויס די בעהיימעס אין פֿעלד אַרײַן. אָבער מען האָט באַדאַרפֿט אַ סאַך מיסט, פֿלעגט אויסקומען גיין אויך באַטאָג, און דאַן זײַנען די דאָרפֿישע קינדער זיי נאָכגעלאָפֿן, געשלײַדערט אין זיי האַרטע שטיקער פֿערדישן מיסט און זיי נאָכגעזונגען אַף קאָלערליי אויפֿאַנים: „מיסט־קלײַבערס, מיסט־קלײַבערס" און אַמאָל אויך זיי נאָכגעשריִען די גרעסטע באַליידיקונג: „סוכאָטניצעס קינדער". מיילע „מיסט־קלײַבער" איז נאָך געווען צו דערלײַדן, אָבער „סוכאָטניצעס קינדער" — דאָס האָט שוין אָנגערירט זייער מוטער. אָפּטמאָל באַ אַזעלכע פֿאַלן פֿלעגט שוין די שטילע שעמעוודיקע מאַטריאַ ניט קענען פֿאַרשווײַגן די אַוולע, פֿלעגט כאַפּן דעם ערשטן שטיין פֿון ברוק, אַ שטיק ציגל, אָדער אַ שטעקן און מיט אַ געוויין זיך וואַרפֿן אַף אירע פֿײַניקער. פֿון די באַטאָגיקע אויספֿלוגן נאָך מיסט פֿלעגן די קינדער אָפּט צוריקקומען אַהיים מיט אַ ליידיקן עמערל, צעמיימעסטע און צעדראָפּעטע, באַגיסנדיק זיך מיט טײַכן טרערן. די מוטער האָט זיי געטרייסט, אָפּגעוואַשן באַם ברונעם פֿון זיי דאָס בלוט, געזיפֿצט און טרויעריק איבערגעכאַזערט אייניס און דאָס זעלבע שפּריכוואָרט: „זאָלסט מיט אַ שטאַרקן זיך ניט שלאָגן און אַף אַ רײַכן זיך ניט קלאָגן".

האַגאַם די קינדער איז אויסגעקומען דעם גאַנצן טאָג זיך פּאַ־

ר'עך אין גאָרטן, קלײַבן מיסט, טראָגן וואַסער פון דעם ברונעם אַף צו באַגיסן, און אויב זייער מוטער איז געווען באַשעפטיקט באַם קאָסיען היי פאַר פרעמדע פויערים, איז זיי אַליין אויסגעקומען צו באַגיסן, רייניקן די בייטן פון ווילדן גראָז, באַמיסטיקן, איז דאָך זו־מער אַלץ געווען צו דערלײַדן. ס'איז געוואַקסן פריש גראָז, אין די וועלדער פלעגט וואַקסן שטשאַוו, באַ די פלויטן איז געוואַקסן קראָ־פעווע. פון קראָפּעווע און שטשאַוו האָט מען געקאָכט אַ גרינעם באָרשטש. שפּעטער זײַנען אונטערגעקומען יאַגדעס, נאָך זיי שוואָ־מען. מען האָט זיי געקענט אָנקלײַבן ניט נאָר פאַרן אייגענעם גע־ברויך, נאָר אַפילע אַף צו פאַרקויפן די אָנגעפּאָרענע דאַטשניקעס. דערנאָך איז צײַטיק געוואָרן דאָס גרינס. אין יענע טעג פלעגן אַפילע אין דער מאַמעס טרויעריקע אויגן, אַרומגעצוימטע מיט גרויסע בלויע קרײַזן, זיך אָנצינדן פריילעכע פײַערלעך. אָפּטמאָל אין אַ פרעכטיקן זומער־אָוונט, — ווען צוזאַמען מיטן פוילן קרייען פון די צעקראָכענע פון היץ, הענער, מיטן קלינגען פון די קאָסעס, פלעגן דורך די קליינע פענצטערלעך אַרײַנדרינגען אין כאַטע גאָל־דענע סנאָפּעס זונען־שטראַלן, — פלעגט די מוטער זיך צעקעמען מיט אַ הילצערנער קאָם אירע לאַנגע געקרײַזלטע צעפּ, דערנאָך זיי אויסלייגן ווי אַ קרוין אַף איר גרויסן שטאָלצן קאָפּ און לאַנג זיצן און באַטראַכטן איר אָפּשפּיגלונג אין אַ טונקעלן גלאָז. דערבײַ האָט זי שטענדיק געזונגען איינס און דאָס זעלבע ליד:

שיין בין איך שיין
פון שמאַטעס איז מײַן קליידל
קיינער וויל ניט בעמען
אַזאַ אָרעם מיידל.

מאַטריאַ פלעגט זיך זעצן באַ דער מוטער צופוסנס און טרוי־מען, ווען זי וועט ווערן גרויס, וועט זי אַרבעטן באַ רײַכע באַלע־באַטים, זי וועט האָרעווען פון באַגינען ביז באַנאַכט, זי וועט אָנ־זאַמלען אַ סאַך געלט און זיי וועלן זיך קויפן אַ ציג און וועלן האָבן מילך, וועלכע איז אַזוי נייטיק פאַר דער מוטער. זייער מו־טער וועט געזונט ווערן און זיי אַלע צוזאַמען וועלן האָרעווען, זיך שטעלן אַף די פיס, פאַרריכטן דעם דאַך, קויפן אַ טיש, בענקלעך און וועלן לעבן ווי מענטשן און קיינער וועט שוין מער ניט וואַגן

זיך רייצן מיט זיי און רופן זי מיט קאָלקען „סוכאָטניצעס קינדער” און באַוואַרפן זיי מיט שטיינער און מיסט. די מוטער זייערע וועט שטענדיק זײַן אַזוי שיין און פריילעך, ווי זי איז אין אַזעלכע זעלטענע טעג ווי הײַנט. דעריקער איז — צונויפזאַמלען געלט און קויפן אַ ציג. זייער שכיינע אַגאַפיאַ האַלט אין איין טײַנען, אַז די פעטע ציגן־מילך וועט גלײַך שטעלן זייער מוטער אָף די פיס. אָט די ציג, וועלכע האָט פאַרן מיידעלע געשײַנט צו זײַן אַן אויסלייזערן פון אַלע צאָרעס, איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אירע געדאַנקען אין עפעט אַ מין קישעף־זאַך, ווי לעמאָשל, אַ פעדער פון דעם פײַער־פויגל, אָדער דאָס בלימעלע פון יאָהאַנעס־נאַכט.

עס האָט זיך צעפלאַקערט די מילכאָמע. קיינער האָט ניט געוואָלט פאַרקויפן קיין וואָל. אַלע קויפערס פון הענטשקעס — פורמאַנעס, טרעגערס, קליינע הענדלער — האָבן געקעמפט אין מיזרעך־פרײַסן, געפוילט אין די אָקאָפעס אין די פוילישע טאָלן. קעדיי צו ראַטעווען די קינדער פון אַ הונגער־טויט, פלעגט די מוטער פאַרשליסן קאָלקען אין דער קאַלטער כאַטע אַנואָגנדיק, אַז ער זאָל קיינעם ניט עפענען און אַליין מיטן טעכטערל זיך לאָזן בעטן נעדאָוועס. בעטלען אין איר אייגענעם דאָרף האָט איר ניט דערלויבט איר אײַנגעבוירענער שטאָלץ, און אייגענע פלעגט מען אַגעוו אין דאָרף גאָרניט געבן. זײַנען די מוטער מיט דער טאָכטער געגאַנגען אין ווײַטערע דערפער — מיגאַלאָווא, קאָדינאָ, פּאָזשיטנאָוואָ און אין דעם גרויסן קרײַז־דאָרף קליוטשי. געהאָלפן האָט מען זייער קאַרג. אין שטוב אַרײַנגייין און זיך דערוואַרעמען — דאָס יאָ, אָבער וואָס שײַנקען אַ שטיקל ברויט — גייט מיט גאָט, פאַר זיך אַליין סטײַעט ניט. אַזוי אַרום פלעגן זיי אָפטמאָל אָפּשפאַנען פופצן־צוואַנציק ווייאָרסט אַ טאָג און זיך אומקערן אַהיים מיט אַ צענדליק טריקענע, פאַרשימלטע סקאָרינקעס, וועלכע האָבן קוים געקלעקט אָף צוויי־דרײַ טעג. אָף דער דאָרפישער גאַס האָבן מאַטריאָ מיט קאָלקען אײַנגאַנצן ניט געטאָרט זיך באַווײַזן צוליב די קינדערשע קוילעס: „בעטלערקעס — לײַזיקע”.

זייער מוטער איז געשטאָרבן פריילינג־צײַט, ווען דער טײַך האָט זיך פונאַנדערגעגאָסן. מאַטריאָנאַ איז דאַן אַלט געווען צוועלף יאָר. די דאָרפישע פאַרזאַמלונג האָט באַשלאָסן צו באַשטימען פאַר די יעסוימים אַן אָפּעקון. אָבער מאַטריאָ, וועלכע האָט גוט געדענקט

איר מוטערס לעבנס־געשיכטע, האָט זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט. זי האָט דערקלערט, אַז קיינער דאַרף זיך ניט זאָרגן פאַר איר און קאַלקען; זיי וועלן זיך שוין ווי עס איז אַליין באַשפּײַזן. די קינדער האָבן אַקשאָנעסדיק געאַרבעט ווינטער און זומער, געאַרבעט באַטאָג און אָפּטמאָל אויך באַנאַכט. פאַרן טויט האָט די מוטער אָנגעזאָגט דער טאָכטער, אַז זי זאָל ציִען די כאַיונגע פון דעם גאָרטן. האָט מאַטריאַ טאָקע מיטן אַמאָליקן פלייס געפלאַנצט אַלערליי גרינס, זיי אָוועקגעטראָגן אַפן מאַרק אין דעם גרויטן דאָרף קליוטשי. זומער פלעגט זי זיך אָנדינגען צו העלפן באַם שניט, צו די רײַכע פּויערים און ווינטער, לויט איר מוטערס שטייגער, שפּינען און דרייען וואָל, פאַרבן די פעדעם מיט ציבעלע־שאָלעכץ און שטריקן הענטשקעס.

אַף אַזאַ מין שטייגער האָבן די קינדער אָפּגעלעבט עטלעכע יאָר.

מאַטריאַ האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ הויכער, קרעפּטיקער, ניט לויט די יאָרן, ערנסטער מיידל און האָט זייער געשיקט געפירט די אָרעמע באַלעבאַטישקייט. געווען איז זי זייער פלינק, פאַרשטענדלעך, שווײַגנדיק און אַרבעטס־פעיִק. דער דאָרפישער גוויר יעגאָריטשעוו האָט אין דער אונטערגעוואַקסענער מיידל באַמערקט די אַלע מעלעס און אויס „ראַכמאָנעס" גענומען זי צו זיך אַף אַרבעט אַפן זמאַן. לויט די ניט־געשריבענע טאַריפן פון יענע צײַטן האָט זי געזאָלט באַקומען פאַרן זמאַן אַ כוץ שפּײַז פאַר זיך: אַ זעקל מעל און אַ קלייד, אָדער אַ פּאָר שיך מיט גומקעס — לויט איר אויסוואַל. דאָס מיידל האָט אָבער אָנשטאָט דעם אויסגעבעטן באַם באַלעבאָס פאַר זיך אַ קעלבל. יעגאָריטשעוו האָט מיט אַ באַהאַלטענעם כויזעק־שמייכל אין זײַן שיטערן בערדל, גלײַך מאַסקים געווען, טראַכטנדיק אַז די מויד איז אַ גרויסער שוטע. ער האָט פאַרמאָגט אָבט קי פון דער סימענטאַלער ראַסע און אַזאַ סכאַר פאַר איר אַרבעט האָט אים געלוינט.

זייער פלײַסיק האָט יענעם זומער געאַרבעט מאַטריאַ אַף פרעמדע פעלדער. ניט וואַרטנדיק אַז דער באַלעבאָס זאָל זי וועקן, פלעגט זי אויפשטיין אַ סאַך פריִער איידער עס האָט נאָך אָנגעהויבן אַרײַנצודרינגען דאָס פאַרטאָגיקע ליכט דורך די שפּאַלטן פון טויער פון דעם היי־שטאַל, ווו די אַרבעטער זײַנען געשלאָפן.

און שלאָפן פלעגט זי גיין מיט די לעצטע הענער. סע באַ די בע־היימעס, סע אין גאָרטן, אַף די לאַנקעס באַם קאָסיען היי און אַף די פעלדער באַם שניט, האָט זי געהאָרעוועט באַגלײַך מיט די דער־וואַקסענע. די האָפענונג אַף דער דאַנקבאַרקייט פון באַלעבאָס האָט אונטערגעיאָגט און געוואַרעמט דאָס מיידל. דער טרוים וועגן אַ רויטן קעלבל, מיט ווײַסע פלעקן, מיט אַ סאַמעטענער פעל און רונדע פאַרטרויערטע אויגן האָט איר געהאָלפן איבערצוטראָגן די שווערסטע האָרעוואַניע און אויסצושטיין דעם כויזעק פון אייניקע אַרבעטער און אַרבעטאָרנס, וועלכע האָבן זי ניט ליב געהאַט פאַר איר איבערגעטריבענעם אייפער צו דער אַרבעט. אָפן וועג צו דער לאַנקע אָדער אין פעלד, פלעגט זי בלויז אַף איין רעגע אַרײַנלויפן צו זיך אין שטוב געוואויר ווערן, וואָס מאַכט קאַלקאַ און אָפּגעבן אים קורצע פאַראָרדענונגען וועגן דער שטוב און וועגן גאָרטן. אַגעוו איז דער אָנגעכמורעטער און שוויַיגנדיקער ייִנגל געווען אַלייך אויך פאַרכאַפּט פון טרוים וועגן אַן אייגענער בעהיימע און ער פלעגט באַווײַזן אָפּצוטאָן ניט בלויז די גאָרטן־אַרבעט. ער האָט אָפן בוידעם געפונען אַן אַלטע קאָסע, געבעטן אַ שאָכן ער זאָל זי אָנשלײַפן, צוגעמאַכט צו איר אַ הענטל און יעדן פרימאָרגן איז ער געגאַנגען אין דעם שכיינעסדיקן קאָזיאָנעם וואַלד, דאָרט פלעגט ער בעשטיקע אויסקאָסיען די גראָזיקע שטאָכים צווישן די ביימער און פאַרנאַכט דאָס אַריבערפעקלען אין אַ זאַק אַהיים און צונויפגעלייגט דאָס היי אין דער ליידיקער העלפט פון זייער כאַטע.

ענדלעך האָט זיך זייער טרוים פאַרווירקלעכט. אין מיטן האַרבסט, ווען מען האָט שוין אין דעם געראַמען שטאַל פון דעם באַלעבאָס פאַרענדיקט צו דרעשן דעם ליאָן און אים אָנגעפּאַנגען אויסצוהענגען אַף דרענגער אונטערן דאַך, האָט זיך אין דער נידע־ריקער בלינדער כאַטקע באַם עק דאָרף באַוויזן אַ קעלבל. ניט צו־גויפריידנדיק זיך, האָבן דעם ביידע קינדער אַ נאָמען געגעבן „ציי־געלע" לעקאָוועד יענער ציג, וועלכע האָט לויט זייערע כאַלוימעס געזאָלט ראַטעווען, אָבער עס ניט באַוויזן, זייער מוטער. דאָס קעלבל האָט פּערזענלעך געבראַכט צו פירן צו די יעסוימים יעגאָ־ריטשעוו אין זײַן געפּלאָכטענער בריטשקע. דאָס קעלבל האָט זיך אויפגעפירט זייער מאָדנע, בעשום אויפן ניט געוואָלט שטיין אַף די פיס און האָט זיך פויל אָפּגעקערט פון דעם צוגעגרייטן גע־

שמאַקן שפּײַז. מאַטריאַ האָט דערשפּירט אַז דאָ איז עפּעס ניט גלאַטיק און איז געלאָפן צו די שכײנים. דער שאָכן האָט באַטראַכט דאָס קעלבל און האָט בלויז מיטן פויסט אָנגעהויבן צו דראָען אין דער ריכטונג צום הויכן יעגאָריטשעווס הויז, דערנאָך האָט ער אַ שפּײַ געטאָן און איז אַרויס פון דער כאַטע, באַמיִענדיק זיך ניט צו קוקן אַף די צעטומלטע יעסוימים. און די שכײנע האָט זיך צעווייַנט צוזאַמען מיט מאַטריען און האָט געמאָלדן, אַז דאָס קעלבל איז קראַנק אַפן מאָגן און וועט שוין לאַנג ניט לעבן, וואָלט שוין בעסער געווען, ביז עס וועט ניט זײַן צו שפּעט, דאָס צו שעכטן, וועט מען לעכאָל האַפּאָכעס קענען פאַרקויפן דאָס פלייש.

דאָס מיידעלע צוזאַמען מיט איר ברודער האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן צו יעגאָריטשעוון, זיי האָבן זיך אַרײַנגעריסן צו אים אין גאַסט־צימער, וווּ ער איז געזעסן בײַ אַ סאַמאָוואַר מיטן אויפקויפער פון ליאָן און מאַטריאַ האָט אים געמאָלדן, אַז דאָס קעלבל פייגערט אַוועק. יעגאָריטשעוו — אַ קלייניקער, דאַרינקער מענטשעלע מיט אַ צעקנייטשטן פּאָנעם ווי אַ פײַג די גרויס, מיט פּיצינקע לעבהאַפטיקע אַרומלויפנדיקע „ליבלעכע״ אייגעלעך, האָט פון אָנהייב אָנגעהויבן צו זיפצן, צו קרעכצן, באַדויערן און מיטפילן. אָבער ווען מאַטריאַ האָט מיט טרערן אין די אויגן אָנגעהויבן אים פאָרצוואַרפן און פרעגן בײַ אים, אין דער קעגנוואַרט פון דעם גאַסט: האָט זי דען שלעכט אָדער ווייניק געהאָרעוועט פאַר אים? האָט יעגאָריטשעוו ברייט צעפירט מיט די הענט: אַף איר אַרבעט איז ניטאָ וואָס זיך צו באַקלאָגן, גוט האָט זי געאַרבעט, ניט געשאַנעוועט אירע קויכעס, אָבער אויך ער האָט געהאַלטן זײַן וואָרט. מען האָט זיך באַדונגען אַ קעלבל — האָט זי טאַקע אַ קעלבל באַקומען, און ניט גלאַט עפּעס אַ דאָרפישע בעהיימע, נאָר טאַקע פון ריינער ראַסע, ריינע סימענטאַלער ראַסע. עמעס, ער האָט איר ניט געגעבן פון די בעסטע, אָבער וועגן דעם איז ניט געווען קיין אָפּמאַך, און כוצדעם, ווער וועט זײַן אַ טוינע זיך אַליין? איז טאַקע ניטאָ וואָס צו ליאַרעמען און מען דאַרף ניט באַאומרויִקן כאָשעווע מענטשן מיט ניט קיין באַרעכטיקטע גוואַלדן.

מען האָט מאַטריאַן געאײַלט זיך צו ווענדן צום פאָרזיצער פון דעם קאָמיטעט פון אָרעמע פּויערים, צום הינקעדיקן מאַטראָס איגנאַט רובצעוו, וועלכער איז ערשט ניט לאַנג צוריקגעקומען פון

דעם בירגער־קריג. איגנאַט האָט אויסגעהערט די טענות פון דעם מיידל, צונויפגעבײַלט זײַנע ריזיקע האָריקע פויסטן מיט אַזאַ קויעך, אַז אַף דער אָנגעצויגענער הויט האָבן אָנגעהויבן צו גלאַנצן די טאַטויִרטע אַנקערס און סירענעס. ער האָט דער קאָהאָלשער פּיאָווקע אָנגעווונטשן אַזעלכעס, אַז דאָס מיידל איז שיִר פאַרברענט געוואָרן פון כאַרפּע, פאַרענדיקט האָט ער אַן אָנגעכמורעטער:

— ווּעסטו ברודערקע־מויד, מיט אים גאָרניט קענען מאַכן. ער, די קאָנטררעוואָלוציאָנערע שלאַנג האָט אויסגעפירט אַלע פאָרמאַליטעטן! ווּעסט זיך אונטער אים ניט קענען אונטערגראָבן ניט מיטן געריכט און ניט מיט קיין באַשלוס פון קאָמיטעט. סײַדן נאָר אים אויסמוסערן אין דער „אָרעמקייט” אָדער אין „לאַפּטע”, ווען ניט צעפּאַטשן אים, דעם שפּין, זײַן כאַזערשן פּאַרצעף אין אַ יאָנטעוודיקן טאָג שיקערערהייט, פאַר אַזעלכע געמיינע מעיסים זײַנע, פאַר דער קריוודע צו יעסוימים.

און דאָס קעלבל האָט זיך שוין ניט געקענט אויפהייבן. אַלץ מער און מער כוילע געוואָרן. מאַטריאַ און קאַלקאַ זײַנען געפאַלן פון די פיס, גאַנצע נעכט האָבן זיי פאַרבראַכט בײַ דעם קעלבל. און ווען דאָס קעלבל האָט שוין אָנגעהויבן פאַרגלאָצן די אויגן, איז דאָס מיידל ווידער אַוועקגעלאָפן צום שאָכן, אויסגעבעטן בײַ אים אַ האַנט־שליטן, אויסגעבעטן אים מיט היי, אַוועקגעלייגט אַף איבער דאָס קעלבל, און ביידע קינדער האָבן זיך אײַנגעשפּאַנט אין שליטל און אָפּגעפירט די כאַיע אין דעם דאָרף קליוטשי, זיבן וויאָרסט פון זייער דערפל אין דעם דאָרטיקן שפּיטאָל. זיי האָבן דערשלעפּט דעם שליטן ביז צום שפּיטאָל־גאַנעק, גענומען דאָס קעלבל אַף די הענט און פאַר די אויגן פון אַלע פאַרכידעשטע קראַנקע, אַרײַנגעטראָגן גלײַך צום דאָקטער אין קאַבינעט. דער דאָקטער איז פון אָנהייב פּאַשעט ווילד געוואָרן פאַר קאַס, ער האָט געטופּעט מיט די פיס. אַרויסגערופן דעם וועכטער און געפאָדערט מען זאָל די קינדער צוזאַמען מיט זייער קרעציקער קאַלב אַרויסוואַרפן פון דעם מעדיצין־טעמפּל. אָבער די שוועסטער מיטן ברודער האָבן אַזוי ביטער געוויינט, אַזוי געבעטן זיך בײַ אים, אַז ער האָט סאָף־קאָל־סאָף פאַרשטאַנען און דערפילט, אַז הינטער דער גאַנצער זינלאָזיקייט פון אָט דעם מאָדנעם באַזוך, שטעקט אַ טיפער צאַר פון אָרעמע יעסוימים. דעם דאָקטערס קאַס איז אײַנגעשטילט געוואָרן און ער האָט

באַפֿוילן איבערצוטראָגן דאָס קעלבל אין דעם וואַרעמען שטאַל, וווּ עס איז געשטאַנען דאָס שפּיטאָל־פֿערד, און נאָכן פֿאַרענדיקן די אויפֿנאַמע פֿון די קראַנקע האָט ער באַטראַכט דעם אויסערגעווײנלעכן פּאַציענט. ער האָט זיך פֿאַרשטענדיקט טעלעפֿאָניש מיטן קרײַז־ווערטערינאַר און האָט געהייסן דעם אַפּטייקער צוגרייטן אַ מיקסטור, וועלכע ער אַליין האָט מיט אַ גומענער קישקע אַרײַנגעגאָסן דעם קעלבל אין מויל.

פֿרילינג, ווען די אויסגעדאַרטע, שמוציקע בעהיימעס, פֿאַרקלעפּטע מיט פֿאַרטריקנטן מיסט האָבן מיט אַ שיקערן אויפֿגעברויזטן רעווען זיך אַ שאָט געטאָן פֿון די הויפֿן אַף דער פֿאַרבלאָטיקטער דאָרפֿישער גאַס, וווּ עס האָט שוין אָבער אָנגעהויבן צו שפּראָצן מיט דינעם פֿרישן גראָז, האָט מאַטריאָנאַ און קאָלקאָ אַרויסגעפֿירט צו דער סטאַדע אויך זייער „ציגעלע“, נאָכן באַרויכערן עס, לויטן מינהעג, מיטן ווײַרויך פֿון „גאָטס מוטער“ גראָז.

זומער האָט מאַטריאָנאַ ווידער געהאָרעוועט בײַ יעגאָריטשעוון.

זי איז דאָן געווען אַ לאַנגהענטיקע באַכערטע, מיט אַ קינדערישן פּוך אַף די באַקן און גרויסע, רונדע, שוואַרצע אויגן. אָבער צו דער אַרבעט האָט זי זיך צוגעשטעלט צוזאַמען מיט די דערוואַקסענע און געהאָרעוועט ניט ווייניקער פֿון אַ מאַנצביל. און ווי שווער עס זאָל ניט האָבן געווען דער אַרבעטס־טאָג, ווי שטאַרק עס זאָלן איר ניט האָבן וויי געטאָן די ביינער פֿון שווערער אַרבעט, ווי שלעפּעריק זי זאָל ניט האָבן געווען, פֿלעגט זי פֿונדעסטוועגן, אָפּזאָגנדיק זיך פֿון אָפּרו, אָדער אָפּרײַסנדיק אַ רעגע פֿון נאַכט־עסן, אַרײַנלויפֿן צו זיך אַהיים, קעדיי צו באַזאָרגן איר ברודערל און וואַרפֿן אַ בליק אַף איר ליבלינג, אַ גלעט טאָן איבער איר שאָרסטקער גלאַנציקער פֿעל און זי מעכאַבעד זײַן מיט אַ געדיכט באַזאַלצענער סקאָרינקע, וועלכע זי האָט אָפּגעשפּאָרט פֿון איר עסן, אָדער מיט אַ פֿרישער אוגערקע, וועלכע זי האָט בישטיקע, אין אַרבל, אַרויסגעטראָגן פֿון דעם באַלעבאַטישן ספּעקט.

פֿון אַלע פֿאַרשיידנאַרטיקע מעלאָכעס, וועלכע איז מאַטריאָנאַ אויסגעקומען דורכצופֿירן פֿון באַגינען ביז באַנאַכט אין יעגאָריטשעווס באַלעבאַטישקייט, האָט זי ליב געהאַט בלויז די אַרבעט אין דעם קו־שטאַל. און האַגאַם דאָרט האָט געקיניגט יעגאָריכאַ, וועלכע איז געווען באַקאַנט ווי די גרעסטע סעדעכע אין יענער־

געגנט, און זי האָט דעם מיידל ניט געגעבן קיין מינוט רו און ניט געקאַרגט פאַר איר קיין פעטש און קלעפּ, דאָך האָט מאַטריאַ אַלץ איבערגעטראָגן געדולדיק און זיך באַמיט אין דער זעלבער צייט נאָכצוקוקן, ווי איר באַלעבאָסטע באַהאַנדלט אירע קי, וועלכע האָבן געשעמט איבערן גאַנצן קרייז, וואָס פאַר אַ שפּייז גיט זי זיי, וואָס טרינקען זיי און די אַלע איינצלהייטן האָט זי פאַרגעדענקט פאַר איר „ציגעלע".

ווינטער האָט זי אַריינגענומען דאָס קעלבל צו זיך אין כאַטע. זי מיטן ברודער פלעגן גיין זיבן וויאָרסט צופוס אין שפּיטאָל אַריין און פון דאָרט ברענגען אַפן שליטעלע אַ פולן צעבער מיט שיראַיִם, וועלכע דער דאָקטער, געררט פון דעם צאַר פון די יעסוימים, האָט באַפוילן צונויפזאַמלען פאַר זיין געוועזענער „פּאַציענטקע". די קינדער אַליין פלעגן זיך אָפּזאָגן פון דעם נייטיקסטן, אָפּטמאָל אַפילע געהונגערט, אָבער זייער „ציגעלע" האָט זיך געהאָדעוועט ניט ערגער ווי יעגאָריטשעווס קי. אין פאַרלויף פון אַ יאָר האָט מאַטריאָנאַ פאַרמאָגט דאָס בעסטע קעלבל אין דאָרף. רייכע פויערים האָבן זיך געריסן אָפּצוקויפן באַם מיידל איר „ציגעלע", אָדער עס אויסבייטן אַף אַן אַנדערס און דערביי נאָך גוט צוצאָלן.

פון אַזעלכע רייד פלעגט מאַטריאַ ווערן שטאַרק בייז. ווי קען מען דאָס פאַרקויפן איר „ציגעלע"? זי איז דאָך געווען זייער פאַרווירקלעכטער כאָלעם, זי איז דאָך געווען זייער האָפענונג אַף אַ זאַטן לעבן. דאָס „ציגעלע" איז געווען דער באַליבטסטער מיטגליד פון דער יעסוימים־מישפּאָכע. די קינדער פלעגן דעם אָפּגעבן די בעסטע ביסנס, געהאָרעוועט צוליב דעם איבער די קויכעס, זייענדיק זיכער, אַז גאָר אינגיכן וועט עס זיי אָנהייבן אָפּצוצאָלן פאַר אַלע זייערע מי.

מאַטריאַ אַליין האָט ניט געהאַט קיין צייט און אויך ניט קיין פּאַסנדיקע קליידער אַף צו גיין אין שול, אָבער, דעם ברודער האָט זי געצוווּנגען זיך צו לערנען און מיט זיין הילף, באַנוצנדיק זיינע לערן־ביכער האָט זי זיך שפּעטער אויסגעלערנט לייענען און שרייבן.

אין דעם יאָר, ווען דאָס „ציגעלע" האָט זיך געקעלבט צום ערשטן מאָל און האָט געבוירן אַ קליינעם, פעסטן ברייטשטערנדיקן בייקל, און דערביי אָנגעהויבן צו געבן אַזויפיל ערשט־סאָרטיקן מילך, אַז מאַטריאַ האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ פערמאַנענטער צו־

שטעלערן פון מילך פאַרן שפּיטאָל, איז פאָרגעקומען אַ געשעעניש, וועלכע האָט מיטאַמאָל געענדערט דאָס לעבן פון די יעסוימים. איבערן דאָרף האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז דער הינקעדיקער איגנאַט רובצאָוו, דער זעלבער צו וועמען עס איז נאָך אַלס מיידעלע געלאָפן מאַטריאַ, מיט איר אָנקלאַגע אַף יעגאָריטשעוון, אָרגאַניזירט עפּעס אַ לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָמונע „דער רויטער אַקער”. מען האָט געשמועסט אַז פאַר דעם צוועק האָט דער אויספירקאָם אויסגעטיילט דעם פאָרעצס גוט מיטן פּאַרק און אַפילע אָפּגעגעבן דעם פאָרעצס הויז. באַ יעגאָריטשעוון, ווו מאַטריאָנאַ האָט נאָך אַלץ געאַרבעט, האָט מען די קאָמונע גלײַך באַקרוינט מיטן נאָמען „די רויטע קאַליקע”, ווײַל די ערשטע, ווי יעגאָריטשעוו פלעגט כויזעקן, זײַנען אין איר אַרײַנגעטראָטן בלויז קאַליקעס: אַכוץ רובצאָוון, דער קרומער רימער ניקיטאַ זאַזולין, דער איינהענטיקער פּאַסטעך זשענקאַ, און נאָך זיי האָבן זיך שוין געשלעפּט אַלע עוויוניםמ און דאַלפאָנים פון די אַרומיקע דערפער, וועלכע האָבן זיך ווי דערפרייט, וואָס עס איז דאָ אַ מעגלעכקייט צו געניסן פון אַן אומזיסטיקן שטיקל קוכן, ניט אַרבעטנדיק.

מאַטריאַ האָט געהערט די גיפטיקע וויצלעך פון איר באַלעבאָס און אים ניט געגלויבט. עטלעכע פון די אַרבעטער, און דאַווקע די מער באַוווסטזיניקע און אַרבעטזאַמע, זײַנען גלײַך, ניט וואַרטנדיק אַף זייערע סכירעס, אַוועק פון יעגאָריטשעוון און זײַנען אַרײַנגעטראָטן אין „רויטן אַקער”. אַכוץ דעם איז איגנאַט רובצאָוו אַליין, דער ברייטפּלייציקער געזונטער מאַנצביל, וועלכער פלעגט אין די טעג פון די רעוואָלוציע־יאָנטויווים, אַרומשפּאַצירן איבערן דאָרף מיט אַ ברייטער רויטער סטענגע אַף זײַן מאַטראָסן־רעקל, געווען אַ מענטש וועלכן דאָס מיידל האָט זיך צוגעוווינט צו שעצן שוין בלויז דערפאַר, וואָס יעגאָריטשעוו און די איבעריקע גווירים האָבן אים פײַנט געהאַט. און איינמאָל אין אַ זונטיק האָט זי זיך צוזאַמען מיט איר ברודער צוגעשטעלט אין געוועזענעם פּריצישן הויף, ווו צווישן די זײַלן איז געהאַנגען און זיך געטריקנט אַף אַן אָנגעצויגענער שטריק, פאַרצירעוועטע און געלאַטעטע וועש; די קינדער זײַנען אַרײַן אין די ברייטע געראַימע צימערן, וועלכע זײַנען איצט געווען צעטיילט מיט ברעטער אַף קליינע קעמערלעך, ווו עס האָט גערוישט און געזשומעט ווי אין אַ צערייצטן בינשטאָק, און ערגעץ

אונטערן סאַמע דאַך אין אַ פּיצל צימערל מיט אַ שיפּן סופּיט האָבן זיי געפונען דעם הינקעדיקן מאַטראָס און אים געפרעגט:

— יעסוימים נעמט מען אָן אין דער קאָמונע?

דער מאַטראָס האָט זיך הילכיק צעלאַכט. פאַרוואָס ניט נעמען? פאַר יעסוימים אין דער קאָמונע — דער רויטער ווינקל! מיט היספּײלעס האָט ער אָנגעהויבן צו דערציילן די קינדער, אַז די קאָמונע וועט באַשיצן די אָרעמע פון די קולאַקישע אויסוורפן, זיי יעגאָריטשעוו אַ שטייגער. ער האָט מיט פײַער איבערצײַגט, אַז פאַר מענטשן איז אַ סאַך לײַכטער און באַקוועמער צו אַרבעטן אינאיינעם, און פאַרענדיקט האָט ער מיט דעם, וואָס ער האָט פאַר זיי אויסגעמאָלן בילדער פון דעם אויטערגעוויינלעכן ליכטיקן לעבן וועלכעס דערוואַרט די קאָמונאַרן אין דער צוקונפט.

ניט אומזיסט האָט מען געשמועסט אין די דערפער, אַז אין די אָקטאָבער־טעג איז איגנאַט רובצאָוו געווען דער באַליבטסטער רעדנער אָף זײַן שיף.

דער געדאַנק וועגן אַ גערעכטן לעבן, ווען קיין שום יעגאָריטשעוו און איבערהויפּט קיינער וועט ניט וואַגן צו באַאַוולען אַ יאָסעם, איז טיף אַרײַנגעדרונגען אין די קינדערס הערצער. און עס האָבן שוין ניט געהאָלפן די דראָונגען פון יעגאָריטשעוון, דאָס גיפטיקע שיפּען פון יעגאָריכען, וועלכע האָט געווונטשן קאָלערליי צאָרעס דער הולטײַסקן אומפאַראַנטוואָרטלעכן מאַטראָס, וועלכער פאַרדרייט דעם קאָפּ די אומגליקלעכע יעסוימים נעבעך. עס האָבן ניט געווירקט די אייצעס פון די כאַשעווע שכיינים, וועלכע האָבן געהייסן די קינדער אויסוואַרטן, זיך פריִער גוט באַטראַכטן און זיך צוקוקן, וואָס און וויאַזוי דאָס וועט נאָך זײַן. מאַטריאָ און קאָלקאָ האָבן דעם מאַטראָס געגלויבט און האָבן זיך פאַרשריבן אין דער קאָמונע. זיי האָבן באַרעכנט, אַז לעבן ערגער ווי זיי האָבן געלעבט ביז איצט איז דאָך סײַ ווי אוממעגלעך. צוזאַמען מיט זייער ביסל אָרעמקייט, פאַר וועלכן זיי האָבן אַפילע ניט גענאַרפט קיין פור, האָבן די קינדער מיטגעבראַכט מיט זיך אין קאָמונע זייער אייניציקן און עמעסן אוצער, זייער פרייד און האָפענונג, דאָס „ציגעלע” מיט איר בכאָר, דעם לאַנגפיסיקן רויטן בײַקל מיט אַ ווײַס פינטעלע אָפן ברייטן שטערן.

אין יענע טעג פלעגט אָפט פּאַסירן, אַז מענטשן איידער זיי

זײַנען באַטראָטן דעם צוציִענדיקן, אָבער, דערווײַל נאָך ניט קיין זיכערן קאָלעקטיוון וועג. פּלעגן זיי בישטיקע אויספּאַרקויפֿן זייער אינווענטאַר און די בעהיימעס אויסבאַהאַלטן באַם זייערע קרוויוים, ווי איינער רעדט, מען וועט אַ קוק טאָן ווי וועט זיך דאָס אַ דריי טאָן, און אויב עס וועט כאָלילע אויסקומען צו פֿאַלן, שאַדט ניט אונטערצובעטן אַביסל שטרוי... דאָס „ציגעלע" איז געווען די צווייטע, ווען מען האָט אײַנגעאָרדנט אין דעם גרויסן ליידיקן שטאַל פֿון דער קאָמונע, די ערשטע איז געווען רובצאָווס אייגענע קו. און האַגאָם עס איז געווען באַוווסט פֿאַר אַלע דאָרפֿסלײַט, אַז דער מאַטראָס איז געווען אַ העלדישער יונג, אַז אין דער וועלט־מילכאָמע איז ער באַשאָנקען געוואָרן מיט אַ פּולער ברוסט געאָרגי־צלאָמים און אין בירגער־קריג האָט ער באַקומען פֿאַר העלדישקייט אַ לעדערנע קורטקע מיט הויזן און אַ זילבערנע שווערד, האָט זיך איבער די דערפֿער פֿאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז ווען די יעסוימים האָבן אים אָפּגעגעבן זייער „ציגעלע" מיטן בײַקל, האָט ער קלוימערשט ניט אויסגעהאַלטן און זיך צעווייִנט אין דער קעגנוואַרט פֿון גאַנצן עולם, און אַז גלײַך דערנאָך זאָל ער האָבן אַ בליק געטאָן מיט זײַנע נאַסע אויגן און געזאָגט צו די קאָמונאַרן, וועלכע האָבן זיך פֿאַרזאַמלט אין הויף צוליב אַזאַ אויסערגעוויינלעכער געשעעניש:

— איר וועט מיך, איגנאַשקאַ רובצאָוו, רופֿן אויסוווּרף, איר וועט מיר אין די אויגן אָנשפּײַען, אויב אין צען יאָר אַרום, וועט אונדזער קאָמונע ניט בליִען און אויב מיר וועלן דאַן ניט פֿאַרמאָגן אַזויפֿיל בעהיימעס, אַז ווען אונדזער טשערעדע וועט זיך אײַנאָווענט צוריקקערן פֿון דער פּאַשע, וועט מען דעם שטויב זען אַזש פֿון דעם קרײַז־דאָרף.

אַפֿן אַנדערן טאָג זײַנען געקומען צו רובצאָוון שליכים פֿון דער דאָרפֿישער פֿאַרזאַמלונג. זיי האָבן אים געמוסערט, געשטראָפֿט און אַרויסבאַקומען פֿון אים אַ וואָרט, אַז אויב די קאָמונע וועט דורכפֿאַלן, וועט ער דאָס „ציגעלע" ניט פֿאַרקויפֿן און וועט זי אָפּגעבן צוריק די יעסוימים.

דער „רויטער אַקער" איז ניט דורכגעפֿאַלן. עמעס, די ערשטע צײַטן האָבן זיך דאָרט געפֿונען גענוג אומזיסטיקע פּרעסערס, ליידיקגייער, געווען גענוג אומאָרדענונגען, מיספֿאַרשטענדענישן, ער

האָט געפּאַקט און געמאָזלט, איבערגעטראָגן אַלע כאַלאַסן, איבערגעלעבט צופֿלוסן און אָפּפֿלוסן. אָבער אַרום דעם מאַטראָס־באָלשעוויק האָט זיך געשאַפֿן אַ פֿעסטער קערן פֿון מענטשן, וועלכע האָבן געגלויבט אין דעם מעכטיקן קויעך פֿון אַ קאָלעקטיוון לעבן, וועלכע האָבן ניט פֿאַרלוירן זייער מוט בײַ די פֿאַרשיידענע אומגליקן און ניט אונטערגעגעבן זיך קיין שום פּראָוואָקאַציע. און האַגאַן דעם מאַטראָס שלייפֿן זײַנען פּריצײַטיק גרוי געוואָרן פֿון אייביקע זאָרגן, און איבער זײַן ברייטן קין האָט זיך געצויגן אַ בלויער שראַם פֿון אַ קולאַקישער קויל, דאָך האָט ער אויסגעהאָדעוועט צוזאַמען מיט זײַנע קאָמונאַרן אַ גרויסע נײַעווירטשאַפֿט און שפּעטער, אין די טעג פֿון דעם גרויסן איבערברוך, לויטן פֿאַרלאַנג פֿון זײַנע כאַווײרים, איבערגעבויט די קאָמונע אין אַ קאָאָפּעראַטיוו און גאָר אינגיכן איז דער „רויטער אַקער" געוואָרן דער רײַכסטער קאָלווירט אין דער גאַנצער געגנט.

אינעם „רויטן אַקער" איז אַלץ געווען גוט: די פֿעלדער, די בינען, דער ליאָן, דער סטאַוו ווו עס האָבן זיך געהאָדעוועט שפּיגלקאַרפּן, נאָר דער שטאָלץ און די באַזונדערע אויפֿמערקזאַמקייט פֿון אַלע מיטגלידער פֿון קאָלווירט — מיט וואָס ער האָט געשעמט אין דער גאַנצער אומגעגנט — איז געווען זײַן פּיצוכט־פֿאַרם פֿון רייןַ־בלוטיקע, ראַסאָווע בעהיימעס. פֿון דער ראַסאָווער קו „ציגעלע", וועלכע די יעסוימים האָבן געבראַכט אין די ערשטע טעג פֿון דער קאָמונע און פֿון דעם מעכטיקן ראַסאָוון אָקס „טשוירטשיל", וועלכער איז אויסגעוואַקסן פֿון דעם קליינעם רויטן בײַקל מיטן ווײַסן פֿלעק אַף זײַן אַקשאָנעסדיקן שטערן, האָבן זיך אַנטוויקלט צוויי דוירעס, וועלכע האָבן זיך מיט דער צײַט פֿאַרוואַנדלט אין אַ גרויסער סטאַדע פֿון געקליבענע ראַסאָווע בעהיימעס פֿון גאָר אַ נײַעם פֿאַרבעסערטן מין.

צוזאַמען מיטן קאָלווירט איז אויסגעוואַקסן, זיך אויפֿגעהויבן, זיך געשטעלט פֿעסט אַף די פֿיס און דערוואָרבן אַ הילכיקן אַרבעט־רום אויך מאַטריאָנאַ. איר ברודער ניקאָלײַ פֿלעגט זומער העלפֿן דער שוועסטער אַף דער פֿאַרם, ער האָט פֿאַרדינט זײַן טאָג־לוין באַם שניט און היי־קאָסיען, צו דער זעלבער צײַט האָט ער פֿאַרענדיקט די שול פֿון צווייטן גראַד און איז אַוועקגעפֿאָרן זיך ווײַטער לערנען קיין לענינגראַד און האָט זיך שוין מער ניט צוריקגעקערט

אין „רויטן אַקער“. ער האָט באַקומען אַ דיפּלאָם פון אַ געלערנטן וואַלד־עקספּערט און איז באַשטימט געוואָרן אַף אַרבעט לויט זײַן ספּעציאַליטעט ערגעץ ווײַט אין די סאָוועטישע סוב־טראָפּיקאַלישע געגנטן.

מאַטריאָנאַ, שוין אַ דערוואַקסן מיידל, האָט זיך געלערנט אין דער אָוונט־שול פאַר דאָרפישע יוגנטלעכע. מיט דער צײַט איז זי געוואָרן אַ געבילדעטער מענטש, זי האָט זיך לײַדנשאַפטלעך צו־געכאַפּט צו אַלע בראָשורן און זשורנאַלן וועגן פיצוכט און ביכלאַל אַלץ וואָס זי האָט אויסגעפונען אַז עס איז וויכטיק און אינטערע־סאַנט פאַר דעם צוועק, האָט זי זיך באַמיט אײַנצופירן בײַ זיך אין דער פאַרם. זי האָט פּאַשעט פאַרפּײַניקט די פאַרוואַלטונג פר־נעם קאָלווירט מיט שטענדיקע פאָדערונגען פון נײַע און מאָדערנע אײַנריכטונגען פאַר די שטאַלן, דורכגעפירט דרײַסטע זאָאָטעכנישע פּרוּוון, געפירט גענויע און אויספירלעכע פאַרצייכענונגען פון אַלע אירע רעזולטאַטן און איז געשטאַנען אין אַ שטענדיקער קאָרעס־פּאָנדענץ מיטן מאָסקווער פיצוכטלערישן אינסטיטוט. דאָרטן האָט מען שוין פון לאַנג געהאַלטן דעם „רויטן אַקער“ פאַר זייערע אַ לאַבאָראַטאָריע פאַר פאָרויסגעשריטענע פּרוּוון. אין יאָר 1936 האָט די גאַנצע סאָוועטישע פּרעסע פאַרעפנטלעכט די יעדיִע וועגן די הויכע מעלק־רעקאָרדן וואָס זײַנען דאָרט דערגרייכט געוואָרן. נאָך דעם איז דער „רויטער אַקער“ געוואָרן אַ שטענדיקער פלאַץ פאַר פאַרשיידענע עקסקורסיאַנטן, ניט בלויז קאָלווירטניקעס, אַפילע געלערנטע פלעגן קומען אַהין צופאָרן, קעדיי זיך צו באַקענען מיט דער אַרבעט און שטודירן די עקספּעריענץ פון מאַטריאָנאַ ניקיטישנאַ. די פאַרוואַלטונג איז געווען געצווונגען אויסצוטיילן אין דעם נײַעם קולטור־הויז עטלעכע צימערן פאַר די צוגערײַזטע געסט.

און ווען מען האָט אײַנגעלאַדן אין קרעמל די בעסטע פיצוכט־לער פון דעם גאַנצן לאַנד, איז אַהין אויך געפאָרן די אַמאָליקע קאַבצאַנישע יעסוימע, מאַטריאָנאַ ניקיטישנאַ. אַ הויכע, אַ שלאַנ־קע, איז זי דרײַסט מיט אַ פייערישער כשיוועס אַרײַנגעגאַנגען אין דעם זיצונג־זאַל און מיט אַ געפיל פון זעלבסטווערדע פאַרנומען איר פלאַץ.

עס האָט זיך צעעפנט אַ דעמבענע טיר. אין איר האָט זיך

באַוויזן די שטרענגע פיגור פון יענעם מענטשן, וועלכן זי האָט, קיינמאָל ניט זעענדיק, געקענט אַזוי גוט ווי אירן אַ נאָענטסטן, מיט וועמען זי פלעגט זיך שטענדיק אײַצען אין אירע געדאַנקען ווי מיט אַן אייגענעם פאָטער, אין די שווערע מינוטן פון איר לעבן, צו וועמען איר נעשאָמע האָט זיך געצויגן סײַ אין פריידן, סײַ אין לײַדן. דערזעענדיק אים צום ערשטן מאָל אין איר לעבן און נאָך אַזוי נאָענט, בלויז עטלעכע טריט פון איר, איז מאַטריאָנאַ ניקי־טיטשנאַ אויפגעשפרונגען; זי האָט אינגאַנצן פאַרגעסן וועגן דער אַרומיקער פײַערלעכקייט, וועגן דעם אַז עס רינגלען זי אַרום גאָר אומבאַקאַנטע מענטשן; זי האָט זיך פאַרגעסן און ווי אַ מיידעלע האָט זי אָנגעהויבן צו פּאַטשן מיט די הענט און שרײַען און גריסן.

סטאַלין האָט זיך אַף אַ מינוט פאַרהאַלטן אין טיר מיט צו־נויפגעפלאָכטענע פינגער, שמייכלענדיק ליבלעך בלויז מיט די אויגן. ער האָט געקוקט אַף אַלעמען, אַף דעם גאַנצן זאַל, וואָס האָט געשטורעמט פון פּאַטשערײַ און באַגריסונגס־אויסגעשרייען, אָבער מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַ האָט זיך אויסגעדוכט, אַז ער קוקט בלויז צו איר, אַז בלויז פאַר איר, פאַר דער יעסוימע וועלכע געדענקט אַפילע ניט איר פאָטער, איז די פאָטערלעכע צערטלעכקייט פון זײַנע אויגן. אָט די מינוט פון דעם העכסטן מענטשלעכן גליק האָט טויזנטפאַכיק באַצאָלט מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַן פאַר דער גאַנצער ביטערקייט פון איר טרויעריקער קינדהייט.

נאָך סטאַלינען זײַנען אין זאַל אַרײַן אַלע זײַנע מיטאַרבע־טער, וועלכע זי האָט גוט געקענט פון די בילדער. זיי האָבן זיך אויסגעזעצט באַ אַ דעמבענעם טיש און די באַראַטונג האָט זיך אָנגעהויבן. די דעלעגאַטקע פון דעם „רויטן אַקער" האָט אויפ־מערקזאַם און רויק זיך צוגעהערט צו די רעדעס, פאַרצייכנט די וויכטיקע שטעלן. די בליקן פון אַלע אַרומיקע פלעגן זיך ניט ווילנ־דיק אָפּשטעלן אַף דער שטאַלטנער רוסישער שיינהייט, וואָס האָט זיך מאַמעש געבעטן אַפן לײַוונט. קוקנדיק אַף איר, ווי רויִק, מיט וויפל אײַנגעבוירענער ווירדע זי באַטייליקט זיך אין אַ זיצונג אין קרעמל, צוזאַמען מיט די אָנפירער פון דער פאַרטיי און פון דער מעלוכע, איז שווער געווען זיך פאָרצושטעלן, אַז די זעלבע פרוי האָט מען אַמאָל גערייצט מיטן צונאָמען „סוכאָטניצעס טאָכטער". אַז אַלע דאָרפישע קינדער האָבן זיך געמיִעסט מיט איר צו שפּילן,

אַז זי פלעגט אַרומגיין אָן אָפּגעריסענע און בעטלען נעדאָוועס אין פרעמדע הײַזער. אַ יאָר צען פאַר דער מילכאָמע, ווען דער „רויטער אַקער" האָט ערשט אָנגעהויבן באַרימט צו ווערן, האָט מאַטריאָנאַ ניקיטשנאַ כאַסענע געהאַט מיט יאַקאָוו רובצאָוון, דעם קאָלווירטישן קאָניוך, דער זון פון יענעם געוועזענעם מאַטראָס איגנאַט רובצאָוו, וועמען זי האָט אַזוי בלינד אָנפאַרטרויט איר „ציגעלע". דאָס איז געווען אַ שעמעוודיקער, גאָרניט קיין אָנזעעוודיקער באָכער. אַף די קאָמיוגישע פאַרזאַמלונגען פלעגן זיי אָפּט זיצן איינער לעבן צווייטן, צוזאַמען פלעגן זיי גיין אין די ווינטער־אָוונטן, אַמאָל אין שטורעמס און זאַווערוכעס, זיבן וויאָרסט צופוס אין דאָרף קליוטשי, זיך לערנען אין דער שול פאַר דער פויערישער יוגנט. יאַקאָוו איז מאַטריאַן געפעלן געוואָרן צוליב זײַן האַרציקייט, באַשיידנקייט און אויך דערפאַר, וואָס ער איז ניט געווען קיין באַרימער, ניט געשטופּט זיך פאָרויס, איז שטענדיק גרייט געווען יעדן צו העלפן, אָבער אין געזעלשאַפטלעכע איבאָנים געווען שטרענג, פעסט און ניט נאָכגיביק.

דער שיינער מיידל, וועלכע האָט געשעמט איבער דער גאַנצער געגנט, האָבן ניט געפעלט קיין כאַסאַנים. געווען צווישן זיי שיינע באָכערים און אויך ווילע יונגען. זי פלעגט באַקומען לאַנגע בריוו „מיט אָנצוהערענישן" פון דעם יונגן קרײַז־אַגראָנאָם; עס האָט איר אויך געמאַכט אַ בליק־פאָרשלאַג, אַ יונגער היציקער קאָמאַנדיר פון אַ קאַוואַלעריע־עסקוואַדראָן, וואָס איז געווען אײַנקוואַרטירט אין „רויטן אַקער" אַף אַ קורצער צײַט בעיס די מאַנעווערס; אויך אַ בלאָנדער, גאַנץ סימפּטישער סטודענט פון פיצוכט־אינסטיטוט, וועלכער איז געקומען זאַמלען מאַטעריאַל פאַר אַ בוך וועגן נאָוואַטאָרן אין פיצוכט. ער האָט זי גערופן קיין מאָסקווע צו שטודירן און גלײַכצײַטיק פלעגט ער שעמעוודיק און צערטלעך אָנדײַטן וועגן דער מעגלעכקייט פון אַ פעסטערן און לאַנגדויערנדיקן בונד פון דער וויסנשאַפט מיט דער פּראַקטיק. אָבער ניט די אַלע גלענצנדיקע כאַסאַנים, נאָר דאַווקע דער שטילער, באַשיידענער יאַשאַ, וועלכער פלעגט זיך רויטלען און פאַרלירן אין דער קעגנוואַרט פון מיידלעך, האָט, אומדערוואַרטעט פאַר זיך אַליין, געוווּנען דאָס האַרץ פון דער איבערקלײַבערישער שיינהייט. און טאַקע זי אַליין האָט אים פלוצלינג דערקלערט, בעיס זיי זײַ־

נען צוריקגעפאָרן פון אַ פאַרזאַמלונג פון דעם קרײַז־אַקטיוו פון
קאָמיוג, אַז זי וועט שוין ווײַזט אויס אַלט ווערן ביז ער וועט
זיך ענדלעך באַשליסן זי אַ קוש צו טאָן. יאַשאַ איז געוואָרן פאַ־
שעט ווילד פון גליק און האָט אַזוי אײַפערדיק אָנגעהויבן איר צו
דערווײַזן דאָס הײפעכדיקע, אַז זיי האָבן ניט באַמערקט ווי דאָס
פערד, ניט שפירנדיק מער קיין לייצעס, איז אַראָפּ פון וועג אין
אַ האָבער־פעלד אַרײַן, און דערזען האָבן זיי דאָס ערשט דאַן ווען
זיי ביידע זײַנען שוין געפלויגן פון דעם אײַנגעבויגענעם וואָגן
גלײַך אין אַ דערבײַיקער קאַנאַווע. זייער כאַסענע איז געווען אַ גע־
שעניש אין דעם גאַנצן קרײַז. צו דער כאַסענע זײַנען אָנגעפאָרן
אַפילע צײַטונגס־פאַרשטייער, וועלכע האָבן שטענדיק נאָכגעפאָלגט
די אַרבעטס־דערפאָלגן פון דער יונגער קאָלווירטניצע. אָבער די
דאָרפישע יאַכנעס, ניט לאָזנדיק זיך צופיל בעטן באַם טיש, וואָס
שײַעך פרעסן און טרינקען, האָבן געזיפצט און געקרעכצט און גע־
זאָגט נעוויִעס, אַז לאַנג וועט זיך דאָס פאָרפאָלק ניט האַלטן;
עפּעס שוין אַ זייער ניט קיין „גלײַכע פאָר".

אָבער לעהייפעך די אַלע נעוויִעס, האָבן אין דעם נײַ־
עם ערשט אויסגעבויטן הויז, ווו דאָס פאָרפאָלק האָט זיך
אַרײַנגעצויגן, געהערשט שאָלעם און ליבע. די אַלע פאַר־
שיידנאַרטיקע קאָלווירטישע איניאָנים און באַשעפטיקונגען,
דער אַלץ מער וואַקסנדיקער רום, האָבן גאָרניט געשטערט מאַטריאַ־
נאַן צו ווערן אַ גוטע מוטער פון דרײַ קינדער. די יונגע רובצאָווס
האָבן זיך די ערשטע אָפּגעזאָגט פון דעם פּריוואַטן שטעטך ערד
באַ זייער הויז און דערקלערט, אַז עס איז פאַר זיי איבערגענוג
דאָס וואָס זיי פאַרדינען פון זייערע אַרבעטס־טעג. דערמיט האָבן
זיי היפּש צעטומלט די קרײַז־אָנפירער, וועלכע האָבן ניט געוווסט
וואָס פאַר אַ שטעלונג אָנצונעמען אין אַזאַ מין פאַל, עפשער איז
דער בײַשפּיל פון דעם יונגן פאָרפאָלק גאָר אַן „אָפּנויג".

אַלע קאָלווירטישע שעליכים, וועלכע פלעגן קומען פון אַלע
עקן פון דעם ראַטנפאַרבאַנד, אַף צו באַקענען זיך מיט דער דער־
פאַרונג פון דער פאַרגעשריטענער פיצוכט, האָבן אומבאַדינגט
באַקוקט אויך דאָס הויז פון די יונגע רובצאָווס. ווירטשאַפטלעכע
פאַרזיצערס, וועלכע האָבן געהאַט בעדייע זיך צו בויען, פלעגן
אָפּקאָפּירן פאַר זיך דעם הויכן שפּיציקן, מיט דאַכלקעס געדעקטן

דאַך, אונטער וועלכן עס האָט זיך געפונען אַ ליכטיק צימערל, די טעראַסע מיט געשניצטע סלופּעס, וועלכע האָט פאַרביטן דעם טראַ־דיציאָנעלן גאַנעק, איבערציילן די קלעצער, געריכנט, געמאָסטן. באַם אַוועקפאָרן צו זיך אַהיים, האָבן זיי צוזאַמען מיט דער דער־פאַרונג פון ראַסעוון פּיצוכט, רעצעפּטן פון שפּייז פאַר די בעהיי־מעס, צייכענונגען פון קאָרעטעס און מולטערס, פּלענער פון שטאַלן אויך מיטגעפירט און פאַרשפּרייט איבערן לאַנד אַ יעדיע וועגן דעם ווי גוט און ווויל עס לעבט די באַוווסטע פּיציכטלערן מאַט־ריאָנאַ רובצאָוואַ מיט איר מאַן דעם באַשיידענעם קאָלווירטישן קאָניוך יאַקאָוו.

מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַס בילדער פלעגן זיך זייער אָפט באַ־ווייזן אַף די שפּאַלטן פון די צייטונגען און זשורנאַלן. דער בריוו־טרעגער האָט שטענדיק געוואָרטשעט, וואָס ער דאַרף טראָגן אַזוי־פיל בריוו מיט שטעמפּלען פון אַלע שטעט פון לאַנד, אַז ער איז שוין אַזש מיד. איגנאַט רובצאָוו, וועלכער האָט קעסיידער אָנגע־פירט מיטן „רויטן אַקער" האָט זיך געוויצלט, אַז ער האָט שוין אויסגעבויט אַ לעכל אין זיין רעקל, פאַר אַ גאָלדענעם מעדאַל, וואָס ער וועט באַקומען פאַר די פּיציכטלערישע עקספּאָנאַטן פון זיין קאָלווירט, און אויך באַשטעלט שוין אַ ראָם פאַרן דיפּלאָם פון דער אַלפאַרבאַנדישער אויסשטעלונג.

אָבער די מילכאָמע האָט אומדערוואַרטעט צונישט געמאַכט אַט די אַלע פריידיקע פּלענער. צעבראָכן דעם מיט אַזויפיל מי און מאַטערניש, איינגעשטעלטן גליקלעכן לעבן.

# II

שוין באַלד אין דער ערשטער נאַכט פֿון דער מילכאָמע איז אין דעם גרינגלעכן קאַיאָר־נעפּל דורכגעפֿלויגן איבערן „רויטן אַקער" אַף מיזרעך אַ גאַנצע מאַכנע פֿרעמדע אַוויאָנען, צו באָמבאַרדירן פֿרידלעכע שטעט. די באָבע פּראַסקאָוויאַ ניעפּיעדאָוואַ, וועלכע האָט זיך אומגעקערט אין יענער שאָ פֿון שטאַל, ווו זי האָט פֿאַרבראַכט אַ שלאָפֿלאָזע נאַכט לעבן אַ קראַנקן קעלבל, האָט זיך געשוואָרן, אַז אַף די פֿליגלען האָט זי באַמערקט עפּעס אַן אויסטערלישן „אַנטיקריסט־צייכן". און אין אָוונט איז מאַטריאָנאַ ניקיטישנאַ געשטאַנען צוזאַמען מיט אַנדערע פֿרויען באַם ראַנד פֿון דאָרף, קוקנדיק ווי עס זעצט זיך אַפֿן וועג, רויטלענדיק זיך אין דעם גאָלד פֿון דער שקיע, דער שטויב פֿון די פֿורן אַף וועלכע עס זײַנען אָפּגעפֿאָרן צום קרײַז קריגס־קאָמיסאַריאַט אַלע מאָבילייזירטע קאָלווירטניקעס. צווישן זיי האָט זיך אויך געפֿונען מאַטריאָנאַס מאַן. אַפֿן אַנדערן טאָג איז אויך איגנאַט רובצאָוו אָפּגעפֿאָרן אין זײַן געפֿלאָכטענעם צווייר־עדערדיקן וועגעלע צום מאָבילייזירונגס־פּונקט. ער איז געפֿאָרן אַרויסבאַגלייטן די קאָלווירטישע רײַט־פֿערד פֿון זייער פֿערד־פֿערמע. פֿאַרן אָפּפֿאָרן האָט ער עפּעס מאָדנע לאַנג און פֿײַערלעך זיך געזעגנט מיט זײַן שנור און מיט די אייניקלעך. מאַטריאָנאַ ניקיטישנאַ האָט אין זײַן וועגעלע באַמערקט אַ פּעסט אָנגעשטאָפּטן רוקזאַק און האָט דערבײַ אַ טראַכט געטאָן, אַז דאָ האַנדלט זיך ניט בלויז אין אָפּפֿירן די פֿערד.

אַזוי איז דאָס טאַקע געווען. נאָכן איבערגעבן די פֿערד, איז דער פֿאָרזיצער פֿון דעם קאָלווירט אַוועק אין קרײַז־קאָמיטעט פֿון דער פּאַרטיי. באַמיִענדיק זיך ניט צו הינקען איז ער אַרײַן אין דעם קאַבינעט פֿון דעם ערשטן סעקרעטאַר, דערקלערט וועגן זײַן פֿאַרלאַנג געשיקט צו ווערן אַפֿן פֿראָנט און געפֿאָדערט, מען זאָל

זיך פֿאַר אים מישטאַדל זײַן, ווי פֿאַר אַ מיטגליד פֿון קאָמיטעט־פּלענום, בײַ דער מיליטערישער אויפֿנאַמס־קאָמיסיע. זײַן עלטער רעכנט זיך ניט, די פֿיס — ניט קיין שטערונג.

פֿון שטאָט האָט זיך איגנאַט רובצאָוו צוריקגעקערט אַביסל בעגילופֿן און שוואַרץ ווי די ערד, מאָרעשכוירע. מען האָט אים ניט אָנגענומען אין מיליטער, און דער סעקרעטאַר איז בייז געוואָרן און האָט אַפֿילע אָנגעשריִען אַף זײַן אַלטן כאַווער און אים פֿאַראָרדנט טייקעף זיך צוריקקערן אין דעם קאָלווירט און דאָרטן אָפּהיטן, ווי די אויגן אין קאָפּ, די באַרימטע ראַסעווע בעהיימעס פֿון דעם „רויטן אַקער”. דעם גאַנצן טאָג איז געזעסן איגנאַט רובצאָוו פֿאַרשפּאַרט בײַ זיך אין צימער און האָט פֿײַנלעך איבערגעווייטיקט די אַוולע, אַפֿילע די אייניקלעך האָט ער ניט צוגעלאָזט צו זיך. אָבער שוין דעם זעלבן אָוונט נאָך האָט ער זיך באַרויִקט און ווידער האָבן אַלע קאָלווירטניקעס דערזען אַף דער גאַס די מאַסיווע פֿיגור פֿון זייער פֿאָרזיצער, וועלכער האָט הינקענדיק זיך אַרומגעדרייט לעבן די קאָלווירטישע אײַנריכטונגען. ער האָט עקספּעדירט פֿורן מיט מענטשן ערגעץ אַף מײַרעוו: אַף צו גראָבן טראַנשייען.

מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַ האָט איצט געהאָרעוועט פֿאַר זיך און אויך פֿאַר איר מאַן, זי פֿלעגט באַווײַזן אָפּטאָן איר אַרבעט אי בײַ די בעהיימעס אי אין פֿערד־שטאַל. באַנאַכט האָט זי געהאַלטן וואַך מיט אַן אַלטן ביקס אַף די פּאָסטנס פֿון פֿאָלקס־שוץ און דערצו נאָך פֿון צײַט צו צײַט גענומען לעקציעס פֿון אַ קראַנקן־שוועסטער. די צאָל מענטשן אין דעם קאָלווירט האָט זיך פֿאַרקלענערט אַף אַ העלפֿט, די שטאַרקערע און מער אַרבעטס־פֿעיִקע זײַנען אַוועק אין דער אַרמיי און אַף גראָבן אָקאָפּעס. אָבער די איבערגעבליבענע, דאָס ראָוו פֿרויען, האָבן מען איז מער ווי איין מאָל אײַנגעשלאָפֿן לעבן אַ מילך־עמער, אָדער אַף אַ בייט, פֿון מידקייט און אויסשעפּונג, פֿלעגן פֿונדעסטוועגן זיך ספּראַווען מיט אַלע אינייאָנים און עס האָט בײַ זיי זיך דערוועקט אַ טרוים, אַז ווען זייערע מענער און ברידער וועלן זיך צוריקקערן מיט ניצאָכן, וועט זײַן מיט וואָס זיי צו איבערראַשן און מעכאַבעד צו זײַן.

דערווײַל זײַנען די יעדיִעס פֿון דעם „סאָוואינפֿאָרם־ביוראָ” געוואָרן וואָס אַ טאָג אַלץ אומרויִקער. אַפֿילע די פּוילסטע ווײַבלעד־

פון דעם קאָלווירט, וועלכע האָבן פון שטענדיק אָן ליב געהאַט צו פאַרשלאָפן, אַף וועלכע ס׳האָט ניט געווירקט, ניט די פאָרוואורפן פון זייערע בריגאַדירן און ניט די גיפטיקע קריטיק אין דער וואַנט־צײַטונג „אַקער״, פלעגן זיך איצט אַליין, אָן עמעצנס רוף, פאַרזאַמלען זעקס אַזייגער אינדערפרי אין דעם גערוימען צימער פון דער קאָלווירט־פאַרוואַלטונג, קעדיי אויסצוהערן דעם באַקאַנטן גלאָקן־סיגנאַל און די שטרענגע שטימע פון דעם ספּיקער, וועלכער פלעגט איבערגעבן די יעדיעס פון דעם „סאָוועטישן אינפאָרם־ביוראָ״. אין די באַריכטן פלעגט מען אָנרופן די נעמען פון יענע פונקטן, וועלכע דער סוינע האָט באַזעצט און אָנצייכענען די נײַע ריכטונגען. און דאָך האָט באַ די מענטשן געגליט אַ האָפענונג, אַז דאָס אַלץ איז מעגלעך אַ שפּיצל פון דער הויפּט־קאָמאַנדע, אַז פאַרן פאַשיסט ווערט צוגעגרייט אַ סטראַטעגישע קונץ און ער וועט אַרײַנפאַלן, ווי אַ וואָלף אין דער פאַסטקע. און פּלוצלינג — ווי מיט אַ האַמער איבערן קאָפּ — אַ יעדיע, וועלכע איגנאַט רובצאָוו האָט געבראַכט פון קדײַז־אַקטיוו: מען טרעט צו צו עוואַקוירן דעם קרײַז.

אין יענעם טאָג האָט מען עקספּעדירט אַף מיזרעך צוזאַמען מיט דער טראַקטאָרן־קאָלאָנע פון מ.ט.ס. אַ סאַך קאָלווירטישע מאַשינען. מיטן צווייטן עשעלאָן האָבן זיך געדאַרפט לאָזן אין וועג אַרײַן די בעהיימעס — דער שטאָלץ און רײַכקייט פון דעם „רויטן אַקער״. פון צענטער האָט מען באַקומען אַ באַפעל ניט צו דערלאָזן דעם פאַרלוסט פון קיין איינציקער ראַסאָווער קו. די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער גאַנצקייט און זיכערקייט פון דער באַרימטער סטאַדע איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אַף רובצאָוון פערזענלעך, וועלכער האָט באַקומען אויסעראָרדנטלעכע פולמאַכטן צו קריגן פאַר די בעהיימעס פוראַזש אומעטום אַפן גאַנצן וועג.

דער אַלטער באַלטישער מאַטראָס האָט זיך איבערצײַגט, אַז מיט זײַן באַרימטער איבער דער גאַנצער געגנט ביאָגראַפיע און זײַן צו קענטיקער הינקעוודיקייט, טויג ער ניט פאַר אונטערערדישער און ניט פאַר קיין פאַרטיזאַנער־טעטיקייט און איז טייקעף מיט זײַן שטענדיקער ענערגיע צוגעטראָטן צו דער צוגרייטונג פון דער עוואַקואַציע. ער האָט באַשלאָסן אַרויסצופירן ניט בלויז די ראַסאָווע, נאָר טאַקע אַלע רייך־בלוטיקע בעהיימעס און אַף די פורן און

וואָגנס אָנלאָדן דעם גאַנצן בייטיקן אינווענטאַר: פּלעשער, מילך־קאַנען, פּאַנען, עמערס, סעפּאַראַטאָרן, אַלע לײַכטע מאַשינען אַף אויסשלאָגן פּוטער — מיט איין וואָרט אַלץ, וואָס איז נאָר מעגלעך געווען אַרויסצופירן און וואָס קען צונויף קומען אַפן נײַעם וויק־אָרט. מען האָט אויסגעטיילט די בעסטע קאָלווירטניצעס אַף צו באַגלייטן די בהיימעס. פֿאַר די אָפּפאָרנדיקע האָט מען אויסגעטיילט איין פור אַף צוויי מישפּאָכעס. די קאָלווירטניצעס האָבן געפּויעלט בײַ זייער פּאָרזיצער, אַז פֿאַר מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַ זאָל זײַן אַ באַזונדערע פור.

די נאַכט האָט מען פֿאַרבראַכט אין טרויעריקע צוגרייטונגען. צווישן די פֿאַרט־געבײַדעס זײַנען אַרומגעלאָפן פֿאַרווײנטע פרויען. אומרויִק האָבן געמעקעט די בהיימעס. מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַ איז פּאַשעט געפֿאַלן פון די פיס, פּאַקנדיק און אײַנלייגנדיק דעם אינווענטאַר. זי איז הייזעריק געוואָרן קריגנדיק זיך מיט די היטערנס און מעלקערנס. באַרויִקט די ווייִנענדיקע. די אַלע צוגרייטונגען איז אויסגעקומען דורכצופירן אין דער פינצטער, בלויז בײַם גרינגלעכן שײַן פון די שטערן. ערגעץ נאָענט איבערן שאָסיי־וועג האָבן געדרעוועט דעם סוינעס אויסשפּירער, וועלכע מען האָט פון דער ערד ניט געקענט באַמערקן. פון צײַט צו צײַט פלעגט אויפציטערן דער כווישעכדיקער האָריזאָנט, וועלכער פלעגט דורכגעשטאָכן ווערן פון רויטע אויפרײַס־פּאַסן. עס האָבן געקלונגען די שוואַרצע שויבן אין די פענצטער און געסקריפּעט די זאַוויעסעס פון טיר און טויער.

אינדערפרי האָט זיך מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַ דערמאָנט, אַז זי האָט נאָך ניט אײַנגעפּאַקט איר אייגן ביסל ווירטשאַפט. זי האָט איבערגעגעבן צײַטווײַליק די אָנפירערשאַפט מיט די לעצטע צוגרייטונגען דער רויטבאַקיקער, שרײַיקער וואַרוואַראַ סײַקינאַ און איז אַליין אַוועק צו זיך אין הויז, ווען ענס שפּיציקער דאַך האָט זיך געשוואַרצט אַפן פּאָן פונעם הימל, וועלכער איז שוין אין זײַן מיזרעכדיקער זײַט ביסלעכווײַז העל געוואָרן. לעבן דער וועראַנדע איז געשטאַנען אַ ליידיקע פור, דאָס פערד האָט געדרימלט איבער אַ הויפן צעוואָרפענע אַף דער ערד היי, צוגעבונדן צו אַ געשניצטן סלופּ.

מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַ איז אַרײַנגעלאָפן אין שטוב און ניט

איבערקלײַבנדיק, אָנגעהויבן אײַנבינדן אין פּעק אַלע ווייכע זאַכן. אַלץ איז איר געווען טײַער, אַלץ איז אײַנגעשאַפט געוואָרן מיט ליבע. ס׳איז אַ שאָד געווען יעדע שמאַטקע. אַפילע אַ העלפט פון דעם וואָס זי האָט געהאַט בעדייע מיטצונעמען האָט זיך ניט אײַנגעלייגט אַפן וואָגן. מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַ האָט זיך אַזש צעוויינט פון פאַרדרוס. זי האָט אַראָפּגעשלײַדערט אַלע פּעק פון וואָגן און זיך גענומען איבערפּאַקן. אָבער דאָ איז פּלוצים געקומען צולויפן די באָבע פּראַסקאָוויאַ. זי האָט געיאָמערט און געשאָלטן. צוויי קליינע ריין־ראַסאָווע קעלבלעך, אייניקלעך פון דער באַרימטער „ציגעלע”, וועט אויסקומען איבערצולאָזן: אין אײַלעניש האָט מען גאָר פאַרגעסן פאַרזאָרגן פאַר זיי אַן אָרט אַף אַ פור. אויסהערנדיק די פּאַרוויינטע, בייזע זקיינע, האָט זיך מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַ פאַרטראַכט. ס׳איז איר אַן אַ פאַרוואָס געקומען אַפן זיקאָרן, ווי זי מיט איר ברודער האָבן געפירט אין אַ האַנט־שליטעלע די קראַנקע „ציגעלע” אין שפּיטאָל און מיט אַן אומפאַרשטענדלעכער פאַר איר אַליין רעציכע האָט זי אָנגעהויבן אַראָפּצושלײַדערן פון וואָגן אירע פּעק. זי האָט איבערגעלאָזט בלויז אַ רענצל מיט די נייטיקסטע כפּייצים און אַ זאַק מיט קינדערשע מאַלבושימלעך, אַרויפגעזעצט אַפן וואָגן די קינדער און די אַלטע, אַ שמיץ געטאָן די פערד און שנעל צוגעפאָרן צום קאַלבן־שטאַל.

— שפּרייט אויס שטרוי און ברענג אַהער די קעלבלעך!

— מאַטריושקאַ, גאָט איז מיט דיר, ווער ווייס ווי ווײַט מיר פאָרן, וועסט דאָך פאַרבלײַבן אָן זאַכן? — האָט זיך דערשראָקן די אַלטע פּראַסקאָוויאַ וועלכע האָט געשעמט פאַר אַ קאַרגער און קאַמצנטע.

— מען זאָגט דאָך — שפּרייט אויס שטרוי און דעק איבער מיט אַ ברעזענט, זיי זאָלן ניט פאַרקלעמען די פיסלעך אין די לײַסטן פון וואָגן! — איז בייז געוואָרן מאַטריאָנאַ.

אַלע אירע אייגענע געפּעק האָט זי געלאָזט ליגן אַף דער לאַנקע פאַר איר הויז און איצט, ווען זי איז געבליבן אינגאַנצן אָן זיי, ווי מאָדנע עס זאָל זיך ניט אויסווײַזן, האָט זי דערפילט אַפילע עפּעס אַ מין פאַרלײַכטערונג.

שוין אַ היפּש ביסל טעג, ווי די בעהיימעס פון דעם „רויטן

אַקער" האָבן זיך געצויגן אַף מיזרעך, באַגלייט פון אַ היפּשן קאַראַוואַן וואָגנס. נאָך די ערשטע פּאָר קילאָמעטער פון זייער מאַרש, האָט זיך איגנאַט רובצאָוו אָפּגעבויגט פון דעם אָנגעצייכנטן מאַרשרוט. ער איז אַראָפּ מיט די בעהיימעס אָן אַ זײַט פון דעם הויפּטשאָסיי און זיי געפירט איבער די קלענערע און ווייניקער פאַרשטאָפּטע וואַלד־וועגן, אויסמײַדנדיק אַזוי אַרום דאָס צוזאַמענטרעפן מיטן שטראָם פון מיליטערישע מאַשינען, מיט פאַרשטאָפּונגען באַם איבערפאָרן די טײַכן און אָפּראַטעווענדיק סײַ די מענטשן, סײַ די בעהיימעס פון דעם פײַער פון די פאַשיסטישע שטורעם־אַוויאָנען, וועלכע זײַנען יענע טעג געהאַנגען איבער די וועגן פון באַגינען ביז באַנאַכט.

אין זײַן געפלאַכטענעם וועגל אַף צוויי רעדער איז איגנאַט רובצאָוו געפאָרן פאָרויס, אויסגעזוכט פּעטע לאָנקעס פאַר נאַכטלעגערס, געפירט אונטערהאַנדלונגען מיט די קאָלווירטן וועגן באַקומען „אַף אַ קוויט" האָבער און היי. באַם איבערקרייצן גרויסע וועגן, פלעגט ער פאַרצוימען דעם שאָסיי מיט אַ וואַנט פון זײַנע וואָגנס און פורן און דורכטרײַבן די בעהיימעס. דערווײַל זײַנען די פאַרלוסטן ניט געווען קיין גרויסע: דרײַ אײַניאַריקע קעלבלעך זײַנען ארונטערגעפאַלן אונטער די רעדער פון אַ מאַשין און אויך אַ פּאָר פון די ערגערע קי האָבן אָנגעהויבן צו הינקען — האָט מען זיי אָפּגעגעבן אַן אָפּטיילונג פון דער רויטער אַרמיי, וואָס איז געגאַנגען צום פראָנט. אַפילע די מילך פלעגט ניט גיין אין ביוועץ, מען האָט זי אָפּגעגעבן די מעדיציניש־סאַניטאַרע אָפּטיילונגען. אָבער מערסטנטייל פּאַשעט פונאַנדערגיסן זי די זעלנער אין זייערע קעסעלעך.

און כאָטש מען איז געגאַנגען גאַנצע טעג און אָפּטמאָל אויך באַנאַכט, כאָטש מען האָט די לעצטע צײַט פאַרקירצט די אָפּשטעלן אַף פּאַשע, ביזן מינימום, און די מענטשן, בעהיימעס און פערד זײַנען פון דעם קעסיידערדיקן גאַנג געוואָרן אויסגעדאַרט און פאַרשטויבט ביז צו די ביינער; און עס איז שוין דערגאַנגען צו דעם, אַז די אַנטרײַבערקעס פלעגן פלוצים ווי זיי וואָלטן זיך פאַרטשעפּעט, אומפאַלן און גלײַך אַנטשלאָפן ווערן אַפן וועג — האָט דאָך דער פראָנט ביסלעכווײַז אַנגעיאָגט דעם קאַראַוואַן פון „רויטן אַקער", פאַרוואָרפן אַף די פּוסטע ניט אויסגעפאָרענע וועגן. באַ־

נאָכט פלעגט הינטער זיי אַלץ שטאַרקער זיך הערן די קאַנאָנען־שיסערײַ. צו דעם איז מען שוין אָבער געוווינט געוואָרן, פּונקט ווי צו דעם סוינעס אַוויאָנען וועלכע זײַנען זייער אָפט געפלויגן איבער זייערע קעפּ.

איינמאָל אָבער האָט די קאַנאָנאַדע אָפּגעהילכט שוין ניט פון הינטן, נאָר ערגעץ פון רעכטס. איגנאַט רובצאָוו האָט אָפּגעשטעלט זײַן וועגעלע, זיך אײַנגעהערט צום קאַנאָנען־דונער, אויסגעדרייט זיך אַף צוריק און שמײַסנדיק אַן ראַכמאָנעס זײַן פערד, אָנגעהויבן צו יאָגן צו דער קאָלאָנע, שרײַענדיק צו די אָנטרײַבער:

— יאָגט פאָרויס מיטן פולסטן גאַנג! ניט שלאָפן, אויב איר ווילט נאָר בלײַבן לעבן.

ס׳האָט אָבער אויסגעזען, אַז אויך אָט דער אומרויִקער טאָג וועט אַדורך בעשאָלעם. די בעהיימעס האָבן פאַרשנעלערט זייער גאַנג און האָבן זיך געצויגן אין דער פריִערדיקער ריכטונג.

אין אָוונט האָט זיך אין די וואָלקנס שטויב, וועלכן עס האָבן נאָך זיך איבערגעלאָזט די בעהיימעס, דערהערט אַן אָנגעשטרענגט רעווען פון מאָטאָרן. דער גאַנצער קאַראַוואַן האָט, ווי געוויינלעך, אָנגעהויבן אַראָפּצוגיין פון דעם וועג, קעדיי אים צו באַפרײַען פאַר די טאַנקען, וועלכע האָבן זיך דערנעענטערט. די אָנטרײַבער האָבן זיך גענומען אַראָפּיאָגן די קי און קעלבער פון וועג. שוין אַ סאַך מאָל איז זיי אויסגעקומען אַפן זעלבן אויפן אָפּצורייניקן אַ וועג פאַר די טאַנקען פון וועלכער עס איז אָפּטיילונג, וואָס האָט זיך איבערגערופירט און מעכאַבעד זײַן מיט פרישער מילך די אויסגעשמירטע שאָפערן און געוויר ווערן דערבײַ די לעצטע נײַס פון פראָנט. דעריבער האָט אויך איצט דאָס באַווײַזן זיך פון די טאַנקען ניט אַרויסגערופן בא קיינעם קיין פּאַניק. די פּאַסטעכער האָבן געניט דורכגעפירט זייער אַרבעט און די מידע בעהיימעס האָבן זיך ווי אַ געל־ווײַסע כוואַליע אַראָפּגעקײַקלט פון וועג.

דאָס מאָל, אָבער, האָבן די מאַשינען, וועלכע זײַנען געפלויגן מיטן גאַנצן אימפּעט, ניט געהאַמעוועט די שנעלקייט באַם דערנענטערן זיך צו דער טשערעדע. די פאָדערשטע מאַשין האָט אַ שטויס געגעבן דעם וואָגן, אַף וועלכן עס האָבן זיך געטרייסלט אַף זייער געפּעק, די אייניקלעך פון דער באָבע פּראַסקאָוויאַ, צעקוועטשט אים און זיך אַ לאָז געטאָן ווײַטער, איבערלאָזנדיק נאָך

זיך אַ שטויס צעבראָכענע שפּענער און פאַרבלוטיקטע קערפּערס. דער טאַנק, שיר ניט צעקוועטשנדיק די אַנטרײַבערקעס, וועלכע האָבן קוים באַוויזן אָפּצושפּרינגען, האָט זיך אַרײַנגעשניטן אין עק פון דער טשערעדע.

אַלץ — די איבערגעשראָקענע רעווענדיקע בעהיימעס, די פּורן, די קינדער, וועלכע האָבן מיט אַ יאָמער געזוכט זייערע מוטערס; פּרויען, וועלכע האָבן זיך געוואָרפן אין אַלע זײַטן אין איימע און צאָרן, — אַלץ האָט זיך אויסגעמישט אין אַ שרעקלעכער פּאַניק. ווען די ערשטע טאַנקען האָבן זיך שוין פאַרבײַגעטראָגן און פאַרשוונדן געוואָרן אין ווײַטן שטויב און אַפּן וועג האָט זיך שוין געטראָגן אַ צווייטע און דריטע כוואַליע, האָבן די מענטשן ערשט דערזען אַף די פּאַנצערס אומבאַקאַנטע ווײַסע צלאָמים, טײַז פּיק, שווערדן. זיי האָבן דאָס דערזען און פאַרשטאַנען, אַז דאָס יאָגן זיך פאָרויס דעם סוינעס טאַנקען, זיי לויפן און שנײַדן אָפּ פאַר זיי דעם וועג אַף מיזרעך.

און דאַן האָט זיך צום יאָמער פון דער אַלטער פּראַסקאָוויאַ צום געוויין פון די איבערגעשראָקענע קינדער אויך צוגעמישט דער גוואַלד פון די אַנטרײַבערקעס. די אויפרעגונג פון די מענטשן האָט אָנגעשטעקט די בעהיימעס: פאַרכלינעט און אָן איבעררײַס, האָבן געדעוועט די קי און יאָמערלעך געוואָיעט די הינט.

אייגנטלעך האָט דער „רויטער אַקער״ גאַנץ ביליק אָפּגעשניטן פון אָט דעם ערשטן אָנפאַל פון דעם סוינע. די אָקופּאַנטן, וועלכע האָבן דורכגעפירט איינעם פון זייערע טאַנקען־דורכרײַסן האָבן, ווײַזט אויס, ניט געהאַט קיין צײַט זיך צו פאַרנעמען מיט די בעהיימעס. און ביכלאַל, וואָס פאַר אַ באַדײַטונג האָט געקענט האָבן אָט דער פאַרלוסט וואָס זיי האָבן געליטן אין פאַרגלײַך מיט דעם, וואָס סײַ די גאַנצע סטאַדע און סײַ די מענטשן, וועלכע האָבן איר באַגלייט, האָבן זיך פּלוצים געפונען אין דעם סוינעס הינטערלאַנד, אָפּגעשניטן פון די אייגענע דורך אַ פראָנט־ליניע.

אַ ווײַלע האָט איגנאַט רובצאָוו אַ געפּלעפטער באַטראַכט די פרישע טיפע סימאָנים פון דעם סוינעס טאַנקען, וועלכע האָבן צעמאַלן דעם גראָז פון דעם וואַלד־וועג, דערנאָך האָט ער אויפגעהויבן זײַן בײַטש און געגעבן אַ צייכן צו זײַנע מענטשן, זיי זאָלן זיך פאַרזאַמלען לעבן זײַן וועגעלע. די פרויען האָבן זיך געוואָרפן צו

אים, ווי עס וואַרפן זיך איבערגעשראָקענע שעפּסן צום פּאַסטעך באַ די ערשטע כוואַליעס פון אַ בייזן ווינט, וואָס זאָגט אָן אַן אָנקומענדיקן שטורעם. איגנאַט האָט געוואָרפן אַ כמורנעם בליק אַף די אַרומיקע און פּאָשעט געפרעגט:

— וואָס טוט מען?

די פרויען האָבן געשוויגן, ענגער זיך געטוליעט איינע צו דער אַנדערער, איבערגעטראָטן פון איין פוס אַפן אַנדערן און געציטערט באַ יעדן ווייטן שאָס. אין דער שטיקנדיקער שטילקייט האָבן זיך גאָר געטראָגן די יאָמערדיקע קוילעס פון דער אַלטער פראַסקאָוויאַ.

— וואָס־זשע טוט מען, בירגער? — האָט איבערגעכאַזערט רובצאָוו אין אַזאַ פאַטראַכטן טאָן ווי ווען מען פרעגט זיך אַלייך. געענטפערט האָבן אים בלויז זיפצן.

וואַרוואַראַ סאַקינאַ, די בעסטע מעלקערן, אַ שטענדיק פרייליכע און האָפערדיק ווייבעלע, מיט אַ שאַרפן צינגל, האָט אַ שמאָרע געטאָן מיטן נאָז און צעשמירט מיט דער דלאָניע די טרערן איבער איר פאַרשטויבטן פּאָנעם.

— מען מוז זיך אומקערן אַהיים, איגנאַט סאַוועליטש, אויב אַזוי איז איצט דער איניען. אויב מען האָט אונדז פאַרכאַפּט ווי די מייז אין אַ פּאַסטקע.

— וואָס דען אַנדערש? — האָט זי שטיל אַרויסגערעדט קוקנדיק ניט זיכער אַף אירע שווייגנדיקע כאַווערטעס.

דער אוילעם האָט אויפגעציטערט און זיך אַ ריר געטאָן. אַפן וועג האָט נאָך שטאַרקער און יאָמערדיקער געוויינט די אַלטע. סאַקינאַ האָט שווער און הילכיק אָפּגעזיפצט.

— וויפל דו זאָלסט זיך ניט ברעכן דעם קאָפּ, וועסטו קיין אַנדער זאַך ניט צוטראַכטן. דער פאַשיסט איז אונדז פאַרגאַנגען דעם וועג, קומט אויס, אַז אַזאַ איז שוין אונדזער גוירל.

סאַקינאַ האָט זיך צעוויינט. צעכליפּעט און נאָך איר האָבן זיך צעוויינט אַף פאַרשיידענע טענער אַלע איבעריקע ווייבער, וועלכע זיינען לעבן איר געשטאַנען, די מעלקערנס, די אָנטרייבערקעס, די היטערקעס. זיי האָבן געוויינט און געטייַנעט, ווי אין די אַמאָליקע צייטן אַף אַ לעווייַע:

— וויי איז אונדז, ביטער איז אונדז... וווהין זאָלן מיר

איצט גיין... וועמען זײַנען מיר איצט נייטיק? פֿאַרגאַנגען איז אונדזער זון, מער וועלן מיר שוין ניט זען די ווײַסע וועלט.

רובצאָוו האָט געשוויגן, זײַנע קינבאַקן האָבן זיך באַוועגט, דער אַלטער שראַם, אַ זייכער פֿון אַ קולאַקישער קויל, האָט זיך אָנגעבלאָזן און רויט געוואָרן, אַ שטענדיקער סימן באַם פֿאַרזי־צער, אַז ער איז אויפֿגעבראַכט.

אַ סאַך קאָמפּליצירטע מאָמענטן האָט דורכגעמאַכט אין זײַן קאָלווירטישן לעבן דער אַלטער אָנפֿירער פֿון קאָלווירט. עס האָט זיך געדוכט, אַז ס'איז ניטאָ פֿאַראַן אַזאַ שוועריקייט, וועלכע זאָל אים צושפּאַרן צו דער וואַנט; ער האָט שטענדיק געוווּסט וואָס אַזוינס מען דאַרף זאָגן דעם אוילעם. אָבער אַזאַ צאָרע, אַזאַ פֿאַר־אַנטוואָרטלעכקייט איז נאָך קיינמאָל ניט געפֿאַלן אַף זײַנע פּליי־צעס. ווי־אַזוי האַנדלט מען, וואָס זאָגט מען די אַלע דערשיטערטע, איבערגעשראָקענע פּרויען, וועלכע האָבן פֿאַרלוירן זייערע קעפּ?

אין אים האָט זיך דערוועקט דער אַלטער באַלטישער מאַטראָס פֿון די צײַטן פֿון שטורעם פֿון ווינטער־פּאַלאַץ. פֿעלט דערפֿאַרונג, — וועט שוין דאָס האַרץ אונטערזאָגן. ער האָט מיט אַן אָדלער־בליק באַטראַכט דעם גאַנצן וויינענדיקן אוילעם:

— רויִק! ניט יאָמערן! אין וואַלד איז אַן אײַערע טרערן אויך גענוג פֿײַכט.

און טייקעף איז שטיל געוואָרן. עס האָט זיך געהערט ווי עס רוישן די סאָסנעס פֿון ווינט, דער טיפֿער אָטעם פֿון די בעהיימעס, וועלכע האָבן זיך שוין באַרויִקט און האָבן זיך צעשפּרייט איבער דער לאָנקע צופּנדיק דאָס גראָז, און ווי ערגעץ ווײַט ציילט אַ קו־קאַווקע פֿאַר עמעצן לאַנגע־לאַנגע יאָרן. רובצאָוו האָט אַ צי געטאָן זײַן פֿאַרלאָשענע ליולקע. מיט אַ שאָ צוריק האָט ער זי גע־וואָלט פֿאַרויכערן, אָבער דעם סוינעס טאַנקען האָבן אים געשטערט. און אַזוי האַלט ער זי שוין פֿאַרקוועטשט אין זײַן פּויסט, און פֿון צײַט צו צײַט נעמט ער זי מעכאַניש אין מויל און ציט און ציט זי אַ פֿאַרלאָשענע.

— אַלזאָ, הייסט עס, אַהיים? מיט אַלע בעהיימעס, דער פֿאַשיסט זאָל זיך איבערפֿרעסן מיט אונדזערע ראַסאָווע קיִעלעך? פֿון אונדזער מילך און פּוטער זאָל ער וואָס מער קויעך האָבן? ער

זאָל קענען דײַן פּיאַדאָרן, דײַן לוקיטשן, דײַן ניקאָלײַ סטעפּאַניטשן בעסער שלאָגן? דאָס װילט איר?

איגנאַט האָט זיך אײַנגעבױערט מיט זײַן בליק אין סײַקינאַס ברייטן, רונדן פּאָנעם.

— אױב אַזױ זאָלן שױן בעסער פאַרלױרן גײן אַלע בעהיימעס! — האָט אַ געשריי געטאָן די אַלטע פּראַסקאָװיאַ, װעלכע האָט זיך דורכגעשטופּט צום פאָרזיצערס װעגעלע. שװאַרץ פון שטױב און טרערן, אָן אַ קאָפּ־טיכל, מיט צעשױבערטע פּאַסמעס גרױע האָר, מיט אַ פאַרװײנטן צעדראַפּעטן פּאָנעם, איז זי געשטאַנען צװישן דעם שװײַגנדיקן אױלעם װי אַ לעבעדיקע פאַרקערפּערונג פון דעם אַלגעמײנעם צאַר.

די אַלטע האָט דערזען װאַרװאַראַ סײַקינאַ און זיך אַ װאָרף געטאָן צו איר:

— דאָס האָסטו געזאָגט מען זאָל די בעהיימעס אַהײמפירן?

— װאָס־זשע דען זאָל מען מאַכן? װעסט דען מיט אַט די הערנערדיקע טאַנקען דורכרײַסן דעם פראָנט? — האָט זיך אָפּגערופן סײַקינאַ, און איז גלײַך אָפּגעשפּרונגען אַף צוריק און זיך פאַרדעקט מיט די הענט.

די אַלטע האָט איר אַ שפּײַ געטאָן אין פּאָנעם.

— דאָס האָסטו פאַר אַזעלכע רייד, דו אומפאַרשעמטע נעװײלע! זײ, די ראָצכים טוען אָן אַט װאָס — די אַלטע האָט געװיזן אַף די רעשטלעך פון דער צעקװעטשטער פור אַפּן װעג — און מיר זאָלן זײ נאָך שפּײַזן מיט אונדזער קאָלװירטישן האָב און גוטס? אַזױ? נו, װער נאָך איז דערפאַר מען זאָל די בעהיימעס אַהײם טרײַבן?

די פרױען האָבן געזיפצט און אַראָפּגעלאָזט די אױגן.

— װאָס־זשע קען מען מאַכן? צו אונדזעריקע קען מען ניט צוקומען, סײַדן די קי זאָלן אַריבערפליִען דעם פראָנט װי די פײגל?

— האָט שטיל געענטפערט סאָיקינאַ, אָפּטרעטנדיק מיט מױרע און באַהאַלטנדיק זיך הינטער די פּלײצעס פון אירע כאַװערטעס.

— שעכטן די בעהיימעס. אַט װאָס! בעסער זאָלן זײ די ראָבן אױפפרעסן, אײדער די דײַטשישע ראָצכים זאָלן באַנוצן אונדזער גוטס! — האָט אױסגעשריִען די אַלטע פּראַסקאָװיאַ.

די װײַבער זײַנען אַזש אָפּגעשפּרונגען פון איר. אַזױ גאָר?

ניט מיך ניט דיך אויסשעכטן אַזעלכע ווונדערבאַרע בעהיימעס, אין וועלכער יעדע פון זיי האָט אַרײַנגעבראַכט אַזויפיל פראַצע, מי און האָרעוואַניע! פאַרגיכטן מיט איינמאָל דעם לאַנגיאָריקן שטאָלץ און רום פון דעם קאָלווירט? בלויז דער געדאַנק אַליין האָט זיך זיי אויסגעוויזן ווי אַ לעסטערונג.

— די אַלטע איז מעשוגע געוואָרן, אַזעלכע בעהיימעס אונטערן כאַלעף?!

— געכאָוועט, געהאָדעוועט, נעכט ניט געשלאָפן, אויסגעביאַנטשעט ווי אייגענע קינדער!

—מאַטריאָשאַ, מאַטריאָשאַ, ווו ביסטו? הערסט, וואָס די אַלטע קראַקעט?

אַלע. פרויען האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן צו מאַטריאָנאַ ניקיטישנאַ.

— ענטפער כאָטש דו איר!

מאַטריאָנאַ ניקיטישנאַ האָט ניט גענומען קיין שום אָנטייל אין דעם ווײַבערישן מיטינג. ווען די טאַנקען זײַנען אָנגעלאָפן אַף דער טשערעדע, האָט זי אַראָפגעכאַפּט פון וואָגן אירע פּיצעלע אירישקאַ און זאָיאַ, אָפּגעלאָפן מיט זיי אָן אַ זײַט, האָט זיך צוגעטוליעט צו אַ בעריאָזע און איז דאָרט ווי פאַרגליווערט געוואָרן — אַ בלייכע, אַ פאַרשטיינערטע. זי האָט ניט געזען די אַלע בליקן, וועלכע האָבן זיך צו איר געווענדעט מיט האָפענונג; ניט געהערט די פראַגעס, זי האָט פאַרלוירן איר ריִע און איר געהער. „דער פאַשיסט האָט אָנגעיאָגט!” דער שרעקלעכער געדאַנק האָט אין איר אַלץ באַצוווגגען. איר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דאָס לעבן האָט זיך פאַרענדיקט. און זי איז געשטאַנען אַ געליימטע, שטאַרק דריקנדיק צו זיך אירע איבערגעשראָקענע פאַרטאַיעטע קינדערלעך.

איגנאַט רובצאָוו האָט האַסטיק געצויגן זײַן פאַרלאָשענע ליולקע. אויך אים, פונקט ווי די אַלע איבעריקע, האָט געשראָקן דער בלויזער געדאַנק, אַז אָט די אַלע אַזוי צערטלעך אויסגעכאָוועטע קי, מיט זייערע שווערע, ווי אַ זאַק טווע, אײַטערס, רעקאָרד־בעהיימעס, וועלכע מען האָט מיט אַזויפיל ליבע פון פרילינג אָן געגרייט צו דער אַלפאַרבאַנדישער לאַנדווירטשאַפטלעכער אויסשטעלונג, דער ריזיקער געקרײַזלטער אָקס פאַן מיט זײַן שיינער גײַוועדיקער מאָרדע, פאַר וועמען דער קאָלווירט האָט שוין באַ־

קומען צוויי מעדאַלן, די דינאַמישע קאָמישע קעלבלעך — די אַלע ווונדערבאַרע פּרעכטיקע בעהיימעס וועלן ליגן דאָ, באַ אַ פרעמדן וועלדל און זײַן שפּײַז פאַר ראָבן און וועלף. אָבער וואָס־זשע, וואָס קען מען פאָרט טאָן, ווען די דײַטשישע טאַנקען זײַנען שוין פאַרגאַנגען דעם וועג?

רובצאָוו האָט דערזען דעם אויסדרוק פון צאָרן און פּאַכאַד אַף זיי פּענעמער פון די פרויען, פון דעם בלויזן געדאַנק, אַז די בעהיימעס וועט מען מוזן אומברענגען. וויפל יאָר האָט ער אַליין אַזוי געדולדיק און אַקשאָנעסדיק געפּלאַנצט אין זיי די הייליקע ליבע צום געזעלשאַפטלעכן פאַרמעגן! ער האָט באַוויזן דאָס איבערצופלאַנצן און איז געווען שטאָלץ דערמיט. וויפל אָפּפערדיקע האָרעוואַניע, וויפל נאָבעלע מענטשלעכע רעגונגען, וויפל ליכטיקע האָפענונגען איז געלעגן אין אָט דער סטאַדע; און דאָס אַלץ — אַף אַש און פּאָרעך, אָן שום נוצן! אַ שטיקנדיקער קנויל האָט זיך דערקײַקלט צום פאָרזיצערס האַלדז. דאָ, אין וואַלד האָט אים פאַרפעלט לופט. ער האָט אַ ריס געטאָן דעם קאָלנער פון זײַן העמד און אַלע קנעפּ האָבן זיך, ווי איבערצײַטיקע יאַגדעס, צעשאָטן אַפן גראָז. אָבער ווי זאָל מען פאָרט האַנדלען? ניין, די אַלטע האָט רעכט! סטאַלין האָט דאָך באַפוילן, אַז באַ אַ געצוווּנגענעם אָפּטרעטן זאָל מען פאַרן סוינע ניט איבערלאָזן אַפילע קיין איינציקן קילאָגראַם ברויט.

— וואָס־זשע הייסט עס, אָפּגעבן אונדזערע בעהיימעס דעם פאַשיסט? — האָט ער אויסגעשריִען, באַמיִענדיק זיך אַז אין זײַן שטימע זאָל קלינגען אַ צאָרנדיקע פעסטקייט.

די קאָלווירטניצעס זײַנען אַנטשוויגן געוואָרן. אַף רובצאָוון זײַנען געווען אָנגעשטעלט אויגן מיט געבעט, שרעק און פאַרצווייפלונג. די אַלע פרויען, מיידלעך און קינדער האָבן דערוואַרט פון זייער געניטן פירער אַ לייזונג, זיי האָבן דערוואַרט מיט האָפענונג, אַז ער וועט געפינען פאַר זיי אַן אויסוועג, וועלכער זאָל ניט זײַן צו שרעקלעך. איגנאַט רובצאָוו האָט מיט מי אַראָפּגעשלונגען דעם הייסן קנויל וואָס האָט אים געשטיקט אין האַלדז און אַ געשריי געטאָן וואָס הילכיקער און בייזער:

— ניין, דער „רויטער אַקער” וועט ניט שפּײַזן דעם פאַשיסט! שעכטן! אויסשעכטן און אַראָפּ פון מאַרק!

באַ די ווערטער האָט מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַ ווי דערוואַכט פון אַ שווערן שלאָף. זי האָט אַראָפּגעלאָזן די קינדער אַפן גראָז, צוגעגאַנגען צום אוילעם, און די אַלע פרויען האָבן געעפנט פאַר איר דעם וועג, קוקנדיק מיט האָפענונג שוין איצט אַף איר. זי איז שטיין געבליבן לעבן איר שווער, אַ פיר געטאָן מיט דער האַנט איבערן פּאַנעם, פּונקט ווי זי וואָלט אַראָפּגענומען פון אים אַ ניט זעעוודיקן שפּינוועבס.

— שיט, שנור מײַנע, וואַרף זיך אַרויס מיט דײַן מיינונג וועגן דעם דאָזיקן איניען — האָט הייזעריק אַרויסגערעדט איגנאַט און האָט הילכיק אַ שמיץ געטאָן מיט דער רוט איבער זײַן הויכער כראָמענער כאָליעווע.

אַלע פרויען האָבן ענג אַרומגערינגלט מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַ, אָטעמענדיק הייס און גײַציק איר אין פּאָנעם אַרײַן.

— דערלאַנג, דערלאַנג, רעד!

— און איך בין מיט דער מיינונג, אַז די בעהיימעס זאָל מען ניט שעכטן. — האָט שטיל אָבער מיט איבערצײַגונג געזאָגט מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַ.

— און טאַקע ריכטיק... דערטראַכט זיך דער קרומער מבּוול — שעכטן גאָר! מיר האָבן דאָך די קעלבעלעך ווי אייגענע קינדער געהאָדעוועט, מיט סאָסקעס קימאַט... שעכטן... באַ ווערמען וועט זיך די האַנט גאָר הייבן?!

— וואָס־זשע טוט מען פאָרט? אַרום אונדז איז דאָך דער פאַרשאָלטענער פאַשיסט — האָט אויך שטיל, קימאַט בלויז מיט די ליפּן אַרויסגעשעפּטשעט די אַלטע פּראַסקאָוויאַ און האָט ווידער אָנגעהויבן כליפּען און טײַנען.

— איך בין אָבער מיט דער מיינונג... — האָט פאָרגעזעצט מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַ, — וויפל טעג בלאָנדזשען מיר שוין איבער די וועלדער? און וועלדער זײַנען דאָך דאָ — ניט באַטראַטענע, ניט קיין געהאַקטע, פאַראַן ערטער וווּ די זון אַפילע קען קיין שטראַל ניט דורכשטופּן. דאַרף מען פאַריאָגן די בעהיימעס וואָס טיפער אין די וועלדער און דאָרט וואַרטן ביז עס וועלן זיך צוריקקערן אונדזערע. זיי וועלן דאָך זיך אומקערן, עמעס?... דאָס איז מײַן פאַרשלאָג.

אַ צופרידענער געמורמל האָט זיך דורכגעטראָגן צווישן דעם

אוילעם, ווי פּאָשעט. וויאַזוי איז דאָס גאָר פריִער קיינעם ניט איינגעפאַלן?

— ריכטיק! — האָט זיך דערהערט עמעצנס אַ פרייִלעכער אויסגעשריי.

— וואָס ריכטיק? ווו וועט מען וווינען, וואָס וועט מען עסן, מיט וואָס די בעהיימעס דערנערן? שישקעס פון די סאָסנעס וועט מען גריזשען? מיט קאָרע פאַרבייסן? — האָט איבערגעפרעגט סאָיקינאַ, וועלכע האָט, ווי איר שטייגער, שטענדיק אין אַלץ געצווייפלט. אָבער אַף איר טייקעף אויפגעלעבטן פּאָנעם איז געווען קענטיק, אַז אויך זי איז צופרידן מיט דעם נייעם אויסוועג און זי אַמפּערט זיך בלויז פון געווויִנהייט וועגן.

אָבער די אַלע מעגלעכע פאָרשטייענדיקע שוועריקייטן האָבן קיינעם ניט אָפּגעשראָקן. מען זאָל נאָר קענען אויסהיטן די אַלע קי, קעלבער, אָקסן און פערד, וועלכע האָבן גאָרניט געאַנט וועגן דער סאַקאָנע, וואָס הענגט איבער זייערע קעפּ און זיינען זיך רויִק צעקראָכן איבער דער לאָנקע און רויִק געצופּט דאָס גראָז.

— מיט אונדזערע קי וועלן מיר ניט שטאַרבן פון הונגער!

— און ברויט, קאַרטאָפל? וועסט פון די בעריאָזעס אַראָפּנעמען? מיר זיינען דאָך ניט קיין קעלבלעך, בלויז אַף מילך...

— ס'איז ניט קיין מידבער, מיר וועלן באַ מענטשן אויסטוישן מילך אַף אַנדערע פּראָדוקטן.

— אַ ריכטיקער פאָרשלאַג, אָנגענומען אַף אַלע הונדערט פּראָצענט.

— מיר וועלן איבערזיצן דאָ אין וואַלד. ניט אייביק וועט דאָ דער פאַשיסט באַלעבאַטעווען.

— וואָס־זשע שוויַיגסטו, פאָרזיצער? דיין שנור, זעסטו, האָט קליגער פון דיר געאייצעט... און דו גאָר — אויסקוילען!... דערטראַכט זיך!...

רובצאָוו האָט צוגויפגעצויגן זיינע געדיכטע ברעמען. זיין שנורס פאָרשלאַג האָט אַנטפּלעקט גאָר אַ נייעם אויסגאַנג, וועלכער איז ניט געווען פאָרויסגעזען אין קיין איינע פון די אינסטרוקציעס פון דער עוואַקואַציע. ניט ענטפערנדיק אַ וואָרט האָט ער אַרויסגעשלעפּט פון זיין פּאָלעווע אַן אַלטע מיליטערישע מאַפּע, וועלכע ער האָט אויסגעבעטן באַ אַ דאָקטער פון אַ מעדיציניש ער

אָפּטיילונג, ווען זיי האָבן פאַריקן טאָג אָפּגעגעבן די אָנגעמאָלקענע מילך, ער האָט צעשפּרייט די מאַפּע אַפן גזועס פון זײַן וועגעלע, און האָט זי אָנגעהויבן אויפמערקזאַם צו שטודירן. אַף דער מאַפּע איז געווען אָנגעצייכנט דער וועג אַף וועלכן די פאַשיסטישע טאַנקען האָבן זיי פאַרכאַפּט, ער האָט דורכגעשניטן אַ געדיכטע גרינקייט פון אַ ריזיקן וואַלד־מאַסיוו מיט זעלטענע פלעקן פון זומפּן, וועלכע זײַנען געווען אָנגעצייכנט מיט בלויע פּינטעלעך.

און עפּשער טאַקע פאָלגן דער שנור? ווער קען וויסן, עפּשער וועט זיך אײַנגעבן צו פאַרהיטן די בעהיימעס. ס׳וועט ניט געלינגען, דער פאַשיסט וועט דערשנאַפּן — קען מען דאָך אויסשעכטן די בעהיימעס צו יעדער צײַט. גוט נאָך, וואָס באַם געזעגענען זיך האָט דער סעקרעטאַר פון קרײַז־קאָמיטעט זיך צעגאַרטלט און אַרויסגעגעבן פאַרן באַרימטן קאָלווירט עטלעכע גראַנאַטן און דרײַ אַלטע ענגלישע ביקסן — טראָפּעען פון דער פינלענדישער מילכאָמע. עמעס טאַקע אַז בעייס דער אינסטרוקציע־באַראַטונג אין דעם קרײַז־קאָמיטעט האָט מען שטרענג פאַרזאָגט, אַז די קאָמוניסטן זײַנען פאַראַנטוואָרטלעך, אַז אַפילע איין שעפּס פון דעם קאָלווירט זאָל ניט ווערן איבערגעלאָזט דעם סוינע. אָבער דאָס, וואָס עס איז געשען מיטן „רויטן אַקער" איז ניט געווען פאָרויסגעזען אין קיין איינע פון די אינסטרוקציעס.

ווי זײַן שטייגער אין אַלע שווערע מאָמענטן פון זײַן לעבן האָט אויך איצט דער אַלטער באָלשעוויק געפּרוּווט זיך פאָרשטעלן, וויאַזוי וואָלט אים געאייצעט דער כאַווער סטאַלין. ער האָט דאָך פאַראָרדנט מען זאָל פאַרן סוינע ניט איבערלאָזן קיין איינציקן קילאָגראַם ברויט. אָבער זיי האָבן דאָך אַפילע ניט בעדייע צו שפּײַזן דעם סוינע. אַפילע די געפּייגערטע בעהיימעס ווילן זיי ניט איבערלאָזן. און סטאַלין לערנט דאָך שטענדיק: „וואָגט!"

איגנאַט רובצאָוו האָט באַטראַכט די אַלע מענטשן מיט וועלכע אים שטייט פאָר אויסצוהאַלטן דעם שווערסטן פּרוּוו פון זײַן גאַנצן בונטן און קאָמפּליצירטן לעבן. דאָס זײַנען געווען פאַרשיידענע מענטשן, קימאַט אַלע האָבן געאַרבעט מיט אַ ברען, אָבער עס האָבן ניט געפעלט קיין מאָמענטן ווען אים איז אויסגעקומען אַ געשריי טאָן, זיך צעווערטלען און אַפילע אָפּזידלען. וועלן זיי זיך קענען צופּאַסן צו די ניט־געוויינטע שווערקייטן פון אַ וואַלד־

לעבן. און איצט, אין אַ מאָמענט ווען דער אַלטער באָלשעוויק איז גרייט געווען צום ערשטן מאָל אין זײַן לעבן אויוועקצוגעבן זײַן לעבן, מיטן פולן באַוווסטזײַן, אַף אַ פּאַרטיי־אינסטרוקציע האָט ער אַף די פּענעמער פון די אַלע מעלקערנס, היטערנס, אָנטרײַבערקעס דערזען אַזאַ איינשטימיקייט, אַז ער האָט דערפילט מיט זײַן כוש פון אַן אַלטן אָרגאַניזאַטאָר און מאַסאָוויק: זיי וועלן אויסהאַלטן, זיי וועלן איבערטראָגן יעדן פּרוו, זיי וועלן זייערע לעבנס ניט שאַנעווען, אַבי מען זאָל זיי נאָר געבן אַ שטראַל פון האָפענונג, אַז זייער באַרימטע סטאַדע וועט פאַרהיט ווערן.

ער האָט נאָך אַמאָל אַ קוק געטאָן אַף דער מאַפּע. די געגנט איז אַ צוגעפּאַסטע; און האָגאַם די דײַטשישע טאַנקיסטן האָבן אָן שום צווייפל שוין אָפּגעשניטן די טשערעדע, קענען דאָך די מענטשן צוזאַמען מיט די בעהיימעס פאַרשווינדן אין די וועלדער, ניט איבערלאָזנדיק אַפילע קיין שפּור נאָך זיך, פּונקט ווי אַ הויפן מערעשקעס ווערט פאַרשווונדן אין אַ סטויג היי.

— פאַרקערעווע שוין אין וואַלד אַרײַן, וואָס קראַצסטו זיך דאָרט בײַ דײַנע פּאַפּירן, ביסט דאָ ניט בײַם שרײַבטיש אין דער פאַרוואַלטונג.

— ניטאָ קיין צײַט צו שרײַבן רעזאָלוציעס!

— האָסט עפּשער כיישעק דאָ צו וואַרטן אַף די דײַטשן?

— פאָרזיצער, פיר אויס, ווען דאָס פאָלק פאָדערט!

די קאָלווירטניצעס האָבן אונטערגעאײַלט. און מיט אַ שטימע, וואָס איז פון גרויס אויפרעגונג הייזעריק געוואָרן, האָט זיך איגנאַט אָפּגערופן צום אוילעם:

— אויב אַזוי איז אײַער ווילן, וועלן מיר די בעהיימעס ניט קוילען.

איגנאַט רובצאָוו האָט געהייסן עטלעכע פרויען העלפן דער אַלטער פּראַסקאָוויאַ באַערדיקן אירע דערהאַרגעטע אייניקלעך, און געפירט די סטאַדע אין וועג אַרײַן. באַם ערשטן קרייץ האָט ער זיך פאַרנומען אַף אַן אַנדער וועג, פּערפּענדיקולאַר צו דעם, ווו די דײַטשן האָבן זיי אָנגעיאָגט. דורכגייענדיק אַן ערעך צען קילאָמעטער, האָט ער דורכגעטריבן די סטאַדע איבער אַ קליינעם טײַכל און פון דאָרטן מיט דעם קירצסטן וועג אַרײַנגעפירט זיי אין די־טיפענישן פון וואַלד.

פון אָנהייב איז די טשערעדע געגאַנגען איבער אַ ווינטער־וועג, איינגאַנצן אַ פאַרוואַקסענעם מיט גראָז און שפּעטער גאָר אָן שום וועג. אַלץ טיפער און טיפער זײַנען זיי אַרײַנגעדרונגען אין געדיכטן וואַלד אַרײַן, וועלכער איז געווען באַצייכנט אַף דער מאַפּע מיט אַ גרויסן צעשמירטן גרינעם פלעק. געגאַנגען זײַנען זיי פון באַגינען ביז באַנאַכט און דאָך האָבן זיי זיך גערוקט פאָרויס זייער לאַנגזאַם און מיט שוועריקייטן. פינף טעג האָבן זיך געשלעפּט די מענטשן און די בעהיימעס איבערן וואַלד, איבער אַן אויסגעטריקנטן טײַך־געלעגער, איבער ווײַסן שטײַפן זאַמד, וואָס האָט טרויעריק געקרעכצט אונטער די רעדער פון די וועגענער. אַמאָל פלעגט אויסקומען אויסצוהאַקן אַ וועג צווישן קוסטעס, אָפּטמאָל אויסצושפּרייטן צווײַגן איבער זומפּן, און אַנדערשמאָל האָט מען קימאַט ווי אַף די הענט געמוזט אַריבערטראָגן די פורן, אַלע שטובזאַכן און די קעלבלעך איבער וואַלד־טײַכלעך מיט הויכע מעשופּעדיקע ברעגעס.

אַפן זעקסטן טאָג זײַנען זיי פאַרקראָכן אין אַזאַ וויסטעניש, ווו אין פרידנצײַט פלעגן אַרײַנדרינגען בלויז יעגער און דאָס אויך נאָר אין ווינטער. דאָ אין טיפן נאַטירלעכן גראָבן מיט מעשופּעדיקע ווענט באַוואַקסענע מיט געדיכטע קוסטעס, האָט איגנאַט רובצאָוו אויסגעקליבן אַ פּלאַץ פאַר זייער לאַגער.

# III

דאָ, אין דעם אויסטערלישן, וואַלדיקן, נײַעם וווינאָרט, האָבן קאָלווירטניקעס געהאַט די מעגלעכקייט ווידעראַמאָל זיך צו איבערצײַגן אין די ווירטשאַפטלעכע פעיקייטן און פאָרויסזעעוודיקייט פון זייער פאָרזיצער.

באַם אויסריכטן דעם קאַראַוואַן אין וועג האָט זיך איגנאַט רובצאָוו באַמיט מיטצונעמען אַלץ, וואָס קען צונוץ קומען אַף אַ נײַעם וווינאָרט נעמענדיק אין אַכט די שווערע מילכאָמע באַדינגונגען, ווען אַפילע אַ טשוועקל — איז אַ כאַרפע צו פאָדערן באַ דער מעלוכע. אַף די פורן האָט זיך געפונען נישט נאָר דער גאַנצער פאַרם־אינווענטאַר, וואָס איז נייטיק פאַר פיצוכט, נישט נאָר קאָסעס, הראַבליעס, סערפּן, וועלכע פאָדערן זיך באַם אָנגרייטן פוראַזש אַפן וועג, לויט ווי עס האָט אָנגעוויזן די אינסטרוקציע פון קרײַז־קאָמיטעט, נאָר אויך סעפּאַראַטאָרן, קאַלאַטויקעס, קיילים אַף מאַכן קעז קעסלען, טעפּ, סטאָלער און שלאָסער געצײַג, קאַסטנס מיט טשוועקעס, דראָט, און נאָך פיל אַנדערע זאַכן, וועלכע זײַנען נייטיק נישט בלויז אין וועג, נאָר באַם אײַנאָרדענען זיך אַף אַ פרישן וווינאָרט. אין דער לעצטער מינוט האָט רובצאָוו אָנגעלאָדן אַף איינעם פון די וואָגנס אַ לײַכטע וועג־קוזניע, וועלכע ער פלעגט שטענדיק מיטגעבן די בריגאַדעס, וועלכע פלעגן פאָרן אַף שניט אין די ווײַטערע פעלדער.

דאָס אַלץ איז געווען איצט אַ נישט־באַצאָלבאַרער אוצער. ווי נאָר מען האָט זיך אָפּגעשטעלט און מען האָט צונויפגענומען די פורן און די בעהיימעס אין דעם גראָבן, האָט דער פאָרזיצער פאַרביטן זײַן געוואַנטענע העמדל מיט די מיליטערישע הויזן אַף אַ ברעזענטענעם קאָמבינעז פון אַ טראַקטאָריסט, אין וועלכן ער פלעגט אין דער היים אין שניט־צײַט אַרומשפּאַנען איבער די שײַערן און

שטאַלן. ער איז געווען אַ גוטער באַלעבאָס און האָט דעריבער באַשלאָסן, אַז אויב מען בלײַבט שוין יאָ אַף ווינטער אין וואַלד דאַרף מען זיך אײַנאָרדענען פעסט און באַקוועם.

קוידעם קאָל האָט ער אָרגאַניזירט און שטרענג פאַרטיילט די אַרבעט, ער האָט געשאַפן בריגאַדעס פון פי־צוכטלערנס און מעלקערנס. די אַלטע פראָסקאָוויאַ האָט ער באַשטימט אַלס הויפּט־אָנפירערן איבער די קעלבלעך און אויסגעטיילט איר צו הילף אַלע מער אָדער ווייניקער טויגלעכע ייִנגלעך און מיידלעך. פון די מער דערוואַקסענע ייִנגלעך האָט ער צונויפגעשלאָגן אַ גרופּע קאַניוכעס און אַלס הויפּט זיי באַשטימט דעם פּופּצניאָריקן ברודער פון וואַרוואַראַ סייקינאַ. צען פרויען פון די שטאַרקסטע און געניטסטע האָט ער אויסגעטיילט פאַר אַ בוי־בריגאַדע. אַלס הויפּט איבער אַלע פי־צוכטלער און קאַניוכעס איז באַשטימט געוואָרן זײַן שנור און ער אַליין האָט איבערגענומען די אָנפירערשאַפט מיט די בוי־אַרבעטער.

דער אַלטער באַלטישער מאַטראָס, וועלכער האָט פאַר דער רעוואָלוציע נישט פאַרמאָגט קיין אייגענעם שפּאַן ערד און האָט געצויגן זײַן האַלב הונגעריקע כאַיונע פון בוי, סטאָלער און שלאָסער אַרבעט האָט געשעמט פאַר אַ מייסטער אין אַלע פאַכן. אין די ערשטע טעג פון „רויטן אַקער" ווען ער פלעגט דערזען אין פעלד, אַפן הויף אָדער אין שטאַל אַ פוילענצער אָדער גלאָט אַ לוי ייִצלעך, פלעגט ער אַרויסרײַסן פון יענעמס הענט דאָס געצײַג, אַ שפּײַ טאָן אין די הענט און אַרויסווײַזן אַזאַ קענטעניש און געניטקייט אין דער אַרבעט, אַז דער פוילענצער פלעגט זיך באַגראָבן פאַר בושע. און אונטערן כויזעק און שטעך־ווערטלעך פון די אַרומיקע, דרייט זיך און פלאָנטערט זיך דער פוילאַק אַרום דעם פאָרזיצער, קוקט אַף אים מיט נעבעכדיקע אויגן און ציט אויס האַכנאָעדיק זײַנע הענט צום געצײַג. און וועגן וואָס ס'זאָל זיך דאָרט נישט האַנדלען: מעג דאָס זײַן אַ האַק, אַ זעג, אַ קאָסע, אָדער אַ הענטל פון אַ סעפּאַראַטאָר, אָדער אַ לאָפּעטע, צי גאָר אַ דינע גלעזערנע פּיפּעטקע פון דער לאַבאָראַטאָריע — אַלץ פלעגט זיך אַזוי פלינק און געשיקט אײַנפּאַסן אין דעם מאַטראָס גרויסע הענט, און וואָס נאָר ער זאָל נישט מאַכן, פלעגט פון זײַנע הענט די אַרבעט אַרויסקומען שנעל און געשיקט.

אין משך פון עטלעכע טעג האָט מען אין גראַבן אײַנגע־

אָרדנט פֿאַרצוימונגען פֿאַר די בעהיימעס, אין דער לינקער מעשופּעדיקער וואַנט האָט מען אויסגעגראָבן ערד־שטיבלעך, זיי באַדעקט מיט דינע בעריאָזע קלעצער און פֿון אויבן מיט סכאַך, ערד און גראָז. יעדע מישפּאָכע האָט באַקומען פֿאַר זיך אַזאַ שטיבל. צוליב מער באַקוועמלעכקייט פֿאַר דער אַרבעט האָט מען זיך באַזעצט נעסטנווײַז לויט די בריגאַדעס. פֿאַרענדיקט מיט דעם האָבן די בויער זיך גענומען זעגן ביימער און גראָבן אין די ווענט וואַרעמע שטאַלן פֿאַר די בעהיימעס, אַף ווינטער.

באַ מאַטריאָנאַ ניקיטשנאַ איז אויך די אַרבעט געגאַנגען גוט. עמעס, בעייסן וואַנדערן איבערן וואַלד זײַנען פֿאַרלאָרן געגאַנגען צוויי קי, און נאָך צוועלף, צווישן זיי די באַרימטע רעקאָרד בעהיימע „קראַסאַווקאַ”, האָבן צעקוועטשט די דײַטשע טאַנקען. אָבער בעייס דעם מאַרש, און אויך אין וואַלד, זײַנען געבוירן געוואָרן פֿינף קעלבלעך: אין אײַנקלאַנג מיטן נײַעם אָרט לעבן האָט מען זיי געגעבן צוגעפּאַסטע נעמען: „בעריאָזקע”, „סאָסנעלע”, „יאָלקעלע”, „לאַנקע”. דער נײַ־געבוירענער עקסל, איז געקומען אַף דער וועלט גאָר אומדערוואַרט, נישט ענלעך צו די איבעריקע בעהיימעס, גאָר עפּעס פֿון אַן אַנדער מין: אַ שוואַרצער, גרין אויגיקער און אַ בייזער. מען האָט אים צוערשט אַ נאָמען געגעבן „פּאַשיסט”. אָבער די אַלטע פּראָסקאָוויאַ, וועלכע פֿלעגט איצט, נאָכן אומקום פֿון אירע אייניקלעך, פּאָשעט נישט אַרויסגיין פֿון דער קעלבער־שטאַל, האָט זיך אַנטשלאָסן אַנטקעגנגעשטעלט קעגן אַזאַ שווערער באַליידיקונג פֿאַרן עקסל, זי איז אַוועק צו רובצאָוואַן און אויסגעפּוילט אַז דעם שוואַרצן בייקל זאָל מען רופֿן: „דעמבל”. די סטאַדע האָט אָנגעהויבן ביסלעכווײַז פּעט צו ווערן פֿון דער פּעטער וואַלד־פּאַשע, ווו אַפֿילע אין מיטן העלן טאָג פֿלעגן זיך נישט באַווײַזן די בייזע פֿליגן, און דער גראָז, וואָס האָט אַף זײַן לעבן נישט געוווסט וואָס הייסט אַ קאָסע האָט דערלאַנגט ביז צום בויך פֿון די בעהיימעס.

פֿון די ערשטע טעג אָן פֿון זייער לעבן אין דעם וואַלד, איז געוואָרן אײַנגעפֿירט אַ פּינקטלעכער כעשבן פֿון די אַרבעטס־טעג און וואַרוואַראַ סייקינאַ פֿלעגט שטרענג לויט די אַרבעטס־טעג אַרויסגעבן מילך, פּוטער, קעז און סמעטענע פֿון דעם סקלאַד, וועלכער איז געוואָרן אײַנגעאָרדנט אונטערן געדיכטן געצעלט פֿון אַ ריזיקער סאָסנע. דאָס אײַנפֿירן פּונדאָסנײַ די געוווינטע קאָלווירטישע אָר־

דענונג באַ אַזעלכע אויסטערלישע באַדינגונגען, האָט נאָך מער צונויפגעשמאָלצן דעם קאָלעקטיוו און געשאַפן באַ די מענטשן אַ געפיל פון זיכערקייט.

נאָך די ערשטע קלאָפּאָטעס באַם אײַנאָרדענען דעם לאַגער, האָט זיך מאַטריאָנאַ ניקיטישנאַ גענומען צו איר אייגענער וווינונג. זי אַליין האָט אויסגעברייטערט איר ערד־שטיבל, אויסגעגראָבן אין די ווענט ברייטע נישעס, אַרײַנגעשטעלט אַהין קאָזלעס און פון דרענגער און צווײַגן געמאַכט געלעגערס פאַר זיך און פאַר אירע קינדער. קעדיי די ווענט זאָלן זיך נישט שיילן און זיך נישט אָפשיטן באַם אויסטריקענען זיך, האָט זי זיי פאַרפעסטיקט מיט אַ געפלאָכטענעם פלויט פון צווײַגן. דעם קאַסטן אין וועלכן מען האָט געפירט קלײַען פאַר די קעלבער האָט זי פאַרוואַנדלט אין אַ טיש, באַדעקט מיט אַ טישטעך און אַרומגעשטעלט מיט ברייטע האָלץ קלעצלעך. ווען זי האָט פאַרענדיקט אײַנאָרדענען איר שטיבל, האָט זי אויפגעהאָנגען סטאַלינס אַ פאָרטרעט, וועלכער איז געווען אָפגעדרוקט אַף דער ערשטער זײַט פון דעמזעלבן זשורנאַל, ווו עס איז אויך געווען פאַרעפנטלעכט איר בילד. דעם זשורנאַל האָט מאַטריאָנאַ ניקיטישנאַ געפונען אָפן דעק פון איר טשעמאָדאַן און זיך שטאַרק דערפרייט, זעענדיק אין דעם אַ גוטן סימען. סטאַלינס בילד האָט זי אויפגעהאָנגען אַף דער וואַנט, קעגניבער דעם אַרײַנגאַנג אַזוי אַז באַטאָג זאָלן פאַלן אַף אים די זונען־שטראַלן, וועלכע פלעגן אַרײַנדרינגען דורך דער טיר. לויטן פון דער היים נאָך אײַנגעפירטן מינעג האָבן אירע קינדערלעך טייקעף באַפוצט דאָס בילד מיט פרישע בלומען.

שוין דעם ערשטן פרימאָרגן, ווען די מישפאָכע האָט זיך אַרומגעזעצט באַם אימפראָוויזירטן טיש און געטרונקען טיי, וואָס איז אויפגעקאָכט געוואָרן אין אַ פאַררויכערטן טעפל, האָט די קליינע זאָיאַ דערקלערט, אַז דאָ אין וואַלד געפעלט איר בעסער ווי אין דער היים, און דער עלטערער וואָלאָדקאַ האָט נאָר באַדויערט, וואָס עס איז נישטאָ קיין ראַדיאָ... מאַטריאָנאַ ניקיטישנאַ האָט זיך דערמאָנט אין איר ליכטיק הויז, וועלכער האָט נאָך געשמעקט מיט פרישן געהילץ און האָט אַ זיפץ געטאָן. אָבער נישט איצט איז געווען די צײַט אַף צו קלאָגן. די גרויסע ווירטשאַפט אין אַזעלכע נישט קיין נאַטירלעכע באַדינגונגען האָט געפאָדערט הענט און אויגן.

די אַרבעט אין דעם וואַלד־לאַגער איז געגאַנגען גאָר נישט שלעכט און נאָר וועגן איין זאַך איז איצט געווען באַזאָרגט מאַטריאָנאַ ניקיטישנאַ — פֿוראַזש פֿאַרן ווינטער. אין די פֿרײַע שאָען ווען די בעהיימעס האָבן שפּאַצירט איבער די וואַלד־פּאַשעס, פֿלעגן די מעלקערנס און פֿי־צוכטלערנס קאָסען היי אַף די לאָנקעס. די יאָטן האָט עס געטריקנט און צוזאַמענגעלייגט אין סטויגן. אָבער מען האָט פֿאַרמאָגט נישט מער ווי נײַן קאָסעס. דער זומער האָט געהאַלטן שוין באַם סאָף און באַ דער סאָמע אָנגעשטרענגטסטער אַרבעט פֿון די היי־שניטער איז נישט געווען צו דערוואַרטן, אַז זיי זאָלן קאָנען אָנגרייטן היי אַפֿן גאַנצן ווינטער פֿאַר אַזאַ גרויסער סטאַדע און דערצו נאָך פֿאַר אַ היפּש ביסל פֿערד.

וועגן דעם זעלבן האָט אויך געטראַכט איגנאַט רובצאָוו. אָפּטמאָל אין מיטן נאַכט, ווען דער לאַגער איז געשלאָפֿן און די שטילקייט פֿלעגט ווערן איבערגעריסן בלויז דורך דעם קלאַנג פֿון די סאָסנעס און זשומען פֿון די קאָמאַרן, פֿלעגט ער אַראָפּקריכן פֿון זײַן לעזשאַק, וועלכן ער האָט זיך געמאַכט פֿון דינע עלאַסטישע שטאַמען פֿון אַ נוס־בוים, אָנצינדן אַ ליכטל, געמאַכט פֿון צונויפֿגעפּלאָכטענע פֿאַסן בעריאָזענע קאָרע אָנגעזעצט אַף אַ שטעקן, און באַם רויכנדיקן טונקעלן פֿײַערל לאַנג געשטודירט די מאַפּע.

נישטאָ אַף וואָס זיך צו באַקלאָגן, אַ פּלאַץ פֿאַרן לאַגער איז אויסגעקליבן געוואָרן אַן אויסגעצייכנטער. נישטאָ קיין מענטשן אַרום, וועגן זײַנען בישבייגעס אויך נישטאָ, דעם גראָבן קען מען דערזען סײַדן נאָר פֿון הימל און קעגן דעם זײַנען אויך אָנגענומען געוואָרן מיטלען: די ערד־שטיבלעך האָט מען געגראָבן אונטער די סאָסנעס, צווישן געדיכטע קוסטעס, און אויסהאַקן די קוסטעס איז געווען שטרענג פֿאַרבאָטן. פֿאַראַן אָבער אויך אַ שוואַכע זײַט — ווײַט פֿון אַ יישעוו. נישט מען קען זיך דערוויסן נײַעס, נישט מען קאָן טוישן די אַלע מילך־פּראָדוקטן אַף ברויט, קאַרטאָפֿל, גרויפּן... דאָס מיטגענומענע פֿון דער היים האָט שוין געהאַלטן באַם ענדיקן זיך און ווי ברייט מען זאָל נישט טיילן די מילך, פּוטער און קעז, דאָך האָט די רוסישע נעשאָמע געבענקט נאָך אַ שטיקל ברויט, אַ טעלער באָרשטש, אַ טאָפּ פּרישע, קרוכקע, הייסע קאַרטאָפֿל, פֿון וועלכע עס זעצט אַ פּאַרע. אָבער סאָף קאָל סאָף איז דאָס אויך נישט שרעקלעך. מען איז געווען גרייט אַף אַ סאַך גרעסערע קאָר־

באָנעס, בעייס מען האָט באַשלאָסן אויסצובאַהאַלטן די בעהיימעס. אָבער פוראַזש, היי ! דאָס איז די הויפּט זאַך. ס׳נעמט אָן אַ פּאַכער־בלויז באַם געדאַנק אַז ווינטער וועט דער אַזוי געטרײַ אָפּגעהיטע סטאַדע אָנהייבן צו פעלן פוטער און די פון אַזוי פיל געפּאַרן אויסגעהיטע בעהיימעס וועלן אויספּייגערן פון הונגער.

רובצאָוו האָט געקוקט אַף דער מאַפּע. אַ פולשטענדיקע גריגקייט און גרויע שטריכן פון זומפּן. נישטאָ אַפילע קיין אָנדײַטונג אַף אַ נאָענטן ישעוו. איז דען דאָס טאַקע אַזוי ? עפּשער נאַרט גאָר אָפּ די מאַפּע ? עס האָט זיך נישט געוואָלט גלייבן, אַז די אַלע מאַסיווע וואַלד־שטאָכים מיט די פילוואַסערדיקע טײַכלעך אין רײַכע לאָנקעס מיט פעטע גראָזן זאָלן פוסטעווען אין די יאָרן פון דעם פאַרמילכאָמעדיקן אויפבלי פון דער סאָציאַליסטישער ווירטשאַפט. איינמאָל אַ קוק געבנדיק אַפן ראַנד פון דער מאַפּע האָט ער באַמערקט די דאַטע פון דער טאָפּאָגראַפישער אויפנאַמע : „1929 יאָר“. איגנאַט רובצאָוו האָט אַזש אַ פײַף געטאָן. די מאַפּע זאָגט בוילעט אַ ליגן. פון יענעם יאָר, וואָס איז אַלץ נישט פאַרגעקומען !

און ער האָט באַשלאָסן אויסצופאָרשן די אַלע נאָענטע פלעצער, וועלכע זײַנען גוט פאַר פאַשע און היי־שניט, און האָבן זיכער געמוזט רופן די אויפמערקזאַמקייט פון די געטרײַע קאָלווירטישע באַלעבאַטים. ער האָט שוין זיך אָנגעמערקט עטלעכע אַזעלכע פונקטן. אַפן אַנדערן טאָג איז ער אַרויסגעפאָרן אַף זײַן טאַראַטאַיקע צוזאַמען מיט דער שנור אויסצופאָרשן אייגעם פון זיי, וואָס איז געלעגן אַ וועלכע זיבן קילאָמעטער פון זייער לאַגער. לאַנג זײַנען זיי געפאָרן לענגויס דעם זאַמדיקן ברעג פון אַן אויסגעטריקנט טײַכל, און ווען דאָס טײַכל האָט זיך פאַרקערעוועט אַף מיזרעך האָט זיך פאַר זייערע אויגן פלוצלונג אַנטפּלעקט אַ גרויסע ראַכוועסדיקע לאָנקע. ווי ריזיקע מוראַשקע בערגלעך זײַנען געשטאַנען רייען סטויגן, געל געוואָרענע פון די רעגנס. רובצאָוו האָט מיט אומגעדולד אַ צי געטאָן די לייצעס. מיט אַ שנעלן טראָט איז ער צוגעפאָרן צום ערשטן סטויג און לײַכט, ווי אַ ייִנגל אַרויסגעשפּרונגען פון זײַן טאַראַטאַיקע.

— צוויי און פערציק סטויגן ! אַ גאַנצער היי־רעזערוו. לעב אַ גוטן טאָג ! — ער האָט אַ צופרידענער פאַרויכערט זײַן ליולקע.

מאַטריאָנאַ ניקיטישנאַ האָט אַרייַנגערוקט די האַנט אין סטויג, פון דעם אַרויסגעשלעפּט אַ זשמעניע היי, צעריבן עס, אַ שמעק געטאָן, אַפילע צעקייעט אַ גרעזעלע. האַגאַם דאָס היי איז נישט געווען קיין פרישס, פּאַראַיאָריקס, אָבער גוט, לאָנקע־היי, נישט געשטויבט, זיך נישט געברעקלט. ווײַזט אויס אַז די סטויגן האָט אָנגעוואָרפן אַ געניטער באַלעבאָס.

— נישקאָשע אַ פיַנער היי און פאַר אונדז וועט קלעקן. אָבער מיט ווּעמען וועט מען זיך דאַרפן אָפּכעזשבענען, ווּעמענס איז דאָס ? — האָט געזאָגט מאַטריאָנאַ ניקיטישנאַ.

באַם ראַנד פון דער לאָנקע האָט איגנאַט רובצאָוו באַמערקט אַ גרויסן פעסט צונויפגעשלאָגענעם שיַער, געבויט פון דיקע קלעצער אונטער אַ שטרויענעם דאַך, און באַ אים איז שוין געבוירן געוואָרן דער געדאַנק מען זאָל דעם שטאַל צענעמען און אַריבערפירן אין לאַגער.

— אַלץ איז אונדזערס, סאָוועטיש ! — האָט ער אָפּגעענטפערט דער שנור, באַקוקנדיק באַלעבאַטיש דעם ברייטן גערוימען שיַער. מיר וועלן זיך כעזשבענען מיט דער סאָוועטן־מאַכט. אויב דער דיַטש איז אַהער געקומען איז אַף וויפל איך מיט דיר געהערן צו אַ נישט קיין אָקופּירטן קאָלווירט, זיַנען מיר יאָרשים פון אַלע ריַכטימער. און ווען אונדזעריקע וועלן צוריקקומען וועלן מיר זיך שוין דאַן אויסקוויטעווען, ווער ווּעמען איז וויפל שולדיק.

איגנאַט האָט האָפערדיק געשפּאַנט איבער דער לאָנקע, געזויגן אַ צופרידענער זיַן ליולקע, געטאַפּט דעם היי, געכעזשבנט ווי אַרום בעסער צוצוקומען מיט די פורן, און די גאַנצע ציַט אונטערגעברומט : „אַן איניען ! אַן איניען !” דאָס איז געווען ווײַזט אויס אַ היי־פּונקט פון אַ גרויסער סאָוועטישער ווירטשאַפט, אָדער פון אַ מיליטערישע אָפּטיילונג, אַ גרויסער רעזערוו, וועלכער איז באַ דער עוואַקואַציע פאַרגעסן געבליבן. אַפילע דער וועג צו די סטויגן, וועלכער האָט זיך געצויגן ערגעץ פון דאָרעם איז שוין געדיכט פאַרוואַקסן געוואָרן מיט ווילדגראָז, קימל און אַנדערע געוויקסן. דאָס האָט אַמייסטן געפרייט איגנאַטן : דער סוינע וועט אַהער נישט דערלאַנגען. „ווויל, זייער ווויל, בירגער, און ביז זיי וועלן אויסשמעקן, אָדער זיך דערוויסן פון אימיצן וועגן דעם היי, וועט ער

שוין זײַן העט־העט ! און דער שײַער אויך. אַפּילע די סימאָנים וועט דער רעגן פֿאַרוואַשן".

אַ וואָלקנדל בלויער מאַכאָרקע־רויך האָט זיך געצויגן נאָך רובצאָוון. אין זײַן מויעך האָבן זיך געפּלאָנטערט פֿאַרשיידענע אינטערעסאַנטע פּלענער. און לויט זײַן טעווע נישט צו פֿאַרצײַען אין לאַנגן באַנק, איז ער שוין גרייט געווען אײַנצושטײַגן אין זײַן וועגל און טײַקעף צונויפֿרופֿן זײַנע מענטשן, נאָר אים האָט פֿאַרהאַלטן מאַטריאָנאַס אויפגערעגטער שעפּטשען :

— פּאָטערל ! עמעצער איז פֿאַראַן אין יענעם סטויגל . . . איר הערט ? עס רירט זיך.

אין רובצאָווס פּלענער איז נישט אַרײַן דאָס באַגעגענען זיך מיט עמעצן, דאָ לעבן די הײַ־רעזערוון. ער האָט שווייגנדיק אַ שטופּ געטאָן זײַן שנור צו דער טאַראַטײַקע און מיט אַ צייכן איר געהייסן אײַנשטײַגן. אָבער אין דעם זעלבן אויגנבליק האָט זיך דערטראָגן צו זיי פֿון דעם נאָענטסטן סטויג אַ דײַטלעכער יאָמערלעכער קרעכץ. אַ ראַכמאָנעס געפּיל צום אומבאַקאַנטן, וועלכער נײַטיקט זיך זיכער אין הילף האָט גורוער געווען אַלע ווירטשאַפטלעכע אויסרעכענונגען פֿון מאַטריאָנאַ ניקיטישנאַ. זי איז צוגעלאָפֿן צום סטויג און אין אַ טיפֿער גרוב אויסגעהוילט אין היי, דערזען אַן אויסגעדאַרטן זאָקן. ער האָט שווער און האַסטיק געאָטעמט קוקנדיק פֿאַר זיך מיט טרויעריקע, אַנטצינדעטע, פֿיבערדיקע אויגן.

— מוסיאַ, אָבער מוסיאַ ! — האָט אומגעדולדיק גערופֿן דער זאָקן, אָנבעמענדיק מאַטריאָנאַ ניקיטישנאַן פֿאַר אימיצן אַנדערש.

— פּאָטערל, אַ מענטש שטאַרבט דאָ ! — האָט די פֿרוי אויסגעשרײַען צו איר שווער, וועלכער איז געשטאַנען באַ זײַן טאַראַטײַקע און מיט שפּאַנונג געקוקט אַף זײַן שנור.

איגנאַט רובצאָוו האָט זיך דערנענטערט צום סטויג.

דער אַלטער האָט שוין קוים געאָטעמט, ער האָט גערופֿן עפּעס אַ מוסיאַ, זי באַשוואָרן, אַז זי זאָל צושטעלן עפּעס דאָרטן ווערטזאַכן. ער האָט גערעדט פֿון היץ און אַף די פֿראַגעס נישט געענטפֿערט. די שנור מיטן שווער זײַנען געשטאַנען לעבן אים, פֿאַרשטייענדיק, אַז דעם מענטשן קען מען שוין נישט העלפֿן.

מאַטריאָנאַ ניקיטישנאַ האָט באַמערקט אין דעם היי אַ טעפּעלע, זי האָט אויסגעשאָטן פֿון אים די יאַגדעס און איז אַוועקגע־

לאָפן צום טײַכל נאָך װאַסער. דערװײַל האָט איגנאַט צעשפּילעט באַם אַלטן דעם קאָלנער פון זײַן העמדל. לויז געמאַכט דעם פּאַסיק און אַנטבלויזט זײַן ברוסט. זיי האָבן אָפּגעװישט דעם פאַרשװיצטן שטערן, באַקלעפּטן מיט קאָסמעס גרויע האָר און צוגעלייגט אַ נאַסע שמאַטע צום האַרץ. דער קראַנקער איז געקומען צו זיך, זיך אונ־טערגעהויבן אָנשפּאַרנדיק זיך אָפן עלנבויגן און איז דורשטיק צו־געפאַלן מיט די ליפּן צום װאַסער. ער האָט געשלוקט הילכיק און זײַן שפּיציקער גאָרגל־קנאָפּ האָט זיך געװאָרפן אונטער דער מיט האַרטע האָר באַװאַקסענער הויט.

װען דער אַלטער האָט זיך ענדלעך אָפּגעריסן פונעם װאַסער, האָט ער זיך אומגעקוקט, דערזען פאַר זיך צװיי אומבאַקאַנטע גע־שטאַלטן און מיט שרעק זיך אַ װאָרף געטאָן אָף צוריק, בעת מײַסע האָט זײַן ציטערדיקע האַנט קאָנװולסיװ גענישטערט אַרום זיך.

— װער, װער זײַט איר ? — האָט ער הייזעריק געפרעגט.

— אַלע זײַנען מיר מענטשן, לעבעדיקע באַשעפענישן — האָט אויסמײַדנדיק געענטפערט איגנאַט, װעמען עס איז נישט גע־פעלן געװאָרן דעם אַלטנס באַװעגונג.

— פאַר אײַך װאָלט בעסער געװען צו ליגן רויק און נישט כאַפּן זיך צום געװער, — האָט צוגעגעבן מאַטריאָנאַ ניקיטישנאַ, נאָכפאָלגנדיק מיט איר בליק דעם אַלטנס הענט, װעלכע האָבן נאָך אַלץ גענישטערט אינעם היי.

דער אַלטער האָט טרויעריק אַ שמייכל געטאָן און צונויפגע־לייגט זײַנע הענט אָפן ברוסט.

— איך האָב נישט קיין געװער, — האָט ער אַרויסגערעדט אַזוי שטיל, אַז זיי האָבן עס גיכער פאַרשטאַנען לויט דער באַװעגונג פון די ליפּן װי דורך האָבן געהערט — איר װייסט נישט װוּ גע־פינט זיך מוסיאַ װאָלקאָװאַ ? אַ דאַרינקע . . . אַ בלאָנד מיידעלע אַזאַ . . . אָנגעטאָן אין אַ סקי־אָנצוג.

מאַטריאָנאַ ניקיטישנאַ האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אָף ניין.

דער אַלטער האָט װידער גענומען כריפּען, זיך װאָרפן, פּונקט װי ער װאָלט זיך די ברוסט געװאָלט צערײַסן. אָף זײַן פּאָנעם זײַנען

אַרויס גרויסע טראָפּנס שווייס, ער האָט זיך גענומען שטיקן און וואַרשיינלעך, מיט די לעצטע אָנשטרענגונגען פון זײַן אויסגייענדיקן באַוווסטזײַן האָט ער נאָך באַוויזן אַרויסצושטאַמלען :

— וואַסער !

ווען ער איז ווידער געקומען צו זיך און אין זײַנע אויגן האָט זיך באַוויזן אַ פאַרשטאַנדיקער אויסדרוק, האָט ער פריִער אָנגעקוקט מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַ, וועלכע האָט, ווײַזט אויס אַרויסגערופן באַ אים מער צוטרוי, און שפּעטער אַף איגנאַטן. דער גויסעס האָט אַזוי ווי געפּאָרשט די אומבאַקאַנטע פּנעמער. דערנאָך האָט ער מיט אַ קוים באַמערקבאַרער קאָפּ־באַוועגונג געבעטן די קאָלווירט־ניצע זיך אײַנבייגן. יענע האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַף די קני און מאַמעש צוגעפאַלן מיטן אויער צו זײַנע בלייכע ליפּן. דער אַלטער האָט קוים געשעפּטשעט :

— ערגעץ געפינט זיך מוסיאַ וואָלקאָוואַ... מיר זײַנען געגאַנגען צו אונדזוערע... דאָ אין היי... אין היי... אַ זאַק... און אין אים ווערט־זאַכן... גרויסע ווערט־זאַכן... פון שטאָט־באַנק... מעלוכע־אייגנטום... נישט דערטראָגן... — און פּלוצלינג, האָט ער מיט די לעצטע קויכעס פון זײַן ווילן זיך אונטערגעהויבן אַפן עלנבויגן, און מיט בלויז אַף אַ רעגע אויפגעלעבטע אויגן ווידער באַטראַכט די אומבאַקאַנטע מענטשן — שווערט מיר. אַז איר וועט דאָס ברענגען אַהין — ער האָט מיט זײַנע אויגן געוויזן אַף מיזרעך — אַז איר וועט אָפּגעבן. גיט מיר אײַער וואָרט פון אַן ערלעכן סאָוועטישן מענטש.

דערשיטערט פון דעם אויפברויז, פון דער לײַדנשאַפטלעכער אַקשאָנעסדיקער ווילנקראַפט פון דעם האַלב־טויטן, קימאַט שוין פאַרקילטן קערפּער, האָט מאַטריאָנאַ ניקיטישנאַ אַן אויפגעטרייסלטע אַרויסגעשעפּטשעט :

— איך שווער !

— איר אויך, איר אויך ! — איז באַשטאַנען דער שטאַרבנדיקער קוקנדיק פאָדערנדיק אַף רובצאָוון.

— מיילע, אויב עס איז אַזוי אַ הייליקע זאַך : איך שווער !
— האָט געענטפערט דער אַלטער באַלטישער מאַטראָס און האָט

זיך אַפילע אָפּן מאַטראָסקן שטייגער אויסגעצויגן באַם אַרויסריידן דאָס וואָרט. — ווּעמענס ווערט־זאַכן ?

— מעלוכעשע — האָט אַרויסגעשטאַמלט דער גויסעס און איז מאַכטלאָז אומגעפאַלן אָפּן רוקן.

דאָס לעבן האָט שוין פאַרלאָזט זײַנע אויגן, אָבער די האַנט האָט נאָך אַלץ געשאַרט אינעם היי. מאַטריאָנאַ ניקיטישנאַ האָט אָנגענומען די קאַלט ווערנדיקע האַנט, און עס האָט זיך איר אויס־געוויזן, אַז דעם אַלטנס פינגער האָבן מיט אַ קוים באַמערקבאַרער באַוועגונג איר אַ דריק געטאָן די האַנט. די פרוי האָט זיך צוגעבויגן צו די ליפּן פון דעם גויסעסדיקן, און לויט זייער באַוועגונג זיך אָנגעשטויסן, אַז דער אַלטער וויל זיי זאָלן דאָ אָפּוואַרטן עפּעס אַ מוסיאַ.

— ווו איז זי ? ווו איז זי אַוועק ?

אָבער דער אַלטער האָט זיך שוין אויסגעצויגן און איז געלעגן אַ גלײַכער, אַ שטרענגער מיט אַן אויסדרוק פון רויִקייט אָף זײַן פּאָנעם. איגנאַט האָט לאַנגזאַם אַראָפּגעצויגן פון זײַן קאָפּ דעם לעדערנעם קאַשקעט.

די רובצאָווס האָבן אַריבערגעטראָגן דעם קערפּער אין אַ קילן אָרט, אין שאָטן פון יונגע בעריאָזקעס און אים צוגעדעקט מיט דופּטיקע צווײַגן.

זיי האָבן געשוויגן.

— געגעבן אַ וואָרט, מוז מען אויספירן אַזוי, ווי מען האָט באַפוילן — האָט ענדלעך אַרויסגערעדט איגנאַט רובצאָוו.

— ער האָט, ווײַזט אויס, געטראָגן מעלוכעשע געלטער — האָט אַרויסגעזאָגט איר האַשאָרע מאַטריאָנאַ ניקיטישנאַ שעפּטשענ־דיק, פּונקט ווי זי וואָלט מוירע געהאַט צו שטערן די רו פון דעם אַלטן.

— קום איבערנעמען די ירושע — האָט אויך אַזוי שטיל אָפּ־געענטפערט איגנאַט.

זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט באַם צעוואָרפענעם סטויג.

— ער האָט גערעדט עפּעס וועגן אַ זאַק ! וואָרט, פּאָטער, דאָס האָט ער ווײַזט אויס געשאַרט מיט זײַן האַנט זוכנדיק דעם זאַק ! אָבער קיין שום זאַק זעט מען דאָ נישט. דאָ איז אַ קעסטעלע,

אַ ביסל קאַרטאָפל אין אַ שמאַטקע... מער איז דאָ. שײַנט מיר, נישטאָ!

— מען דאַרף נישטערן אין דעם היי — האָט געאײַצעט רובצאָוו.

ער האָט שוין אַ סאַך איבערגעלעבט אין זײַן לעבן. נישט װײניק טויטן געזען. אַף זײַנע הענט זײַנען געשטאָרבן זײַנע קריגס־כאַװײרים בעשאַס דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע און בעת דעם בירגער־קריג. אַף זײַנע הענט איז אויסגעגאַנגען זײַן בעסטער פרײַנט, אַ דאָרפישער אַקטיוויסט, אַף װעלכן מען האָט געשאָסן פון אַ קולאַקישן ביקס אין יאָר 1927. די קאָלווירטניקעס פון „רויטן אַקער“ און אויך פון די שכײנעסדיקע קאָלווירטן, פלעגן פאַרן טויט שיקן רופן איגנאַט רובצאָוון, דעם ערלעכן און גערעכטן מענטש קעדיי אים איבערגעבן זייער לעצטן ווילן. אָבער דער טויט פון דעם אומבאַקאַנטן אַלטן מאַן האָט דערשיטערט אַפילע דעם שוין אַזוי־פיל געפּרוווטן איגנאַט.

שווײַגנדיק האָבן זיי צעוואָרפן דעם סטויג, צוערשט געפונען אַ רוק־זאַק מיט אָרעמע רעשטלעך שפּײַז, אַביסל געשיר און מיידל־שע קליידער, און דערנאָך שוין בײַ דער סאַמע ערד, באַדעקט מיט שיטערער, געלער, אָן זון אויסגעוואַקסענעם גראָז, האָבן זיי גע־פונען אַ שווערן פעסט־פאַרבונדענעם זאַק. זיי האָבן אים אויפגע־בונדן. מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַ וועלכע האָט מיט די צייו פונאַנ־דערגענומען די פעסטע קניפ, האָט די ערשטע אַרײַנגע־קוקט אין זאַק — אַרײַנגעקוקט און אָפּגעשפּרונגען, פונקט ווי זי וואָלט דאָרט דערזען אַ קנויל שלאַנגען. איגנאַט וועלכער האָט אויך אַרײַנגעקוקט, האָט נאָר געשאָקלט מיטן קאָפּ. ער האָט אויפגעהויבן דעם זאַק, אים אַ טרייסל געטאָן, פרוּוונדיק פעסטצושטעלן מער ווייניקער זײַן וואָג, אים צוריק אַוועקגעשטעלט אַפן גראָז און מיט שטיוונען אַ קוק געטאָן אַפן קערפּער פון דעם אַלטן, וואָס איז געלעגן אונטער די בעריאָזקעס.

— מיט דעם וואָלט מען דאָך געקענט אײַנקויפן צוויי אַזעל־כע סטאַדעס, ווי אונדזערע... — האָט ער ענדלעך אַרויסגערעדט

— נו, נו... אַ גוורע פון אַן אַלטן. ווי האָט ער גאָר קויעך גע־האָט צו שלעפּן אַזאַ שווערע מאַסע?

מאַטריאָנאַ ניקיטישנאַ האָט זיך צוגעזעצט אַפן גראָז און

מיט שטוינונג איבערגעקליבן די זאַכן. איר האָט איבערראַשט ניט נאָר דער אויצער, וועלכן זיי האָבן געפונען אין דעם סטויג, נאָר נאָך מער די מענטשן וואָס האָבן אָנטייל גענומען אין אָט דער אויסטערלישער פּאַסירונג. אַן אומבאַקאַנטער זאָקן מיט עפּעס אַ מוסיאַ האָבן געוואָלט, ווי עס שײַנט, אַרויסטראָגן די אַלע ווערט־זאַכן פון דער באַזעצטער דורכן סוינע טעריטאָריע. אָבער ווי קומט אַזאַ אויצער צו דעם אָפּגעריסענעם מענטשן? פאַרוואָס האָט ער אין די לעצטע מינוטן פון זײַן לעבן אַזוי אַקשאָנעסדיק געפאָדערט פון זיי „אַ שוווע״?

איבערקלײַבנדיק די זאַכן האָט זיך מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַ אָנגעשטויסן אַף פּאַפּירן, צונויפגעדרייט אין אַ שטײַפן ראָל און איבערגעבונדן מיט אַ שוך־בענדל. איגנאַט האָט צעוויקלט דעם ראָל, איבערגעלייענט אַף אַ קאָל דעם טיטל פון דער ליסטע, דורכגעבלעטערט אַלע בויגנס ביז צו דער דאַטע, און ערשט דאַן האָט ער באַנומען אַף קלאָר, אַז צוויי אינגאַנצן אומבאַקאַנטע און אומבאַוווסטע מענטשן האָבן אויסבאַהאַלטן און געטראָגן אַן אויצער, וועלכן קיינער האָט זיי ניט אָנגעטרויט און וועגן וועלכן עס האָט, מעגלעך, אַפילו קיינער ניט געוווסט דאָרט הינטער דער פראָנט־ליניע, און דאַן ערשט האָט ער זיך אָפּגעגעבן כעזשבן וועגן דעם גאַנצן פאַרנעם פון דער אומאייגננוציקער העלדישקייט פון אָט די מענטשן.

— פאָטער! דאָס זײַנען דאָך אונדזערע! פון אונדזער שטאָט־באַנק! זיי זײַנען דאָך דורכגעגאַנגען אַזויפיל וועג, ווי מיר. — האָט אַ פאַרטראַכטע געזאָגט מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַ.

איגנאַט האָט ווידער אַראָפּגעצויגן פון זײַן קאָפּ דעם געל־געוואָרענעם צעקנייטשטן לעדערנעם קאַשקעט.

— אַן עכטע באָלשעוויסטישע נעשאָמע! — האָט ער פײַער־לעך אַרויסגערעדט קוקנדיק אַפן קערפּער פון מיטראָפאַן איליטש קאָרעצקי — ער איז געווען אַ פעסטער באָלשעוויק.

IV

איגנאַט רובצאָוו האָט אַרויפגעלייגט די זעק אויף זײַן געפלאָכטענער טאַראַטײַקע, איבערלאָזנדיק זײַן שנור לעבן טויטן קערפּער אָפּוואַרטן די אומבאַקאַנטע, ווער ווייס ווו, אַרומבלאָנדזשענדיקער מוסיאַ, און איז אָפּגעפאָרן צום וואַלד־לאַגער נאָך די קאָלווירטניצעס. פאַרנאַכט זײַנען אָנגעקומען די פרויען מיט לאָפּעטעס. דעם קייוועער האָט מען אויסגעגראָבן באַם ראַנד פון דער לאָנקע אונטער דער העכסטער סאָסנע, וועמענס געדיכטער גרינער שפּיץ פלעגט דער ערשטער אויפנעמען די שטראַלן פון דער אויפגייענדיקער זון און אין אָוונט די לעצטע שטראַלן פון דעם זון־אונטערגאַנג. דעם קערפּער האָט מען אײַנגעוויקלט אין אַן אַלטן לײַלעך און אויפן טויטנס ברוסט אַרויפגעלייגט פרישע פעלד־בלומען.

איגנאַט רובצאָוו האָט ניט פאַרבאָרגן פון די קאָלווירטניצעס, ווער ס׳איז געווען, וואָס האָט געטראָגן און וועלכע צאָוואָע עס האָט זיי איבערגעלאָזט דער אַלטער, דעריבער האָבן באַם אויסריכטן דעם טויטן קערפּער די פרויען געקוקט אויפן מעס מיט דערעכערעץ אויסגעמישט מיט אַ טיפער פאַרוווּנדערונג.

עס איז געוואָרן נאַכט און מוסיאַ האָט זיך נאָך אַלץ ניט באַוויזן. מען האָט באַשלאָסן אָפּצולייגן די לעווײַע אויף אינדערפרי.

די קאָלווירטניצעס האָבן איבערגעביסן מיטן שפּײַז, וואָס זיי האָבן מיטגעבראַכט מיט זיך פון לאַגער און זיך אײַנגעאָרדנט אויף נאַכטלעגער אין דעם היי.

עס האָט זיך זיי אָבער ניט געשלאָפן יענע נאַכט. די יונגע לעוואָנע האָט זיך אויפגעהויבן איבערן וואַלד און האָט מיט אַ ברייטער האַנט באַשאָטן מיט קאַלטן זילבער דעם טונקעלן וואַלד, די אַנטשוויגענע לאָנקע, די גרויסע סטויג־היט און אַלץ וואָס האָט געגלאַנצט אונטער אירע שטראַלן. שוואַרצע שאָטנס האָבן זיך געלייגט צופוסנס פון די ביימער.

ניט ווײַט דאָרט האָבן זיך געוויַיסט די לײַוונטענע טאַכריכים
פון דעם ניט־באַערדיקטן זאָקן. די פרויען איז באַפאַלן אַ פּאַכאַד.
ניט ווילנדיק האָט זיך געטראַכט וועגן דעם מעס, שפּעטער האָבן
זיך זייערע געדאַנקען אַריבערגעטראָגן אַף זייערע מענער, וועלכע
האָבן געקעמפט מיטן סוינע דאָרט אָפן פראָנט, צו זייערע געסטן
פאַרלאָזטע אַף העפקער ערגעץ הינטער זיי. די פרויען האָבן טיף
געזיפצט און עפשער, קעדיי צו פאַרטרײַבן די אומרויקע ראַיוינעס,
האָבן זיי זיך דערמאָנט פאַרשיידענע געשיכטעס וועגן אויצרעס,
וועגן בלוט און פאַרברעכנס, מיט וועלכע מען פלעגט אין די פאָלקס־
מײַסעס שטענדיק פאַרבינדן די דערציילונגען וועגן פלוצים דעראָ־
בערטע אַשירעס. אויסהערנדיק די מײַסעס זײַנען זיי אַזוי ביסלעכ־
ווײַז אַנטשלאָפן געוואָרן, נאָר פלוצים האָט עמעצער פון זיי פאַר־
פירט אַ געשפּרעך וועגן דעם היי, און אַלע האָבן מיטאַמאָל אויפ־
געלעבט. פאַר זיי אַלעמען האָבן די סטויגן היי געהאַט אַ גרעסערן
ווערט ווי דער זאַק מיטן אויצער. מיט גאָלד קען מען די בעהיימעס
ניט אָנקאָרמענען, און דאָ איז פאַראַן אַזוי פיל היי. איצט שרעקט
שוין ניט דעם לאַגער אַפילע דער האַרבסטער ווינטער. און דאָ,
ווען זיך אַפילע ניט אַרומקוקן, און די אייגענע אַרמיי וועט שוין
זײַן צוריק און אַרויסראַטעווען פון אַלע צאָרעס.

ווי גוט וואָלט געווען ווען מען זאָל קענען צוריק ברענגען אין
דעם קאָלווירט אַלע בעהיימעס געזונט און אויסגעפּאַשעט! און דאָ
וועלן שוין די קעלבער אויסוואַקסן און עס וועלן נאָך פרישע גע־
בוירן ווערן. די פאַרבליבענע וועלן אַזש נישטוימעם ווערן: „סקאָצל
קומט! פון וואַנען?" און מיר האָבן שוין אײַך באַוויינט. געווען
זיכער, אַז אַפילע די ביינער אײַערע האָבן שוין די וועלף צעגריי־
זשעט"... און באַלד, באַלד, וועלן שוין אויך די מענער צוריק־
קומען פון דער מילכאָמע.

די אַלע טרוימען האָבן אינגאַנצן פאַריאָגט דעם שלאָף. עס
האָט זיך פאַרפירט אַ וויקועך: צי זאָל מען אַריבערפירן דאָס היי
אין לאַגער, אָדער ניט רירן די סטויגן און זיי איבערלאָזן דאָ ביז
ווינטער, ביזן לײַכטן שליטוועגס. די אַלע ווירטשאַפטלעכע גע־
שפּרעכן האָבן זיך פאַרענדיקט דערמיט, וואָס די אַלטע פראַסקאָ־
וויאַ האָט זיך צעקריגט מיט וואַרוואַראַ סאַיקינאַ וועגן דעם וויאַזוי
מען זאָל בעסער אויסנוצן דעם געפונענעם שטאַל: פאַר קעלבלעך,

אָדער פאַר די בעסטע רעקאָרד־קי. די קריגערײַ האָט זיך פאַרענ־דיקט מיט דעם, וואָס סאָיקינאַ האָט אָנגערופן פראַסקאָוויאַן „קעל־בערנע מוטער״, האָט דערקלערט אַז זי מיִעסט זיך צו אָטעמען מיט דער זעלבער לופט וואָס זי, און, פאַרכאַפּנדיק אירע קליידער איז זי אַוועק שלאָפן אין אַ שכײַנעסדיקן סטויג.

אינדערפרי, ווען דער דינער רעגנדל האָט אויפגעוועקט די פרויען, איז אָנגעקומען מוסיאַ און האָט זיך פון די אומבאַקאַנטע מענטשן דערוווסט די טרויעריקע נײַס. אָבער ערשט ווען איבערן פרישן קייווער איז אויסגעוואַקסן אַ געל בערגל און די טראָפּנס, וועלכע זײַנען אַראָפּגעפאַלן פון די צווײַגן פון דער הויכער סאָסנע האָבן באַדעקט מיט אַן אויסטערלישן אוצר דעם געלן זאַמד, האָט דאָס מיידל ערשט באַנומען דעם גאַנצן גרויס פון איר פאַרלוסט. זי האָט פאַרשטאַנען, ווען זי האָט פאַרלוירן, זיך דערפילט אייב־זאַם, עלנט און הילפלאָז און טרערן האָבן אָנגעהויבן פליסן פון אירע גרויסע גרויע אויגן.

— ווייַנט זיך אויס, וויינט זיך אויס, ליבינקע. מיט טרערן פאַרגייט יעדער צאַר. — האָט צו מוסיאַן גערעדט מאַטריאָנאַ ני־קיטיטשנאַ און אירע גרויסע שוואַרצע מיט אַ טוי פאַרצויגענע אויגן האָבן אויך אַ גלאַנץ געגעבן מיט פײַכטקייט.

די אַנדערע ווײַבער האָבן, אַפּן פויערישן שטייגער, געווישט די אויגן מיט די ברעגעס פון זייערע קאָפּ־טיכלעך.

מוסיאַ האָט געקוקט אַף אַלעמען און געוואָלט פאַרשטיין מיט וועמען דער גוירל האָט זי צוזאַמענגעפירט. איבערהויפּט האָט זי איבערראַשט דער ברייטבייניקער עלטערער מאַן אָנגעטאָן אין אַן אַלטער אָפּגעבליאַקעוועטער לעדערנער קורטקע. ער איז געשטאַנען באַם קייווער אויסגעצויגן, ווי אַף דער וואַך און געהאַלטן אין זײַן לינקער אײַנגעבויגענער האַנט דעם לעדערנעם קאַשקעט.

— ווער זײַט איר, כאַוויירים? פאַרטיזאַנער? עמעס? — האָט געפרעגט מוסיאַ. דער אײַנדרוק, אַז די אַלע אומבאַקאַנטע מענטשן, וועלכע האָבן זיך אַזוי האַרציק באַצויגן צו איר צאַר, זײַנען אַנדערש פון די יעניקע, וועלכע זי האָט געזען, אַרומוואַנדערנ־דיק איבערן דײַטשישן הינטערלאַנד, האָט זיך אין איר אַלץ מער געשטאַרקט און זיך פאַרוואַנדלט אין אַ זיכערקייט. דאָס איז געווען ניט קיין אויסערלעכער, נאָר אַן אינערלעכער, אַ ניט באַמערקבאַ־

רער פאַרן אויג, אָבער אין דער זעלבער צײַט אַ בוילעטער אונטער־שייד. ניט אָפּגעבנדיק זיך אַליין קיין כעזשבן פאַרוואָס דאָס איז אַזוי, האָט מוסיאַ נאָך לאַנגע וואָכן פון אַן עכט־כאַיעשער אָנגע־שטרענגטקייט זיך געפילט צווישן זיי גוט און לײַכט, פונקט ווי זי וואָלט שוין געהאַט איבערגעטראָטן די פראָנט־ליניע און זי גע־פינט זיך שוין אַף דער פרײַער ניט אָקופּירטער ערד.

— איר זײַט פּאַרטיזאַנער ? עמעס ?

— קי־פּאַרטיזאַנער זײַנען מיר ! — האָט זיך אָפּגערופן אַ די־קע, פולברוסטיקע פרוי מיט רויטע באַקן — מיט מילך־שעפלעך קעמפן מיר.

— און דו, וואַרקאַ, פלאַפלסט און ווייסט אַליין ניט וואָס...

—האָט איר איבערגעשלאָגן אַ קליינטשיקע, דאַרינקע אַלטיטשקע— דאָס מיידל לעבט איבער אַזאַ צאַר און דו שטירעסט די ציין... מיר זײַנען קאָלווירטניצעס, ליבינקע, קאָלווירטניצעס פון אײַער געגנט טאָקע... און דאָס איז מאַטריאָנאַ רובצאָוואַ, מאַט־ריאָנאַ ניקיטישנאַ, האָסט זיכער געהערט וועגן איר, האָסט דאָך מיט אונדז אין שכיינעס געוווינט, און זי איז באַ אונדז אַ באַרימ־טע, די כאַוועריטע רובצאָוואַ...

און דאָ ערשט, ווען מוסיאַ האָט נאָך אַמאָל אָנגעקוקט דעם שיינעם קלוגן פּאָנעם פון דער שוואַרצהאָריקער פרוי, האָט זי זיך דערמאָנט, אַז ערשט ניט לאַנג פאַר דער מילכאָמע, האָט זי געזען אין אַ קינאָ־זשורנאַל ווי די שלאַנקע שיינע פרוי, אָנגעטאָן אין אַ ווײַסן כאַלאַט ווי אַ דאָקטער, האָט אַרומגעפירט איבער עפּעס לאַנגע רוימען, ווו עס זײַנען געשטאַנען זאַטע געפלעקטע קי, אַן עקסקורסיע פון פויערים און אַגראָנאָמען פון אַ שכיינעסדיקער באַלטישער רעפּובליק, וועלכע האָט זיך נאָר וואָס אײַנגעגלידערט אין דעם ראַטנפאַרבאַנד.

— און ווי קומט איר אַהער ? וואָס טוט איר דאָ ?

— באַם היזיקן וואַלד־שעד אַף טאָג־לוין זײַנען מיר — האָט מיט כויזעק זיך אָפּגערופן וואַרוואַראַ סאָיקינאַ.

— דער פאַשיסט, מײַן טײַערע, וועט דיך ניט נאָר אין וואַלד, נאָר אַפילע אונטער דער ערד צווינגען אַרײַנצוקריכן — האָט צו־געגעבן די אַלטע פראַסקאָוויאַ.

אַפן וועג צום לאַגער איז מוסיאַ געגאַנגען מיט מאַטריאָנאַ ני־

קיטיטשנאַן און פון איר האָט זי זיך דערוווּסט די גאַנצע געשיכטע פון דעם וואַלד־לאַגער.

די פרויען האָבן געפירט אַ שמועס וועגן זייערע טאָג־טעגלע־כע איניאַנים — וועגן דער קוואַליטעט פון דעם געפּונענעם היי, וועגן דעם מיט וואָס זאָל מען פאַרבײַטן דעם קלײַען פאַר די קעל־בער, וועגן פאַרשיידענע קראַנקייטן באַ די קי מיט עפּעס פאַר מוסיאַן ניט קיין באַקאַנטע נעמען. און זייער אויסזען איז געווען אַזאַ וואָכעדיקער, באַלעבאַטישער, פונקט ווי זיי וואָלטן ניט גע־גאַנגען דורך אַ וויסטן וואַלד, אין טיפן הינטערלאַנד באַם סוינע, נאָר זיך אומגעקערט אַהיים נאָך דער פעלד־אַרבעט אין זומער־צײַט. און מוסיאַ האָט זיך געפרייט, וואָס נאָך אַזויפיל וואַנדערן האָט זי דאָס מאַזל צונויפגעפירט מיט אָט די מענטשן. און עפּשער דערפאַר, וואָס די שטענדיקע נערוון־אָנשטרענגונג האָט זיך באַ איר אויסגעלאָדן, האָט זי פלוצים דערפילט אַן אויסערגעוויינ־לעכע מידקייט און האָט קוים געשלעפּט אירע פיס.

עס האָט זיך איר געוואָלט וואָס שנעלער קומען צום פּלאַץ, אַוועקפאַלן און אײַנשלאָפן, אײַנשלאָפן אָן מוירע, אַנטשלאָפן ווערן צווישן אייגענע. דאָס מיידל האָט קוים געדענקט, ווי זיי זײַנען דערגאַנגען. אין איר זיקאָרן זײַנען פאַרבליבן בלויז גרויע וואָלקנס רויך, וועלכע האָבן זיך פלוצים באַוויזן פאַר אירע אויגן איבערן ראַנד פון דעם, מיט ביימער באַוואַקסענעם, גראָבן. זי האָט נאָך אַפילע קיין צײַט ניט געהאַט זיך צו כידעשן, וואָס די מענטשן האָבן ניט קיין מוירע צו ברענען דאָ רויכיקע שײַטערס, ווי עס האָט זיך דערהערט אַ שטאַרקער בילן און אַ מאַכנע הינט באַגלייט פון אַ האַמוין קליינע קינדער האָט זיך אַרויסגעריסן פון צווישן די ביימער און מיט אַ טומל נאָכגעלאָפן נאָכן פערד מיט דער טאַראַ־טײַקע אין וועלכער עס איז געזעסן דער הינקעדיקער מענטש מיט דער לעדערנער קורטקע.

מוסיאַ האָט זיך צוגעזעצט צו פאַרבינדן אַ שוך־בענדל און פילנדיק זיך אַזוי ווי באַ זיך אין דער היים, האָט זי אַפילע ניט באַמערקט, ווי זי האָט זיך אויסגעצויגן אָפן ווייכן, פײַכטן מאָך . . . און מער האָט זי שוין ניט געזען און געהערט.

# V

מוסיאַ האָט זיך אויפגעכאַפּט ערשט אַפּן דריטן מעסלעס אום האַלבן טאָג. זי האָט דערוואַכט מיט אַ לייַכטן, רויִקן געמיט, ווי געפינט זי זיך? די הייסע שטראַלן וועלכע זייַנען געפאַלן אַף די טרעפּלעך פון אַ שמאָלן דורכגאַנג, האָבן באַלויכטן אַ קליין בילד פון סטאַלינען, וועלכעס איז געהאַנגען אַף דעם הינטערשטן ווענטל פון אַן ערד־שטיבל. אונטערן בילד זייַנען געהאַנגען אין אַ פּאָרעם פון אַ האַלבן רינג פרישע, נאָך ניט קיין פאַרוועלקטע בלויע וואַלד־גלעקלעך, וועלכע האָבן נאָך אייַנגעהיט אין זיך די פייַכטקייט. דאָס מיידל האָט זיך דערמאָנט: „איך בין צווישן אייגענע״. אַ שטיק צייַט איז זי געלעגן אומבאַוועגלעך מיט אַ געפיל פון גליק, אַז ענדלעך האָט זיך שוין פאַרענדיקט איר שווערער, געפערלעכער וועג, אַז מען דאַרף שוין מער ניט ציטערן באַ יעדן שאָרך, פריי פון דער קעסיידערדיקער מוירע פאַר אַ שרעקלעכער באַגעגעניש.

פון דרויסן, צוזאַמען מיטן ווייכן מורמל פון די סאָסנע־שפּיצן, צו וועלכע איר אויער איז שוין געווען געוווינט, האָבן זיך צו איר דערטראָגן די גאַנץ געוויינלעכע, אָבער איצט אַזעלכע אָנגענעמע, פאַר איר, קלאַנגען פון אַ קאָלווירטישן טאָג: אַ פוילער מוקען פון זאַטע קי, אַ מעקען פון שאָף, דער קלאַנג פון מילך־קאַנען, אַ ריטמישער קלאַפּן פון אַ האַמער וועלכער שאַרפט אַ קאָסע און הילכיקע קלעפּ פון אַ האַק, באַגלייט מיט אַ הילכיקן ווידערקאָל.

אונטערן סופיט פון דעם ערד־שטיבל האָט געזשומעט אַ גרויסע בלויע פליג.

מוסיאַ איז געלעגן אומבאַוועגלעך אַף די נאַרעס, אויסגעבעט מיט סכאַך, און האָט ניט געקענט אָפּרייַסן אירע אויגן פון דעם בילד. זי האָט געזען הונדערטער אַזעלכע בילדער, אָבער דער האָט זיך איר אויסגעוויזן עפּעס גאָר אַנדערש, ער האָט ווי סימבאָליזירט

איר אומקערן זיך צוריק צו איר היימישער, געוווּנטער וועלט, וועגן וועלכער זי האָט געטרוימט און וועלכע עס האָט זי געקרעפּטיקט און געמוטיקט אין מעשעך פון איר שווערן און שרעקלעכן וואַנדערן איבער די וועלדער. איר האַרץ האָט שטורמיש געקלאַפּט פון פריידיקער דערוואַרטונג.

זי האָט שוין געוואָלט אויפשטיין, אָבער אַ פאַרשטיקטער קינדערשער שעפּטשען האָט זי אָפּגעהאַלטן:

— זי קוקט, זעט נאָר, זי האָט זיך אויפגעכאַפּט!

— אירישקע, לויף אָנזאָגן דער מאַמען אַז די מומע האָט זיך שוין אויפגעכאַפּט!

און אַ דריטע, גאָר אַ דיניטשקע שטימעלע האָט געפרעגט:

— מומינקע, האָסט זיך שוין טאַקע אויפגעכאַפּט?

ערשט איצט האָט מוסיאַ פאַרשטאַנען, אַז די „מומינקע" איז טאַקע זי אַליין. ס'איז איר געוואָרן פריילעך. זי האָט זיך אויפגעזעצט אַף איר געלעגער. די קינדער האָבן זיך ווי איבערגעשראָקענע פייגל אַ שאַר געטאָן צו דעם קעגנאיבערדיקן ווינקל פון דעם שטיבל. פון דאָרטן, פון דער טונקל האָבן אַרויסגעקוקט צוויי פּאָר גרויסע, שמאָלע, ווי מיט אַ נעפּל פאַרצויגענע, שיינע אויגן, וועלכע האָבן איר שטאַרק דערמאָנט די אויגן פון איר נייער באַקאַנטער.

— מומע, איר וועט שוין ניט שלאָפן מער? — האָט געפרעגט אַ דאַרער, שוואַרץ־כיינעוודיקער יינגעלע פון אַ יאָר זיבן, אַרויסרוקנדיק זיך פאָרזיכטיק פון ווינקל.

— וואָס איז? ווי רופט מען דיך?

— וואָלאָדיאַ. די מאַמע האָט אייך געהייסן, גלייך ווי איר וועט זיך אויפכאַפּן, זיך זעצן עסן.

וואָלאָדיאַ האָט באַלעבאַטיש אַראָפּגענומען דעם האַנטעך, וועלכער האָט עפּעס צוגעדעקט אַפן טיש, און פאַר מוסיאַס אויגן האָבן זיך באַוויזן אַ שיסל מיט אַ געלבלעכן געקעכץ, אַ טעפּעלע מילך און ניט קיין גרויסע מויצע ברויט. זי האָט זיך מיט אַפּעטיט גענומען צום עסן. פון ווינקל איז איצט אַרויס אַ קליין מיידעלע, וועלכע מען האָט גערופן זאָיאַ. זי איז געווען אַ פּולינקע, אַ ראָזע און איז ענלעך געווען אַף אַ קליין דיק מערעלע.

— וועסט איצט וווינען מיט אונדז? — האָט זי געפרעגט. — מומע, ס'איז עמעס, אַז דו האָסט געפונען אַן אויצער?

האַנאָע האָבנדיק פון עסן האָט מוסיאַ מיט אומרויִקייט אַ טראַכט געטאָן, אַז אַפילע דאָס קליינוואַרג ווייסט שוין אויך וועגן די ווערט־זאַכן. אָבער זי האָט טייקעף פאַרטריבן פון זיך דעם געפיל פון אומרו — דאָס זײַנען דאָך אייגענע מענטשן! צוליב וואָס זאָל מען עפּעס פאַרבאָרגן פאַר זיי?

איבער די ערדענע טרעפּ האָבן אָפּגעהילכט באָרוועסע פיסלעך. הינטער דער פלינקער אירישקע, וועלכע האָט זיך אונטערשיידט פון איר ברודערל און שוועסטערל דורך איר פאַרריסן נעזל און ניט קיין שײַנעם מיט זומער־שפּרינקעלעך באַשאָטענעם פּענעמל און ווײַסלעכע הערעלעך ענג פאַרפלאָכטענע אין צוויי דינע צעפּלעך, האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אין ערד־שטיבל מוסיאַס נײַע באַקאַנטע.

— אויפגעוועקט אײַך, די אומפאַרשעמטע. און איך האָב דאָך זיי אָנגעזאָגט! — האָט זי אַרויסגערעדט מיט אַ קלינגעדיקער ברוסט־שטימע — אָבער, וואָס עמעס, איז שוין די זעכסטע צײַט. זענט איר דאָס געשלאָפן, ניט געפילט אַפילע ווען מיר האָבן אײַך אַהער אַריבערגעטראָגן. איך קוק אַף אײַך — איר שלאָפט, כאָטש שיס פון קאַנאָנען. ווי קומט עס אַז אין וועג האָט איר אײַער געפּעק ניט פאַרשלאָפן?

מוסיאַ האָט איר געוואָלט זאָגן, אַז אין מעשעך פון די אַלע וואָכן פון איר וואַנדערן איבער די וועלדער, איז זי קיינמאָל ניט געשלאָפן ווי געהעריק, אָבער דערמאָנענדיק זיך וועגן אַלץ, האָט זי זיך צוגעטוליעט צו מאַטריאָנאַ ניקיטישנאַ און האָט זיך הילכיק צעוויינט ווי אַ קליין קינד.

— אָט האָסטו דיר — האָט מיט פאַרלעגנהייט אַרויסגערעדט מאַטריאָנאַ ניקיטישנאַ — דרייט נאָר אויס דעם באַראָמעטער אַף אַ „גוטן וועטער” און פאַרענדיקט מיטן עסן. אונדזער פאָרזיצער, דער שווער מײַנער, דרייט זיך אַלץ אַרום דעם שטיבל. ער איז שוין אומגעדולדיק, ס'ווילט זיך אים מיט אײַך אַ שמועס טאָן וועגן דעם אויצער.

דאָס מיידל האָט זיך שנעל אָנגעטאָן, מאַטריאָנאַ ניקיטישנאַ האָט באַצײַטנס אַרויסגענומען פון דעם זאַק איינס פון אירע קליידער און עס אויסגעלופטערט. אָבער אַ מאָדנע זאַך, איר אייגן קלייד, אין וועלכן זי האָט זיך געפילט אַזוי גוט ערשט מיט עט־

לעכע וואָכן צוריק, איז איר איצט אַזוי אומבאַקוועם, פּונקט ווי עס וואָלט געוואָרן קליין אַף איר און געפּענטעט אירע באַוועגונגען.

מוסיאַ איז שעמעוודיק אַרויס פון שטיבל און האָט זיך אַוש פאַרזשמורעט פון די בלענדנדיקע קאָלירן פון דעם העלן טאָג, וועלכע האָבן איר אַ זעץ געטאָן אין די אויגן. זי האָט דערזען, אַז באַ אַ שײַטער שטייט מיט אַ צעגליטן שטיק אײַזן אין האַנט, אָנגעטאָן אין אַן אַלטן קאָמבינעזאָן, דער באַקאַנטער מאַן מיטן שראַם אַפן באַק און באַטראַכט זי נײַגעריק פון אונטער זײַנע גרויע, געדיכטע ברעמען, ענלעך אַף מאָך.

ניט אַרויסלאָזנדיק פון זײַן רעכטער האַנט דאָס צעגליטע אײַזן האָט ער מיט זײַן לינקער האַנט פעסט אַ דריק געטאָן מוסיאַס האַנט און מיט אַ שטימע ווי פון אַ פאַס, אַרויסגעברומט:

— איגנאַט רובצאָוו פון דעם „רויטן אַקער“, — און צוגעגעבן — עפּשער געהערט אַמאָל. מיר זײַנען דאָך קעמוי ווי לאַנדסלײַט.

זײַן האַנט איז געווען שאָרסטקע ווי אַ פּאָדעשווע.

ניט דערוואַרטנדיק זיך אַף אַן ענטפער, האָט ער זיך איבערגעבויגן איבער אַ דרײַעקיקער פּיראַמידע, גאַנץ קונציק אויסגעהובלעוועט פון אַ דעמבענעם קלאָץ און פאָרזעצנדיק די איבערגערייסענע אַרבעט, אָנגעהויבן אויסברענען אַן אויפשריפט: „דאָ איז באַערדיקט דער סאָוועטישער בירגער קאָרעצקי מ. אי. אומגעקומען העלדיש אַף זײַן פּאָסטן אין קאַמף פאַרן סאָ...“ ער האָט געאַרבעט ביז דאָס צעגליטע אײַזן האָט זיך אָפּגעקילט. דאַן האָט ער עס אַרײַנגעשטעקט אין שײַטער, צוגעוואָרפן עטלעכע טרוקענע צווײַגן און פלוצים, מיט אַ ברייטן, ליבן שמייכל, וועלכער האָט זיך ווער וויס פון וואַנען גענומען אַף זײַן ברייטן ערנסטן פּנים, געפרעגט:

— זיך אויסגעשלאָפן, וואַנדערקע? ביסט אַוואַדע אומרויִק פאַר דײַן זאַק? זאָרג ניט, דער זאַק איז באַ מיר, קיין שפּרינקעלע וועט ניט פעלן... אַ נו, האָבער, אַוועק פון דאַנען! — האָט ער אַ געשריי געטאָן אַף זײַנע אייניקלעך און וואַרטנדיק ביז עס וועט זיך אײַנשטילן דאָס טופּען פון די באָרוועסע פיסלעך, אָנגעוויזן אַפן קלאָץ, פון וועלכן עס איז אָפּגעזעגט געוואָרן דער אָבעליסק:

— זיצט, כאַווערטעס פרויען! — און ווען מוסיאַ און מאַטריאָנאַ

ניקיטישנאַ האָבן זיך אַוועקגעזעצט, האָט ער געזאָגט מיט אַ טאָן, אין וועלכן עס האָט זיך געפילט אַז ער איז געוווינט און קען קאַמאַנדעווען: — איך מיט מאַטריאָנאַן זײַנען פּאַרטיי־מיטגלידער. זעץ דיך און באַריכט וועגן אַלץ, ווי עס געהער צו זײַן.

מוסיאַ האָט אָנגעפאַנגען צו דערציילן די געשיכטע פון זייער וואַנדערונג און די רובצאָווס האָבן זיך אײַנגעהערט און מיט מיטגעפיל געשאָקלט מיט די קעפּ. ווען דאָס מיידל איז זיך אָפּנהאַרציק מוידע געווען וועגן די וויקוכים מיטן פאַרשטאָרבענעם צי עס לוינט זיך שלעפּן דעם אויצער, צי עס וואָלט דען נישט בעסער געווען אים צו באַגראָבן אין אַ געהיימען אָרט ביז די סאָוועטישע אַרמיי וועט צוריקקומען, און אויך וועגן דעם אַז לויט מיטראָפּאַן איליטשס פאַרלאַנג זײַנען זיי געגאַנגען אויסמײַדנדיק מענטשן איבער וואַלדיקע וויסטענישן באַשווערנדיק און פאַרלענגערנדיק דערמיט דעם וועג, האָט רובצאָוו זי איבערגעשלאָגן מיט אַ שמייכל:

— מען זעט גלײַך, ווען איז יעדער פון אײַך געבוירן געוואָרן. וואָס זשע אין ערשטן איניען איז גערעכט דער אַלטער. אין מילכאָמע צײַט טאָר אַפילע אַ שרויף נישט וואַלגערן זיך אַפּן וועג. און דאָ אַזאַ אויצער. מען קען דאָך מיט אים אַזויפיל געווער אײַנקויפן — אַ גאַנצן רעגימענט באַוואָפענען. און דו זאָגסט — באַגראָבן! רובצאָוו האָט שפּאָטיש אַ קוק געטאָן אַף מוסיאַן מיט זײַנע שעלמישע אויגן. — אין דעם צווייטן איניען, פאַרשטייט זיך, ביסטו שוין גערעכט. זיך טויע געווען דער אַלטער. געהאַט מוירע אַפילע פאַר אייגענע זעלנער... מיט איין וואָרט אַ קאַסיר: צוגעווייינט זיך צו טרייסלען פאַר יעדן גראָשן.

רובצאָוו האָט זיך פאַרטראַכט שמייכלענדיק צו זײַנע אייגענע געדאַנקען, דערנאָך האָט ער געזאָגט שטיל, ווי ער וואָלט גערעדט נישט צו די פרויען, נאָר צו זיך אַליין.

— מען דאַרף נישט ווייכן פון אַ סאָוועטישן מענטשן אפילע באַם סוינע אין הינטערלאַנד. אַ סאָוועטישער מענטש איז פאַר אַן ערלעכן איניען שטענדיק אַ געהילף און אַ כאַווער... אָבער רייד ווײַטער, כ'האָב דיך איבערגעשלאָגן, איך הער...

און ווען מוסיאַ האָט דערציילט, אַז באַם טרינקען זיך אין זומפּ האָט מיטראָפאַן איליטש צוערשט צוגעבונדן צו דעם אויס־

געצויגענעם שטאַנג דעם זאַק, האָט דער פּאָרזיצער פון דעם קאָל־
ווירט זיגעריש אָנגעקוקט די פּרויען, פּונקט ווי עס וואָלט זיך גע־
רעדט וועגן זײַן אייגענער העלדישקייט.

— אָט ווי עס פּירט זיך בײַ אונדז! — און זיך געווענדעט
צו זײַן שנור — דערצייל וועגן אים אַלע דײַנע וועכטערנס און
מעלקערנס, זאָלן זיי וויסן, ווי אַזוי מען דאַרף אָפּהיטן דאָס סאָ־
ציאַליסטישע אייגנטום. ווײַל זיי, זינט מען האָט דעם היי אויסגע־
פונען זײַנען פּאַשעט ווילד געוואָרן. גייען איבערן היי ווי איבער
אַ טעפּיך, קוקן נישט אונטער די פיס... דעם אַלטן וואָלט מען
אַ שטיינערנע מאַציייווע באַדאַרפט שטעלן, נישט עפּעס אַ שטיקל
האָלץ... — רובצאָוו האָט פאַרטראַכט געמישט מיטן שטיק אײַזן
אין דעם פײַער. — יאָ דאָס איז געווען אַ מענטש. אומזיסט האָט
ער נאָר פון מענטשן געוויכט. ווײַזט אויס נאָך פאַרבליבן אין
אים די מוירע פון די צאַרישע צײַטן. איין מענטש, מײַנע טײַערע,
איז פּונקט ווי אַ בוים אין פעלד. וואָס העכער ער הייבט זיך אויף,
אַלץ גיכער וועט אים דער ווינט אומוואַרפן. און אַ קאָלווירט איז
אַ וואַלד. איז געדיכט דער וואַלד, וועט ער אַ ליאַדע שטורעם פאַר־
האַלטן. יעדער געוויטער וועט נאָר פון אויבן קאָנען אַדורך.

רובצאָוו איז אויפגעשטאַנען, אַרויסגעשלעפּט פון דעם שײַ־
טער דאָס רויט געוואָרענע שטיק אײַזן און האָט פאַרענדיקט אָפּן
אָבעליסק דאָס וואָרט: „סאָציאַליזם". דערנאָך, ווען דאָס אײַזן
איז ווידער בלוי געוואָרן און עס האָט אויפגעהערט צו ציִען פון
אים דער שאַרפער רויך, האָט ער זיך אויסגעגלײַכט און אַ זיפץ
געטאָן:

— אַלזאָ, מײַן טײַערע, רו זיך אויס בײַ אונדז אַ ביסל, טרינק
זיך אָן מיט מילך, און דאַן וועלן מיר דיר געבן אַ געטרײַען באַ־
גלייטער און אין וועג אַרײַן. איך האָב זיך דעם אַלטן געשוווירן ווי
אַמשנעלסטן צוצושטעלן די ווערט־זאַכן צו דער מאַכט... מען
טאָר נישט פאַרציִען. דאָס איז אַ מעלוכע־איניען.

מוסיאַ האָט זיך אינסטינקטיוו צוגעטוליעט צו מאַטריאָנאַ
ניקיטיטשנאַן. ווי? שוין ווידער זיך אַוועקלאָזן אין דעם שווערן
וועג, זיך ווידער פילן נישט ווי אַ מענטש, נאָר ווי אַ געהעצטע
כײַע, ווידער שלאָפן מיט איין אויג, שטענדיק זײַן אָנגעשטרענגט,

— און עפשער זיי דאָ אויסבאַהאַלטן ? די מילכאָמע וועט זיך דאָך גיך פאַרענדיקן.

— דערווײַל זעט מען נישט קיין סאָף. און פאַר דער מיל־כאָמע איז יעדע קאָפּיקע טײַער. ביין, נישט אָנגעקומען נאָך אונדזער טאָג, ווײַזט אויס נאָך נישט די צײַט.

— און ווען וועט ער שוין קומען ? — האָט זיך אַרויסגעריסן ווי אַ ווײי־געשריי פון מאַטריאָנאַ ניקיטישנאַ. — איך גיב נאָר אַ טראַכט, אַז זיי געפינען זיך שוין הינטער דעם טײַך, זיי טרעטן אויף עמעצנס פעלדער, צינדן אונטער עמעצנס הײַזער... פאַרוואָס דערלאָזן מיר דאָס... וואָס טוט די אַרמיי ?... עס שווידערט, ווען מען גיט נאָר אַ טראַכט וויפל ערד, וויפל מענטשן זײַנען באַ זיי אונטערן יאָך...

זי האָט שווער געטאָטעמט, פאַרביסן די ליפּן און האָט זיך אָפּגעקערט. רובצאָוו האָט ווידער אַרײַנגעשטעקט דאָס אײַזן אין פײַער און קוקנדיק אַ פאַרטראַכטער, ווי די פונקען לויפן איבער דער בלויקייט פון דעם מעטאַל האָט ער געזאָגט מיט זײַן טיפן באַס קאָל:

— פאַראַיאָרן, בעייס די אָקטאָבער־יאָנטויווים בין איך געווען צו גאַסט באַ אונדזערע שעפן, אין די וואַרשטאַטן פון לאָקאָמאָטיוון־רעמאָנט. כ'האָב דאָרט אין איינעם אַ צעך געזען, ווי מען האָט געבויגן פאַר אַ לאָקאָמאָטיוו אַ ריזיקע שטאָלענע ספּרענ־זשינע. מען גליט אָן אַ שטיק שטאָל ביז עס ווערט אַזש ווײַס און מען פאַרדרייט עס. אויב עס איז נאָר גוטער שטאָל — איז וואָס מער מען בייגט די ספּרענזשינע, אַלץ פעסטער ווערט זי, מער קויעך באַקומט זי. און סאָף קאָל סאָף ווערט זי אַזוי מעכטיק, דאַכט זיך אַזאַ מאַסע ווי אַ לאָקאָמאָטיוו און זי האַלט אים אויס. און אַזאַ ספּרענזשינע ווען מען זאָל זי געבן די מעגלעכקייט זיך אויסצוגלײַכן, וועט זי דאָך אַלץ אַרום זיך צעשמעטערן אויף פּיצ־פּיצלעך.

— איז דאָך דאָס אַ ספּרענזשינע... און אַנטקעגן וואָס דערציילסטו דאָס, פאָטער ?

— טאַקע וועגן דעם זעלבן. וואָס מער איך טראַכט וועגן דער מילכאָמע אַלץ מער קומט מיר אויף זיקאָרן יענע ספּרענזשינע. אָט האָט אונדז נאַפּאָלעאָן געדריקט, געבויגן — מיר האָבן זיך אײַנ־

געצויגן, איינגעצויגן און שפּעטער זיך אויסגעגלייכט איז פון נאַ־ פּאָלעאָנען בלויז אַן איפּעש אַרויס. דערפאַר טראַכט איך טאַקע וועגן יענער ספּרענזשינע. אין אונדזער אָפּטרעטן פּיל איך אַ גרויסע כאָכמע פון יאָסיף וויסאַריאָנאָוויטש סטאַלין און איך זע שוין אונדזער ניצאָכן. מיר טרעטן אָפּ מיט גרויסע שלאַכטן. מיר פירן אַלץ אַרויס. דער סוינע גייט אָפּ אין בלוט. עס ציט זיך איין, עס ציט זיך איין די ספּרענזשינע, און וועט זי זיך אויסגלייכן — איז אויס מיט דער גאַנצער היטלעריע, היטלערס שמוציקע גאַ־ טיעס וועט מען אַפילע נישט קענען געפינען. זעסט, וואָס פאַר אַ מענטשן מיר פאַרמאָגן. — איגנאַט האָט אָנגעוויזן אַף דער נאָך נישט פאַרענדיקטער אויפשריפט אַפן אָבעליסק. — וואַרט נאָר צו און איר וועט דערמאָנען מיינע ווערטער: ווען די ספּרענזשינע וועט זיך אויסגלייכן, וועלן דאָס די פאַשיסטן אַ פלי טאָן פון אונדז...

— גיכער, וואָס גיכער זאָל דאָס געשען — האָט אויסגע־ שריִען מוסיאַ און אויפשפּרינגענדיק פון קלאָץ אָנגעהויבן אומגע־ דולדיק שפּאַנען הין און צוריק.

די ווערטער פון דעם קאָלווירטישן קאָמוניסט האָבן גאָר מיט אַ נייער שיין באַלויכטן די אַלע פאָרגעקומענע שווידערלעכע גע־ שעענישן: איר ברענענדיקע געבורט־שטאָט, האַרוגים אַף די וועגן, די פאַרניכטעטע דערפער...

— און עפּשער וועלן נאָך אונדזערע אַליאירטע מיט עפּעס צוהעלפן — האָט געזאָגט מאַטריאָנאַ ניקיטישנאַ — יענער, ווי הייסט ער דאָרט... געוועז דאָך באַ אונדז אין דער קאָמונע אַן אָקס מיטן זעלבן נאָמען... נו, יענער... טשערטשיל... ער האָט דאָך צוגעזאָגט צו קעמפן ביזן ניצאָכן... און זיי זיינען דאָך אויך אַ שטאַרק פאָלק.

— ער האָט צוגעזאָגט! האָסט פאַרגעסן, מיין שנור, ווי איך האָב דאַן געזידלט די קאָלווירטניקעס, דערפאַר וואָס זיי האָבן אַזאַ ווונדערבאַרער בעהיימע צוגעקלעפּט אַזאַ מיִעסן נאָמען? טשער־ טשיל! ווייסטו דען ווער דאָס איז? אַהאַ דו ווייסט נישט, איך אָבער ווייס יאָ, איך געדענק נאָך דעם אַכצנטן יאָר, וואָס פאַר אַ פריינט איז ער מיר. — רובצאָוו האָט זיך אַ קלאַפּ געטאָן איבער זיין לאָמען פוס. — דאָס האָט ער מיר אַן אָנדענקונג אַף מיין גאַנצן

לעבן איבערגעלאָזט באַ מורמאַנסק, ניין, טײַערע שנור מײַנע, אַהין זאָלסטו נישט קוקן, איין ראָב וועט דעם אַנדערן נישט אויספּיקן קיין אויג... נאָר די אייגענע הענט אונדזערע — אונדזער אייניקע האָפענונג — אַף אונדזערע אייגענע הענט און אַף דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי... כאָטש זיי וועט אונדז קיינער נישט ראַטעווען...

רובצאָוו האָט אָנגעשטאָפּט זײַן ליולקע און זי אײַנגעביסן מיט אַ פעסטן געלן צאָן. ער האָט זיך ווידער פאַרנומען מיטן אויסברענען און האָט שוין געשוויגן ביז ער האָט נישט פאַרענדיקט דעם אויפשריפט. דאַן האָט ער אָפּגעלייגט אין אַ זײַט דאָס שטיק אײַזן, צעוואָרפן און פאַרטראָטן דעם שייטער און אַ ווײַלע מיט אַ פאַרגעניגן באַטראַכט זײַן אָפּגעטאָענע אַרבעט.

— איך האָב זיך דאָ צעפּלאָפּלט מיט אײַך... זײַ געזונט, שיינקייט, רו דיך אויס באַ אונדז און ביסלעכווײַז הייב אָן זיך צו פאַרטראַכטן וועגן דעם וועג.

הינקענדיק איז ער מיט אַ ייִנגלערישער פלינקייט אַראָפּגעלאָפן באַרג אַראָפּ דעם גראָבן און איז פאַרשוווּנדן געוואָרן צווישן די קוסטעס און באַלד האָט זיך שוין פונדערווײַטנס דערטראָגן זײַן הילכיקער באַס און לויט די טענער האָט מען זיך לײַכט געקענט אָנשטויסן, אַז דער פאַרזיצער גיט דאָרט אימיצן אַ גאָב...

— ווידער גיין — האָט מיט ווייטיק געזאָגט מוסיאַ, קוקנדיק אַף דעם שייטער וועלכער האָט זיך נאָך גערייכערט.

— און ווען וועט זיך דאָס אַלץ ענדיקן? — האָט זיך אָפּגערופן מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַ, צעטרעטנדיק יעדן רויכערנדיקן קויל. — אַזוי גוט, ווי מיר האָבן געלעבט, ווי גוט געלעבט... און איצט ווען איך גיב נאָר אַ טראַכט, אַז מיינער ליגט עפּשער ערגעץ אַפן פעלד אַ טויטער, די זון ברענט איבער אים, ראָבן פליִען אַרום אים און עס איז נישטאָ קיינער ווער ס'זאָל פאַרטרײַבן די פליגן, ווער ס'זאָל אים צומאַכן די אויגן... ווען איך פּאַק איצט דעם היטלער וואָלט איך אים זײַן גאָרגל מיט מײַנע ציין איבערגעביסן!

די לעצטע ווערטער האָט מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַ פּאָשעט אַרויסגעשריִען. עס איז געווען אַזוי מאָדנע צו זען די פרוי אַן אויפגערעגטע. זי איז ענלעך געווען צו אַ ברייטן רויִקן טײַך,

װעלכער האָט זיך פּלוצלונג אָנגעפּילט מיט װאַסער פון רעגנס און האָט אָנגעהױבן צו שטורעמען און אַרױס פון זײַנע ברעגעס.

— װער װײס װי װײַט איז שױן אַװעק דער פּראָנט? װער װײס װי לאַנג עס װעט אױסקומען נאָכגײן נאָך אים? — האָט געטראַכט מוסיאַ אַף אַ קאָל.

— אַמאָל דוכט זיך מיר אױס, װי ער זיצט אַ פאַרװוּנדעטער אונטער אַ קוסט, דאָס בלוט שטראָמט פון אים, די ליפּן פאַר־שמאַכט און ער רופט... אַרום אים שלאָגן זיך מענטשן מיט די פאַשיסטן, קײן צײַט נישטאָ זיך אומצוקוקן אַף אים, און ער האַלט אין אײן רופן און בלױז בײזע פליגן פליִען איבער אים... װען מען זאָגט מיר איצט: מאַטריאָנאַ, װאַרף אַלץ אַװעק און װער אַ קראַנקן־שװעסטער! װאָלט איך אַלץ איבערגעלאָזט: די קינ־דער, די באַלעבאַטישקײט — און װאָלט געגאַנגען... אױב נישט מײַן אײגענעם, װאָלט איך עמעצן פון אונדזעריקע געהאָלפן. און כוץ דעם...

— מאַטריאַ, ניקיטישנאַ, — האָט זיך פון ערגעץ אױבן דערהערט אַ הילכיקע פרױען שטימע.

די פרױ האָט אַ צאַפּל געטאָן, אױסגעװישט די אױגן מיט דער האַנט און איז װידער געװאָרן די שטענדיקע, פּונקט װי עס װאָלט אײַנגעשטילט געװאָרן דער צופלוס פון רעגן־װאַסער, דער טײַך איז װידער אַרײַן אין זײַנע ברעגעס און װידער איז געװאָרן רויִק און פליסיק זײַן מאַיעסטעטישער שטראָם...

— איך גײ, איך גײ, אַ מינוט קענט איר אָן מיר זיך נישט באַגײן. אױב איר װעט מיך דאַרפן, מוסיאַ, זוכט מיך לעבן די קי, װען נישט זאָגט װאָלאָדקען אָדער אירישקען, זײ װעלן שױן מיך געפינען.

מאַטריאָנאַ ניקיטישנאַ איז לײַכט אַרױפגעלאָפן באַרג אַרױף איבער דער סטעזשקע, װעלכע איז געװען דורכגעהאַקט צװישן אַלכע קוסטעס און שױן דאָרט פון אױבן האָבן זיך דערהערט אירע װער־טער צו מוסיאַן:

— ער איז גערעכט מײַן שװער, אָן עמעס האָט ער געזאָגט, עס װעט זיך אױסגלײַכן די ספּרענזשינע... נאָך אַ מין אױס־גלײַכן זיך...

קאָלזמאַן איגנאַט רובצאָוו האָט דורך וועגן, וועלכע זײַנען נאָר אים אַליין געווען באַקאַנט געזוכט פאַרבינדונגען מיט דער אויסערלעכער וועלט, באַקומען יעדיעס וועגן דער לאַגע אַף די פראָנטן און אויסגעאַרבעט פלענער וועגן דעם ווײַטערדיקן מאַרשרוט, האָט מוסיאַ געווינט אין דעם „בעהיימע־טאָל“, אַזאַ נאָמען האָבן געגעבן די קאָלווירטניקעס פון דעם „רויטן אַקער“ זייער נײַעם ווויך־אָרט.

זי האָט שנעל פאַרקניפט באַקאַנטשאַפט מיט אַלע אײַנוווינער, זיך אויסגעלערנט צו דערקענען די באַרימטע רעקאָרד־קי און, צום גרעסטן כידעש פון אַלע פי־ציכטלערנס, געוואָרן זייער פרײַנטלעך אויפגענומען פון דעם ראַסעווען אָקס פאַן, וועמענס בייזער כאַראַקטער און אַגרעסיווע אָנפאַלן זײַנען אַזוי גוט באַקאַנט געווען אין לאַגער, אַז אַפילע די הינט פלעגן מיט אַראָפגעלאָזטע וויידלען אויסמײַדן זײַן ריזיקן, מוסקולירטן, ביז איבער די ברעגעס אָנגעגאָסענעם מיט ווילדן קויעך, קערפער. אָט דער קירגיזישער אָקס, דאַכט זיך אַזאַ געזעצטער און גוטמוטיקער לויטן אויסזען, האָט שטענדיק אויסגעקוקט וועמען אַ גלעט צו טאָן איבערן רוקן מיט זײַנע קורצע שאַרסטקע הערנער, אָדער, לעכאָל האַפאָכעס, אומדערוואַרט צודריקן מיט זײַן געזונטן הינטערכיילעק צו אַ פלויט.

דערזעענדיק מוסיאַן פון דער ווײַטנס פלעגט פאַן זי באַגריסן פרײַנטלעך, געמען רעווען מיטן גאַנצן קויעך פון זײַנע לונגען, קלינגען מיט דער קייט און עסן פון דעם מיידלס האַנט אַ קאַרטאָפל, אָדער אַ בינטל גראָז אָנרירנדיק דערבײַ זייער פאַרזיכטיק מיט זײַנע וואַרעמע זאַמשענע ליפן איר אויסגעשטרעקטע האַנט. דער קאָלווירטישער לאַגער, וועלכער האָט זיך באַזעצט אין דער געדיכטעניש פון אַ הונדערטיאָריקן וואַלד האָט פון אָנפאַנג גע־

מאַכט אַף מוסיאַן זייער אַ מאָדנעם אײַנדרוק. נישט דאָס האָט זי געוווּנדערט, וואָס מענטשן וווינען אין די נאָך פון קיינעם קיינמאָל נישט באַטראָטענע ערטער, ווו אין מעשעך פון הונדערטער יאָרן פלעגט די שטילקייט ווערן געשטערט בלויז פון פייגל סווישטשערײַען, ווינט־וואָיען און ברומען פון קאָלערליי כאַיעס. געוווּנדערט האָט מוסיאַן דאָס, וואָס די מענטשן זײַנען דאָ אַזוי שנעל געוואָרן היימיש אין דעם גראָבן, וואָס זיי האָבן אַזוי אייפערדיק אָפּגעהיט אין אַזעלכע אומגאָרמאַלע אומשטענדן אַלע זייערע מידעס און מינהאָגים פון דעם אַזוי טײַערן פאַר זיי לעבנס־שטייגער, וועלכן זיי האָבן מיטגעבראַכט פון דעם רײַכן קאָלווירט, פון די ברייטע, ראַכוועסדיקע, גוט־געפּלעגטע פעלדער, וועלכע האָבן געהערט צום „רויטן אַקער”.

באַגינען, ווען די ערשטע שטראַלן פון דער זון האָבן מיט זייערע גאָלדענע שפּיזן דורכגעשפּיזט די געדיכטע קרוינען פון די ביימער און אַרײַנגעדרונגען אין דעם נעפּלדיקן האַלב־כווישעך צווישן די ביימער, פלעגן די בריגאַדירן וועקן זייערע מענטשן. אַפן הויכן ברעג, ווו עס איז שוין געשטאַנען דער גרויער פּירעקיקער, אַהער אַריבערגעבראַכטער היי־שטאַל, האָבן די בוי־אַרבעטער, אַזוי ווי די פּיקהאָלצן, געבויערט מיט זייערע העק די ביימער שטאַמען. עס האָט זיך געהערט אַ דראָבנער מעלאָדישער קלאַנג. דאָס האָט באַ אַ דעמבענעם פּיען, צו וועלכן עס זײַנען געווען פאַרפעסטיקט אַ שרויב־שטאָק און אַ קאָוואַדלע. געאַרבעט איגנאַט רובצאָוו, וועלכער האַלט אײַנגעקלאַמערט אין אַ צוואַנג אַן אָנגעגליטע אײַזערנע שטאַבע און שמידט פאַר דער באַלעבאַטישקייט אַ ניטוועדיקע זאַך. ער האָט געשמידט וווּליונגעריש מיט הילך און קלאַנג. לעבן אים האָבן קליינע יאַטן, זאַלבעצווייט, געדרייט פאַרן העגטל די ראָד פון אַ בלאָז־זאַק.

פון דעם גראָבן, ווו אַפן דעק, לעבן אַ טײַכל האָט זין געקאָכט אין טשוהונענע קעסלען דער פרישטיק, האָבן זיך געטראָגן געשמאַקע רייכעס פון שפּײַז. עס האָט זיך געהערט דאָס וואָיען פון די צענטריפוגן פון די סעפּאַראַטאָרס, געקלאַפּט די די פּוטער־קאַלאַטויקעס. אין אַ געריימער קילער הייל אונטער אַ סאָסנע־בוים איז געשטאַנען וואָרוואַרע סייקינאַ אַנגעטאָן אין אַ ווײַסן כאַלאַט און האָט צוגענומען באַ די מעלקערנס די שוימיקע, וואַרעמע ערשט

אָנגעמאָלקענער מילך. אָבער איבערהויפּט האָט מוסיאַן געפרייט דאָס, וואָס אין דער האָרעפּאַשנער טאָג טעגלעכער אַרבעט האָט קיין שום זאַך אין דעם וואַלד־לאַגער נישט דערמאָנט וועגן דער שרעקלעכער געפאַר. דאָס איז געווען אַ גאָר קליינער אינדזל פון סאָוועטישן לעבן אויף אַ טעריטאָריע, וווּ די פאַשיסטן האָבן געהאַט בעדייע אײַנצופירן זייערע „אָרדענונגען".

מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַ האָט מיט אַ שמייכל דערציילט איר נײַער כאַווערטע, אַז ערשט איצט האָט זי טאַקע אויף אַן עמעס און געַנוי דערקענט די אַלע פּרויען מיט וועלכע זי האָט אָפּגעלעבט אַזוי פיל יאָרן צוזאַמען. דאָ זײַנען די מענטשן געוואָרן אייפערדיקער, מער צונויפגעבונדן און מער געפאָדערט פון זיך אַליין. ווײַזט אויס אַז דאָס פּינקטלעכע אָפּהיטן די אַלע געזעצן און מינהאָגים פון דעם קאָלווירטישן לעבן האָט זיי געמאַכט לײַכטער דאָס איבערטראָגן די בענקשאַפט נאָך זייערע היימען און לײַכטער געמאַכט די אַלע שוועריקייטן פון דעם וואַלד־לעבן.

גאָר גיך האָט מוסיאַ אויפגעהערט זיך וווּנדערן און איז אַליין אַרײַנגעצויגן געוואָרן אין דעם לאַגער־לעבן. פון אָנפאַנג האָט זי אָנגעהויבן צוהעלפן אַבי וועמען, נאָר אַזאַ מין אַרבעט איז איר נישט געווען צום האַרצן. דער אײַנגעפירטער פון איגנאַט רובצאָוון־לעבנס־שטייגער איז טאַקע אַדאַנק דעם געווען פעסט און קרעפּטיק, וואָס יעדער איינער האָט דאָ געהאַט זײַן אַרבעט און זי דורכגעפירט. מוסיאַ האָט עס פאַרשטאַנען און זיך צוגעשטעלט איינמאָל אין אַ פרימאָרגן צום פאָרזיצער. וועלכער האָט מיט דער הילף פון אַ פּאָר עלטערע יאַטן אַרויפגעזעצט לעבן זײַן קוזניע אַ נײַעם רייף אויף אַ צעטרוקנטער ראָד, זי האָט אים געמאָלדן, אַז זי וויל מער נישט זײַן קיין „אומזיסטע פרעסערקע" און אים געבעטן איר באַשטימען אַן אַרבעט לויט אירע קויכעס.

רובצאָוו האָט צופרידן אַ קוק געטאָן אויפן מיידל און נישט איבעררײַסנדיק זײַן אַרבעט געפרעגט:

— און וואָס פאַר אַן אַרבעט געפעלט דיר? קוק זיך צו, און שליס זיך אײַן וווּ דײַן האַרץ גלוסט.

מוסיאַ האָט שוין אַליין אויסגעקוקט פאַר זיך אַ באַשעפטיקונג. איר זײַנען געפעלן געוואָרן די קעלבלעך, קליינע, פאַרביקע,

פריילעכע אַף לאַנגע דאַרע פּיסלעך און, ווי איר האָט זיך געדוכט, „אַלע מיטן זעלבן פּאָנעם“.

— מיילע — האָט זיך אָפּגערופן איגנאַט, באַטראַכטנדיק קריטיש די נאָר וואָס אויסגעשמידטע און נאָך גליִענדיקע אַקס — קעלבלעך איז אַ פּאַראַנטוואָרטלעכער איניען. גיי זאָג דער אַלטער פּראַסקאָוויאַ, אַז דער פּאָרזיצער האָט דיך באַשטימט צו איר. אונטער איר „קאָמאַנדע“. אַגעוו איז דאָס זיי׳ער אַ רײַכער איניען, די קעלבער. ווערסט פון די אַרבעטס־טעג אָפּשפּאָרן אַ נאַדן. באַ אונדז אין דעם „רויטן אַקער“ ווייסט דאָך וואָס פאַר אַ טאָג לוין.. — דער פּאָרזיצער האָט זיך פאַרכמורעט און צוגעגעבן — געוועזן.

אַזוי האָט מוסיאַ וואָלקאָוואַ, וועלכע פלעגט שטענדיק פאַר־כאַפּט ווערן פון אַן אינטערעסאַנטער אַרבעט, אָנגעהויבן באַקענען זיך מיט איר נײַעם פאַך אונטער דער „קאָמאַנדע“ פון דער גע־גיטסטער קעלבער־ציכטלערן פון דעם קאָלווירט, די אַלטע באָבע פּראַסקאָוויאַ. זי האָט זיך אויסגעלערנט זיי צו דערקענען ניט בלויז לויט זייערע נעמען, נאָר אַפילו אונטערצושיידן זייערע כאַראַק־טערן. גאָר שנעל האָט זי שוין געקענט זייער געניט און געשיקט צוגרייטן פאַר זיי שפּײַז, אונטערשפּרייטן שטרוי פאַר זייערע גע־לעגערס, זיי געהאָדעוועט, גערייניקט און געהיילט. אַממייסטן איז איר געפעלן געוואָרן דער ווינקל פאַר די גאָר קלענסטע קעלבלעך — די קינדערהיים, ווי פּראַסקאָוויאַ האָט אַ נאָמען געגעבן יענעם געמיטלעכן ווינקל, ווו עס האָבן זיך געפונען צוזאַמען מיט זייערע מוטערס די געבוירענע דאָ אין גראָבן, קעלבלעך: „בעריאָזקעלע“, „סאָסנעלע“, „יאָלקעלע“, „לאָנקע“ און דער „דעמבל“ — אַ גרויס־קעפּיקער, שפּילעוודיקער עקסעלע, וועלכער איז אַגעוו נאָך קוים געשטאַנען אַף זײַנע לאַנגע, צעפּאָרענע פּיסלך.

מיט דער באָבע פּראַסקאָוויאַ, וועלכע האָט געשעמט איבערן גאַנצן קאָלווירט מיט איר בייזן כאַראַקטער, האָט מוסיאַן צוגע־האָלפן זיך באַפרײַנדן, דער גרויסער צאַר, וועלכן די אַלטע האָט ערשט ניט לאַנג איבערגעלעבט. די בענקשאַפט און טרויער נאָך אירע אומגעקומענע אייניקלעך, האָט געגעבן מוסיאַן די מעגלעכ־קייט צו דערקענען אונטער דער בייזער מאַסקע פון דער אַלטער שטענדיק אומצופרידענער פרוי, אַ צוגעבונדענע און געטרײַע נע־

שאָמע. זייער פרײַנטשאַפט האָט זיך אָנגעפאַנגען פון דעם, וואָס די אַלטע האָט אַרויסגעיאָגט מוסיאַן פון דעם קעלבער־שטאַל דערפאַר, וואָס יענע איז געקומען אָנגעטאָן אין אַ קאָלירטער זײַדענער קליידל — „אָפּשרעקן די אָקסן". און עס האָט זיך פאַרענדיקט מיט דעם, וואָס די אַלטע האָט אַליין אַריבערגעטראָגן דעם מיידלס רוק־זאַק מיט אירע בעבעכעס צו זיך אין ערד־שטיבל, וועלכע איז געווען אויסגעגראָבן לעבן דעם קעלבער־שטאַל, איר אָפּגעטראָטן איר געלעגער און אַליין זיך אײַנגעאָרדנט אַף דער ערד.

מוסיאַ איז זייער גערן אַריבערגעגאַנגען אין ערד־שטיבל פון איר נײַעם שעף, איר איז געווען זייער פײַנלעך צו באַלעסטיקן מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַ מיט אירע קינדערלעך. די אַלטע פּראָסקאָוויאַ האָט איר דערמאָנט איר אייגענע אַלטיטשקע הינקעדיקע באָבע, וועלכע האָט זייער ליב געהאַט און געפּיעשטשעט די אייניקלעך. אַ דאַנק דער נײַער שכיינע איז פּראָסקאָוויאַן לײַכטער געוואָרן איבערצוטראָגן איר איינזאַמקייט און דערצו האָט די אַלטע געהאַט אַ לײַדנשאַפט, וועלכע איז גוט באַקאַנט געווען דעם גאַנצן קאָלווירט — זי האָט זייער ליב געהאַט צו דערציילן מײַסעס און האָט זיך גענויטיקט אין אַ צוהערער.

אַגעוו האָט דער דאָזיקער כעסאָרן גאָרניט געקוועלט מוסיאַן. די אַלטע, וועלכע האָט אַ סאַך איבערגעטראָגן אין איר לעבן, האָט געקענט זייער אינטערעסאַנט און בילדעריש דערציילן און פלעגט זיך קיינמאָל ניט איבערכאַזערן. אָבער ווען זי פלעגט פאַרפירן אַ שמועס אַף איר באַליבטער „קעלבערנער" טעמע, דאַן איז זי פּאָשעט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ דיכטערן און מוסיאַ פלעגט ניט מיד ווערן הערן אירע פאַרשיידענע אָנווײַזונגען, וואָס האָבן אַ שײַכעס מיטן אומגיין אַרום די קליינע פּענסיאָניסטן. לויט פּראָסקאָוויאַס רייד, האָט יעדעס קעלבל געהאַט זײַן אייגנאַרטיקן כאַראַקטער און דעריבער געפאָדערט צו זיך אַ באַזונדערע באַציִונג. די אַלטע האָט אָן אַ שיר געקענט דערציילן וועגן די פריילעכע שטיפערײַען פון דער שפּילעוודיקער „לאָנקע", וועגן די קאַפּריזן פון דער געפּיעשטשעטער „סאָסנעלע", וועלכע האָט קיינמאָל ניט געגעסן אָן ספּעציעלע קונץ־שטיק און דעריבער האָט מען געמוזט איר קיצלען אונטערן העלדזל, קעדיי אַרויסצורופן בײַ איר דעם אַפּעטיט; וועגן דער פּרעסערקע „בעריאָזקעלע", וועלכע איז צו־

ליב עפּעס ניט געראָטן ניט אין טאַטן און ניט אין דער מאַמען, און באַם עסן שטענדיק אָפּגעשטופּט די שכיינים פון דער מוטער; וועגן דעם געמיינעם כאַראַקטער פון דעם קליינעם „דעמבל" אין וועמענס פאַרשלאָפענע אייגעלעך פראַסקאָוויאַ האָט געזען אַ פאַל־שע מעלאַנכאָליע און אַן אויסערגעוויינלעכע בייזוויליקייט.

די אַלטע האָט ווי עס שיינט טאַקע אַף אַן עמעס געמיינט, אַז איר אַרבעט באַ די קעלבער איז די וויכטיקסטע פון אַלע אַר־בעטן אַף דער וועלט און ווען אין גאַנג פון דעם לאַגער־לעבן פלעגט מען אַמאָל עפּעס „פאַרבויגן די קעלבערישע אינטערעסן", פלעגט זי אויסווישן אירע הענט מיטן פאַרטעך, פעסטער פאַרבינדן איר קאָפּטוך אונטערן קין און זיך אַוועקלאָזן דרייסט צו קעמפן מיט מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַ אָדער אַפילע מיט איגנאַט רובצאָוון אַליין, וועלכן זי האָט אַגעוו זייער געשעצט און פאַר וועמען זי האָט טאַקע אויך אַביסל מוירע געהאַט. זי האָט געטרוימט וועגן עפּעס ספּעציעלע מולטערלעך און קאָריטעס, וועלכע זי האָט פאַראַיאָרן געזען אַף דער לאַנדווירטשאַפטלעכער אויסשטעלונג, פּונקט ווי עס וואָלט זיך געהאַנדלט וועגן מעבל פאַר איר כאַטע.

— שטאַרבן זאָל איך אָן ווידע און אָן אַ העספּעד, ליגן זאָל איך באַגראָבן אָן אַ ציילעם, אויב איך וועל ניט אַרויסרייסן באַ דעם קאַרגן רובצאָוון אַזעלכע מולטערלעך. דער אַלטער הינקעדי־קער שעד וועט זיך פון מיינע הענט ניט אַרויסדרייען — ניט פון אַזעלכע בין איך!

— איז דען איצט אַ צייט צו טראַכטן וועגן די מולטערלעך? דער פאַשיסט איז דאָך אַרום אונדז, אַ מילכאָמע...

— עמעס, דער פאַשיסט... אָבער וואָס־זשע, גאָט מיינער, איז ער דען אַף שטענדיק געקומען? דער פאַשיסט, מיידעלע, איז פּונקט, ווי די כאָלערע. זי שניידט און קאָסיעט אַרום זיך און מיט־אַמאָל פּיוט... ניטאָ מער. און וווּ קוקט עס דער ריבוינע־שעל־אוילעם, פאַרוואָס דערלאָזט ער גאָר אַז אַזאַ פאַסקודסטווע זאָל אַף דער ערד זיך פלאָדיען?

אין אַ ווינקל פון פראַסקאָוויאַס שטיבל זיינען געהאנגען אַל־טע, הילצערנע איקאָנעס, — באַשמוצטע פון פליגן און אויסגע־פּרעסענע פון האָליץ־זשוקעס, — וועלכע זי האָט בעשום אויפן ניט געוואָלט איבערלאָזן אין דאָרף „אַף לעסטערונג פאַר דעם אַנטי־

קריסט״. די אַלטע איז געווען אַ גלייביקע, אָבער איר גאָט איז געווען עפּעס אַן אייגענער, אַ היימישער. לויט איר באַגריף, האָט ער פֿאַרנומען אַן אַמט עטוואָס העכער פֿון דעם קאָלווירטישן פֿאַרזיצער, באַ אַ געלעגנהייט האָט מען געמעגט באַ אים אויסבעטן עפּעס פֿאַר זיך, אָדער פֿאַרן קעלבער־שטאַל, און אַמאָל אַפֿילע אַ קאַפּיטשקע אויסזידלען אויך.

— ווייסטו, מאַשענקאַ, ווען די מילכאָמע האָט זיך אָנגעהויבן בין איך דאָך, די זינדיקע, אין סאַמע ברען פֿון פֿעלד־אַרבעט פּופּצן וויאָרסט געלאָפֿן אין קלויסטער, כ׳האָב זיכערע אַנדערטהאַלבן אַרבעטס־טעג פֿאַרלאָרן. אַ ליכט געקויפֿט, אַפֿן טעלער געלייגט און דעם גאַלעך אויך ניט געזשאַלעוועט. און וויפֿל האָב איך זיך באַ אים געבעטן: „ריבוינע־שעל־אוילעם, לאָז ניט צו די פֿאַרשאָלטענע אַפּיקאָרסים צו אונדזער קאָלווירט, דערפֿיר ניט דערצו אַז די קעלבלעך זאָלן מוזן זיך לאָזן אין אַ ווײַטן וועג!״ און וואָס מיינסטו, ער האָט דאָך מיך ניט געפֿאָלגט. זעסט דאָך, מיר געפֿינען זיך אין אַ וואַלד, אין אַ געדיכטעניש, פּונקט ווי ווילדע כאַיעס... און מײַנע אייניקלעך, די אומשולדיקע אייפֿעלעך... — די אַלטע האָט זיך פֿאַרקרימט, אָנגעהויבן צו אָטעמען האַסטיק, געשנאָרכט מיט דער נאָז און האָט אויפֿגעהויבן צו די הייליקע בילדער אירע פֿאַרווייַנטע בייזע אויגן — און ווּהין האָסטו געקוקט?! האָסט אינגאַנצן פֿאַרלוירן דײַן געוויסן?! האָסט דערלאָזט, אַז די ראָצכים זאָלן מײַנע אייפֿעלעך מיטן טאַנק...

אין אַ פֿרײַער צײַט פֿלעגט פּראַסקאָוויאַ זינגען מיט אַ ציטערדיק קעלעכל אַלטע, טרויעריקע פּויערישע לידער און מוסיאַ, אויפֿכאַפּנדיק די מעלאָדיע, פֿלעגט איר צוהעלפֿן אָן ווערטער.

מוסיאַס שטימע, אַ קלינגענדיקע און ריינע, ווי דאָס וואַסער פֿונעם קוואַל וואָס האָט געשלאָגן אַפֿן דעק פֿון גראָבן, האָט אינגאַנצן באַזיגט פּראַסקאָוויאַן, וועלכע האָט אַליין אין דער יוגנט געשעמט פֿאַר דער בעסטער זינגערקע אין דאָרף. דערוויסנדיק זיך אַז מוסיאַ האָט שטודירט געזאַנג און אויסהערנדיק אַ פּאָר פֿון אירע באַליבטע ראָמאַנסן, האָבן זיך באַ דער אַלטער פּראַסקאָוויאַ באַוויזן טרערן אין די אויגן און זי איז איבערפֿולט געוואָרן מיט אַזאַ געטרײַער צערטלעכקייט צום מיידל, פּונקט ווי זי וואָלט גע־

ווען דאָס קלענסטע און אומבאַהאָלפנסטע פון אַלע אירע קעלבלעך, וועלכע זי האָט געהאָדעוועט.

אין די אָוונטן, ווען אין גראָבן האָט זיך שוין אַראָפּגעלאָזט דער געדיכטער בייך־האַשמאָשעס און נאָר אַף די שפּיצן פון די סאָסנעס, וועלכע זײַנען געוואַקסן אויבן האָט נאָך געפלאַקערט די שײַן פון זון־אונטערגאַנג, אין יענער שטילער, קילער שאָ, פלעגן די מיידלעך און ייִנגערע פרויען זיך אויסזעצן אַף צוויי אומגעוואָרפענע שטאַמען, צווישן וועלכע עס איז געווען אויסגעטראָטן אַ קליינער פלאַץ. די צוויי קלעצער, וועלכע האָבן געגלאַנצט פון דעם אָפטן זיצן אַף זיי האָבן פאַר די פרויען פאַרביטן די לאָנקע אַרומגעשטעלט מיט בענק, וואָס האָט זיך געפונען אַנטקעגן דעם קאָלווירטישן קלוב, וואָס איז אויסגעבויט געוואָרן אין דעם „רויטן אַקער" ערשט אַ יאָר פאַר דער מילכאָמע.

וואַרוואַראַ סייקינאַ האָט געשפּילט אַף אַ באַלאַלײַקע און באַגלייט פון דעם קלאַנג פון די סטרונעס פלעגן די מיידלעך זינגען:

מײַן געליבטער — ווי אַ קעלבל
בלויז פאַראַן איין אונטערשייד
קריכט דאָס קעלבל מיך צו קושן
מײַן געליבטער — קיינמאָל נית.

די טשאַסטושקעס האָבן זיך געשאָטן, איינע כוצפּעדיקער פון דער צווייטער, אַלץ פעסטער און שטאַרקער האָבן געקנאַקט די אָפּצאַסן פון די זינגערקעס, די אײַנגעטראָטענע ערד, די הילכיקע שטימעס, דער קלאַנג פון דער באַלאַלײַקע — פלעגן אויפוועקן די נאַכט אין וואַלד, אויפהייבן די אַנטשלאָפן געוואָרענע פייגל, וועלכע פלעגן זיך אָפרײַסן פון די צווײַגן און סווישטשענדיק מיט זייערע פליגלען פאַרשווינדן אין דעם כוישעך. און פלוצים אין סאַמע ברען פון דער פריילעכקייט, גיט אַ פרוי אַ זיפץ:

— ווו איז ער איצט, מײַן געליבטער?

עס ווערט מיטאַמאָל איבערגעריסן דער געזאַנג און דאָס שפּילן, עס ווערט אײַנגעשטילט די קלאַפערײַ פון די אָפּצאַסן, די פרויען און מיידלעך רוקן זיך צונויף ענגער אַף די קלעצער, טוליען זיך צו נענטער איינע צו דער אַנדערער און עס הייבן זיך אָן שטילע, טרויעריקע געשפּרעכן וועגן דעם, וואָס דער פאַשיסט טוט

איצטער דאָרט אין זייער „רויטן אַקער". מען דערמאָנט די מענ־ און די כאַסאַנים, וועלכע קעמפן איצט ווער ווייס וווּ.

און אַמאָל אין אַזאַ שטילער מינוט האָט זיך די אַלטע פּראָסקאָוויאַ, וועלכע האָט קיינמאָל ניט פאַרפעלט די „טאַנץ־אָוונטן", איינגעבעטן מוסיאַן זי זאָל זינגען.

אין דעם אויגוסט־הימל האָבן געגליט די צעשאָטענע שטערן. די נאָך ניט אויפגעגאַנגענע לעוואָנע האָט מיט איר שײַן ווי גע־מאָלן די כוואַליעדיקע וואַנט פון וואַלד. סוידעסטפּול און אומרויִק האָבן געררישט די סאָסנעס. און אין דער שטילקייט פון וואַלד האָט גאָר אַף אַ באַזונדערן אויפן אָפּגעקלונגען דאָס ליד וועגן דעם ווינטער־אָוונט, וועגן די שניי־זאַווערוכעס און וועגן דער איינזאַמ־קייט פון דעם פאַרשיקטן דיכטער.

ניין, אַפילע אין מאָסקווע פאַרן אויפמערקזאַם־שטילן סאַלאָן אין דעם גליקלעכסטן טאָג פון איר לעבן, האָט דאָס מיידל ניט געזונגען אַזוי ווי דאָ אין דעם גראָבן פאַר די פרויען, וועלכע האָבן מיט אַזאַ שטאָלץ איבערגעטראָגן די אַלע אויסערגעווייגלעכע שווע־ריקייטן. עס האָט זיך אויסגעדוכט, אַז דאָס ליד פילט אָן דעם גאַנצן כאַלעל און דערגרייכט אַזש ביז צו די שטערן. און ווען מוסיאַ האָט מיט ניט־געקינסטלטער אויפרעגונג שטיל אַרויסגעזונ־גען די ווערטער: „לאָמיר אויסטרינקען פאַר צאַר, ווו איז דער בעכער, פריילעך ווערן וועט דאָס האַרץ...", האָט זי דערהערט — טאַקע בעפּיירעש דערהערט, ווי עס ענטפערט איר אָפּ אַזאַ מין שטילקייט, אַז עס האָט זיך דײַטלעך דערטראָגן דאָס ווײַטע הוקען פון אַ סאָווע און די פאַרשטיקטע זיפצן און שטילער געוויין פון די קוים באַמערקבאַרע, אין דער פינצטער, צוהערער.

דערנאָך האָט זיך צו אירע אויערן דערטראָגן אַ פאַרשטיקט געוויין. דאָס מיידל האָט אַ טראָט געטאָן פאָרויס און באַמערקט, אַז דאָס וויינט די שטענדיק פריילעכע, צערויטלטע וואַרוואַראַ סיי־קינאַ, אָנגעשפּאַרט מיטן קאָפּ אָפן גריף פון דער באַלאַלײַקע.

אין יענער קילער אויגוסט־נאַכט האָט מוסיאַ דערפילט די זי־כערקייט, אַז אין דער צוקונפט, עפּשער ניט אַזוי גיך, און טאַקע אַף זיכער ניט אַזוי גיך, אָבער זי וועט אַף געוויס ווערן אַזאַ זינ־גערין, ווי יענע פרוי, וועלכע האָט איר אַמאָל געקושט הינטער די קוליסן פון מאָסקווער טעאַטער.

## VII

איינמאָל אין אַ פרימאָרגן, ווען מאַטריאָנאַ ניקיטישנאַ האָט זיך שוין געקליבן גיין אין שטאַל צו די קי, איז צו איר אין שטיבל אַרײַן איגנאַט רובצאָוו.

נאָך באַם שוועל האָט ער הילכיק באַגריסט: „אַ גוטער מאָרגן אײַך!“, זיך אַ שפּיל געטאָן מיט די אייניקלעך, פאַרפירט אַ שמועס וועגן עפּעס אַ מינדערוויכטיקן איניען און זויגנדיק זײַן ליולקע אָנגעהויבן זיך צו דערמאָנען וועגן אַן אַלטער געשיכטע, ווי אַמאָל באַם אויסטויש פון מיטשורינישע פלאַנצונגען האָט דער פּאָרזיצער פון קאָלווירט „דער קעמפער“, געהאַט בעדייע אים צו באַשווינדלען, און ווי געשיקט האָט דאַן ער, רובצאָוו, אויפגעדעקט דעם שווינדל.

מאַטריאָנאַ ניקיטישנאַ האָט זייער גוט געקענט איר שוועער און האָט דעריבער געקוקט אַף אים מיט אַן אַלץ מער און מער וואַקסנדיקן אומרו. זי האָט געפילט, אַז דער זאַכלעכער, שטענדיק זייער קאַרגער אַף איבעריקע רייד מענטש, פלאַפּלט בעקיוון נאַרישקייטן, ווײַל ער וויל פאַרשלעפּן דעם געשפּרעך און קען זיך ניט באַשליסן, וויאַזוי אָנצופאַנגען אַ שמועס וועגן אַ האַרבן איניען. איר האַרץ איז געוואָרן וואָס אַמאָל אַלץ מער אומרויִק.

— געשען עפּעס אַן אומגליק, פאָטער? רייד שוין, מאַטער ניט — האָט זי סאָף־קאָל־סאָף ניט אויסגעהאַלטן.

דער פאָרזיצער פון קאָלווירט האָט צונויפגענומען זײַנע געדיכטע ברעמען און אַרויסציִענדיק אַ פאַרשטאָכן שטיקל האָלץ פון זײַן ברייטער שאַרסטקער דלאָניע, געענטפערט:

— וואָס עפּעס אַן אומגליק — אַן איניען! אַ נו, שרעטעלעך, מאַרש אַרויס אַף דער פרײַהייט. באַ מיר מיט אײַער מוטער וועט פאַרקומען אַ שמועס וועגן פאַרטיי־איניאָנים.

װען אַף די ערדענע טרעפּלעך האָבן אָפּגעהילכט די קינדערישע פּיאַטעס, האָט ער אָפּגעלעקט די פאַרשטאָכענע װונד און געזאָגט:

— מאַטריאָנאַ, איך מיט דיר זײַנען דאָ די איינציקע צװיי קאָמוניסטן. איך דערקלערט פאַר אָפּן די פּאַרטיי־פאַרזאַמלונג. לאָמיר באַשליסן װער פון אונדז ביידע זאָל אָפּטראָגן דאָס גאָלד.

מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַ פלעגט אַליין זיך אויך ניט איינמאָל פאַרטראַכטן, װער זאָל װײַטער טראָגן דעם אַזוי אומגעריכט געפונענעם אוצער. אָבער יעדעס מאָל האָט זי פאַטריבן פון זיך די אומרויִקע מאַכשאָװעס.

— מאַשאַ איז אַ פעסט מיידל, אָבער דאָך ניט מער װי אַ מיידל! קען מען דען אָנפאַרטרויען בלויז איר אַליין אַזעלכע װערטזאַכן? איינער פון אונדז ביידן װעט מוזן זי באַגלייטן.

אַף אַ רגע האָט זיך מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַ פאַרגעשטעלט דעם גאַנצן גרויל, װעלכן זי האָט איבערגעלעבט בײַ דער באַגעגעניש מיט די פאַשיסטן אַפן װעג. זי האָט אַ כאַפּ געטאָן פון בעט אירישקעס ליאַלקע, געמאַכט פון שמאַטעס, זי צוגעדריקט צו זיך און אַרויסגעשטאַמלט:

— פאָטער, איך האָב דאָך קינדער, װי מעג איך דאָס?

— װעגן װירטשאַפט רייד איך ניט. איך װייס אַז מיטן לאַגער װעסטו זיך ניט ערגער פון מיר אַן אייצע געבן — האָט אַ ברום געטאָן איגנאַט. ער האָט מיט פאַרדרוס אַ פּאַטש געטאָן איבער זײַן צעקאַליעטשעטן פוס — אָבער טשוירטשילס פאַרשאָלטענע מאַטאָנע לאָזט ניט! װייסט דאָך אַליין װאָס פאַר אַ פוסגייער איך בין, און דאָ... װעלדער, זומפּן. אַף אַ טאַראַטײַקע װעסטו זיך ניט דורכפאָרן איבער דעם פאַשיסטישן הינטערלאַנד.

איגנאַט האָט זיך דענערװירט און דאָס ניט געקענט אויסבאַהאַלטן. ער האָט קעסיידער אַרויסגעשלעפּט די ליולקע פון זײַן קעשענע און גלײַך זי װידער אַהין פאַרשטעקט. זײַנע גרויסע הענט האָבן דערבײַ געציטערט. דער שראַם אַף זײַן פּאָנעם איז טונקלרויט און אַפילע אויפגעשװאָלן געװאָרן. עס איז געװען קענטיק, אַז דער גאַנצער שמועס איז אים פּײַנלעך, יעדעס װאָרט האָט ער אַף קויעך אַרויסגעקװעטשט פון זיך.

— איך טראַכט פון דעם, מײַן טײַערע שנור, שוין עטלעכע טעג. פאַרשטייט זיך, אַז פאַרמעל זײַנען מיר אין אָרדענונג, עס

פעלן אונדז ניט אַזוי אויך קיין דײַגעס. לײַכטער פון אַלץ וואָלט געווען אַזוי: „דאָ האָסטו, מיידל, דײַן זאַק, באַ דיר שפּײַז אָפּן וועג — און אַ גליקלעכע רײַזע״. עמעס? אָבער אין טאָך גענומען, האָבן מיר דען ביידע, צוויי פּאַרטיי־מיטגלידער, דאָס רעכט אַרויס־צולאָזן דאָס מיידל אייגנע אַליין אין אַזאַ ריזיקאַלישן וועג? דאָס איז דאָך אַזאַ ווערט־זאַך... וואַרטן אָבער טאָר מען אויך ניט. די מילכאָמע פֿאָדערט גרויסע הויצאָעס... און דאָ ליגט אַזויפיל גאָלד.

מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַ האָט געשוויגן. אירע ציטערדיקע פינ־גער האָבן געגלעט די ליאַלקע, אויסגעגלײַכט די קנייטשן פון דער ליאַלקעס קלייד. איגנאַט איז אויפגעשפּרונגען. לאַווירנדיק פלינק צווישן דעם טיש און די קלעצלעך, וועלכע האָבן געדינט פאַר בענק־לעך, האָט ער הינקענדיק געשפּאַנט איבער דעם ערד־שטיבל.

— פאַר מײַנע אויגן שטייט אַלץ יענער אַלטער... שוין קימאַט אַ קאַלטער — און דאָך: „שווערט מיר...״ און מוסיאַ האָט דאָך דערציילט, אַז ער איז געווען אַן אומפּאַרטייִשער. און איך מיט דיר ווער זײַנען? זאָג אַליין ווער?

די פרוי האָט ווידער צוגעדריקט צו זיך די ליאַלקע, פּונקט ווי עמעצער וואָלט זי געוואָלט באַ איר צונעמען.

— זאַינקאַ איז דאָך נאָך ערשט דרײַ יאָר אַלט — האָט זי שטיל אַרויסגעשעפּטשעט — מען מוז דאָך אַף איר אַכטונג געבן...

איגנאַט האָט זיך געזעצט באַם טיש, אַרויפגעלייגט זײַנע הענט, צונויפגעפלאָכטן די פינגער און לאַנג געשוויגן. זײַן פּאָנעם האָט זיך אָנגעשטרענגט, געוואָרן רויט, אַף זײַנע שלייפן זײַנען בוילעט אַרויסגעטראָטן בלויע אָדערן, פּונקט ווי ער וואָלט געהאַט אויפגעהויבן פון דער ערד און געפּרוווט אָוועקטראָגן אַ צו שווערע, פאַר זײַנע קויכעס, מאַסע.

— דיר קומט אויס צו גיין, מאַטריאָנאַ רובצאָוואַ — האָט ער ענדלעך געזאָגט, זײַן שטימע איז געווען הייזעריק, דער אָטעם שווער. — קיין אַנדער אויסוועג קען מען ניט צוטראַכטן, דו מוזט. אַף די אייניקלעך וועל איך אַכטונג געבן, איך בין פאַראַנטוואָרט־לעך פאַר זיי, פאַר דיר און פאַר מײַן זון.

— ווען דאַרף מען אַרויסגיין? — האָט געפרעגט מאַטריאָ־נאַ ניקיטיטשנאַ.

זי איז האַסטיק אױפגעשפּרונגען, זיך אױסגעדרײט מיטן רוקן צום שװוער און איז געבליבן שטײן קעגנאיבער סטאַלינס בילד.

איגנאַט האָט אױך איבערן אַקסל געקוקט אַפן בילד פון יע־נעם מענטשן, װעלכן ער האָט דערזען צום ערשטן מאָל מיט אַ סאַך יאָרן צוריק אין אײנעם אַ טונקעלן פּעטערבורגער פרימאָרגן. ער האָט אים דערזען אַ שטײענדיקן אַף אַ טרעפּל פון אַ װאַגאָן, װעל־כער האָט זיך לאַנגזאַם דערנענטערט צו דער פּלאַטפאָרמע פון פינ־לענדישן װאָקזאַל. ער האָט דערזען אים און לעבן אים נאָך אײ־נעם, אױך אַזאַ טײַערן מענטשן — לענינען. ער האָט אים דערזען קעדײ אַף אײביק אײַנקריצן באַ זיך אין זיקאָרן, ביז צום לעצטן שטריך פון יענעם, נאָך דאַן גאָר יונגן פּאָנעם, יענע שװאַרצע פאָרשנדיקע אױגן, װעלכע האָבן מיט אַ פרײדיקער שעלמישקײט באַטראַכט די באַן־סטאַנציע, דעם אַרבעטער־האַמױן, די זעלנער און מאַטראָסן. און, װי שטענדיק, אין אַ שװוערער מינוט האָט זיך אױך איצט דער קאָלװירטישער באָלשעװיק געװענדעט בעמאַכשאָװע צו אים נאָך אַן אײצע. װאָס טוט מען? האַנדלט ער ריכטיק, שיקנדיק אין אַזאַ געפערלעכן װעג די פרױ, די מוטער פון זײַנע אײניקלעך. און פּונקט װי ער װאָלט באַקומען אַ גינסטיקן ענטפער, האָט ער זיך גלײַך באַרױיקט, און שױן מיט זײַן געװײנלעכער שטימע, מיט װעלכער ער פלעגט געבן פאַראָרדענונגען אין זײַן װירטשאַפט, האָט ער געזאָגט:

— אײן טאָג אַף צוגרײטן זיך און מאָרגן באַגינען װעט איר זיך לאָזן אין װעג אַרײַן.

מאַטריאָנאַ ניקיטישנאַ האָט אױך געקוקט אַפן בילד, אָבער דעם בילד האָט זי ניט געזען, ער האָט זיך צעשװומען אין דער װאַרעמער פײַכטקײט װעלכע האָט אָנגעפילט אירע אױגן. זי האָט געזען פאַר זיך ניט קײן בילד, נאָר אַ לעבעדיקן מענטשן — זי האָט אים געזען אַזױ, װי אין מעשעך פון לאַנגע שאָען האָט זי אים באַטראַכט בעשאַס דער באַראַטונג פון די שלאָגער־פּיציכטלער. ער האָט געקוקט אַף איר מיט גוטע, שטרענגע אױגן, מיט יענעם לײַכטן, קױם באַמערקבאַרן שמײכל, װעלכן מען האָט ניט אַזױ דערזען, װי דערפילט אונטער זײַנע שװאַרצע װאָנסעס. סטאַלין האָט געשמײכלט, און זי, די אַמאָליקע דאָרפישע יעסױמע, „דער סוכאָטניצעס טאָכטער", װעלכע האָט צוזאַמען מיט רעגי־

רונגס־פירער אָנטיילגענומען אין די באַראַטונגען וועגן דעם גורל פון דער פאַרגעזעלשאַפטלעכטער פיצוכט, האָט געקוקט אַף אים און געפילט, ווי אַן אויפברויזנדיקע פרייד פילט אָן איר ברוסט, און זי האָט דאַן גערעדט צו אים אין אירע געדאַנקען, אַז איר וועט קיין זאַך ניט שווער זײַן, אויב עס וועט זיך פאָדערן, איז זי גרייט איר לעבן אָפּצוגעבן פאַר איר גליק, פאַר איר היימלאַנד.

און איצט, דאָ, אין דעם ערד־שטיבל האָט זי אים ווידער געזען פאַר אירע אויגן און ווי דאַן אויך הײַנט איבערגעכאַזערט די זעלבע ווערטער, באַקומענדיק דורך זיי אַנטשלאָסנקייט און זי־כערקייט.

אין דער זעלבער צײַט זײַנען אין פראַסקאָוויאַס ערד־שטיבל געזעסן באַ אַ שיסל זויערמילך מיט שטיקער טרוקענע ברויט פון קלײַען, מוסיאַ און די אַלטע און האָבן געפרישטיקט.

באַגעגענענדיק סאָף־קאָל־סאָף אַ מענטשן, וועלכער האָט גאַנץ גערן אויסגעהערט אירע מײַסעס, אָן כויזעק און אַפילע אָן די אי־ראָנישע פײַערלעך אין די אויגן, וועלכע די אַלטע האָט אַזוי פײַנט געהאַט, האָט זיך פראַסקאָוויאַ צעלאָזט אַף איר באַליבטער טעמע.

און דו ביסט טאַקע גערעכט מיט דעם וואָס דו זאָגסט! דער גאַנצער אויצער דײַנער איז שטויב... העוועל האַוואָלים... דאָ, אין שטאַל באַ די קעלבער, דאָ זאָלסטו, מיידל, זוכן דײַן אויצער! וואָס מיינסטו? אַף אונדזער קאַרגער ליימיקער ערד, קען די אַשי־רעס קומען נאָר אַ דאַנק די גוטע בעהיימעס. נאָר אַזעלכע ניט־באַוווסטזיניקע באַשעפענישן, ווי לעמאָשל, וואַרוואַראַ. סײַקינאַ, טראָגן זיך אַרום מיט רעכילעס, אַז איך, די אַלטע פראַסקאָוויאַ בין אַ „קעלבערשע גאָטעס־מוטער” און נאָך אַנדערע ענלעכע שטו־סים. און איך וועל יענער רויט־פאַרצעפּדיקער דערויף אָט־וואָס זאָגן: „אַ נאַר ביסטו, אַן אָפּגעריסענער נאַר! ווו זײַנען אויס־געוואַקסן דײַנע רעקאָרד־בעהיימעס? ווו? טאַקע באַ דער אַלטער פראַסקאָוויאַ אין שטאַל. אָט ווו! הייסט עס, דו אומפאַרשעמטע פלוישערקע, פון וואַנען שטאַמט דער שוירעש פון דײַן רום? אַזוי איז דאָס!” די אַלטע האָט מיט ניצאָכן אָנגעקוקט מוסיאַן, פונקט ווי אַנטקעגן איר וואָלט געשטאַנען איר אייביקער קעגנער, וואַר־וואַראַ סײַקינאַ, דערנאָך האָט זי סוידעסדיק אַ שמייכל געטאָן און איבערבייגנדיק זיך איבער דער שיסל אָנגעהויבן צוטרוילעד־

שעפּטשען: — און אונדזער באַרימטע מאַטריאָנאַ, ווי מיינסטו, פון וואָס האָט זי אָנגעהויבן? פון אַ קעלבל, ליבינקע, פון דעם קעלבל „ציגעלע", אָט פון וואָס. ביז צום קעלבל, ווער איז זי גע־ווען די מאַטריאָשקאַ? די לעצטע שלעפּערקע, אַ בעטלערקע, גאָט זאָל מיר אַזוי העלפן. זי אַליין האָט וועגן דעם דערציילט אַף אַ פאַרזאַמלונג, ווען מען האָט זי אַרויסגערופן אין קרײַזדראַט. טאַקע מיט די ווערטער געזאָגט: „איך בין געווען, כאַוויירים, אַ שלע־פּערקע, אַ בעטלערקע". אַלע האָבן געהערט.

אין דעם ערד־שטיבל ווערט אַף אַ ווײַלע שטיל. עס הערט זיך ווי עס קלאַפּן די הילצערנע לעפל איבער דער אַלומינענער שיסל. ענטפערנדיק אַף אירע אייגענע, אַ דאַנק דעם געשפּרעך, געבוירענע געדאַנקען, הייבט אָן מוסיאַ שטיל צו זינגען אַ טרויע־ריק לידל, וועלכעס זי האָט געהערט פון מאַטריאָנאַ ניקיטישנאַ. און וועלכעס איז איר שטאַרק געפעלן:

שיין בין איך שיין,
צעריסן איז מײַן קליידל,
קיינער וויל ניט נעמען
מיך, אַן אָרעם מיידל.

די אַלטע לייגט אָפּ איר לעפל אין אַ זײַט און העלפט צו מיט איר ציטערדיקער, אָבער נאָך גאַנץ אָנגענעמער, האַרציקער שטימע:

כ׳וועל אין קלויסטער גיין
קיינער זאָל ניט וויסן
כ׳וועל בעטן בײַ גאָט
מיט טרערן זיך באַגיסן.

— אָט אַ שויטע! געפונען צוליב וואָס זיך באַגיסן מיט טרערן! — רײַסט פּלוצים מוסיאַ איבער דאָס ליד. — אויך מיר אַן אומגליק, דאָס קליידל צעריסן, אָרעם אָנגעטאָן! וואָלט זי פּלײַ־סיקער געאַרבעט, וואָלט זי זיך אָנגעטאָן ווי ס׳באַדאַרף צו זײַן. ניט וויינען, קלאָגן, בעטן גאָט. אַזעלכע נאַרישקייטן!

די אַלטע קוקט אַף מוסיאַן מיט אַ שעלמישן שמייכל.

— קוק איך אַף אײַך, אַף דער הײַנטיקער יוגנט און זע, אַז

איר פאַרשטייט גאָרניט. נו טאַקע לעגאַמרע גאָרניט! „זי וואָלט געגאַנגען און פאַרדינט". דאָס איז גרינג צו זאָגן. אָט האָב איך ביז צו דער כּופּע אָרומגעשפּאַצירט אין מײַן איין און איינציקן ציצענעם קליידל, טויזנטער מאָל פאַרלאַטעט. פאַר גאָט, פאַר לײַט און צו יעדער צײַט — אַלץ אין דעם זעלבן קליידל. „אַרבעטן?" און ווו זאָל מען אַרבעטן? אײַך איז איצטער גרינג. אַ גוט־מאָרגן אײַך, ווהין זאָל מען אײַך באַשטימען? עפּשער ווילט איר אַף דער פאַרם, און עפּשער בײַ די קעלבער? אָדער, קען זײַן, אַז איר, אײַער קאָלווירטישע מאַיעסטעט, פאַרלאַנגט גאָר שטודירן אַף אַן אַגראָנאָם, אָדער אַ וועטערינאַר? „געאַרבעט!" געפונען זיך אַ כּאַכעמעס! בײַ אונדז אין „קליוטשי", וואָס איז געווען אַ רײַכער האַנדלס־דאָרף, וועל איך קיין ליגן ניט זאָגן, אויב ניט אַ העלפט, איז זיכער אַ דריטל פון דער באַפעלקערונג פלעגט ווינטער־צײַט אָנטאָן אַ טאָרבע אַף די פּלייצעס און זיך לאָזן אונטער פרעמדע פענצטער מיט אַ ניגן: „שענקט אַ נעדאָווע, גאָט וועט אײַך העלפן!" „פאַרדינען!..." דאָס איז אײַך היינט אַזוי לײַכט.

מוסיאַן געפעלן זייער די מײַסעס וועגן די אַמאָליקע צײַטן, זי באַמיט זיך אויסבאַהאַלטן איר שמייכל און פאַרזיכטיק רעגט זי אָן די אַלטע מיט אירע פראַגעס:

— וואָס־זשע, זיי זײַנען געווען קראַנק, די אָרעמעלײַט?

— קראַנק אויך געווען, זיכער. — ענטפערט די אַלטע, קוקנדיק מיט כּויזעק אַף איר כאַווערטע — געווען קראַנק אויך. בײַ אונדז אין דער ניט־פּרוכטבאַרער געגנט, גלייב איך, אַז אַ האַלבער קרײַז האָט געליטן פון קאַלטון... איר האָט, אַוואַדע, אַפילע ניט געהערט וועגן אַזאַ קרענק. דער גאַנצער קאָפּ באַדעקט זיך מיט קרעץ, ווי מיט אַ היטל. עס כאַפּט מיך אָן אַ גרויל, ווען איך דערמאָן זיך נאָר... אַוואַדע זײַנען געווען אויך קראַנקע, ליבינקע, אָבער נאָך נעדאָוועס פלעגן מערסטנס געזונטע גיין. ווײַל אַ קראַנקער — ווי קען ער גיין? יענער ליגט אונטער די הייליקע בילדער און וואַרט אַפן טויט.

— און וואָס האָט געטויגט צו וואַרטן? באַדאַרפט גיין אין שפּיטאָל זיך היילן. אַף וואָס זײַנען דאָ דאָקטוירים?

די אַלטע גיט אַ פּאַטש מיט אירע טרוקענע הענטלעך.

— אוי, גאָטעניו, פּאָטער, ביסטו דאָס אַ נאַר, מאַשקע! זאָג

מיר נאָר, איך בעט דיך, וואָס לערנט מען אײַך דאָרט אין אײַערע שקאָלעס, קאָמיוגיסטן? אין וועלכן שפּיטאָל האָבן מיר געזאָלט גיין אין יענע צײַטן? געווען אַ שפּיטאָל אײנער אַפן גאַנצן קרײַז, איז ביז צו אים געווען איבער דרײַסיק וויאָרסט. די וועלכע האָבן געהאַט אײגענע פערד, יענע האָבן געקענט פאָרן אין שפּיטאָל. אָבער יענע וועלכע האָבן פאַרמאָגט פערד, האָבן ניט געקרענקט אַף אַ קאָלטון. און אַן אָרעמאַן, אַ קאַבצן, וועט דרײַ מאָל אַפן וועג די פיס אויסצ:ען, ביז ער וועט זיך דערשלעפּן צום שפּיטאָל... אַ קלײניקײט — אַ שפּיטאָל, דאָס האָט איר הײַנט דאָקטוירים און פעלדשערס, צעפּיצשמשעט האָט מען אײַך. און דעמאָלט אַפילע צו אַ זנאַכערקע צו גיין, מוז מען איר אויך כאָטש אַ האַלבן צענ־דליק אײער אונטערטראָגן זי זאָל אָפּשפּרעכן די קרענק. אַ שפּי־טאָל, עך... רעדסט אַמאָל אַרויס עפּעס אַזוינס...

די אַלטע האָט אַ כאַפּ געטאָן איר לעפל און האָט אָנגעהויבן מיט אַ רעציבע זופּן די זויערמילך. זי האָט געשלונגען שנעל, הילכיק און געשמאַק.

דער וואַלד־לאַגער האָט זיך שוין ביסלעכווײַז אויפגעכאַפּט. די מעלקערנס האָבן געקלונגען מיט זײערע מילך־שעפּלען, עס האָבן געקלאַפּט די האַמערס איבער די קאָסעס, ערגעץ הינטערן גראָבן סקריפּען רעדער פון אַ וואָגן, עס מוקען די קי און איבערן גאַנצן לאַגער הערט זיך די שרײַענדיקע קלינגענדיקע שטימע פון וואַר־וואַראַ סײַקינאַ, וועלכע זידלט שוין עמעצן.

— שוין אויפגעפּראַלט אירע אויגן, די באַלאַלײַקע! — ברומט בײז די אַלטע און אויסלעקנדיק דעם לעפל, לײגט זי אים אַוועק אין אַ זײַט. דערנאָך וואַרפט זי אַ קרומען בליק אין יענע־זײַט ווו עס הענגען די טונקעלע הײליקע בילדער, צײלעמט זיך איבער האַסטיק און, דערמאָנענדיק זיך וועגן עפּעס אַן אינטערע־סאַנטן אינײַען, רוקט זי זיך צו ווידער צו מוסיאַן. — דו גלײבסט דאָך, אַוואַדע, ניט, אַז באַ אונדז, אין אונדזער געגנט פלעגן אָפּט־מאָל אומגיין בעטלען גאַנצע דערפער? פרעג באַ מאַטריאָשקאַן, באַ ניקיטישנאַן, וועט זי דיר דערציילן.

דער אַלטערס אײגעלעך הײבן אָן צו פינקלען, די קנײטשן צעלויפן זיך פון זײ, ווי שפּיציקע שטראַלן און מוסיאַ פילט, אַז

באַ פּראַסקאָוויאַן איז שוין צוגעגרייט פאַר איר אַן אינטערעסאַנ־טע געשיכטע.

— איך האָב דאָך דיר שוין דערציילט, אַז אונדזער מאַט־ריאָשקאַ, ניקיטיטשנאַ האָט אָנגעהויבן צו וואַקסן אַ דאַנק אַ קעלבל. יענץ קעלבל האָט געהייסן „ציגעלע". איז דאָס אַן עמעס, אָדער ניט, ווייס איך ניט ,נאָר איך אַליין האָב געהערט פון די פרויען פון „מיגאַלאָוואָ", טאַקע פון דאָרטן פון וואַנען עס איז צו אונדז אין „אַקער" געקומען די פלוישערקע סײַקינאַ, — איז טאַקע באַ זיי, באַ די מיגאַלאָווער האָב איך געהערט, אַז ס׳גייט זיך אַזוי איינמאָל ווינטער מאַטריאָשקאַ מיט איר ברודער קאָלקאַ פון „פּאָל־לעסיע" צו זיי אין „מיגאַלאָוואָ", גייען זיי מיט ליידיקע טאָרבעס, ווײַל קיינער האָט זיי, די יעסוימים, גאָרניט געגעבן יענעם טאָג. גייען זיי זיך אַזוי מיטן פעלד, און פלוצים, ווי אַף צעלאָכעס צע־שפּילט זיך אַ זאַווערוכע, אָבער אַזאַ אַז מען קען גאָרניט זען אַרום זיך. גייען די יעסוימים, דורכגעפרוירן דורך און דורך, דער פראָסט דערגייט ביז צו די ביינער. און דאָ אַן אָשניקעניש — זיי האָבן דעם וועג פאַרלוירן. שטעלסט אַ פוס — פאַלסטו אַרײַן אין שניי ביז צו דער ברוסט. אָט אַ צאָרע. זיי האָבן אַזש די קויכעס פאַר־לוירן. זעצן זיי זיך אַף עפּעס אַ פּלויט, זיצן און טײַנען צו גאָט: „ווזהין קוקסטו דאָס, ריבוינע־שעל־אוילעם, ווו איז דײַן גערעכ־טיקייט! באַ לײַטן עסט מען קוכנס מיט ציבעלע, קוכנס מיט קאַ־שע, קוכנס מיט קרויט, און באַ אונדז איז אַפילע קיין סקאָרינקע ניטאָ אין דער טאָרבע און מיר זײַנען אָן קויכעס געבליבן. וואָס־זשע, עס קומט אונדז אַפּאָנעם אויס דאָ צו שטאַרבן?" און די צײַט איז דאַן געווען פון דעם הייליקן ניקאָלײַ, דעם ווינטערדיקן. ווייסטו דאָך וואָס פאַראַ פרעסט עס זײַנען באַ אונדז יענע טעג. אַפילע די קאָלווירטישע וועכטער הייבן אָן צו ציטערן פון קעלט.

— און טאַקע נאַריש — געפינען צו וועמען אַפּעלירן? — האָט אַ שמייכל געטאָן מוסיאַ קוקנדיק שעלמיש אַף דער אַלטער.

אָבער די געשיכטע האָט איר שוין פאַרכאַפּט. זי האָט אויך אַוועקגעלייגט דעם לעפל, אָנגעשפּאַרט איר קין אַף דער האַנט און אין אירע אויגן האָט זיך באַוויזן אַזאַ נײַגעריקייט, אַז די אַלטע האָט איר מויכל געווען איר כויזעקדיקע באַמערקונג.

— און דו שלאָג ניט איבער די רייד, און הער וואָס ווײַטער

איז געווען, ווי נאָר זיי האָבן זיך אַזוי צעטײַנעט און צעקריגט
מיט גאָט, פּלוצים, קיינער ווייס ניט פֿון וואַנען, קריכט אַרויס פֿון
דער זאַווערוכע צו זיי אַן אַלטיטשקער, אַ גרײַז־גרויער זאָקן, אַזאַ
שלאַבעריינקער, און זײַן פּאָנעם — אַ שטרענגער, קומט ער אַרויס
צו זיי און זאָגט: „וואָס איז דאָס מיט אײַך, אַזעלכע און אַזעלכע
נאַרישע יונגען וואָס איר זײַט, ווי וואַגט איר עס וועגן גאָט אַזעל־
כע ווערטער אַרויסצוברענגען?” אָבער אונדזער מאַטריאָשקאַ, זי
איז שוין אַלס קינד געווען אַ כוואַט. — פּונקט ווי זי וואָלט זיך
געפֿונען אין דער פֿאַרוואַלטונג פֿון קאָלווירט, שיט אַרויס אים אין
פּאָנעם אַרײַן: „און וויאַזוי, כאַווער זיידע, קענען מיר ניט בייז
זײַן אַף אים, אויב ער האָט וועגן אונדז, יעסוימים, אינגאַנצן פֿאַר־
געסן און צוליב זײַן נאַכלעסיקייט קומט אונדז איצט אויס אומ־
צוקומען אין מיטן פֿרײַען פֿעלד”. און דאָ איז מאַטריאָשקאַ אַרויס
מיט אַזאַ קריטיק, און דער אַלטער האָט ווי אַן ענטפֿער אַף דעם
אַ צי געטאָן פֿאַר אַ שטריקל, וועלכעס ער האָט געהאַלטן אין האַנט
און אַף דעם שטריקל — אַ רויט קעלבל. ווײַזט אויס אַז צוליב
דער זאַווערוכע האָט מען עס די גאַנצע צײַט ניט באַמערקט. „איר
זײַט גערעכט — זאָגט ער — קינדערלעך, באַ גאָט האָבן זיך די
איניאַנים פֿאַרפּלאָנטערט און דעריבער איז מיט אײַך דערפֿאַר אַ
פּאַרדרייעניש אַרויס. אָבער אײַער קריטיק איז איבעריק. נעמט
זיך דאָס קעלבל און פֿירט עס צו זיך אַהיים, אָבער מיט אַ טנײַ,
אַז וועגן דעם ריבוינע־שעל־אוילעם זאָלט איר מער קיין טומל ניט
מאַכן”. אָפּגעזאָגט האָט ער די ווערטער און די זאַווערוכע גיט
דאָס מיטאַמאָל אַזאַ מין דריי, און דער אַלטער איז פֿאַרשווונדן
געוואָרן פֿון די אויגן. שפּעטער האָט זיך דאָס וועטער אײַנגעשטילט,
עס האָט אויפֿגעהערט צו בלאָזן דער ווינט, דער הימל האָט זיך
אויסגעשטערנט. די יעסוימים קוקן זיך אום — ניטאָ דער אַלטער,
פֿאַרשווונדן, אַפֿילע קיין סימען פֿון זײַנע טריט איז ניט געבליבן
אַפֿן שניי. איז זיי דאַן אײַנגעפֿאַלן, עפּשער איז דאָס צו זיי גע־
שיקט געוואָרן דער הייליקער ניקאָלײַ אַליין? אָט פֿון יענעם
קעלבל, פֿון „ציגעלע”, האָט עס אונדזער מאַטריאָנאַ אָנגעהויבן צו
גיין באַרג־אַרויף. יענער קאָלקאַ, דער ברודער אירער, איז שוין
איצט אַ געלערנטער, פּלאַנצט ערגעץ וועלדער, און זי אַליין, מאַט־
ריאָנאַ, האָט העט ווו דערגרייכט, זי איז שוין געפֿאָרן אין קרעמל,

צום כאַווער סטאַלין. דו וועסט נאָך זען, ווען מיר וועלן אַרויסיאָגן דעם פאַשיסט — וועט זי זיכער זיצן אין העכסטן ראַט. און אַלץ אַ דאַנק יענעם קעלבל. אויב עס איז אַזוי בעעמעס געווען, ווייס איך ניט, די מיגאַלאָווער ווײַבער זאָגן אַז אַזוי. און איך גיב דיר דאָס איבער אין קערן. אַזוי ווי געקויפט, אַזוי פאַרקויף איך. אָבער יענץ „ציגעלע" געדענק איך אַליין. די ערשטע קו איז דאָס געווען אין דעם „רויטן אַקער". די רעקאָרד־קי „קראַסאַווקאַ" און „מאַלוואַ", זײַנען אירע אייניקלעך.

אַף די ערדענע טרעפּ האָבן זיך דערהערט טריט. עס איז אַרײַן מאַטריאָנאַ ניקיטישנאַ. מוסיאַ האָט זיך זייער דערפרייט מיט איר קומען און האָט שוין געהאַט בעדייע אַ שפּאַס טאָן וועגן איר באַקאַנטשאַפט מיטן הייליקן ניקאָלײַ און זיך דערוויסן בײַ איר וועגן איר „ציגעלע", אָבער עפּעס אַן אויסערגעוויינלעכער, שטרענגער אויסדרוק אַפן פּאָנעם פון דער באַרימטער פרוי האָט זי אָפּגעהאַלטן.

— גיי, מומע פראַסקאָוויאַ, צו די קעלבער — האָט זי געזאָגט צופנדיק נערוועז די פרענדזלעך פון איר ווײַסן טוך — איך דאַרף זיך דורכשמועסן מיט מאַשען אויג אַף אויג.

— און בעעמעס, כ'האָב זיך דאָ פאַרפלאָפלט — האָט אָנגעהויבן צו שמאַיען די אַלטע, אַף גיך אַרײַנגעגאָסן אין שיסל אַרײַן, פון דעם ליימענעם טאָפּ קאַלטע, געלבלעכע, פעטע שטיקער זויערמילך. — זעצט זיך, ניקיטישנאַ, פאַרבײַס, וועט דער שמועס פריילעכער זײַן. און ווי האָב איך דאָס געקענט אַזוי צעפלאַפּלען זיך, פּאַשעט אַ ווונדער!

מאַטריאָנאַ ניקיטישנאַ איז אַלץ נאָך געשטאַנען באַם אַרײַנגאַנג. זי האָט געפלאָכטן און פאַנאַנדערגעפלאָכטן די פרענדזלעך פון איר טוך. עס האָט זיך אויסגעדוכט, אַז איר גאַנצע אויפמערקזאַמקייט איז געווען פאַרטאָן מיט דער פוסטער אַרבעט. מוסיאַ האָט דערפילט, אַז זי איז געקומען צו איר מיט ניט קיין גוטער ידיעה, זי האָט אַפילע זיך אָנגעשטויסן וועגן וואָס — זי האָט עס פאַרשטאַנען און איז פאַרציטערט געוואָרן.

— מען דאַרף גיין, עמעס? — האָט זי קוים, קוים אַרויסגערעדט.

אין איר שטימע האָט זיך געפילט אַ האָפענונג, אַז ס'איז ניט

אַזוי, אַז מאַטריאָנאַ ניקיטישנאַ איז ניט צוליב דעם געקומען. אָבער יענע האָט עס באַשטעטיקט מיט אַ שאָקל מיטן קאָפּ:

— יאָ, מאָרגן.

דאָס מיידל האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אָפּן באַנק. די ביינער זיינען מיט איינמאָל ווי צעגאַנגען געוואָרן אין איר קערפּער, ער איז ווייך געוואָרן, אָפּגעשוואַכט געוואָרן און אויפגעהערט צו פאָלגן.

— מירן גיין צוזאַמען!

מוסיאַ האָט אויפגעצאַפּלט. הייסט עס, ניט אַליין? זי וועט גיין צוזאַמען מיט דער פּרוי, צו וועלכער זי האָט זיך שוין צוגעבונדן מיט איר גאַנצער נעשאָמע, און דאָס איז שוין פאַר איר ניט געווען אַזוי שרעקלעך.

— איר אויך?

מאַטריאָנאַ ניקיטישנאַ האָט לאַנגזאַם אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. זי איז געווען פאַרטראַכט און טרויעריק. אָבער מוסיאַ האָט עס נאָך ניט באַמערקט.

— איך בין אַזוי צופרידן. הייסט עס מיט אײַך צוזאַמען. דאָס איז אויסגעצייכנט! — דאָס מיידל האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צו מאַטריאָנאַן אָף דער ברוסט און זיך פעסט צוגעדריקט צו איר — איך בין דאָך אַ שרעקלעכער פּאַכדן. עס האָט זיך מיר אַנומלטן געכאָלעמט, אַז איך גיי אַליין מיטן גאָלד, האָב איך זיך אויפגעכאַפּט אַ באַגאָסענע מיט אַ קאַלטן שווייס. אַ גרויסן דאַנק אײַך דערפאַר!

— פאַרוואָס עפּעס קומט מיר אַ דאַנק? — האָט אַ זיפץ געטאָן מאַטריאָנאַ ניקיטישנאַ, גלעטנדיק דער מיידלס געדיכטע האַרטע לאָקן.

אָף איר טונקעלן פּאָנעם איז געלעגן אַ שאָטן פון זאָרג. ערגעץ טיף אין אירע אויגן האָט מוסיאַ דערזען אַן אומרו און טרויער. ערשט דאַן האָט זי זיך געכאַפּט אַז איר צוקונפטיקע באַגלייטערן האָט קליינע קינדער, וועלכע זי וועט מוזן איבערלאָזן דאָ אין וואַלד. „דו ביסט אַ מיִעסע עגאָיִסטקע!” האָט מיט פאַראַכטונג אַ קלער געטאָן וועגן זיך דאָס מיידל — „האָסט זיך דערפרייט, וואָס אַ מוטער וועט פאַרלאָזן אירע קינדער... נאָר וועגן זיך, נאָר וועגן זיך אַליין טראַכט איך”.

— מאַטריאָנאַ ניקיטישנאַ, ליבינקע, לאָזט מיך אַליין, איך וועל דערגיין... איך וועל דערטראָגן, זאָרגט אײַך ניט!

די פרוי האָט אַ זיפץ געטאָן און אַ שמייכל געטאָן. דער שמייכל אירער וואָס האָט אַף אַן אויגנבליק באַלויכטן איר פּאָנעם איז געווען ענלעך צו אַ זונען־שטראַל, וואָס רײַסט זיך דורך צווישן וואָלקנס און גיט אַ שײַן אין די רעגן־טראָפּנס.

— ווי קען מען גיין אַליין! דאָס זײַנען דאָך גרויסע ווערטזאַכן.

טראַכטנדיק וועגן אירע פּערזענלעכע איניאָנים האָט מאַטריאָנאַ ניקיטישנאַ אָנגעהויבן צו דרייען אין די הענט דעם הילצערנעם לעפל. קעדיי איבערצורײַסן די פּײַנלעכע שטילקייט, האָט מוסיאַ געפרעגט מיט אַן אומעטיקער שטימע:

— און איך האָב געהערט, אַז איר האָט באַקומען אַ קעלבל „ציגעלע", אַ מאַטאָנע פון דעם הייליקן ניקאָלײַ.

עטלעכע מינוט האָט די פרוי געקוקט פאַרוונדערט אַף מרסיאַן, ווײַזט אויס, אַז זי האָט ניט דערהערט, אָדער ניט פאַרשטאַנען די פראַגע. באַלד אָבער האָבן זיך אירע סאַמעטענע ברעמען אויפגעהויבן און פון אירע אויגן און פון די מויל־ווינקלען זײַנען זיך צעלאָפן ווי שטראַלן, דינינקע ווי מיט אַ נאָדל אויסגעקראַצטע, זייער אויסדרוקספולע קנייטשעלעך:

— אַפּאָנעם, אַז דאָס האָט שוין פּראַסקאָוויאַ אָנגעפּלוידערט? אָט אַן אַלטע פּלאַפּלערקע! זי ווייסט דאָך, און ווייסט גענוי, וויאַזוי איך בין אַ מענטש געוואָרן און אַ דאַנק וואָס דער „רויטער אַקער" איז רײַך געוואָרן — ווייסט עס אַלץ און פונדעסטוועגן פאַרשפּרייט זי שטוסים, וואָס זײַנען ניט געשטויגן און ניט געפלויגן... דערציילט האָבן טאַקע אַמאָל די אַלטע באַבעס אַזעלכע מײַסעס, אָבער עס איז שוין לאַנג צײַט זיי צו פאַרגעסן. איך, מאַשענקאַ, האָב דאָך דערנאָך צוזאַמען מיט אַנדערע קאָמיוגיסטן דעם זעלביקן „הייליקן ניקאָלײַ", פון וועלכן איך האָב דאָס קעלבל באַקומען, פאַר אויס „קולאַק" געמאַכט. אַ רײַכער „קולאַק" איז דאָס געווען. מען האָט באַ אים געפונען באַגראָבן אין דער ערד בלויז קאָרן פינף טאָן, און עס איז שוין פאַרפוילט געווען. דוכט זיך אַזויפיל צײַט פון דאַן פאַרבײַ, און דאָך ווען איך זאָל אים הײַנט באַגעגענען, וואָלט איך אים אויך איצט זײַנע אויגן אויסגעדראַפּעט, דעם היי־

ליקן. פאַר דעם קעלבל, מאַשענקאַ, האָב איך דאָך זיך דעם גאַנצן זומער, פון באַגינען ביז באַנאַכט, געווייקט אין שווייס, ווי אַ זויער־רע אוגערקע אין זאַלץ־וואַסער. איך וועל אײַך שוין באַ אַ געלעגנהייט דערציילן מײַן גאַנצע לעבנס־געשיכטע — עס שטייט אונדז פאַר אַ לאַנגער וועג, ס׳וועט געניג צײַט זײַן אַלץ צו דערציילן.

מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַ האָט זיך פאַרטראַכט, נאָר פלוצים איז זי מיטאַמאָל יונגער געוואָרן פון אַ פריילעכן, שטיפערישן, ווײַס־צייניקן שמייכל, וועלכער האָט באַשײַנט איר טונקעלן אָפּגעברענטן פּאָנעם.

— אָנשטאָט אויסצוהערן די באָווע־מײַסעס וועגן דעם הייליקן ניקאָלײַ, וואָלט איך בעסער געפרעגט, וויאַזוי האָט פּראַסקאָוויאַ געהיילט אירע קעלבלעך פון אַ לויזן מאָגן מיט געהייליקט וואַסער. דער גאַנצער קאָלווירט האָט געקײַכט פון געלעכטער... אַמאָל, אין אַ פרילינג, האָט זיך פאַרשפּרייט באַ אונדז אַן עפּידעמיע — די קעלבער האָבן אַ לויזן מאָגן באַקומען. האָט דאָן פּראַסקאָוויאַ, בעסאָד פון אַלעמען, אַרויסגערופן צו הילף דעם גאַלעך. זי האָט אים אַרײַנגעפירט אין דעם קעלבער־שטאַל און ער האָט דאָרטן אָנגעהויבן זײַן קישעפמאַכערײַ. ווען דער גאַלעך איז פון דאָרט אַרויס האָט אים דערשנאַפּט דער אָקס „פּאַן”. קענסט דאָך אים, וואָס פאַר אַ שטיפער ער איז באַ אונדז! דערזען דעם גאַלעך, הייבט ער אים אָן אַרומצויאָגן, דעם לאַנגהאָריקן, איבערן גאַנצן הויף. דעם הייליקן בעכער און זײַן קאָדילע האָט פּראַסקאָוויאַ שפּעטער אין מיסט געפונען און אים דאָס אָפּגעטראָגן. וועגן דעם האָט די אַלטע ניט ליב צו דערמאָנען זיך. מען האָט זי דאָן גוט צורעכט געמאַכט אָף אַ פאַרוואַלטונגס־זיצונג פאַר אַזאַ מעדיצין.

די פרוי האָט אַרומגענומען דאָס מיידל, זי שטאַרק צוגעדריקט צו זיך און געזאָגט צו איר, צום ערשטן מאָל אָף „דו”:

— אַזוי איז דאָס, מאַשאַ, קלײַב זיך „אין וועג אין ווײַטן”, ווי עס זינגט זיך אין דעם ליד. מיר זײַנען איצט כאַווערים!

אַ לאַנגע צײַט זײַנען זיי געשטאַנען אַזוי אַרומגענומען, טראַכטנדיק יעדע איינע פון זייערע פערזענלעכע איניאָנים.

דאָס מאָל זײַנען די צוגרײטונגען געווען זײער זאָרגפעליקע.

איגנאַט רובצאָוו האָט פאַרשטאַנען אין וואָס פאַר אַ געפערלעכן וועג ער שיקט אַרויס די צוויי נײַע כאַווערטעס, און האָט געוואָלט פאַרויסזען די מינדעסטע קלײניקײט.

קוידעם־קאָל האָט ער באַשלאָסן אַז סײַ אין דעם אויסזען, סײַ אין די בגאָדים פון די פרויען דאַרף ניט זײַן קײן שום זאַך, וועלכע זאָל רופן די אויפמערקזאַמקײט פון אַ פאַשיסטישן אויג. ער האָט געצווונגען זײַן שנור, וועלכע פלעגט אַפילע אַף צו גײן אין שטאָל, זיך אָנטאָן רײן און ציכטיק, אַז זי זאָל זיך שײדן מיט אירע קלײדער און מיטן פוכענעם קאָפּ־טוך. מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַ האָט אָנגעטאָן אַ ציצענע ספּאָדניצע, וועלכע זי האָט אויסגעבאָרגט באַ אײנער פון די עלטערע קאָלווירטניצעס, פראַסקאָוויאַס אַן אַלטן שוואַרצן ווײַבערישן טוך, אַף די פיס — נײַע לאַפּטשעס, וועלכע איגנאַט אַלײן האָט פאַר איר אויסגעפלאָכטן, זיצנדיק אין אַ שלאָפלאָזער נאַכט באַם שײַטער.

ער האָט אויסגעפלאָכטן אַ פּאָר קלײנע לאַפּטשעס פאַר מוסיאַן, אָבער, זיך באַטראַכט, און זײ אָפּגעגעבן אַ קאָלווירטיש מײדעלע. אירע געלע ספּאָרט־שיך מיט די פאַררױסענע נעזער, האָבן זיך אַמבעסטן צוגעפּאַסט פאַר איר וואַנדער־וועג. דאָס מײדל האָט ווידער אָנגעטאָן איר אָפּגעטראָגענעם פראַנעלענעם ספּאָרט־אַנצוג, און ווען ניט אירע גערדיכטע בלאָנדע לאָקן, וועלכע זײַנען באַ איר אָפּגעוואַקסן בעײס דעם וועג, און איר דינער שלאַנקער מײדלשער האַלדז, וואָלט מען זי לײַכט געקענט אָננעמען פאַר אַ יונגן פּלינקן יאַטל. איגנאַט האָט איר אַפילע געצײצעט אונטערצושערן, צוליב מער זיכערקײט, איר האָר, אָבער מוסיאַ האָט זיך אַזוי צעקאָכט, אַז יענער האָט נאָר אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט.

לויט איגנאַט רובצאָווס פּלאַן האָבן זיי בײדע געזאָלט פֿאַרשטעלן מיט זיך הונגעריקע שטאָטישע פֿרויען, וועלכע האָבן זיך אַרויסגעלאָזט אין וועג, קעדיי אויסצוטוישן זייערע בעבעכעס אַף שפּײַז. ער האָט געוווּסט, אַז דער פֿאַשיסטישער היישעריק פֿאַרניכטעט אין די שטעט אַלע שפּײַז־זאַפּאַסן, און הונדערטער, טויזנטער מענטשן, געיאָגט פֿון הונגער, האָבן זיך אַ לאָז געטאָן איבער די דערפֿער, קעדיי דאָרט צו באַקומען פֿאַר זיך שפּײַז. דערפֿאַר האָט אין די זעק ניט געטאָרט געפֿינען זיך קיין שום זאַך, וואָס זאָל זיי קענען פֿאַרראַטן. צו איין פּאָרל וועש און אַ פּאָר בײַקענע קאָלדרעס, וועלכע זיי האָבן קלוימערשט מיטגענומען אַף אויסצוטוישן, דערצו נאָך עטלעכע אײַנפּאַכע געשטריקטע זאַכן, וועלכע מען וועט אין נויטפֿאַל קענען אָנטאָן צו דערוואָרעמען זיך. דאָס צירונג האָט ער באַשלאָסן אַרײַנפּאַקן אין אַ זאַק און דעם זאַק אַרײַנלייגן אין אַ צווייטן גרעסערן, און באַ די זײַטן און פֿון אויבן אָנשיטן קאָרן. אין פֿאַל, ווען אַ פֿאַשיסט וועט אַרײַנקוקן, אָדער אַ טאַפּ טאָן — גאַנץ נאַטירלעך, די ווײַבער האָבן זיך אײַנגעשאַפּט אַביסל קאָרן אַף קאַשע.

ער האָט זיי געאייצעט צוליב דער נאָענטקייט פֿון האַרבסט ניט צו פֿאַרטיפֿן זיך אין וואַלד, גיין זאָלן זיי מיט ווייניק באַלעבטע סטעזשקעס פֿון דאָרף צו דאָרף. אויסמײַדן נאָר יענע דערפֿער, וועלכע זײַנען באַזעצט פֿון דעם סוינע, פֿון די ניט־באַזעצטע, ניט אויסבאַהאַלטן זיך און אַף נאַכט־לעגער אײַנאָרדענען זיך באַ גוטע מענטשן.

קעדיי גוט אויסצושלאָפֿן זיך פֿאַרן וועג, האָט מוסיאַ נאָך פֿאַרנאַכט זיך געזעגנט מיט אַלע אירע פֿרײַנט, אָבער שלאָפֿן האָט זי ניט געקענט און איז אַ גאַנצע נאַכט אָפּגעלעגן מיט אָפֿענע אויגן צוהערנדיק זיך צום זיפֿצן און כליפּען פֿון דער אַלטער פּראַסקאָוויאַ און צום דינינקן געזאַנג פֿון די קאָמאַרן. ווען עס האָט נאָר אָנגעפֿאַנגען צו שאַרײַען אַף טאָג, האָט די אַלטע אויפֿגעהויבן דאָס מיידל, זיך אויסגעוויינט צופֿאַלנדיק צו איר אַקסל און דורך אַ קוים אָנזעעוודיקער אין דעם פֿרימאָרגן נעפּל סטעזשקע זי באַגלייט ביז צו מאַטריאָנאַ ניקיטישנאַס ערד־שטיבל.

דאָרט איז מען ניט געשלאָפֿן. עס האָט געברענט, קנאַקנדיק, אַ קין.

— געדענק, וואָווקאַ, דו בלײַבסט איצט איבער פֿאַר אַן עלטסטן, — האָט זיך דערטראָגן פֿון אונטן מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַס אויפֿגערעגטע שטימע — זאָלסט אויספֿאָלגן אַלץ, וואָס דער זיידע וועט דיר זאָגן. ער אַליין האָט ניט קיין צײַט אָף אײַך אַכטונג צו געבן, אָף זײַנע פּלייצעס ליגט דאָך אַזאַ מאַסע. די קלענערע זאָלסטו אַליין עסן געבן, וואָווקאַ, פֿאַרשטאַנען? און צוזאַמען מיט אַרישקען זאָלט איר ניאַנטשען די קליינע זאָינקאַ.

מוסיאַ האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אין דעם ערד־שטיבל. די מוטער איז געשטאַנען אָף די קני פֿאַר די קינדערס בעטל. וואָלאָדיאַ איז געלעגן באַם ברעג מיט אָפֿענע אויגן. מוירע האָבנדיק, אַז זײַנע שוועסטערלעך, וועלכע האָבן געשמאַק געאָטעמט פֿון שלאָף, זאָלן זיך ניט אויפֿוועקן, איז ער געלעגן אומבאַוועגלעך און האָט פֿאַרביסן דעם אַרבל פֿון זײַן העמדל. איבער זײַן פּאָנעם האָבן זיך אָפּגעקײַקלט טרערן.

— מאַמע, מאַמע, גיי ניט אַוועק! — האָט ער שטיל געמורמלט און זײַן קערפּערל האָט געציטערט און זיך געצאַפּלט אונטער דער קאָלדרע — מען דאַרף ניט, גיי ניט!

דערזעענדיק מוסיאַן, איז מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַ אויפֿגעשפּרונגען. זי איז שוין געווען אָנגעטאָן און האָט אָנגעהויבן האַסטיק אַרומצווויקלען איר קאָפּ מיט אַ טונקעלן טוך, וועלכער האָט זי גלײַך געמאַכט מיט אַ פּאָר צענדליק יאָר עלטער.

— וויין ניט... וואָס ווייגסטו, ביסט דאָך שוין אַ גרויסער, שוין דאָס אַכטע יאָר. ווען ניט די מילכאָמע, וואָלסטו דאָך שוין באַדאַרפֿט אין שול גיין, — האָט זי האַסטיק גערעדט אַרומפּאָרעגדיק זיך מיטן טוך, מוירע האָבנדיק אַ קוק צו טאָן אָף אירע קינדער.

אין ערד־שטיבל איז אַרײַנגעגאַנגען איגנאַט רובצאָוו, ער איז געווען כמורנע און האָט אויסגעזען ווי נישט אויסגעשלאָפֿן. נאָך באַם שוועל האָט ער אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ צו די פֿרויען און זיי צוגעטראָגן אַ פֿאַרלאַטעטן לײַוונטענעם זאַק אַזוי לײַכט, פּונקט ווי דאָרט וואָלט ניט געלעגן קיין גאָלד און קאָרן, נאָר היי, אָדער פֿעדערן.

— נו, מאַטריאָנאַ, גרויס איז געווען דײַן רום פֿאַר דער מיל־כאָמע, באַוויַז נאָכאַמאָל וואָס דו קענסט. דין אָפּ דײַן פֿאָטערלאַנד. היט עס אָפּ און גיב עס איבער אין זיכערע הענט.

ער האָט אָפּגעגעבן דעם זאַק און איז צוגעגאַנגען צו מוסיאַן. זײַן שווערע, דורכגעזאַפּט דורך און דורך מיט טאַבאַק־רייעך, האַנט, האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַף מוסיאַס אַקסל.

— און דו, שיין מיידל, פֿאַרלאָז זיך אינגאַנצן אַף איר. זי איז אַן עכטער באָלשעוויק, וועט ניט אונטערפֿירן... אַלזאָ, אין וועג אַרײַן!

איגנאַט האָט ענערגיש אַ טרייסל געטאָן זײַערע הענט. מאַטריאָ־נאַ ניקיטישנאַ האָט אַרויפֿגעוואָרפֿן דעם שווערן זאַק צו זיך אַפֿן רוקן, פֿאַרריכט די לײַוונטענע ליאַמקעס און האָט זיך אַנטשלאָסן געלאָזט גיין צו דער טיר. אַ האַרצרײַסנדיקער קינדערשער געשריי האָט זי אָפּגעשטעלט. זי האָט זיך אַ צאַפּל געגעבן, און מיט אַ גע־שריי, ווי אַ פֿאַרווונדעטע, אָפּגעשטופּט איר שווער, זיך אַ וואָרף געטאָן צוריק און איז געפֿאַלן אַף די קני בײַם בעט, אַרומכאַפּנדיק צוויי שוואַרצינקע און איינע אַ ווײַסינקע מיט דינע צעפּלעך, קע־פּלעך און מיט אַ פֿאַרכאַפּטן אָטעם געשעפּטשעט:

— קינדערלעך מײַנע, קינדערעך, וויאַזוי וועט איר זײַן איצט... אייפּעלעך מײַנע, גוטינקע מײַנע, אַף וועמען לאָז איך אײַך איבער...

דער עלטערער, וואָלאָדיאַ, איז געבליבן הענגען אַף זײַן מו־טערס האַלדז און איז אַזוי פֿאַרשטיינערט געבליבן. באַ אַרישקען און דער קלײנער זאָיאַ זײַנען געווען די אויגן פֿאַרשלאָפֿן און אי־בערגעשראָקן און האָבן געקוקט ניט פֿאַרשטייענדיק וואָס עס קומט פֿאָר.

דערשיטערט פֿון דעם בילד איז מוסיאַ אַרויסגעלאָפֿן פֿון שטיבל און שיר ניט אומגעוואָרפֿן איגנאַטן, וועלכער האָט היינקענ־דיק מער ווי געוויינלעך אַרומגעשפּאַנט הין און צוריק פֿאַרן אַרײַנ־גאַנג. לעבן אים זײַנען געשטאַנען צעטראָגענע, אַ שווײַגנדיקע די אַלטע פּראַסקאָוויאַ, וואַרוואַראַ סײַקינאַ און נאָך אַנדערע פֿרויען פֿון דעם וואַלד־לאַגער. אַלעמענס בליקן זײַנען געווען געווענדעט צו דער טיר פֿון דעם ערד־שטיבל און אין זיי האָט זיך געפֿילט אַ מיטלייד צום פֿרעמדן צאַר און אויך אַ ווײַבערישע נײַגעריקייט.

מאַטריאָנאַ ניקיטישנאַ איז אַרויסגעגאַנגען אַן אויסגעגלײַכ־

טע, אַן אַנטשלאָסענע. זי האָט אַראָפּגערוקט איר קאָפּ־טיכל נידעריקער אויף אירע אויגן און געזאָגט צו די פרויען פעסט און ערנסט:

— גיט אַכטונג אויף די קינדער!

די פרויען זײַנען געשטאַנען מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן, פונקט ווי זיי וואָלטן זיך געשעמט, אַז ניט זיי, נאָר זייער כּאַווערטע לאָזט זיך אַרויס אין אַזאַ געפערלעכן וועג. מאַטריאָנאַ ניקיטישנאַ האָט זיך טיף פאַרנייגט פאַר זיי:

— זײַט מיר מוחל, אויב איך האָב אַמאָל עמעצן פון אײַך... נו, פאַרבלײַבט געזונט, בירגער!

זי האָט זיך שטאַלץ אויסגעגלײַכט, צורעכט געמאַכט די לאָמקע פון זאַק און ניט אומקוקנדיק זיך, געלאָזט גיין מיט לײַכטע טריט איבער דער סטעזשקע, וועלכע האָט זיך געשלענגלט צווישן דיביימער און געפירט באַרג־אַרויף פון דעם גראָבן. מוסיאַ איז איר נאָכגעגאַנגען. און נאָך אַ לאַנגע צײַט האָבן זיך צו זיי דערטראָגן פון הינטער דעם גרויען פרימאָרגן־נעפּל געזעגענונגס־ווערטער און אַ האַרצרײַסנדיקער קינדערשער געוויין.

ווען די קוילעס זײַנען שוין פאַרשטומט געוואָרן און די פײַערן פון די שײַטערס זײַנען פאַרשוווּנדן געוואָרן צווישן די ביימערשטאַמען, האָט מוסיאַ מיטאַמאָל דערפילט מיט איר גאַנצן וועזן, אַז זי האָט פאַרלאָזט אַ היימישע נאָענטע סוויווע, וווּ עס האָט זיך געאָטעמט לײַכט, פרײַ, וווּ עס האָט זיך געלעבט גוט און אַז איצט געפינט זי זיך ווידער אין אַן אַנדערער, פײַנטלעכער סוויווע, וווּ אַלץ — איר געהער, איר ריח, אַלע אירע כוחים — מוזן זײַן אויף דער וואַך.

קימאַט אַ גאַנצע שאָ זײַנען זיי ביידע געגאַנגען שווײַגנדיק. שפּעטער האָט מאַטריאָנאַ ניקיטישנאַ פאַרלאַנגזאַמט אירע טריט און גענומען מוסיאַן אונטערן אָרעם.

— איצט, מאַשענקאַ, געפינען מיר זיך ווי צוויי שפּענדלעך אין אַ טײַך. עס שלעפּט אונדז, ווער ווייס וווהין... זי האָט צערעכט געמאַכט איר זאַק אויפן רוקן — זאָרג ניט, עס איז ניט מעגלעך, אַז מיר ביידע זאָלן פאַרלוירן גיין...

נאָך מיט אַן אָוונט פריִער האָבן זיי אָפּגעמאַכט צווישן זיך, אַז ווען מען וועט צוקומען צום דאָרף „וועטלינאַ", וווּ מוסיאַ האָט באַקומען די רעפּועס פאַר מיטראָפּאַן איליטש, וועט מאַטריאָנאַ

ניקיטיטשנאַ זי אָפּוואַרטן מיטן גאָלד אין וועלדל און דאָס מיידל וועט צוגיין צו דער באַקאַנטער פּרוי, זיי האָבן געוווסט, אַז ערגעץ ניט ווײַט וועט זיי אויסקומען אַריבערגיין אַ גרויסן טײַך, ווו ערשט ניט לאַנג האָט אָפּגעשטורעמט אַ לאַנגע שלאַכט, און זיי האָבן געוואָלט זיך דורכשמועסן מיט אַ זיכערן מענטשן, קעדיי זיך צו דערוויסן וועגן דער מעגלעכקייט פֿון דורכגיין דעם טײַך און אויך וועגן דער לאַגע אויף די פֿראָנטן.

פֿאַרטאָג זײַנען זיי צוגעקומען צו מיטראָפֿאַן איליטשס קיי־וווער. איבער אַ קליינעם בערגל, וועלכער איז געווען זאַרגזאַם אַרומ־געלייגט מיט פֿרישן גראָז, האָט זיך געהויבן אַ דעמבעגער אָבע־ליסק. איבער אים האָט זיך רויק געוויגט אַ סאָסנע. דער ווינט האָט געהוידעט איר שפּיץ, פּונקט ווי אַרומפֿירנדיק מיט אַ פּענדזל איבערן הימל. דײַטלעך האָבן זיך אָנגעזען די שוואַרצע אוי־סיעס, וועלכע איגנאַט רובצאָוו האָט אַזוי אייפֿערדיק אויסגעבערענט. אַ בלוי זומער־פֿייגעלע האָט פֿלאַטערנדיק מיט אירע פֿליגל, זיך געוואַרעמט, זיצנדיק אויף אַן אָס. אַ גרויסער זשוק האָט פֿאַרשמאַיעט געהודיעט.

מוסיאַ האָט געהאַט בעדייע בלויז אויף איין רעגע זיך צו פֿאַר־האַלטן באַם קייווער, אָבער אירע פֿיס האָבן פֿון זיך אַליין זיך אונטערגעבויגן און זי איז צוגעפֿאַלן צום זאַמדיקן בערגל, וועל־כער האָט געשמעקט מיט פֿרישער ערד און גראָז. די אַלע פֿאַרגאַנ־גענע טעג, אַ פֿאַרכאַפּטע פֿון די פֿרישע אײַנדרוקן און פֿון דער קאַלווירטישער אַרבעט, האָט דאָס מיידל גאָר ווייניק געטראַכט וועגן איר אומגעקומענעם באַגלייטער. איצט אָבער, ווען זי האָט געזאָלט אויף אייביק זיך שיידן מיטן קייווערל, האָט זי ערשט רעכט פֿאַרשטאַנען ווי פֿעסט זי האָט זיך צוגעבונדן צו יענעם אַלטן מאַן, וועמענס ביינער רוען איצט דאָ אונטער דער קלינגענדיקער סאָסנע.

— קום! מיר האָבן אים געשוווירן צושטעלן אַלץ אָפּן געהע־ריקן אָרט, מוז מען דאָס אויספֿירן! — האָט שטרענג געזאָגט מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַ און האָט מיט אַנטשלאָסנקייט אויפֿגע־הויבן מוסיאַן.

אַזוי ווי מען האָט זיך אָפּגעשמועסט, איז רובצאָווא געבליבן אין וואַלד און מוסיאַ איז צוגעקומען ביז צום באַקאַנטן היי־שטאָל און ניט געפֿינענדיק דאָרט דאָס מאָל קיין געפֿלאָכטענעם קאַרב,

האָט זי גענומען אַ בינטל היי און האָט זיך געלאָזט גיין אין דאָרף אַרײַן מיט דעם זעלבן וועג, ווי דעמאָלט. האָגאַם איר האַרץ האָט שטאַרק געהאַמערט, האָט זי זיך דאָס מאָל געפילט אַ סאַך זיכערער. איצט האָט זי שוין גוט געוווּסט, אַז די כוצפּעדיקע אָקופּאַנטן, אָפּגענאַרטע דורך זייער אייגענער פּראָפּאַגאַנדע, קענען ניט איר פּאָלק, און עס איז גאָרניט שווער זיי אָפּצונאַרן.

אַפֿן וועג האָט זי ניט באַגעגנט קיין איין דײַטש. די גאַס איז געווען ליידיק, אַף די פּלויטן זײַנען ניט געווען קיין דראָטן, פון די דעכער זײַנען פאַרשוווּנדן די פענער מיט די רויטע קרייצן. די רעגנס האָבן שוין פאַרוואַשן אַפן וועג די סימאָנים פון די אויטאָמאָביל־רעדער. עס האָט נאָר געוואָרנט און אויך אַביסל געשראָקן די ניט געוויינלעכע פאַר דער הייסער מיטיק־שאָ, שטילקייט דאָ אין דעם דאָרף.

מוסיאַ האָט דרײַסט אַ דריי געטאָן די טיר־קליאַמקע און ניט אַרויסלאָזנדיק פון אירע הענט דעם בינטל היי, איז זי אַריבערגעטראָטן דעם שוועל און איז אַרײַנגעטראָטן אין דער קילער האַלבפינצטערניש פון דעם פאָדערהויז. אין דער טיר פון דער כאַטע האָט זיך באַוויזן די באַקאַנטע פרוי. דערקענענדיק מוסיאַן האָט זי זיך ניט פאַרוווּנדערט, גאָרניט געפרעגט און נאָר טרויעריק אַ שמייכל געטאָן, דערזעענדיק דעם היי.

— וואַרף אים אַוועק! הײַנט נוצט עס שוין מער ניט...

אַלע בעהיימעס האָט ער צוגענומען, דער פאַרשאָלטענער פאַשיסט. ווען דער שפּיטאָל האָט זיך אָנגעהויבן קלײַבן אין וועג אַרײַן, זײַנען אָנגעפאָרן זייערע אינטענדענטן און אַפילע קיין קרעציקן שעפּס ניט איבערגעלאָזט אין גאַנצן קאָלווירט. אונדזערער, דער „ניכטגוט", געדענקסט, יענער וואָס האָט מיר די רעפּועס געגעבן, האָט זיך דאַווקע געוואָלט אײַנשטעלן פאַר מיר, ווייס איך וואָס, מען האָט אים אַליין שיר ניט פאַרשלעפּט צום קאָמענדאַנט. מיילע, גיי אַרײַן!

די באַלעבאָסטע האָט אויפגעפּראַלט די טיר, וועלכע איז געווען באַשלאָגן מיט זאַק־געוואַנט. אין דער כאַטע האָט זיך נאָד אַלץ, צוזאַמען מיט די געוויינלעכע שטוב־רייכעס, געפילט דער ספּעציפישער שאַרפער רייעך פון מעדיקאַמענטן, אָבער קיין זאַך האָט ניט דערמאָנט שוין מער, אַז דאָ האָבן געוווינט פרעמדע.

די באַלעבאָסטע האָט זיך געזעצט באַם פענצטער און, צונויפ־פלעכטנדיק אַף די קני די קנויליקע פינגער פון אירע אָדערדיקע הענט, שוויַיגנדיק געקוקט אַף מוסיאַן. איר צעקנייטשטער, פון דער זון אָפּגעבריענטער פּאָנעם איז פאַר די לעצטע טעג געוואָרן נאָך טרוקענער און שטרענגער, און אירע אויגן האָבן געקוקט מיד און פאַרפּיַיניקט.

— שוין עטלעכע וואָכן, ווי מען הערט נישט מער דאָס שיסן פון אונדזערע קאַנאָנען. אַליין זיַינען מיר איבערגע־בליבן.

— זי האָט געגעבן אַ טיפן זיפץ — און די רעפּועס זיַינען כאָטש צונויף געקומען?

— ער איז געשטאָרבן!

פאַר מוסיעס אויגן איז אויפגעשווומען דער איינזאַמער קיי־ווער אונטער דער הויכער סאָסנע.

— איך האָב דאָן פאַרשפּעטיקט — האָט זי געגעבן צו פאַר־שטיין.

— מיילע, זאָל אים די ערד גרינג זיַין... ער איז נישט דער איינציקער, אומעטום שניַידט דער טויט אַ רייַכן שניט — האָט זיך אָפּגערופן די באַלעבאָסטע, זיצנדיק נאָך אַלץ אומבאַ־וועגלעך. און פּלוצלונג האָט זיך אין אירע שטרענגע אויגן באַוויזן, אַף אַ רעגע בלויז, אַ וואַרעמער פיַיערל. — אָבער יענע שוועסטערל איז אַ כוואַט, אויסגעהיילט אין וואַלד אירע פאַרוווּנדעטע. צוריק געשטעלט זיי אַף די פיס. אייערנעכטן זיַינען זיי אַריבער דעם טיַיך. זיי ווילן זיך צו דער אַרמיי דערשלאָגן.

דערמוטיקט פון דער יעדיער האָט מוסיאַ אָנגעהויבן בעטן באַ דער באַלעבאָסטע, זי זאָל אויך זיי העלפן אַריבערגיין דעם טיַיך.

— איצט איז דאָס שווער, באַם אָפּטרעטן האָבן אונדזערע אַלע בריקן אויפגעריסן. איין בריק האָבן די דיַיטשן אויפגעשטעלט, היטן זיי אים אָפּ, ווי אַן אויצער. און דאָרט, ווו עס איז פאַראַן אַ מער־וויַיניקער פּאַסנדיקער דורכגאַנג רוען נישט די דיַיטשע אויגן טאָג און נאַכט. אוי קוקן זיי איצטער. שרעקעוודיק זיַינען זיי גע־וואָרן! די וועלדער, וואָס ציִען זיך לענגאויס די שאָסיי־וועגן, אָדער די איַיזנבאַן־ליניע — האָבן זיי איינגאַנצן אויסגעהאַקט. אומעטום זעען זיי די פּאַרטיזאַנער. וויַיזט אויס, אַז איר האָט זיי דאָרט אָנגעהויבן גאַנץ פעסט צו קיצלען.

די באַלעבאָסטע האָט אַ וואָרף געטאָן אַ פאַרשנדיקן בליק אַף מוסיאָן. דאָס מיידל איז רויט געוואָרן. ווידער נעמט מען זי און נישט פאַר דעם וואָס זי איז, און מען שרײַבט איר צו פרעמדע פאַרדינסטן.

— און וואָס דערציילט מען וועגן די פאַרטיזאַנער — האָט זי אויסמײַדנדיק אַ פרעג געטאָן.

— וואָס פאַר אַ שמועסן קאָנען זײַן בײַ אונדז... מען גראַגערט גלאָט ווי די קראָען. מען דערציילט אַז זיי אַרבעטן זייער געניט און פלינק אַף די וועגן, די באַנען פליען פון די רעלסן באַרג אַראָפּ... דאָ נישט ווײַט פון אונדז, שטעקט אַ באַן פון דעם טײַך אַרויס, די פריצן זעצן זיך אַף אים און כאַפּן פיש. דאָס האָבן די פאַרטיזאַנער דעם באַן פון בריק אַראָפּגעשלײַדערט.

— און גרויסע פאַרלוסטן האָבן זיי, די פאַשיסטן?

— וואָס פרעגסטו מיך אויס! פירט אַליין עם כעשבן פון אײַערע רעוואָכים. איין זאַך וועל איך דיר יאָ זאָגן: דער פריץ איז שוין נישט דער זעלבער, וואָס אַמאָל. פריִער פלעגט ער אין אָוונט זיך פאַרשטעקן אין דעם היי, ווי אַ כאַזער אין בלאָטע, און כראָפּען אַפּן גאַנצן דאָרף. איצט אָבער, ווי עס ווערט נאָר אַ ביסל פינצטער, פאַרלייגט ער און פאַרשטעלט טיר און פענצטער מיט וואָס עס קומט אים נאָר אונטער די הענט... גיב דאָס טאַקע איבער אײַערע לײַט. זיי שלאָפן אין די אייבערשטע קליידער מיטן געווער צוקאָפּנס. אָנגעשראָקענע!

— און ווי אַזוי זײַנען די פאַרווונדעטע אַריבערגעגאַנגען דעם טײַך?

די באַלעבאָסטע האָט אַ זיפץ געטאָן.

— פאַראַן אַ דורכגאַנג אַ קליינער, דער זומפּ גייט צו דאָרט ביז צום סאַמע טײַך. וויפל קי זײַנען דאָרט דערטרונקען געוואָרן. דאָרט באַווײַזן זיך טאַקע נישט די דײַטשן, דערפאַר איז אָבער זייער געפערלעך דער וועג. — אַ טיפער זומפּ. עס פאָדערט זיך אַ געניטער וועג ווײַזער.

מוסיאָ האָט זיך דערמאָנט, ווי מיטראָפאַן איליטש האָט זיך געטרונקען אין דעם זומפּ. ווי איר אין די אויגן איז ער אַלץ קלענער געוואָרן, זיך צעגאַנגען ווי פּוטער אַף אַ סקאָוואָראָדע און אַ קעלט איז איר דורך איבער די גלידער.

— באַ אונדז איז זייער אַ וויכטיקער איניען. איר מוזט אונדז העלפן, איז זײַט מעכויעוו. ס'איז אײַער כויוו. — האָט זי אַרויס־געריט באַמיִענדיק זיך, אַז אירע ווערטער זאָלן קלינגען מיט אַזאַ איבערצײַגונגס־קראַפט, ווי עס האָט זיך געפילט אין מאַטריאָנאַ ניקיטישנאַס רייד.

— „מעכויעוו", „מײַן כויוו", נישטאָ שוין מער קיין כויוועס באַ מיר, שוין אַלע מײַנע כויוועס באַצאָלט. — האָט אַן אויפגע־רעגטע געענטפערט די פרוי, און זיך אויסגעדרייט צום פענצטער, קוקנדיק אַף דער טויטער ליידיקער גאַס, וועלכע איז געלעגן אַ באַ־גאָסענע מיט זונען־שטראַלן. — אויב מען מוז איז ניטאָ וואָס צו ריידן, — האָט זי ענדלעך אַרויסגערעדט — ווידער וועט אײַך מוזן פירן מײַן קאָסטקע. די קראַנקן־שוועסטער מיט די פאַרוווּנדעטע האָט אויך ער געפירט. פריִער האָט ער דורכגעפירט אַ גאַנצע גרופּע אַרומגערינגלטע, דערנאָך אַ גאַנצע מאַכנע יִינגלעך. ער איז שוין געניט!

די באַלעבאָסטע האָט זיך אויפגעשטעלט און אַ לאַנגע צײַט געקוקט אין פענצטער. ווען זי האָט זיך אויסגעדרייט איז איר פּאָנעם געווען טרויעריק. — און וואָס טו איך, נאַר איינער! מײַן מאַן געפינט זיך ווער ווייס ווו אַפן פראָנט. פון זינט דער אָקופּאַציע האָב איך פון אים קיין בריוו נישט באַקומען. מײַן עלטערער זון איז אויך אַף דער מילכאָמע. און מײַן לעצטן זון, מײַן לעצטן אָנ־שפּאַר אַף די עלטערע יאָרן, שיק איך שוין דעם וויפלטן מאָל אונ־טער דעם סוינעס קוילן.

מוסיאַ איז אויפגעשפּרונגען און געוואָלט עפּעס זאָגן. אָבער די פרוי האָט זי אָפּגעשטעלט מיט אַ שטרענגן בליק.

— אַגיטיר נישט, שוין גענוג אַגיטירט!

זי איז אַרויס פון דעם צימער און אין אַ ווײַלע אַרום זיך אומגעקערט צוזאַמען מיט מוסיאַס באַקאַנטן יִינגל. ער האָט רויִק באַגריסט דאָס מיידל, זיך אַנידערגעזעצט, ער האָט ווײַזט אויס דערקענט מוסיאַן, אָבער מיט דער מינדסטער מינע ניט גע־געבן דאָס צו פאַרשטיין, בלויז פון צײַט צו צײַט געוואָרפן אַף איר נײַגעריקע בליקן.

— קענסט דעם דורכגאַנג איבערן טײַך? — האָט געפרעגט מוסיאַ.

— וועלכן, דעם שטיינערנעם? וואָס דען, איך קען נישט. פּרילינגס־צײַט כאַפּן מיר דאָרט העכט מיט שפּיזן — האָט ער געענטפערט — דער קאַפּיטאַן מישקין, אַ פאַרוואונדעטער, האָט מיר געזאָגט, ווען איך האָב זיי אַפּן אַנדערן ברעג אַדורכגעפירט: „דו, ברודער קאָסטקאַ, ביסט אַן עכטער אויסשפּירער!" וואָס הייסט איך ווייס נישט!

אונטערדעסן האָט די פרוי אײַנגעפּאַקט אין אַ קלומיקל אַ פּאָר אָפּגעקאָכטע קאַרטאָפל און אַ שטיקל ברויט. זי האָט דעם זון דער־לאַנגט דאָס פּעקל און מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן זיך געווענדעט צו מוסיאַן:

— אײַך גיב איך גאָרנישט. אַלע אונדזערע אַרבעטס־טעג האָבן זייערע אײַנטענדענטן אויסגעקערט, ווי מיט אַ בעזים. דו, זון מײַנער, זײַ פאָרזיכטיק, קריך נישט אונטער דער קויל. טאָמער, וואָס־ווען, צי זיך אויס אין דער לענג.

— איך ווייס אַליין! — האָט זיך אָפּגערופן קאָסטיאַ און זיך ראַפּטאָם אָפּגעקערט פון דער מוטער, וועלכע האָט אים געוואָלט אַ קוש טאָן. — וואָס זשע, גייען מיר, הייסט עס!

שווײַגנדיק זײַנען זיי צוגעקומען צום עק דאָרף. אין דער רוי־טער שקיִע פונעם פאַרגייענדיקן טאָג האָט זיך פאַר זייערע אויגן אַנטפּלעקט דער דײַטשער בייסוילעם. איצט האָט ער שוין פאַרנומען דעם גאַנצן טאָל און זיך געצויגן ביז צו דער אײַזנבאַן־ליניע, וועל־כע האָט זיך געמערקט אין דער ווײַטן. די בעריאָזענע צלאָמים, זײַנען, ווי פריִער, געשטאַנען אין שטרענגע רייען. גאַנצע מאַכנעס קראָען זײַנען געזעסן אַף זיי, און זיי באַשאָטן ווי מיט אַש. און דער אַש האָט זיך געררויטלט פון די לעצטע פורפורנע שקיִע־שטראַלן. דאָס מיידל איז ניט ווילנדיק געבליבן שטיין. קאָסטיאַ האָט אַ שמייכל געטאָן, ווי אַ דערוואַקסענער.

— איר האָט עס נאָך נישט געזען? קוקט זיך אײַן, קוקט. דאָס איז נאָך גאָרנישט. הינטער דער באַן ליניע איז פאַראַן נאָך. דעם גאַנצן בעריאָזע־וואַלד האָבן זיי אויסגעהאַקט אַף צלאָמים. — ער האָט אַ שלעפּ געטאָן דאָס מיידל פאַר דער האַנט. — לאָ־מיר גיין, קאַלומאַן עס בלאָזט ניט קיין ווינט פון דאָרטן. זייער אַ שווערער גערוך טראָגט זיך פון זיי.

ווען די צלאָמים זײַנען שוין געווען ווײַט הינטער זיי, האָט קאָסטיאַ אָפּגעשטעלט מוסיאַן.

— אַזעלכע, ווי איך, פאַרשרײַבט מען באַ אײַך, מען נעמט אָן אין פּאַרטיזאַנען אָפּטיילונגען?

— וואָס רעדט מען דאָ באַ אײַך וועגן די פּאַרטיזאַנער? — האָט געפרעגט מוסיאַ אויסמײַדנדיק אַן ענטפער.

— וואָס מען רעדט? מען וואַרט. ווען זיי, די פּאַרטיזאַנער, האָבן אַראָפּגעשלײַדערט אין טײַך אַרײַן דעם באַן פון בריק, דרייט זיך אַרום אונדזער סטאַראָסטאַ, זשאָרקאַ מעטיאָלקין, אים, שמועסט מען, האָבן די פאַשיסטן דערטאַפּט אין נעוועל אין טפּיסע, שלעפּט ער זיך אַרום באַטאָג איבערן קאָלווירט, גרוביאַנעוועט דאָ יעדן איינעם, אָבער ווי נאָר עס פאַרגייט די זון, שיקערט ער זיך אָן, זעצט זיך אַפן גאַניק און יאָמערט: „וויי איז צו מיר, וויי איז צו מײַן קאָפּ, די פּאַרטיזאַנער וועלן זי מיר אָפּדרייען...“ מומע, איר האָט אַ סאַך געווער?

דאָס ייִנגל איז געווען אַנטוישט און אַפילע פאַרביטערט, וואָס אנשטאָט אַ פּאַרטיזאַנער אָפּטיילונג דאַרף ער גאָר אַריבערפירן איבערן טײַך צוויי מומעס, וואָס זעען אויס ווי פּליטים. לעכאָט־כילע האָט ער זיך ביכלאַל אָפּגעזאָגט זיי צו פירן, און ווען ער איז שוין ענדלעך מיט זיי יאָ געגאַנגען, האָט ער אַ באַליידיקטער געשוויגן אַ גאַנצע שאָ, און אַף זייערע פראַגעס בלויז געענטפערט מיט: „נו יאָ“, „אַוואַדע“, „געוויס“, „פּאַרוואָס נישט“.

די פרויען זײַנען אויך געגאַנגען שווײַגנדיק, זיך צוהערנדיק צו דער שטילקייט פון דער נאַכט. אַ פינצטערע, האַגאַם עס האָט געשײַנט די לעוואָנע. די ערד איז ווי מיט אַ קאָלדרע געווען פאַר־דעקט, מיט אַ נידעריקן, געדיכטן מילך־ווײַסן נעפּל, וועלכער האָט געגרייכט ביז צו די קני. די לעוואָנע האָט געשײַנט פון דער זײַט, און פון פאָרנט, פון הימל, אַ געדיכט באַזאַלצענעם מיט מאַטע שטערן, איז געגאַנגען אַזאַ אָפּטער שטערן־רעגן, אַז עס האָט זיך געדוכט, אַז דאָרטן הינטערן ראַנד פונעם האָריזאָנט שיסט מען קעסיידער מיט טראַסיר־קוילן.

הינטערן זומפּיקן פליין איז דער טשערעט געוואָרן נאָך גע־דיכטער. דער וועג האָט זיך ביסלעכווײַז פאַרוואַנדלט אין אַן ענגער סטעזשקע. דעם ייִנגלס פיגורל איז אַזוי ווי געשווומען, אײַנגע־

טונקען ביז צו דער העלפט אין דעם נעפּל. מוסיאַ וועלכע איז געגאַנגען נאָך אים האָט זיך באַמיט אים נישט צו פאַרלירן פון די אויגן. שטיל האָבן געדרוישט די הויכע וואַסערערן, וועלכע פלעגן זיך דאָ פונאַנדערגיין און פּלוצלינג ווידער צונויפגיסן, ווי אַ געדיכטע וואַנט. אונטער זייערע פיס האָט געכליופּעט דאָס וואַסער. פון דער ערד האָט זיך געטראָגן אַ רייעך פון צעפּרײַעטער בלאָטע און דער הויך פון דער אײַנגעזאַפּטער באַטאָגיקער וואַרעמקייט.

הויך אין הימל האָבן די גאַנצע צײַט אָן אויפהער געצויגן עראָפּלאַנען. זיי זײַנען געפלויגן גרופּעסווײַז צו מײַרעוו. מען האָט זיי נישט געזען, אָבער דאָס רוישן פון זייערע מאָטאָרן, וועלכער פלעגט דאָ שטילער ווערן און פּלוצלונג זיך ווידער פאַרשטאַרקן, האָט באַהערשט די קילע נאַכט, און ווי פאַרשלונגען אַלע נאַכטקלאַנגען.

— דאָס זײַנען אונדזערע, — מען גייט אַף בערלין — האָט זיך ענדלעך געווענדעט צו זיי קאָסטיאַ — שוין ווער ווייס די וויפלטע נאַכט פליען זיי איבער אונדז. זיי וועלן שוין היטלערן דערציילן די מײַסע . . .

אין דער מינוט האָבן די מאָטאָרן גערוישט פונקט איבער זייערע קעפּ און מוסיאַן האָט זיך אַפילע אויסגעוויזן, אַז זי באַמערקט אַ טונקעלן סילועט פון אַן אַוויאָן. אַף דער נעשאָמע איז געוואָרן לײַכטער, פונקט ווי דאָ, אין דער קילער נאַכט, צווישן דער בלאָטיקער פאַרעגינע, און דעם דראָענדיקן כליופּען פון די בלעזלעך וועלכע האָבן זיך געהויבן פון זומפּ, האָט זיך צו איר דערטראָגן אַ ווײַט היימיש ליד.

— אַזאַ כוישעך! אַזאַ נעפּל! ווי אַזוי געפינען זיי דעם וועג? אַמאָל האָב איך געמיינט לויט די שטערן! — האָט אַרויסגערעדט דאָס מיידל פאַרטראַכט.

—עך, מאַשענקאַ, אָט וועט ער קיין בערלין אָוועקפליִען, איבערלאָזן דאָרט אַ מאַטאָנע היטלערן און אינדערפרי וועט ער שוין ווידער זײַן אינדערהיים צווישן אייגענע. און מיר ביידע, וויפל וועט עס נאָך אויסקומען אונדז צו גיין.

מאַטריאָנאַ האָט אַ זיפץ געטאָן, אָבער טייקעף, ווי זי וואָלט זיך געכאַפּט, האָט זי צוגעגעבן: — אָבער וואָס איז דאָ פאַראַן צו שמועסן. מיר וועלן דערגיין. עס קען גאָרניט אַנדערש זײַן, אַז

מיר זאָלן נישט דערגיין. מיר האָן האָבן נישט קיין רעכט דערויף, עמעס ?

אין די ווערטער האָט דאָס יינגל אויפגעכאַפּט אַ באַזונדערן, פֿאַרבאָרגענעם רעמעז. ניין, דאָס זײַנען ניט קיין פּאַשעטע פּליטים, ווי עס האָט זיך אים אויסגעוויזן. זאָג נאָר, זײַ מויכל, צוליב וואָס זאָלן צוויי פּליטים קריכן באַנאַכט דורכן זומפּ און אײַנשטעלן זייערע לעבנס. עס איז קלאָר אַז זיי פֿירן אויס אַ וויכטיקע שליכעס. עפּשער זײַנען זיי פּאַרטיזאַנישע אויסשפּירערקעס ? און עפּשער זײַנען דאָס שעליכים מיט וויכטיקע יעדיעס ? און עפּשער טראָגן זיי גאָר אין זייערע זעק אויפרײַס־מאַטעריאַל אָדער געווער ?
און קעדיי צו דערווײַזן, אַז ער אַליין איז אויך נישט גלאַט אַזוי אַ פּאַשעטער קאָלווירטישער יאַטל, און אַז ער האָט אַן אַנונג אין מילכאָמע־איניאָנים, האָט דאָס יינגל זיי דערציילט אַז מיטן זעלבן וועג האָט ער שוין אַריבערגעפֿירט אַפֿן צווייטן ברעג טײַך אַ סאַך באַוואָפֿנטע מענטשן. די פֿרויען זײַנען געוווירע געוואָרן, אַז די שמאָלע קוים באַמערקבאַרע סטעזשקע, וועלכע שלענגלט זיך צווישן די צעוואַקסענע וואַסער־רערן, און איז אַמאָל אויסגעטראָטן געוואָרן דורך די דאָרפֿישע פֿיש־כאַפּער, דינט איצט פֿאַר אַ געהיימען וועג, דורך וועלכן די באַפֿעלקערונג, בעשטיקע פֿון די אָקופּאַנטן, האַלט אָן אַ פֿאַרבינדונג צווישן ביידע ברעגן, און אַז ערשט אייערנעכטן זײַנען דאָ אַרום דורכגעגאַנגען צוויי און דרײַסיק פֿאַרוווּנדעטע, וועלכע עס האָט אויסבאַהאַלטן אין וואַלד, איינע אַ קראַנקן־שוועסטער בעייס דער שלאַכט פֿאַרן באַזיץ פֿון טײַך, אויסגעהיילט און געשטעלט אַף די פֿיס מיט דער הילף פֿון די קאָלווירטישע פֿרויען.

די געשיכטע האָט מוסיאַן זייער פֿאַראינטערעסירט. אַמאָל האָט דאָך קאָסטיאַס מוטער זי אָנגענומען פֿאַר אַ שעליעך פֿון יענעם העלדישן מיידל. אַגעוו לויט קאָסטיאַס דערציילונג, איז די שוועסטער געווען גאָר אַן עלטערע פֿרוי און די פֿאַרוווּנדעטע האָבן זי גערופֿן „מאַמע”. אָנגעטאָן אין דאָרפֿישע קליידער פֿלעגט זי דרייסט אַרײַנקומען אין די קאָלווירטן, וועלכע די דײַטשן האָבן באַזעצט, און אַף איר באַקאָשע האָבן די פֿרויען געטוישט בײַ די דײַטשע פֿעלדשערס הינער און שפּעסן אַף רעפּועס, געזאַמלט אַלטע באַנדאַזשן און מאַרלע און זיי געוואַשן. און קאָסטיאַ צוזאַמען מיט אַנדערע יינגלעך פֿלעגן דאָס אַלץ אָפּטראָגן צוזאַמען מיט שפּײַז

אין וואַלד אַרײַן. דער ייִנגל האָט מיט שטאָלץ דערציילט, אַז ווען ער האָט אַריבערגעפירט די פאַרוווּנדעטע אַפֿן אַנדערן ברעג, האָט דער קאַפּיטאַן מישקין, באַ וועמען די ווונד אין פוס איז נאָך נישט געווען פאַרהיילט און מען האָט אים געמוזט טראָגן אַף אַ טראָג־בעטל, אים געזאָגט, אַז ווען ער וועט זיך אומקערן צו די אייגענע וועט ער אומבאַדינגט אָנשרײַבן דער העכערער מאַכט וועגן דעם קאָלווירט „וועטלינאַ".

— זיי וועלן טאַקע אָנשרײַבן, אָבער דער קאָלווירט איז שוין נישטאָ... דעם קאָלווירט האָט דער פאַשיסט צעיאָגט. אונדזער פאָרזיצערן די מומע גלאשאַ פּילאָמאַנאָוואַ האָט מען אויפֿגעהאָנגען, און אַף איר פּלאַץ האָט מען באַשטימט אַלס סטאַראָסטע איבער דרײַ דערפֿער דעם גאַנעוו, דעם אויסגעשפּילטן מאַרעוויכער זשאָר־קאַ מעיטאָלקין. און יענער, ווי ער עפּנט נאָר זײַנע אויגן ליאַרעמט: „איר זײַט שוין איצט אינ־די־ווידו־אַלן".

דער ייִנגל האָט קוים אַרויסגערעדט דאָס אומבאַקאַנטע וואָרט, האָט גלײַך פאַרביסן דעם צונג און איז רויט געוואָרן. דאָס וואָרט האָט אים געשײַנט צו זײַן אַ זידל־וואָרט, און ער האָט געצווייפלט אויב מען מעג עס איבערהויפּט אַרויסריידן אין קעגנוואַרט פֿון פרויען.

מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַ האָט אָנגעהויבן אויסצופֿרעגן, וואָס פאַר אַ מײַסים טוען אָפּ די פאַשיסטן אין די קאָלווירטן. אין זייער שמועס האָבן אָנגעהויבן זיך דורכצוואַרפֿן ווערטער, וועלכע זײַנען מוסיאַן געווען אינגאַנצן אומבאַקאַנט: דער נישט צעטיילבאַרער פֿאָנד, קערנער־רעזערוו, מ. ט. ס., זריִע־מאַטעריאַל... דאָס מיידל האָט פאַרשטאַנען נאָר דאָס, אַז די קאָלווירטניקעס האָט זיך דאָך אײַנגעגעבן צו „אָפּכווילעמען" דעם סטאַראָסטע, און אויסבאַהאַלטן די ווערטפולע זאַכן פון דעם קאָאָפּעראַטיוון אייגנטום.

דער שמועס האָט אויפֿגעהער'ט צו אינטערעסירן מוסיאַן. זי איז אַ ביסל אָפּגעשטאַנען פון אירע באַגלייטער און האָט זיך צו־געהערט צום רויש פון די וואַסער רערן, צום יאָמערלעכן קוואַקען פון די זשאַבעס, צום כליופּען פון וואַסער בלעזלען און צום הודיען פון די אַוויאָן־מאָטאָרן, וועלכער האָט זיך מעכטיק אַרײַנגעריסן אין דער אוראַלטער שטילקייט.

די לעוואָנע האָט איצט באַלויכטן די גייענדיקע פון הינטן

און געוואָרפן אונטער זייערע פיס קורצע שאָטנס. דאָס מיידל האָט זיך אומגעקוקט, באַטראַכט די לעוואָנע און געקלערט, אַז דעם זעלבן לויכטנדיקן קרײַז זעט איצט דער לופטפליער, וועלכער פליט קיין בערלין, עס זעען אים די זעלנער, וועלכע באַוואַכן דעם פראָנט, אויך יענע גליקעלכע מענטשן, וועלכע וווינען דאָרטן אַף דער פרײַער ניט באַזעצטער ערד און לעבן לויט דעם געוווינטן היימישן שטייגער. עפּשער קוקט איצט אַף די לעוואָנע איר פאָטער, וועלכער געפינט זיך אַף דער ערשטער ליניע און איז אַרויס פון זײַן טראַנשיי קעדיי אויסצורייכערן פאַרן שלאָף אַ פּאַפּיראָס. עפּשער אויך איר מוטער, וועלכע איז אַרויס אַפן גאַניק און רופט אירע ברידערלעך זיי זאָלן שלאָפן גיין.

דערמאָנענדיק זיך וועגן אירע עלטערן, האָט מוסיאַ פלוצלינג דערפילט אַזאַ בענקשאַפט נאָך איר היים, אַז זי איז אַליין נישטווימעם געוואָרן פון איר קויעך און אַנטשלאָסנקייט, צו קאָנען זיך אָפּרײַסן פון איר מישפּאָכע. „ליבע מײַנע, טײַערע מײַנע! געדענקט איר נאָך אײַערע ווילדע מוסקע?” דאָס מיידל האָט געפּרוווט זיך פאָרשטעלן, וואָס אַזוינס קומט פאָר איצט באַ איר אינדערהיים און איז אַזוי פאַרכאַפּט געוואָרן פון די בילדער וועלכע זי האָט זיך געמאָלט אין איר פאַנטאַזיע, אַז זי איז געפּלעפּט געוואָרן, ווען אויפהייבנדיק איר קאָפּ האָט זי פאַר זיך פּלוצלינג דערזען דעם שאַרפן אויסבייג פון אַן אומרויִקן טײַך, וועלכער האָט טומלדיק געקײַקלט זײַנע כוואַליעס איבער די שטיינערנע שוועלן. אַ קאַלטער נעפּל האָט זיך שטיל געשפּרייט איבערן וואַסער.

מוסיאַ האָט אַ ציטער געטאָן.

— וואָס־זשע, מען וועט מוזן זיך אויסטאָן? — האָט געפרעגט מאַטריאָנאַ ניקיטישנאַ.

— וואָס דען? דאָ איז טיף. פאַראַן ערטער, ווו דאָס וואַסער דערגרייכט מיר ביז צום האַלדז, און אין אַנדערע ערטער דערלאַנג איך נישט דעם גרונט. — האָט געענטפערט דאָס ייִנגל.

— איך קען נישט שווימען — האָט געזאָגט די פרוי מיט אַ געפאַלענער שטימע.

קאָסטיאַ האָט קריטיש אָפּגעמאָסטן מיט די אויגן איר שלאַנקן, הויכן קערפּער.

— עס מאַכט נישט. איר זײַט אַ הויכע, וועט איר קאָנען אַרי־

בערגיין. איַיך וועט דאָס וואַסער דערגיין ביז צום האַלדז, נישט טיפער. גיט נאָר אַכטונג, דער שטראָם זאָל איַיך נישט אַראָפּשטופּן פון די שטיינער אין אָפּגרונט אַריַין. דאָרט זיַינען פאַראַן גריבער — צוואַנציק קילאָדיקע פיש פלאַדיען זיך דאָרט.

— און אויב עס וועט מיך אַראָפּשטופּן? — מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַ האָט געקוקט מיט שרעק אָפן אומרויִקן שטראָם, וועלכער איז פאַרלוירן געגאַנגען אין דעם שיטערן נעפּל. — אַלס קינד האָב איך זיך אַמאָל געטרונקען, פאַסטעכער האָבן מיך אַרויסגעשלעפּט. פון דאַמאָלסט אָן האָב איך מוירע אַריַינצוגיין אין וואַסער.

דער יינגל האָט שפּאָטיש באַמערקט.

— אַ גרויסע און איר האָט מוירע! פּונקט ווי אַ הון. איך האָב דאָ באַגלייט יינגלעך. אַ סאַך פון זיי האָבן אינגאַנצן נישט געקענט שווימען און פונדעסטוועגן האָבן זיי זיך נישט געשראָקן.

— און זיי זיַינען אַריבערגעגאַנגען?

— פינף פון זיי האָט דאָס וואַסער אַראָפּגעשליַידערט אין אָפּגרונט.

— און זיי זיַינען דערטרונקען געוואָרן?

— דריַי האָט מען אַרויסגעשלעפּט. צווישן זיי איז געווען איינער, טאַלקאַ איז זיַין נאָמען, דאָס איז אַ יונג אַ כוואַט, שווימט געזונט איַיזן, ער האָט דאָס זיי אַרויסגעשלעפּט.

— און יענע צוויי?

— עס האָט זיי פאַרדרייט אין אַ קעסל־גרוב. יענער טאַלקאַ האָט זיך אונטערגעטויכט, געשווומען, געזוכט, בלוי געוואָרן, אַליין זיך אָנגעזופּט מיט וואַסער, אָבער נישט געקענט זיי געפינען. דאָס איז אַ יאַט, פאַרן טיַיוול אַליין האָט ער נישט קיין מוירע. איינעם פון זיי, סאַשקען, אַזאַ בלאָנדן האָט ער אַף זיַינע פּלייצעס אַריבערגעטראָגן. ער איז זייער קאָמאַנדיר דער טאַלקאַ, נישט געקוקט דערויף וואָס צווישן זיי זיַינען פאַראַן יאַטן עלטערע פון אים.

— דער וואָס זאָגט שטענדיק „יאלקי־פּאלקי?” האָט געפרעגט מוסיאַ, וועלכע האָט זיך פלוצלונג דערמאָנט די לאָנקע אין וואַלד, די מאַכנע איבערגעשראָקענע יאַטן, אָנגעטאָנענע אין אוניפאָרמס פון אַ האַנטווערקער שולע. די אויגן פול מיט יעסורים באַ דעם שוואַרצכיינעוודיקן באַכערל. „קאָן דען מעגלעך זיַין, אַז זיי, די יינגלעך גייען נאָך אַלץ צו מיזרעך?”

— אָט, אָט, אָט... שטענדיק נאָר „יאַלקי" און „פּאַלקי" איר קענט אים? ער געהערט אויך צו אײַערע? — האָט געפרעגט קאָסטיאַ, אַ דערפרייטער, אָבער ער האָט זיך מיטאַמאָל געכאַפּט:

— איז וואָס וועט זײַן? אויב גיין איז געגאַנגען, נישטאָ וואָס צו פּלאַפּלען מיטן צונג. איר וועט מוזן, קאָלזמאַן ס'איז פינצטער, אַוועק וואָס ווײַטער פון ברעג. דאָרטן האַלט דער פּאַשיסט אומעטום זײַן אויג.

קאָסטיאַ איז דעליקאַט אַוועק הינטער די קוסטעס און אין אַ ווײַלע אַרום אַרויסגעקומען פון דאָרטן אַ נאַקעטער. דערזעענדיק, אַז די פרויען טוען זיך האַסטיק אויס, האָט ער באַהאַלטן זײַנע קליידער צווישן גראָז, דורכגעלאָפן די לאָנקע, הילכיק פּאַטשנדיק מיט זײַנע באָרוועסע פּיאַטעס און אין געלאָף אַרײַנגעפליוכעט אין וואַסער. עס האָט זיך דערהערט אַ הילכיקער פּליוסק און צום צענטער פון טײַך האָבן זיך גענומען ציִען, ווערנדיק וואָס אַ מאָל אַלץ ברייטער, גלאַנציקע רינגען.

— אוי ווי קאַלט, — האָט זיך דערהערט פון אונטן אַ ציטערדיקע שטימע.

די פרויען האָבן זיך אויסגעטאָן און לויט דעם ייִנגלס אייצע אײַנגעפּאַקט זייערע קליידער אין די זעק. מאַטריאָנאַ ניקיטישנאַ האָט פּאַרפּעסטיקט איר זאַק אַף די פּלייצעס, זיך אַראָפּגעלאָזט אַגטשלאָסן צום ברעג, אַ פּרווו געטאָן דאָס וואַסער מיטן פוס און האָט אַ פאַרשטיקטן געשריי געטאָן. פּונקט ווי דאָס וואַסער וואָלט איר אָפּגעבריט די פינגער.

— אַהער, אַהער, נישטאָ דאָרט וואָס צו ציטערן! — האָט אַ געשריי געטאָן דער קליינער וועגווײַזער.

מאַטריאָנאַ ניקיטישנאַ איז אַנטשלאָסן און פעסט אַרײַן אין וואַסער. אַרום אירע פיס זײַנען זיך צעשוווּמען זילבערנע רייפן. באַמיִענדיק זיך נישט אָפּצושטיין איז מוסיאַ אויך שנעל אַראָפּגעלאָפן צום טײַך, איר איז געוועזן קאַלט און זי האָט זיך געשראָקן. מיט די פיס האָט זי אָנגעטאַפּט די גליטשיקע שטיינער און פאַרבײַסנדיק די ציינער איז זי געגאַנגען פאָרויס. דאָס וואַסער, וואָס האָט מיט קויליך געשלאָגן איבער אירע פיס איז געווען אַזוי קאַלט, אַז עס האָט אַזש געבריט. עס האָט זיך אויסגעדוכט, אַז דאָס וואַסער האָט נאָר געוואָלט אַראָפּשטופּן דאָס מיידל פון די שטיינער

אין דעם אָפּגרונט אַרײַן און פאַרדרייען אין די געהיימניספולע קעסל־גריבער. מוסיאַ האָט זיך פאַרגעשטעלט, ווי צוויי פון יענע העלדישע יאַטן, וועלכע זי האָט אַמאָל באַגעגנט אין וואַלד ליגן איצט דאָ נאָענט אַפן גרונט פון טײַך און אַרום זיי שווימען גרויסע, שווערע, לאַנגוואָנסעדיקע און ברייטקעפּיקע פיש. זי האָט דערפילט אַן איימע.

אָבער פאַר זיך האָט זי געזען די גלײַכע, שלאַנקע האַלדז, די געטאָקטע, ווי בײַ אַלטערטימלעכע סטאַטועס, אַקסלען פון איר באַוווּרטע. נישט קענענדיק שווימען איז מאַטריאָנאַ דרייסט געגאַנגען צו דער מיט פון טײַך, דורכשנײַדנדיק מיט איר קערפּער דעם פאַראַקשנטן קאָכיקן שטראָם. דאָס וואַסער האָט שוין דער־גרייכט ביז צו איר ברוסט. מוסיאַ, וועלכע האָט יאָ געקענט שווי־מען, האָט זיך פאַרשעמט פאַר איר פאַכדאָנעס. זי האָט פאַרשנע־לערט אירע טריט און שפּאַרנדיק מיטן גאַנצן קערפּער די כוואַליעס האָט זי זיך דערנענטערט צו איר כאַווערטע, קעדיי אין אַ נויטפאַל זי אונטערכאַפּן און מיטהעלפן.

די מוירע פאַרן גורל פון איר כאַווערטע, האָט דערשטיקט איר אייגענע מוירע. קאָסטיאַ איז געשוווּמען דער ערשטער, ער איז געשוווּמען געוואַגט, שנײַדנדיק אַף סקאָס דעם שטראָם, פון צײַט צו צײַט פלעגט ער זיך אומקוקן און שרײַען מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם:

— מער לינקס, לינקס, האַלט די ריכטונג אַף מיר!

ענדלעך האָט דאָס וואַסער אָנגעהויבן צו ווערן פלאַכער און בײדע פרויען האַלטנדיק זיך פאַר די הענט זײַנען אַרויס אַפן ווייכן זאַמדיקן ברעג. זייער וועגווײַזער, וועמען דער שטראָם האָט פאַר־שלעפּט, איז אַרויסגעשווּמען אַ סאַך ווײַטער פון זיי. ציטערנדיק פון קעלט איז ער געשפּרונגען אַף איין פוס, קעדיי אַרויסצוטרייס־לען דאָס וואַסער פון זײַנע אויערן. זײַן גאַנצער קערפּער האָט זיך באַדעקט מיט פוקאַלאַך, ווי די הויט פון אַ גאַנדז, עס האָבן אים געפּויקט די ציין פון ספּאַזמאַטישן, פראָסטיקן ציטער. אויסגע־דרייט מיטן רוקן צו די פרויען האָט ער זיי געגעבן זײַנע לעצטע אייצעס און אָנווײַזונגען:

— ווען איר וועט אַרויפשטײַגן אַפן ברעג — גייט גלײַך אַרײַן אין וואַלד. רעכטס וועט זײַן אַ סטעזשקע צו דער מיל, זאָלט

איר אַהין נישט גיין, מען שמועסט אַז אין דער מיל געפינט זיך אַ פּאָסטן פון די פריצן. פאַרנעמט זיך אַף לינקס דורכן וואַלד אַף קאַזנאַ, דערנאָך אַף קאַדינאַ, שפּעטער אַף מאַלינאָווקאַ. דאָס איז אַלץ קאָלווירטן וואָס ציִען זיך באַם ראַנד פון וואַלד... פאַר־שטאַנען ?

— וועסט דאָך פאַרפרוירן ווערן ! נעם מײַן טוך, דערוואַרעם דיך אַ ביסל. לאָז, וועל איך דיך אַרומווישן. — האָט אַ באַזאָרגטע פאַרן יינגל געזאָגט מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַ.

— כ׳וועל פאַרפרירן ווערן ? און פריִער בין איך פאַרפראָרן געוואָרן ? און אָפּשפּרינגענדיק פון די פרויען, האָט דער יאַט גע־נומען לויפן איבערן זאַמדיקן ברעג, זײַנע פיסלעך האָבן אָנגעהויבן צו פּליעסקען דאָס פלאַכע וואַסער און אַ רעגע שפּעטער האָט זיך זײַן ווײַסער קאָפּ באַוויזן אין מיטן טײַך.

— עך, אַפילע אַזעלכע לאָזט די מילכאָמע נישט צו רו ! — האָט אַ זיפץ געטאָן מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַ. — קיינער שיקט אים נישט, ער גייט אַליין און באַקלאָגט זיך אַפילע נישט.

— און מיר האָבן אים אַפילע נישט באַדאַנקט — האָט מיט באַדויערן באַמערקט מוסיאַ.

— דאַנקען איז דאָ נישטאָ פאַר וואָס. אַלע טוען מיר די זעלבע אַרבעט, מאַשענקאַ. און מיר טוען דאָס נישט פאַר אַ דאַנק, נישט צוליב פאַרנאָסע און נישט צוליב באַלוינונג.

פון דעם טײַך, וועלכער האָט אין מעשעך פון אַ לאַנגער צײַט געדינט דער סאָוועטישער אַרמיי אַלס אַ פאַרטיידיקונגס־ליניע פאַר אַקשאַנעסדיקע שלאַכטן, האָט דער וועג זיך געצויגן דורך אַ געגנט, ווו דער סוינע האָט זיך גערוקט פאָרויס זייער לאַנגזאַם, פירנדיק שווערע פאַרביטערטע שלאַכטן און צאָלנדיק פאַר יעדן קילאָמע־טער פאַרכאַפּטער ערד מיט צענדליקער און הונדערטער קוואָרים. עס זײַנען פאַרניכטעט און פאַרברענט געוואָרן נישט בלויז די דערפער, וועלכע האָבן זיך געצויגן לענגויס דעם שאָסיי־וועג, נאָר אַפילע יענע, וועלכע האָבן זיך געפונען אין אַ זײַט פון די הויפּט־קויכעס פון דעם סוינעס אַרמיי. נישט נאָר די ברעגן פון די טײַכן, טײַכלעך, נישט נאָר די גראָבנס, בערגלעך, וואַלד־זוימען און אַנ־דערע צוגעפּאַסטע פלעצער פאַר דער פאַרטיידיקונג, נאָר אַפילע טאָלן, פעלדער און לאָנקעס זײַנען געווען צעגראָבן פון די גראַנאַטן,

מינעס און ערטערווײַז אַזוי צעפּאַסעוועט פון די טאַנקן־קייטן, אַז מוסיאַן האָט זיך אָפּטמאָל אויסגעדוכט, אַז דאָ האָט זיך דורכגעטראָגן, אַלץ צעטראַמפּלענדיק און פאַרניכטנדיק אַפן וועג, אַ מאַכנע צעווילדעוועטע, גיגאַנטישע אוראַלטע כײַעס. די מילכאָמע האָט אַפילע נישט געשאַנעוועט די וועלדער הינטערן טײַך. גאַנצע וואַלדמאַסיוון זײַנען געווען מיטן וואָרצל אויסגעריסן. הונדערטיעריקע סאָסנעס, דעמבעס, בעריאָזעס און אַנדערע ביימער האָבן זיך געוואַלגערט צווישן די צעשפּאָלטענע פּניאָקעס.

דאָס מיידל האָט מיט שרעק געקוקט אַף די גרינע און גרויע מאַסן פון די טאַנקן, וועלכע זײַנען געלעגן דאָ און דאָרט אַף די סקעלעטן פון די אָפּגעברענטע מאַשינען וועלכע האָבן אַרויסגעסטאַרטשעט פון דעם שוואַרצן אָפּגעברענטן גראָז אַפּער.

מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַ, וועלכע האָט זיך גלײַכגילטיק און רויִק באַצויגן צו די אַלע מילכאָמע סימאָנים, האָט מער געליטן פון די שוואַרצע פלעקן און בערג אַש, וועלכע זײַנען פאַרבליבן פון די פאַרברענטע סטויגן. פון די אויפגעשוואָלענע גופים פון קי און פערד, וועלכע האָבן זיך געוואַלגערט אין די גראָבנס. זי האָט געליטן זעענדיק די איבערגעשטאַנענע, אויסגעטריקנטע לאָנקעס, די צעטראָטענע, פאַרפלאָנטערטע, אויסגעלייגטע טוווע מיט אויסגעשאָטענע, באַוואַקסענע מיט ווײַסע וואַנצעלעך, זאַנגען.

נאָר מער פון אַלץ האָט געדריקט די פרויען — די טויטקייט, די אָפּוועזנהייט פון מענטשן, וועלכע האָט געהערשט אין דער געגנט, ווײַט פון וועגן. די ערד האָט אויסגעזען נישט ווי אַ פאַרלאָזטע, נאָר ווי אַן אויסגעשטאָרבענע. אַף יעדן שריט און טריט האָבן זיי זיך אָנגעשטויסן אַף סימאָנים פון אַ געוועזענעם מענטשלעכן לעבן, אַף די פרוכטן פון זייער קעסיידערדיקער אומדערמידלעכער האָרעוואַניע. און דאָך האָט זיך אַרום זיי נישט געהערט קיין איינציקער לעבעדיקער קלאַנג — נישט דאָס מוקען פון קי, נישט דער ווײַטער קרייען פון אַ האָן, וואָס דערפרייט שטענדיק אַזוי דעם וואַנדערער, וועלכער האָט זיך פאַרבענקט נאָך אַ דאַך איבערן קאָפּ.

איינמאָל, ווען זיי זײַנען געגאַנגען איבער אַ פאַרלאָזענעם פלאַקס־פעלד, וועלכער האָט זיך געכוואַליעט פון דעם ווינט, האָט זיך מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַ נישט אײַנגעהאַלטן, אַרויסגעריסן עט־

לעכע בינטלעך פלאַקס־זאַנגען, געשיקט אײַנגעבינדן אַ סנאָפּ און אים אונטערגעוואָרפן אַף איר האַנט.

— אַזאַ פלאַקס... אַזאַ גערעטעניש... און אַלץ איז דאָך פון דעם ערשטן סאָרט. — האָט זי געזאָגט.

מוסיאַ האָט זיך אויסגעדרייט צו איר באַגלייטערן און דערזען, ווי יענע דריקט צו איר ברוסט, ווי אַ קליין קינד, דעם געל־ברוינעם סנאָפּ מיט די ביינערנע, זײַדענע קנאַקנדיקע קעסטעלעך, און אירע אויגן זײַנען אָנגעפילט געוואָרן מיט טרערן.

— וואָס איז מיט אײַך?

— אַזאַ גערעטעניש, אַזאַ טוווע! אין דער געגנט האָט מען דאָך אַפילע נישט געכאָלעמט וועגן אַזאַ גערעטעניש... און אַלץ אומזיסט, אַלץ אַוועק מיטן רויך. עך, וואָלטן מיר, די סאָוועטישע מענטשן, געהאַט אַ לעבן דעם הארבסט, ווען נישט דער פאַרשאָלטענער פאַשיסט!...

איצט איז מוסיאַן געווען אַ סאַך לײַכטער צו גיין, ווי פריִער. דאָס האָט זיך דערקלערט נישט בלויז דערמיט, וואָס אין דעם „רויטן אַקער" האָט מען זיי פאַרזאָרגט אַפן וועג מיט אַ פולער האַנט, אַפילע צוקער האָט מען זיי מיטגעגעבן — ניין, דער גרויסער מענטשן־קענער, איגנאַט רובצאָוו, האָט זיי אָנגעזאָגט, אַז אין וועג, זאָלן זיי נישט ווייכן פון אייגענע מענטשן און זײַן זיכער, אַז מען וועט זיי בײַהילפיק זײַן לויט די מעגלעכקייטן.

נאָכן פאַרלאָזן די געגנט לעבן טײַך, וועלכע איז אינגאַנצן פאַרניכטעט און כאָרעוו געוואָרן דורך די לאַנגע שלאַכטן, און אַף די וועגן האָבן זיך שוין אָנגעהויבן באַווײַזן מענטשן, פלעגן די כאַווערטעס צושטיין צו די מאַכנעס פליטים. צוזאַמען מיט די איבעריקע פלעגן זיי אַרײַנגיין אין אַ קאָלווירט, וועלכער האָט זיך געפונען אין אַ זײַט פון וועג, און אויב דאָרט זײַנען נישט געווען קיין פאַרשטייער פון דער קאָמאַנדאַטור, פלעגן זיי ריזיקירן אי־בערצונעכטיקן אין די שײַערן און אפילע אין די כאַטעס.

עס האָט געפרייט און געמוטיקט, וואָס דאָ אין רוקן פון דער פאַשיסטישער אַרמיי, זײַנען די מענטשן נישט געפאַלן באַ זיך, זיי האָבן זיך געלאָזט אַף פאַרשיידענע שפּיצלעך, אײַנגעשטעלט זייערע לעבנס, אָנהאַלטנדיק אין די קאָלווירטן די אַמאָליקע אָרדענונג,

פאַרטיילט צווישן די אײַנוווינער און אויסבאַהאַלטן דאָס געזעלשאַפטלעכע האָב און גוטס און מיט האָפענונג און זיכערקייט געקוקט צום מיזרעך. די דורכשניטלעכע און אפילו די אָפּגעשטאַנענע קאָלווירטניקעס, האָבן נישט געשאַנעוועט זייערע לעבנס, און אויסגעפירט די אָנווײַזונגען פון דעם כאַווער סטאַלין, וועגן וועלכע עס האָט דערציילט אַמאָל מוסיאַן אין וואַלד דער בלאָנדער „טשעמפּיאָן פון זיקאָרן”.

אין איינעם אַ דאָרף האָבן זיי געזען אַ לאַנגע טליִע. נישט נאַטירלעך אויסגעצויגענע, מיט קעפּ, פאַרוואָרפענע אַף אַ זײַט, האָבן זיך שטיל געוויגט אַף איר קאָלווירטישע מענטשן פון פאַרשיידענעם עלטער. „פאַר סאַבאָטירן דעם שניט”. — אַזוי איז געווען אָנגעשריבן אַף קאַרטאָנענע קאַרטלעך, וועלכע זײַנען געווען צוגעשפּילעט מיט זיכער־נאָדלען צו די קליידער פון די אויפגעהאָנגענע. זייער אָפט פלעגט רײַסן די אויגן אַ פילפאַרביקער פלאַקאַט, וועלכער איז געווען אויסגעקלעפּט אַף די ווענט פון די הײַזער און אַף די טויערן פון די שטאַלן פון די דאָרפס־פײַערלעשער: אַ רויטבאַקיקער דײַטשער אָפיציר ווײַזט אָן מיט זײַן פוכקער ראָזעווער האַנט אַף אַ באַרג פול אָנגעשטאָפּטע זעק אַ שטאַלטנעם פויער מיט אַ לאַנגער באָרד און אין לאַפּטיעס. אין אַן אויסגעהאַפּטענער העמדל מיט אַ הויכן פילצענעם הוט, וועלכע די פויערים האָבן געטראָגן נאָך אין נעקראַסאָווס צײַטן. „אַלץ וואָס דו וועסט אַראָפּנעמען — וועט זײַן דײַנס” האָט געלויטעט דער אויפשריפט. אָבער אָפן זעלבן פלאַקאַט האָט מען געזען אויך אַנדערע אויפשריפטן, געשריבן מיט דער האַנט מיט אַ קויל אָדער קרײַד: „אַ ליגן!”
„וועסט אונדז נישט אָפּנאַרן!” „און אַ פײַג ווילסטו נישט?”

און אומעטום האָט זיך געצויגן לענגויס די וועגן אומגעוואָרפענע, פון ווינט און רעגן אויסגעקלאַפּטע טוווע, אויסגעטראָטענע, מיט ווילדגראָז פאַרוואַקסענע פלאַקס־פעלדער, וועלכע האָבן אויסגעזען פון דער ווײַט ווי אַלטע פאַרלאָזטע סטאַוון. אויך דאָס אויסגעברענטע, פאַרטריקנטע פוטער־גראָז האָט טרויעריק אַרויסגעשטעקט צו דער זון אירע אומנוצלעכע שטענגלעך.

אָפט פלעגט מען זען אויסגעריסענע העפטן־בויגנס מיט געשריבענע און געדרוקטע אויסיִעס. מייסטן טייל זײַנען זיי געווען צוגעקלעפּט צו די טעלעגראַף־סלופּעס. אָדער צו די הילצערנע

ברעטלעך מיט דײַטשע וועג־צייכנס. די פלוג בלעטלעך האָבן זיך געווענדעט צו דער באַפעלקערונג אויפפאָדערנדיק נישט אויסצו־פאָלגן די דײַטשע באַפעלן, נישט אַרויסצוגיין אַף אַרבעט אין פעלד און צו באָיקאָטירן די פאַשיסטישע פונקטן ווו מען מוז צושטעלן די טווע. אַלע האָבן זיך פאַרענדיקט מיטן זעלבן זאַץ:

„אַ טויט די היטלעריסטישע פאַרכאַפּער!”

פונקט ווי דער באַכט־געריויש פון די מאָטאָרן פון די באָמבאַר־דיר־אַוויאָנען וועלכע זײַנען געפלויגן אַף בערלין, אַזוי האָבן אויך געהויבן, באַ די סאָוועטישע מענטשן, דעם מוט די באַשיידענע בויגנס פאַפיר.

— איר ווייסט, מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַ, אַז איך זע אָט די פלוג־בלעטלעך, ווילט זיך מיר דורכפירן עפעס אַן אויסערגעוויינ־לעכן העלדן־טאַט! איך ווייס אַליין נישט וואָס: אויפרײַסן זייער באַן, דערהאַרגענען דעם גרעסטן פאַשיסטישן אויסוואָרף, אונטער־צינדן אַ סקלאַד — אַלצאיינס וואָס, אָבער אויפטאָן עפעס אַזעל־כעס, אַז מען זאָל זיך דערוויסן וועגן דעם אַף יענער זײַט פראָנט. — האָט געטרוימט מוסיאַ — איך זאָל אַפילע שטאַרבן, מען זאָל אָבער שפּעטער קאָנען זאָגן וועגן מיר: „אָט די מוסקאַ וואָלקאָוואַ — דאָס איז אַ העלד! געוועזן דאַכט זיך אַ גאַנץ פּאַשעט מיידל. צוזאַמען מיט אונדז זיך געלערנט, געלאָפן אַף די טאַנץ־אָוונטן — און אָט האָסטו דיר. ווער וואָלט זיך געקענט ריכטן דערויף”.

— און מיר ביידע, פירן דען נישט אויס קיין וויכטיקע אַר־בעט?

— ווייס איך וואָס! טראָגן גאָלד — די זעלבע אַרבעט, ווי גראָבן אַקאָפּעס... ס'איז טאַקע נייטיק, זיכער נייטיק, אָבער וואָס פאַר אַ פרייד איז דיר דערפון. גראָבסט זיך אין דער ערד, ווי אַ קראָט. מיר אָבער ווילט זיך עפעס אַזוינס ס'זאָל זײַן גרויס, וויכ־טיק, אַז מײַן היימלאַנד זאָל דערפון האָבן אַ גרויסן נוצן. מען זאָל וועגן דעם מעלדן דעם כאַווער סטאַלין אַליין און ער זאָל דערויף זאָגן: „זייער ריכטיק האָט זי געהאַנדלט די כאַווערטע וואָלקאָוואַ. גיט איר איבער מײַן פערזענלעכן דאַנק!” איר האָט דאָך אים געזען... ווי אַזוי זעט ער אויס?

מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַ האָט פעסט צוגעדריקט צו זיך דאָס מיידל... ווי מאָדנע עס איז געווען פאַר איר, איצטער, זיך דער־

מאָנען וועגן יענע נישט־פֿאַרגעסלעכע טעג וועלכע זי האָט פֿאַרבראַכט אין די סאַלאָנען פֿון קרעמל, דערמאָנען זיי דאָ אַף דער פֿאַרכאַפּטער פֿון דעם סוינע ערד, צווישן די נישט אָפּגעשניטענע פֿעלדער, צעשטערטע דערפֿער, אַף די וועגן פֿאַרפֿראָפּטע מיט סקעלעטן פֿון אָפּגעברענטע מאַשינען און געשוואָלענע גופים פֿון געפֿאַלענע בעהיימעס. ווער ווייס צום וויפֿלטן מאָל זי האָט אָנגעפֿאַנגען צו דערציילן וועגן דעם וואָס זי האָט געהערט און געזען בײַ יענער אומפֿאַרגעסלעכער באַראַטונג פֿון די פּיציכטלער. יעדעס מאָל פֿלעגט זי פֿונדאָסנײַ אויפֿפֿרישן אין איר זיקאָרן די שוין פֿאַרגעסענע דעטאַלן. און מוסיאַ פֿלעגט נישט מיד ווערן הערנדיק אירע רייד. אָפּטמאָל פֿלעגט זי אָבער איבעררײַסן איר דערציילונג און בלײַבן שטיין אַף אַ האַלבן וואָרט.

— ניין, דו גיב נאָר אַ טראַכט, מאַשאַ: זיי ווילן אונדז גויווער זײַן? אונדז, נאָך אַזאַ לעבן, ווי מיר האָבן געהאַט. בעהיימעס, אידיאָטן! אָפּגעריסענע נאַראָנים. איז דען מעגלעך צו פֿאַרלעשן די זון?

אָפּטמאָל פֿלעגט מאַטריאָנאַ באַפֿאַלן פֿון פֿרימאָרגן אָן אַ מאָרעשכוירעדיקע שטימונג. איר פּאָנעם פֿלעגט ווערן אומבאַוועגלעך, די אויגן פֿאַרגליווערט פֿול מיט בענקשאַפֿט און אומרו. מוסיאַ האָט געוווסט, אַז איר באַגלייטערן טראַכט וועגן איר מאַן און וועגן אירע קינדער, און פֿלעגט זיך באַמיִען אָפּצושטיין פֿון איר אַ ביסל, קעדיי איר נישט צו שטערן.

— מיט מײַנעם האָב איך אָפּגעלעבט צען יאָר — האָט אַ מאָל אָנגעהויבן צו דערציילן מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַ — פֿאַרשיידנס פֿלעגט פֿאָרקומען, אַמאָל צעשרײַט מען זיך, אַ מאָל צעקריגט מען זיך. איינמאָל, ווען ער האָט מיר נישט דערלויבט צו גיין אין קרײַז אַף קורסן, ווײַל דאַן האָב איך געשוואַנגערט מיט זאָיקען, האָב איך זיך שוין געקליבן אַפֿילע אַוועקצוגיין פֿון אים, מײַן ערדוואָרט. און איצט טראַכט איך זיך, בעסער ווי מיר האָבן געלעבט איז גאָרנישט מעגלעך... ניין, איך זאָג דיר דעם ריינעם עמעס, אַלץ וועגן אים טראַכט איך, ווו איז ער, מײַן יאַשענקאַ... באַנאַכט ווערט שוין פֿײַכט און בײַ אים איז פֿון דער פֿינלענדישער מילכאָמע פֿאַרבליבן אַ רעוומאַטיזם. ווער וועט פֿאַרבריִען פֿאַר אים מאַלינעס־

טיי ווען בײַ אים וועלן די געלענקען געשוואָלן ווערן. נו, און דו, מיידעלע, האָסט טאַקע נאָך קיינעם נישט?

מוסיאַ האָט זיך פאַרשעמט. אַ צונטער־רויטקייט האָט אַזש דורך איר פאַר׳ברוינט פּנים דורכגעשלאָגן.

— אַ נייטיקע זאַך. און עס וועט נישט זײַן אויך. אויך מיר אַ מעציע — ייִנגלעך. אין דער מיטל־שול פלעגן זיך פאַרליבן אין מיר נישט נאָר די ייִנגלעך פון מײַן קלאַס, נאָר אַפילו אויך פון דעם פּאַראַלעלן „ב״, אָבער איך — טפו... נייטיק דאַרף איך זיי.

דער פרויס פּנים איז מילד געוואָרן און באַקומען אַ מוטער־לעכן אויסדרוק:

— האָט טאַקע נאָך קיינער נישט פאַרווונדעט דײַן הערצעלע?

מוסיאַ האָט ערלעך אויסגערעכנט אַלע אירע געוועזענע פאַר־ערער: דעם לאַנגפיסיקן אַרסיאַ — אַ עלעקטראָטעכניקער פון דער שטאָטישער סטאַנציע, וועלכער האָט איר צוגעזאָגט צוזאַמענצו־שטעלן אַן אויסערגעוויינלעכן ראַדיאָ־אַפּאַראַט; דעם אונטער־ליי־טענאַנט פון גרענעץ־וואַך פעדיא, אַ זינגער און גיטאַרע שפּילער, וועלכער פלעגט בעשאַס זייערע ראַנדעוווען דערציילן מיט באַגײַס־טערונג וועגן דער ראָמאַנטישקייט פון לעבן בײַ דער גרענעץ. אויך באָרקאַ, אַ סטודענט פון פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט, וועלכער האָט געהאַט אַ שלעכטן זיקאָרן און פלעגט שטענדיק פאַרגעסן דעם פּלאַץ ווו זיי האָבן באַשטעלט זיך צו טרעפן. זיי אַלע זײַנען, זעלבסטפאַרשטענדלעך, געווען פאַרליבט אין איר „ביז מעשוגאַס״, אַלע האָבן געקניט פאַר איר און אָן אויפהער, בײַטנדיק די שטימעס זייערע, געקלונגען צו איר אין באַנק דורכן טעלעפאָן, זיי פלעגן אַרומשפּאַצירן מיט איר אין שטאָט־גאָרטן, אונטערטראָגן בעייס די עפנטלעכע קאָנצערטן אין דער מוזיק־שול בוקעטן פון בעז און זשאַסמין, און אָסיען־צײַט אַסטרעס און יאַרגיניעס, וועלכע זיי האָבן העלדיש געגאַנוועט אין די גערטנער בײַ די שכיינים; אַלע האָבן איר שריפטלעך און מונדלעך געגעבן צו פאַרשטיין, אַז זיי פילן צו איר אויסערגעוויינלעכע היפּער־כאַווערישע געפילן. מיט איין וואָרט: אַלע זײַנען זיי געווען ווילע יאַטן, אָבער וואָס שײַך פאַרווונדן איר האַרץ — זײַט מויכל. זי האָט קיינעם פון זיי אפילע קיין איינמאָל נישט דערלויבט זי אַ קוש צו טאָן.

— איך וועל, מאַטריאָנאַ ניקיטישנאַ, מיסטאָמע קיינמאָל

נישט כאַסענע האָבן. צו וואָס ? אַ נייטיקע זאַך. און אויב שוין ווען עס איז יאָ, מוז עס ערשטנס זײַן נאָך דער מילכאָמע, צווייטנס, ווען איך וועל שוין זײַן אַ באַרימטע, נו, אויב נישט קיין באַרימטע איז ווייניקסטנס אַ באַוווסטע זינגערן און דריטנס, ווער ער מוזן זײַן נישט גלאַט עפּעס אַ יינגל, נאָר טאַקע אין אַלע הינזיכטן אַן אָנזעעוודיקע פּערזענלעכקייט. איר פאַרשטייט, מאַטריאָנאַ ניקי־טיטשנאַ, אַ באַוווסטער מאַן, אַ קלוגער און אַ שיינער, וועל איך דאַן עפּשער אַ טראַכט טאָן, עפּשער . . .

— עך, משענקאַ, די שיינקייט זאָלסטו נישט זוכן אַפן פּנים ! . . . מײַן יאַשאַ איז אַפן פּאָנעם גאָר נישט אַזוי אַי אַי, אָבער פאַר מיר איז ער בעסער פון אַלע. ווען דו זאָלסט וויסן, ווי־איך האָב זיך פאַרבענקט נאָך אים. אָפּטמאָל ווער איך אַזוי מיד, אַלץ פאַלט פון די הענט, די אויגן מאַכן זיך צו, די פיס גייען נישט — הייב איך נאָר אָן צו טראַכטן וועגן אים, און באַקום ווידער קויכעס, ווי איך וואָלט זיך אָנגעטרונקען מיט לעבנס־וואַסער.

שמועסנדיק אַזוי געמיטלעך, קעדיי כאַטש אין זייערע גע־שפּרעכן זיך אָפּצורײַסן פון דער שווידערלעכער ווירקלעכקייט און אַרײַנדרינגען צוריק אין דער זיסער פאַרגאַנגענהייט, אויפפרישן אין זיקאָרן די אַלע אַזעלכע ליבע און טײַערע פאַרמילכאָמעדיקע קליינִיקייטן, זײַנען זיי געגאַנגען צו מיזרעך, געגאַנגען מיט ווייניק באַלעבטע וועגן, אין אַ זײַט פון דעם הויפּט־שטראָם פון די מילי־טערישע קויכעס, באַגעגנדיק און איבעריאָגנדיק אַנדערע וואַנדע־רער, פונקט אַזעלכע היימלאָזע ווי זיי. און פון דער ווײַטנס זײַנען קעסיידער געשטאַנען פאַר זייערע אויגן הויכע בערג שטויב איבער די וועגן און שאָסייען, ווו טאָג און נאַכט אָן אויפהער, אָן איבער־רײַס האָבן זיך געצויגן לאַנגע קאַראַוואַנען אויטאָמאָבילן, טאַנקען, קאַנאָנען, וועלכע האָבן באַ די דײַטשן געטראָגן מענטשלעכע נע־מען און כאַיעשע צונעמענישן.

די סאָוועטישע מענטשן האָבן זיך געטיילט מיטן לעצטן ביסן מיט די צוויי כאַווערטעס, וועלכע האָבן זיך אויסגעגעבן פאַר פליטים. וואָס שײַך די דײַטשן, זײַנען זיי געווען אַזוי פאַרנומען מיטן גיגאַנטישן קאַמף, ווועמענס אָנשטרענגונג איז מיט יעדן טאָג אַלץ מער געוואַקסן, אַז זיי איז גאָר אין קאָפּ נישט געלעגן זיך אומצוקוקן אַף די צוויי אָרעם געקליידטע פרויען, מיט טאָרבעס אַף

די פּלייצעס, וועלכע האָבן זיך געשלעפּט איבער די פאַרוואָרפענע וועגן צווישן אַ מאַכנע היימלאָזע מענטשן, אַרויסגעיאָגט פון זייערע היימען. בלויז צוויי מאָל האָט זיי אָף די קרייַץ וועגן אָפּגעשטעלט אַ דייַטשע פּאַטרול. די זעלנער האָבן מיט כויזעק באַטראַכט זייערע שמאַטעס, אָנגעטאַפּט די טאָרבעס, דעם נישט צעמאַלטן קאָרן און זיי אַוועקגעטריבן.

אייַנגעוויקלטע אין שוואַרצע טיכער האָבן זיי אויסגעזען ווי צוויי אויסגעמאַטערטע, אויסגעהונגערטע זקיינעס. אַלע זייערע מיטגייער מיט וועלכע זיי פלעגט אויסקומען צו וואַנדערן צוזאַמען אַ טאָג, אָדער צוויי, אַפילו די באַלעבאַטים בא וועמען זיי האָבן איבערגענעכטיקט האָט קיינמאָל נישט געקאָנט אייַנפאַלן, אַז די אייַנגעהויקערטע, שמוציקע, אָפּגעריסענע דורך און דורך פאַרשטויבטע פרויען, — אַ בוילעטע, לעבעדיקע פאַרקערפערונג פון די אָקופּאַציע־צאָרעס, — זייַנען גאָר אין דערווירקלעכקייט: איינע — אַ כיינעוודיק מיידל, קימאַט נאָך אַ קינד, און די צווייטע — יענע פרוי מיט וועמענס בילדער זייַנען נאָך ביז איצט געווען באַפּוצט די ווענט פון יענע כאַטעס, ווו זיי פלעגט אויסקומען אַמאָל איבערצונעכטיקן.

IX

איינמאָל אין אַ פאַרנאַכט האָט מוסיאַ באַמערקט אַפן האָריזאָנט אַ מאָדנעם אַפשײַן, וועלכער האָט באַפאַרבן די וואָלקנס אין אַן אומרויִקן טונקל רויטן קאָליר.

מאַטריאָנאַ ניקיטישנאַ האָט גערעכנט, אַז דאָס גייט אויף הינטערן וואַלד די לעוואָנע, וועלכע זאָגט פאָרויס אַף מאָרגן אַ ווינטיקן טאָג. די לעוואָנע איז אָבער שפּעטער אויפגעגאַנגען גאָר פון אַן אַנדער זײַט, און דער האָריזאָנט איז אַלץ נישט געוואָרן טונקעלער. פאַרקערט, דער פײַערדיקער אָפשײַן האָט גאָר אין גיכן שוין אַרומגעכאַפּט אַפן מיזרעך דעם גאַנצן האָריזאָנט. און ביידע כאַווערטעס האָבן פאַרשטאַנען — עס איז אַ סרייפע. זיי האָבן פאַרשטאַנען און זיך איבערגעקוקט מיט פרייד. זאָל דאָס זײַן דער פראָנט? דערוויסן זיך איז נישט געווען בײַ וועמען. די מענטשן, וועלכע זיי האָבן באַגעגנט, אויך אַזעלכע היימלאָזע וואַנדערער, ווי זיי, האָבן פאַרשפּרייט פאַרשיידענע קלאַנגען. די פאַשיסטישע אויבער־קאָמאַנדע האָט אין אירע פלוג בלעטלעך פאַרזיכערט, אַז זייער אַרמיי האָט געבראָכן דעם ווידערשטאַנד פון די סאָוועטישע הויפּט־קויכעס און זי גייט פאָרויס אַף מאָסקווע. די פאַרטיזאַנער צעטלעך געשריבענע מיט דער האַנט, אָפגעדרוקטע אַף אַ שרײַב־מאַשינקע אָדער אַף אַ מימעאָגראַף, וועלכע מען האָט ווײַזט אויס אַראָפּגעוואָרפן פון עראָפּלאַנען און וועלכע מען האָט איצט זייער אָפט געפונען אַף די וועגן, האָבן געמאָלדן, אַז דער סוינע איז אָפּגעשטעלט געוואָרן און ווערט פאַרניכטעט. וואָס זשע קאָן באַדײַטן די סרייפע ?

אַף מאָרגן פאַרנאַכט האָט מען שוין געקענט זען דעם פײַערדיקן אָפשײַן איידער עס איז נאָך פינצטער געוואָרן. ער איז אַנטשטאַנען גלײַכצײַטיק אין עטלעכע ריכטונגען און איז געבליבן

הענגען איבער דער ערד אַ שווערער, אַן אַכזאָריעסדיקער און האָט זיך באַוועגט און געציטערט, ווי אַ לעבעדיקע באַשעפעניש. קיין שיסערײַ האָט מען נישט געהערט.

דעם קומענדיקן פרימאָרגן איז שוין אַלץ קלאָר געוואָרן. אַנט־קעגן זיי האָט אָנגעהויבן צו פליסן אַ געדיכטער מענטשן־שטראָם. אַף די פאַרלאָזטע וועגן, איבער די וואַלד־סטעזשקעס זײַנען געלאָפן מענטשן אַף מײַרעוו. געלאָפן מיט קינדער, מיט פעק, טראָגנדיק אַף זייערע פּלייצעס, פירנדיק אַף וועלאָסיפּעדן אָדער אין קינדער־וועגעלעך די רעשטלעך פון זייער האָב און גוטס. אײַנגעשפּאַנטע צו פיר, צו זעקס מאַן אין די האַלאַבלעס האָבן אייניקע געשלעפּט וואָגנס מיט שטוב־כּלי־צים, אַנדערע האָבן געפירט אונטער די הענט זייערע גרײַז־גרויע טאַטעס, מאַמעס, באָבעס און זיידעס. גע־ווען אויך אַזעלכע, אָבער גאָר ווייניק, וועלכע האָבן געשלעפּט אַף אַ שטריק אַ קו, אָדער אַ שעפּס.

פון די מענטשן האָבן די פּרויען זיך דערוווּסט וועגן דער נײַעס. ספּעציעלע שטראָף־אָפּטיילונגען פון די אָקופּאַנטן האָבן אָנגע־הויבן אונטערצוצינדן איינס נאָכן צווייטן אַלע שטעטלעך, דערפער און דערפלעך. די גאַנצע באַפעלקערונג האָט באַקומען אַ באַפעל אין מעשעך פון זעקס שאָ צו פאַרלאָזן די געגנט און אָפּטרעטן אַף מײַרעוו איבערן טײַך. ווײַל דאָ אין טיפן הינטערלאַנד פון זייערע אַרמייען האָט די פאַשיסטישע אָנפירונג אָנגעהויבן צו בילדן אַ טויטע זאָנע, קעדיי זיך צו באַשיצן פון די פּאַרטיזאַנער. אין באַפעל האָט מען געמאָלדן, אַז יעדע לעבעדיקע באַשעפעניש, סײַ אַ מענטש סײַ אַ בהמה, וועלכע וועט וואַגן צו פאַרבלײַבן נאָכן באַשטימטן טערמין, וועט ווערן אויסגעראָטן. אַן אויסנאָם איז געמאַכט געוואָרן נאָר פאַר די מאָביליזירטע צו דער אַרבעט, וועמען מען האָט אַרויס־געגעבן ספּעציעלע שריפטלעכע שײַנען פון דער קאָמענדאַנטור און אויך מעטאַלענע נומערן פון אַ באַזונדערן פאָרמאַט.

נאָך אַ קורצער באַראַטונג האָבן די כאַווערטעס באַשלאָסן פאַרצוזעצן זייער וועג. זיי האָבן אַפילע פאַרשנעלערט זייער גאַנג, קעדיי וואָס גיכער זיך דורכרײַסן דורך דער פאַרמישפּעטער געגנט. איצט האָט מען שוין ניט באַדאַרפט וואַרטן עס זאָל ווערן פינצ־טער קעדיי צו זען די סרייפעס. פון אַלע זײַטן האָבן זיך געצויגן

גיגאַנטישע וואָלקנס גרויער רויך, וועלכע האָבן זיך געהויבן צום שטילן רויִקן הימל, ווי באַרג־שפּיצן.

— עי, וווּהין טראָגט עס אײַך? איז עס אײַך נימעס געוואָרן אײַער לעבן? — האָבן אַלע געשריִען צו די פרויען, וועלכע האָבן מיט אַקשאָנעס געשפּאַנט אַנטקעגן דעם טרויעריקן שטראָם פון די היימלאָזע מענטשן.

מען פלעגט זיי נאָכקוקן און מיט באַדויערן שאָקלען מיט די קעפּ.

— אָפּגענעם פון זינען אַראָפּ!

— ס'איז קיין כידעש ניט, מען קען טאַקע אַראָפּגיין פון זינען! אַזאַ שרעק!

אַרום האַלבן טאָג האָבן זיך די מאַכנעס אַנטלויפנדיקע מענטשן נאָך מער פאַרגרעסערט. אַלע, וועלכע האָבן געוואָלט אַרויסראַטעווען זיך פון דער טויטער זאָנע, זײַנען שוין ניט געגאַנגען, נאָר געלאָפן. מען איז געלאָפן און זאַכן, בלויז מיט די קליינע קינדער אַף די הענט. קיינער האָט שוין ניט געלייגט קיין אַכט אַף די צוויי פרויען, וועלכע האָבן אַקשאָנעסדיק געשפּאַנט זיי אַנטקעגן.

איצט האָבן זיי שוין באַגעגנט יענע מענטשן, וועלכע האָבן ניט געגלויבט די וואָרענונגען פון די דײַטשישע באַפעלן און ניט פאַרלאָזט צו דער באַשטימטער שאָ זייערע אײַנגעזעסענע ערטער. ציטערנדיק האָבן זיי דערציילט, אַז פּינקטלעך, צום באַשטימטן טערמין, האָבן זיך אין די דערפער אַרײַנגעריסן אַף מאָטאָציקלען פאַשיסטן פון גאָר אַ נײַעם, „ביז איצט נאָך ניט געזעענעם מין", אַלע אָנגעטאָן אין שוואַרצע מונדירן מיט טויטן־קעפּ אַף זייערע היטלעך און רעקלעך, און האָבן מיט אַ סיידער, פּלאַנמעסיק אָנגעהויבן אונטערצוצינדן די הײַזער.

דײַטשן אין שוואַרצן! מוסיאַ האָט זיך דערמאָנט אָן יענע הויכע, אָנגעפּרעסענע כעוורע־לײַט, וועלכע האָבן זיך אונטערגעהאַלטן און זיך פאַרווײַלט מיט אַרומיאָגן דעם דאָקטער איבער די גאַסן פון איר געבורט־שטאָט, אונטעריאָגנדיק אים מיט אויטאָמאַטן־שאָסן. זי האָט אַ כאַפּ געטאָן איר כאַווערטע פאַר דער האַנט.

— מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַ, לאָמיר אַראָפּגיין פון וועג, מירן גיין מיטן פעלד... איר קענט נאָך ניט יענע... אין שוואַרצן... דאָס זײַנען דאָך אַזעלכע...

מוסיאַ האָט ניט געפונען קיין פּאַסיקן וואָרט, קעדיי אויסצודריקן וואָס עס שטעלן מיט זיך פאָר יענע סאָנים, וועמענס בלויזער אָנדענק האָט באַ איר אַרויסגערופן אַן עקלדיקן שוידער.

— אַלע פאַשיסטן זײַנען גלײַך, מוסיאַ, — האָט געענטפערט איר באַגלייטערן — ניט וויכטיק פון וועלכער נאַציאָנאַליטעט זיי זײַנען אָדער וואָס פאַר אַן אוניפאָרעם זיי טראָגן. קום, לאָמיר גיין גיכער, ניטאָ קיין צײַט אַרומצובלאָנדזשען בלינדערהייט איבער די פעלדער. אָבער קוק איצט מיטביידע אויגן! — מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַס פּאָנעם איז געווען רויק — מען וועט אונדז אָפּשנײַדן, פאַרשטאָפּן די וועגן. וואָס וועלן מיר דאַן טאָן? גיין צוריק?

און זיי זײַנען אַלץ געגאַנגען און געגאַנגען, באַמיִענדיק זיך ניט לייגן קיין אַכט אַף די געשרייען און טרערן, ניט אַף די אויסגעשעפּטע זקיינים, וועלכע זײַנען האָפענונגסלאָז געזעסן באַ די זײַטן פון וועג. עס האָט זיי אויך ניט געקענט פאַרהאַלטן אייבער אַ מאָן, אין פאַרברענטע קליידער מיט אַן אָפּגעברענטן פּאָנעם, וועלכער דערזעענדיק, אַז זיי גייען אַהין פון וואַנען אַלע אַנטלויפן, האָט געפּרוווט פאַרשטעלן זיי דעם וועג.

אייגנטלעך האָט מוסיאַ זיך געשאַפן אַ באַגריף פון זייער וועג איבער דער טויטע זאָנע, ערשט מיט אַ צײַט שפּעטער. איצט איז זי אָבער געגאַנגען קעגן דעם שטראָם פון די פּליטים און גאָרניט געזען און גאָרניט געהערט. אין איר מויעך האָט געהאַמערט בלויז איין געדאַנק — וואָס שנעלער דורכגיין די פאַרמישפּעטע געגנט.

פּלוצים האָט דער מענטשן־שטראָם זיך איבערגעריסן. פאַר זייערע אויגן האָט זיך געצויגן אינגאַנצן אַ ליידיקער וועג. זיי האָט אַרומגערינגלט אַ שטילקייט, וועלכע איז ניט געווען געשטערט פון קיין שום לעבעדיקן קלאַנג. דער רויך איז געוואָרן אַזוי געדיכט, אַז אַפילע נאָענט לעבן זיך האָט מען קיין זאַך ניט געזען.

ערגעץ פון דער ווײַטן האָט זיך דערהערט אַ קלאַפּערײַ פון אַ מאָטאָר. ניט צוטויפריידנדיק זיך, זײַנען ביידע פרויען אַריבערגעשפּרונגען אַ גראָבן און מיט אַלע קויכעס אָנגעהויבן צו אַנטלויפן איבער אַ קאַרטאָפל־פעלד. שטרויכלענדיק אין די קאַרטאָפל־בייטן, פאַרפּלאָנטערנדיק די פיס צווישן די בורעקע־בלעטער, פלעגן זיי פאַלן, זיך אויפגעהויבן און ווײַטער געלאָפן צוגעבויגן צו דער ערד.

ענדלעך האָט מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַ, ניט קענענדיק מער אויס־האַלטן, אויסגעשריִען:

— איך קען מער ניט! — און זי האָט זיך שווער אַראָפּגע־לאָזט אַף דער ערד.

מוסיאַ איז געפאַלן לעבן איר. דאָס בלוט האָט געקלאַפּט אין אירע שלייפן, אָבער איר אָנגעשטרענגטער אויער האָט נאָך אַלץ אויפגעכאַפּט אין דער שוידערלעכער שטילקייט ווײַטע שטימען, אַ טראַסקערײַ פון מאָטאָרן, עמעצנס קוילעס און איינצלנע שאָסן. שפּעטער איז מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַ אַליין אויפגעשטאַנען און האָט אויפגעהויבן מוסיאַן.

— קום! — האָט זי געזאָגט.

ווײַטער זײַנען שוין די כוואַרטעס געגאַנגען מיטן פעלד, אויס מוירע אָנצושטויסן זיך אַף די שטראָף־פּאַטרולן, וועלכע, ווי די פּלייטים האָבן זיי געוואָרנט, זײַנען געווען צעשטעלט אַף אַלע קרייץ־וועגן. זיי זײַנען געגאַנגען און געשוויגן, יעדע רעגע זיך אָפּ־געשטעלט, זיך צוגעהערט — צי עס הערן זיך ניט עמעצנס טריט, אויב עס רוישט ניט אַ מאָטאָר. אָבער קיין לעבעדיקער קלאַנג. מען האָט ניט געהערט אַפילע דאָס צוויטשערן פון די פייגל און דאָס גרילצן פון די גראָז־שפּרינגערס.

דאָס איז שוין בעעמעס געווען אַ טויטע זאָנע.

אַף נאַכט זײַנען זיי געבליבן אין אַ קליינעם בעריאָזע־וועלדל. קיין פײַער האָבן זיי ניט צעלייגט, און די גאַנצע נאַכט ניט צוגע־מאַכט קיין אויג. זיי זײַנען געזעסן צוגעטוליעט איינע צו דער צווייטער און מעכאַניש אַרויסגעשלעפּט קערנדלעך פון די זאַנגען און זיי געוואָרפן אין מויל. אַרום זיי האָבן געשײַנט אָפּגלאַנצן פון גרויסע און קליינע סרייפעס. עס האָט זיך ניט געוואָלט ריידן, גע־ווען בלויז אַ כיישעק צו וויינען, אָבער עס זײַנען ניט געווען קיין טרערן. און צוליב דעם איז אַף דער נעשאָמע געוואָרן נאָך שווערער.

ווי נאָר עס האָט אָנגעהויבן צו טאָגן, האָבן זיי פאַרלאָזט זייער באַהעלטעניש אין וואַלד און זײַנען אַרויס אַף אַ קאָרן־פעלד, וועלכער איז געווען ווו ניט ווו באַדעקט מיט שוואַרצע פלעקן פון אויפרײַסן.

עס האָט געטריפט אַ דינער רעגנדל. די ליימיקע ערד האָט זיך ווי מיט ציינער אײַנגעביסן אין זייערע זוילן.

נאָכן האַלבן טאָג האָבן די פרויען דערזען רעכטס פון זיך אַ גרויסע גרופּע ציוויל־געקליידעטע מענטשן, באַגלייט פון אַ קאָנוואָי וואַכזאַמע, קעסיידער אומקוקנדיקע זיך זעלנער. הינטער זיי איז געפאָרן, וואַקלענדיק זיך שווער איבער די גריבער, אַן אַלטמאָדישער פון פאָרנט שפּיציקער געפּאַנצערטער אויטאָמאָביל.

די פרויען האָבן איבערגעוואַרט צווישן דעם קאָרן, ביז די מאַכנע איז פאַרשווונדן הינטער אַ וועג־אויסבויג און זײַנען געגאַנגען ווײַטער. זייערע קליידער זײַנען געווען נאַס דורך און דורך און דער דינער רעגנדל האָט אַלץ געשפּריצט און געשפּריצט. פאַר זיי האָט זיך נעפּלדיק אויסגעפורעמט אַ ציינערנע וואַנט פון אַ וואַלד. צו אים האָבן זיך טאַקע אַ לאָז געטאָן די פרויען מיטן געדאַנק זיך אויסצובאַהאַלטן, פאַרשווינדן צווישן די ביימער און קענען ענדלעך אַף אַן עמעס זיך אויסרוען.

דער וואַלד איז שוין געווען נאָענט. מען האָט באַדאַרפט נאָר דורכגיין אַ קליין שטיקל פעלד און אריבערקריכן אַ פּלויט. און פּלוצים האָט אַ שאַרפער געשריי, וועלכער האָט זיך ווי אַ שאָס דערהערט ערגעץ פון אַ זײַט, צוגעשמידט די פרויען צום אָרט.:

— האַלט!

די כאַווערטעס זײַנען פאַרגליווערט געוואָרן, מוירע האָבנדיק זיך אומצוקוקן. מוסיאַ האָט זיך אַ ריס געטאָן פאָרויס, אָבער מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַ האָט זי אָנגעכאַפּט באַ דער האַנט און אײַנגעהאַלטן.

שטיי! אַ קויל וועט דעריאָגן!

דאָס מיידל קוקט זיך אום אַ צעטומלטע: וואָס־זשע, מען וועט זיך אונטערגעבן? מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַ, אײַנגעהויקערט, אָנגעשפּאַרט מיטביידע הענט אַפן שטעקן, קוקט רויִק, פּונקט ווי זי וואָלט גאָרניט פאַרשטאַנען, אַף צוויי דײַטשן אין נאַסע שוואַרצע פּילאָטקעס, אין קורצע, מוסיאַן שוין באַקאַנטע רעקלעך מיט די טויטן־ביינער איבער דער לינקער ברוסט־קעשענע. זיי האָבן זיך באַוויזן פון אַ באַהעלטעניש צווישן די קוסטעס הינטערן פּלויט, אַריבערגעשפּרונגען די דרענגער און ניט אַראָפּלאָזנדיק זייערע אויטאָמאַטן, זײַנען זיי געגאַנגען צו די פרויען.

איינער פון זיי, ווײַזט אויס דער עלטסטער, ווי מוסיאַ האָט עס גלײַך פאַרשטאַנען, אַ ברייטפּלייציקער, הויכברוסטיקער

מיט אַ פּאָנעם ענלעך צו אַן איי פון אַ קוקאַווקע, האָט אַרײַנגע־שטעקט זײַן רעוואָלווער צוריק אין שײדל, באַטראַכט מיט ביטל זייערע אָפּגעריסענע קליידער, אָנגערירט די זעק און אָנטאַפּנדיק אין זיי רויען קאָרן, אָפּגעווישט מיט אַן עקל זײַן פינגער אין דעם נאַסן גראָז. ער האָט עפּעס באַפוילן דעם צווייטן, און אַליין ווידער לײַכט אַריבערגעשפּרונגען דעם פּלויט און איז פאַרשוווּנדן געוואָרן אין דער באַהעלטעניש.

יענער האָט געגעבן אַ ווייטיקלעכן שטויס מוסיאַן אין רוקן מיט דער לופע פון זײַן אויטאָמאַט, אָנגעוויזן אויפן וואַלד און האָט אויסגעשריִען מיט אַ ווײַבערישן קעלכל:

— וועג, וועג!

ביידע פרויען זײַנען געשטאַנען און ניט געקענט באַשליסן זיך צו רירן פון אָרט. מוסיאַ האָט דערווײַל באַטראַכט דעם זעלנערס פּאָנעם. עס איז נאָך געווען יונג, אָבער פאַרשוואָלן, מיט קעלבערנע קאַלירלאָזע ברעמען און קורצזיכטיקע, אויך קאַלירלאָזע אויגן, וועל־כע זײַנען געווען ניט נאַטירלעך גרויס צוליב די גראָבע גלעזער פון זײַנע ברילן אין אַ גאָלדענער ראָם. זײַן מויל איז געווען אַ פּוכקע, אַ רויטס, פּונקט ווי אַן אָפענע ווונד און זײַן פּאָנעם האָט אינגאַנצן ניט געהאַט קיין גאָמבע, די אונטערשטע ליפּ איז גלײַך איבערגעגאַנגען אין פעטע האַלדז־קנייטשן. אין דעם קורצזיכטיקן, בלייכן, פאַרשוואָלענעם פּאָנעם איז געווען עפּעס אַזוינס וואָס רופט אַרויס גלײַכצײַטיק אי עקל אי אַ שווידערלעכע מוירע, וועלכע אַ מענטש דערפילט, ווען ער דערזעט נאָענט לעבן זיך אַ גיפטיקע שלאַנג.

— וועג, וועג — האָט דראָענדיק באַפוילן דער עסעסאָווער אָן דער גאָמבע, זײַן אייבערשטע ליפּ האָט זיך אויפגעהויבן און אַנט־פּלעקט אַ גלײַכע ריי טונקל־בלישטשענדיקע שטאָלענע ציין.

„ביין, דער וועט ניט ראַכמאָנעס האָבן, און ווער באַדאַרף זײַן ראַכמאָנעס! מען טאָר ניט גיין מיט דער מיִעסער באַשעפעניש אין וואַלד״.

מוסיאַ האָט דערפילט ווי באַ איר אינעווייניק איז פאַרקילט געוואָרן און עפּעס האָט זיך אַזוי ווי אָפּגעריסן. זי האָט פאַרלוירן דעם קאָנטראָל איבער זיך און טרייסלענדיק זיך פון עקל, האָט זי אַ געשריי געטאָן:

— דערהאַרגע דאָ אַפן אָרט! דערהאַרגע דאָ פאַרשאָלטענער פּאַשיסט!

די קאָלירלאָזע אויגן האָבן זיך אויפגעהויבן מיט וווּנדער אַף דער קליינער אַלטיטשקער, וועלכע האָט עפּעס געשריִען מיט אַ יונגער שטימע. דער זעלנער האָט אויסגעטאָן זײַנע נאַסע פון דעם רעגן ברילן, אויסגעווישט זיי און דערנאָך האָט ער גלײַכגילטיק, מעכאַניש, אָבער זייער וויי־טיקלעך, אַ זעץ געטאָן מיט זײַן פויסט אין מוסיאַס פּאָנעם.

דאָס מיידל האָט צוערשט אַפילע ניט פאַרשטאַנען, וואָס אַזוינס עס איז פאָרגעקומען. איר געוויסן האָט זיך אָפּגעזאָגט צו גלייבן, אַז עמעצער זאָל וואַגן איר צו שלאָגן. אַ רעגע איז זי גע־שטאַנען וואַקלענדיק זיך, און געקוקט מיט שטוינען אַף איר סוינע, ניט זעענדיק קיין זאַך אַ כוץ די ברילן מיט די אומגעהײַער דיקע גלעזער. שפּעטער איז צו איר דערגאַנגען, אַז דער, אָן דער גאָמ־בע, האָט איר בעעמעס געגעבן אַ קלאַפּ. אין איר איז אויפגעוואַקסן און זיך צוגעקײַקלט ביז צום האַלדז אַ כוואַליע פון יענער ניט גע־צוימטער ווילדקייט, וועלכע פלעגט נאָך בעייס אירע קינדער־יאָרן זי צווינגען זיך אַרויפצוואַרפן מיט אַ פאַרצווייפלונג אַף אירע באַ־ליידיקער, ניט לייגנדיק קיין אַכט אַף זייער צאָל און עלטער.

אָבער איידער זי האָט נאָך באַוויזן זיך אַ וואָרף צו טאָן אַפן זעלנער, האָבן צוויי שטאַרקע הענט זי אָנגעכאַפּט פון הינטן און געצוימט אירע באַוועגונגען.

— זאָלסט ניט וואַגן! — האָט זי דערהערט באַם סאַמע אויער אַ באַפעלערישע שטימע.

מוסיאַ האָט זיך ווידער אַ ריס געטאָן, אָבער מאַטריאָנאַ ניקי־טישנאַ האָט זי ניט אָפּגעלאָזט.

— ער האָט מיך געשלאָגן... דער אויסוווּרף... פּאַשיסט... לאָזט מיך, ער האָט...

— באַדענק זיך! ריזיקירסט ניט בלויז מיט זיך! — האָט צו איר געזאָגט מיט אַן אויסניכטערנדיקער רויִקייט מאַטריאָנאַ ניקי־טישנאַ.

דער אויסבראָך איז פאַריבער. מוסיאַ איז מיטאַמאָל ווי צע־קראָכן געוואָרן, זי האָט דערפילט אַ שוואַכקייט. דער זעלנער אָן דער גאָמבע, האָט געשטשירעט זײַנע טונקל־גלאַנציקע ציין.

— וועג, וועג, — האָט ער געקוואַקעט, ווײַזנדיק מיטן אויטאָמאַט אַפן וואַלד.

— זשאַבע ! — האָט דורכגעזייט דורך די ציין דאָס מיידל, אָפּגעווישט מיט דער האַנט דאָס בלוט פון איר פּאָנעם און געהאָרכזאַם זיך געלאָזט גיין אין דער אָנגעוויזענער ריכטונג. איז איז שוין געווען אַלץ איינס וווהין צו גיין, עס האָט ניט געאַרט, לעבן אָדער שטאַרבן.

זי האָט זיך ניט אָפּגעגעבן קיין חשבון ווי זי איז דערגאַנגען ביז צום וואַלד, וויאַזוי זי האָט זיך פּלוצים געפונען צווישן אַ האַמויך פון אַזעלכע ווי זי אָפּגעריסענע און אויסגעמאַטערטע פּרויען. פון איר צעקלאַפּטער נאָז האָט נאָך אַלץ גערונען בלוט. זי האָט עס ניט אָפּגעווישט און געדיכטע רויטע פעדעם האָבן זיך געצויגן איבער איר פּאָנעם און געפאַלן טראָפּנווײַז אַף איר קורטקע. עמעצער האָט געזאָגט צו איר:

— זעץ דיך, וויש זיך אָפּ !

מוסיאַ האָט זיך אַנידערגעזעצט אַף דער ערד, ווידער אָפּגעווישט איר פּאָנעם מיט דער האַנט און דערזעענדיק בלוט, אַ פּירגעטאָן מיט דער האַנט איבערן פײַכטן מאָך. דער אויפבּרויז פון צאָרן האָט בײַ איר צוגענומען אַלע קויכעס. זי איז געזעסן אָנגעלענט אַף אַ בוים און געקוקט פאַר זיך מיט פּוסטע, גאָרניט זעעוודיקע אויגן, אינגאַנצן גלײַכגילטיק צו דעם וואָס עס קומט פאָראַרום איר, צו אירע חבֿרים אין דער נויט און צום אייגענעם גורל.

מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַ, וועלכע האָט שטענדיק זייער לײַכט געקענט ווערן היימיש מיט מענטשן, האָט שוין דערווײַל פאַרפירט אַ שמועס מיט אייניקע פרויען און זיי אויסגעפרעגט, ווער זיי זײַנען, ווי קומען זיי אַהער און וואָס דערוואַרט זיי. דאָס זײַנען אַלץ געווען צופעליק אַרײַנגעפאַלענע מענטשן, ווען דער פּאַטרול האָט געכאַפּט בײַ דער גרענעץ פון דער טויטער זאָנע. פאַרוואָס מען האָט זיי געכאַפּט האָט קיינער ניט געוווּסט און יעדער האָט עס פאַרטײַטשט אַף אַן אַנדערן אויפן. אייניקע האָבן דערקלערט, אַז מען כאַפּט זיי אַף די פעלדער, ווײַל זיי זײַנען פאַרבליבן אין דער פאַרווערטער זאָנע און מען וועט זיי אַרויספירן הינטער אירע גרענעצן. אַנדערע האָבן צוגעגעבן, אַז מען וועט זיי ניט אַרויספירן,

גאָר פאַשעט אויסשיסן. געווען אַזעלכע, וועלכע האָבן פאַרזיכערט, אַז מען וועט זיי שיקן פאַרריכטן אַ בריק, וועלכן די פאַרטיזאַנער האָבן נעכטן אויפגעריסן. אַנדערע, ווידער, האָבן געזאָגט, אַז די בריק וועלן די דײַטשן אַליין פאַרריכטן און זיי וועט מען שיקן אויסרייניקן די פעלדער פון מינעס. אָבער די מערהייט איז גענויגט געווען צו גלייבן, אַז זיי וועט מען צווינגען בויען בלינדאַזשן און אָקאָפעס, קעדיי צו באַשיצן די וועגן פון די פאַרטיזאַנער. די דאָרטיקע אײַנוווינער האָבן איבערצײַגנדיק דערקלערט, אַז אַזאַ אַרבעט ווערט שוין דורכגעפירט אין דער גאַנצער געגנט און בײַ די ראַנדן פון די וועלדער בויען די פאַשיסטן קליינע פעסטונגען פון ציגל, צעמענט און רעלסן.

בעייס די געשפרעכן פלעגט דאָס וואָרט „פאַרטיזאַנער" פאַשעט ניט אַראָפגיין פון די ליפן פון די געפאַנגענע. מען פלעגט עס אַרויסזאָגן שטיל, אומקוקנדיק זיך שטענדיק מיט מוירע אַפן פאַטרול. און אין דעם וואָרט האָט מען אַרײַנגעלייגט אַזויפיל האָפענונג, אַז מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַ האָט פאַרשטאַנען, אַז פאַר די עטלעכע וואָכן פון דער דײַטשישער אָקופציע האָבן די פאַרטיזאַנער אין דער געגנט באַוויזן אָנצוטאָן ניט ווייניק שאָדנס דער פײַנטלעכער אַרמיי.

— יענער, דער וואָס באַוואַכט אונדז, איז ווײַזט אויס, אַ נײַער. אַ רויִקער. אָבער די היגע דײַטשן זײַנען שוין אָנגעשראָקענע, ווי זיי וואָלטן געזעסן אָן פלודערן אַף אַ מוראַשניק. — דרייען זיך קעסיידער און קוקן זיך אַלץ אַרום. — האָט געזאָגט מיט אַ ביטערן שמייכל אַן עלטערע פרוי אין אַן אָפגעטראָגענעם אײַזנבאַן־אוניפאָרעם.

דער זעלנער, דער זעלבער דײַטש, אָן דער גאָמבע, וועלכער האָט אַ קלאַפ געגעבן מוסיאַן, איז טאַקע בעעמעס געזעסן גאַנץ רויִק אַף אַ פיען, לעבן אים זײַנען געלעגן צוויי גראַנאַטן מיט לאַנגע הילצערנע הענטלעך. אַף זײַנע קני איז געלעגן דער אויטאָמאַט. וואַרפנדיק פון צײַט צו צײַט אַ בליק מיט זײַנע קורצזיכטיקע אויגן אַף די פרויען האָט ער מיט אַ קעשענע־מעסערל געשניצט אַ שפענדל.

מוסיאַ האָט זיך ביסלעכווײַז באַפרײַט פון איר שווערער אַפאַטיע און מיט אַ נײַגעריקייט, וועלכער עס האָט ניט געקענט באַזיגן

ניט די מוירע און ניט דער עקל, זיך צוגעקוקט צו דעם מאַן אָן דער גאַמבע.

יענער האָט פאַרשניצט דאָס שפענדל, אַרומגעגלעט דעם קײַלעכדיקן שפיץ מיטן שאַרף פון זײַן מעסערל, אָפגעווישט דאָס מעסערל אין זײַנע הויזן, אַרײַנגעלייגט ניט געאײַלטערהייט דאָס מעסערל אין אַ זאַמשענעם שיידל, אַרײַנגערוקט אין קעשענע פון זײַן קורטקע און אָנגעהויבן צו קאַלופּיען זיך מיטן שפענדל אין אויער. פאָרעט זיך מיטן שפענדל אין אויער, ציט עס אַרויס, גיט עס אַ שמעק, ווישט אָפ אין די הויזן און שטופט עס ווידער אין אויער. ער האָט זיך אינגאַנצן פאַרטיפט אין דער אַרבעט און האָט דערבײַ געהאַט אַן אויסזען פון אַ מענטשן, וועלכער איז מיט זיך אַליין.

— זעסט, אונדז רעכנט ער ווײַזט אויס אַפילע פאַר קיין מענטשן ניט — האָט אַרויסגערעדט מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַ הינטער מוסיאַס פלייצע.

— און ער אַליין איז דען אַ מענטש ? ! — האָט זיך אָפגערופן אַ טיפע פרויען־שטימע.

דאָס מיידל האָט זיך אומגעקוקט מיט נײַגעריקייט. מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַ איז געזעסן אַף איר זאַק, אַרומגערינגלט דורך אַ גרופע מענטשן, און לעבן איר איז געשטאַנען זייער אַ דיקע, רויטפּאָנעמדיקע אײַזנבאַנערן מיט אַ בייזן, פאַרביטערטן פּאָנעם.

— עך, ווען די פּאַרטיזאַנער זאָלן כאָטש אָנלויפן ! — האָט עמעצער אַ זיפץ געטאָן.

— און זיי זײַנען דאָ פאַראַן ? — האָט אויפגעלעבט מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַ.

— פאַראַן, פאַראַן, אָבער ניט פאַר אונדז דער פּאַרטיזאַן — האָט געענטפערט די אײַזנבאַנערן.

— און ווו געפינען זיי זיך ? זײַנען זיי אַ סאַך ?

— ווער האָט זיי געציילט אין וואַלד ? אַפּאָנעם אַ סאַך, אויב דער פאַשיסט ווילדעוועט... זעסט דאָך, גאַנצע דערפער ברענט ער אויס, פונקט ווי אַ וועלדל.

— ניט פאַר נאַכעס בויט ער לענגאויס אַלע וועגן און שאַסעען גאַנצע פעסטונגען.

— ווען עמעצער זאָל אָנזאָגן זיי, די פּאַרטיזאַנער, אַז דאָ האָט מען צונויפגעשטופט פרויען, ווי יאַגדעס אין אַ קריגל, וואָלט

שוין דער בלינדער טײַוול ניט באַוויזן צו קאַלופּיען זײַן אויער! — האָט מיט אַ שמייכל געזאָגט די דיקע אײַזנבאַנערן.

די עלטערע, דיקע פרוי איז באַזונדער געפעלן געוואָרן מאַט־ריאָנאַ ניקיטישנאַן, מיט איר רויִקייט און מיטן שאַרפן בליק פון אירע קליינע, פאַרשוואָלענע אויגן, וועלכע האָבן אַלץ עפּעס אַרומ־געזוכט. עס איז איר אויך געפעלן דאָס, וואָס זי האָט געקוקט אַפן דײַטש אָן מוירע און אַפילע מיט כויזעק.

עס האָט געשפּריצט אַ שיטער, דין רעגנדל. די וואַלד־פײַכט־קייט האָט דורכגענומען ביז די ביינער. אַ שאַרפער ווינט האָט גע־פּראָרן די נאַסע בגאָדים. די פרויען האָבן זיך געשושקעט און דער־ציילט וועגן די פּאַרטיזאַנישע העלדישקייטן און אין זייערע דער־ציילונגען האָט זיך געפילט אַ האָפענונג, אַז די פּאַרטיזאַנער וועלן אָנקומען, זיי באַפרײַען, אַרויסראַטעווען פון טויט און פון דעם סוינעס איזדיעקעווען זיך איבער זיי. מאַטריאָנאַ ניקיטישנאַ האָט זיך ניט צוגעהערט צו די אַלע באַרויִקנדיקע מײַסעס, וועלכע זײַנען געווען בוילעט איבערגעטריבענע און פאַרפּוצטע. זיצנדיק אַפן זאַק האָט זי אַפילע אַף אַ רעגע ניט פאַרגעסן וואָס עס ליגט אין אים באַהאַלטן און איר מויעך האָט פיבערדיק געאַרבעט און געזוכט מיטלען, וויאַזוי אָפּצוראַטעווען, אָדער, לעכאָל האַפּאָכעס אויסבאַ־האַלטן דעם אוצער. „צעשטרײַען די אויפמערקזאַמקייט פון דעם עסעסאָוועץ און באַגראָבן דעם זאַק אין דעם ווייכן מאָך? ניין, עס טויג ניט. ער וועט באַמערקן. עפּשער אים איבערלאָזן אין די קוס־טעס, ווען מען וועט זיי אָנהייבן צו טרײַבן אין וועג? אָדער עס וואָלט עפּשער געלוינט אין גאַנג אַוועקשלײַדערן דעם זאַק אונטער אַ קענטיקן קוסט און שפּעטער אַנטלויפן, אומקערן זיך און אים אויפזוכן?"

די אַלע פּלענער האָט זי אָבער גלײַך אָפּגעוואָרפן און געזוכט אַנדערע.

— און אַ שטייגער, עס זאָל געלינגען צו אַנטלויפן, וויאַזוי קען מען געפינען די פּאַרטיזאַנער? — האָט זי געפרעגט בײַ דער אײַזנבאַנערן.

— ווען איך זאָל וויסן, מיינט איר אַז איך וואָלט דאָ געזעסן מיט אײַך ווי אַ שוועמל אונטער אַ בוים? — האָט יענע געענט־פערט מיט כויזעק.

— און דו, ליבינקע, שטעל זיך אויף, לייג צונויף די הענטלעך באַם מויל און הייב אָן צו שרײַען: „עי, פּאַרטיזאַנער, ווו זענט איר?״ — האָט זיך דערהערט הינטער מאַטריאָנאַ ניקיטישנאַס פּלייצע אַ כויזעקדיקע, ציטערדיקע טענאָר־שטימעלע.

די פרוי האָט אַ ציטער געטאָן און האָט זיך אויסגעדרייט. הינטער איר איז געשטאַנען אַ גרויער, איין־אויגיקער אַלטיטשקער אָן ברעמען מיט אַ צעקנייטשט פּאָנעם, ווי אַ טרוקענער שוואָם, דער איינציקער מאַן צווישן דער מאַכנע געפאַנגענע פרויען. מאַטריאָנאַ ניקיטישנאַ האָט אים שוין באַמערקט פריִער, גלײַך ווען מען האָט זי אַהער געבראַכט. ער איז געווען אָנגעטאָן אין אַן אָפּגעטראָגענעם רעקל פון אַן אײַזנבאַנער און געטראָגן אַפן קאָפּ אַן אָפּגעבליאַקעוועטן אוניפאָרעם־קאַרטוז מיט אַ צעריסענעם דאַשעק. און שוין דאַן האָט זי אַ טראַכט געטאָן: מיט אים וואָלט עפּשער געלוינט אַ שמועס טאָן וועגן אַנטלויפן. אָבער דער אַלטער איז געזעסן אונטער אַ קוסט, מיט די הענט טיף פאַרוקט אין די אַרבל, אײַנגעגנורעט ווי אַ יאָזש, זײַן ניט צו דער מאָס גרויסן קאַרטוז האָט ער אַראָפּגערוקט איבער די אויגן, ווי אַ פרויען־טשיפּעק. און אַליין איז ער געווען אַזאַ אָנגעבלאָזענער, אַזאַ אומבאַהאָלפענער, אַז רובצאָוואַ, נאָך דעם ווי זי האָט אים גוט דורכגענומען, האָט זיך אָפּגעזאָגט פון דעם געדאַנק צו שליסן מיט אים אַ יאַד־אַכאָס.

איצט איר ער אומבאַמערקט אויסגעוואַקסן הינטער די פּלייצעס פון די שמועסנדיקע פרויען און זײַן איינציק אויג, אַ שמאָלס און גרינס, האָט געקוקט מיט אַ פאַרשנדיקער שלעכטער כיטרעקייט. דעם אַלטנס דינע ליפּן האָבן געהאַט טונקעלע ברוינע ניקאָטין־פלעקן. פון אים האָט זיך געשפּירט אַ שטאַרקער טאַבאַק־רייעך. דער גערוך פון טאַבאַק, וועלכער האָט מאַטריאָנאַ ניקיטישנאַן דערמאָנט איר מאַן, אַ לײַדנשאַפטלעכן רייכערער, האָט, ניט געקוקט אַף אַלץ, דאָך אַרויסגערופן באַ איר אַ צוטרוי צום אומבאַקאַנטן.

זי האָט געוואָרפן אַ קרומען בליק אַפן עסעסאָוועץ. יענער האָט שוין פאַרענדיקט מיט די אויערן און האָט זיך גענומען צו די נעגל.

— עך, מען זאָל נאָר וויסן ווו די פּאַרטיזאַנער געפינען זיך,

און וויאַזוי צוקומען צו זיי — האָט געזאָגט מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַ קוקנדיק אַפֿן אַלטן, וועלכער האָט זיך איר איצט שוין ניט אויסגעוויזן אַזוי פּאַשעט און אומבאַהאָלפֿן, ווי פֿריִער.

— ווער ווייס זיי דאָרט, — האָט געציקלט דעם אַלטנס טענאָרל — זײַן איינציק אויג האָט די גאַנצע צײַט געקוקט פֿײַנטלעך גלײַך אין פּאָנעם פֿון מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַ. — און אַף וואָס דאַרפֿסטו זיי האָבן, ליבינקע? האָסט עפּעס אַן איניען צו זיי?

פֿון דעם אַלטנס פֿאָרשנדיקן בליק איז דער פֿרוי געוואָרן עפּעס ניט היימלעך. זי האָט ניט געענטפֿערט. דער אַלטער האָט זיך ווידער צונויפֿגעדרייט ווי אַ יאָזש אונטערן קוסט, ער האָט נאָך טיפֿער אַראָפּגערוקט זײַן היטל איבער די אויערן און מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַן האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער האָט אָנגעהויבן צו כראָפּען דין מיט אַ פֿײַף. אָבער, ווען זי האָט זיך איין מאָל אומגעריכט אויסגעדרייט צו אים האָט זי אויפֿגעכאַפּט אַף זיך אַ שאַרפֿן בליק פֿון זײַן פֿאַרזשמורעטן אויג.

— ניין, מיט אים וועסטו זיך ניט צונויפֿריידן! מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַ האָט צוגערוקט איר זאַק צו דער אײַזנבאַנערן. זי האָט שוין מער ניט דערמאָנט די פּאַרטיזאַנער, זי האָט געפּרוווט שטילערהייט זי באַאײַנפֿלוסן, אַז יענע זאָל פּרוון אָרגאַניזירן דאָס אַנטלויפֿן. זייער גורל איז דאָך שוין פֿאַר אַלעמען קלאָר אָן אַ קאָרטן־לייגערן. איז וואָס־זשע — זאָל מען זיצן און וואַרטן? איז דען ניט בעסער איבערצופֿאַלן יענעם באַברילטן און זיך צעלויפֿן מיטאַמאָל אין אַלע זײַטן! עמעס טאַקע, אַז עמעצער קען באַצאָלן מיטן לעבן, אָבער די איבעריקע מענטשן וועלן זיך דאָך ראַטעווען.

— מיט הוילע הענט קעגן אַן אויטאָמאַט? — האָט געשמייכלט די אײַזנבאַנערן. — כוץ דעם האָט ער דאָך נאָך גראַנאַטן אויך. ער וועט אַ שלײַדער טאָן — און אויס מיט אַלע, בלויז אַ קופּע ברוך.

דער דײַטש האָט פֿלײַסיק גערייניקט זײַנע נעגל און אָפּגעביסן די הויט.

— איז שוין טאַקע בעסער צו שטאַרבן פֿון אַ גראַנאַט, איידער ווי אַ בעהיימע אין אַ שעכטהויז.

מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַ האָט זיך אויסגעדרייט מיטן רוקן צו דער אײַזנבאַנערן און זיך צוגערוקט נענטער צו מוסיאַן.

דאָס מיידל איז שוין אינגאַנצן געקומען צו זיך. זי האָט קרום געקוקט אַפן דײַטש. אונטער איר לינקן אויג האָט געפלאַמט אַ בלויער פלעק. מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַ האָט צערטלעך אַ רוף געטאָן דאָס מיידל באַם נאָמען.

מוסיאַ האָט זיך ניט אָפּגערופן טייקעף.

— אַ באַריר פון אַ שמוציקער באַשעפעניש קען ניט באַליי־דיקן אַ מענטשן, — האָט זי געזאָגט ענטפערנדיק זיך אַליין אַף עפּעס אַ געדאַנק, און זיך אָנגעטאַפּט דעם בלויען פלעק אונטערן אויג — אַזאַ באַשעפעניש, אויב מען קען, מוז מען צעטרעטן, אָבער אין קאַס ווערן איז פּאָשעט לעכערלעך.

— צעטרעטן, אָבער מיט סייכל. שטאַרבן פון דעם גיפט פון אַ שלאַנג איז אַ קליינע העלדישקייט. — האָט געענטפערט מאַט־ריאָנאַ ניקיטיטשנאַ אַ דערפרייטע, וואָס מוסיאַ רעדט שוין רויק.

קרעכצנדיק האָט זיך צוגעזעצט צו זיי די אײַזנבאַנערן. זי האָט געוואָרפן אַ קרומען בליק אַף מוסיאַן און געפרעגט באַ מאַט־ריאָנאַ ניקיטיטשנאַן:

— די, איז צוזאַמען מיט דיר?

— רייד, שעם זיך ניט!

— דאָס קען איך גאָרניט, — האָט געענטפערט די דיקע פרוי צעלייגנדיק זיך אַפן מאָך אין דער באַקוועמסטער פּאָזע — איך האַלט, אַז פונאַנדערלויפן זיך אַזוי פּראָסט און פּאָשעט ווי הינער פון אַ רויב־פויגל טויג ניט. דאָ, ווײַבעלעך, מוז מען צו־טראַכטן עפּעס אַזוינס, אַז ער זאָל קיין צײַט ניט האָבן צו טומ־לען, רופן צו הילף. דאָרטן באַם וועג, אין די באַהעלטענישן, זיצן דאָך, גלייב איך, אַ סאַך זייעריקע. מען וואָלט אים באַדאַרפט פאַרנאַרן אַהער און זיך אַרויפוואַרפן אַף אים מיט דער גאַנצער פאַרזאַמלונג, ער זאָל אַפילע קיין צײַט ניט האָבן אויסצושיסן.

— אַ סאַך וועט ער קענען אויסהאַרגענען, אַ דערשראָקענער!

— אַ סאַך, אָדער ווייניק, נאָר איך, ווײַבעלעך, האָב גאָרניט בעדייע צו שטאַרבן. דאָס מוז אָפּגעטאָן ווערן שאַ־שטיל, מיט אַ פּלאַן

דער דײַטש איז אויפגעשטאַנען, ער האָט אַראָפּגעטרייסלט פון זײַנע קני די אָפּגעשוירענע נעגל, געמאַכט עטלעכע גימנאַס־טישע איבונגען אַף צו דערוואַרעמען זיך, ניט אַרויסלאָזנדיק פון האַנט דעם אויטאָמאַט, דורכגעשפּאַצירט זיך איבער דער לאַנגקע

און קומענדיק צוריק צום פּיען, ווו עס זײַנען געלעגן די גראַנאַטן, האָט ער זיך ווידער געזעצט און אָנגעהויבן צו באַטראַכטן זײַנע נעגל. אין זײַן פיגור, אין זײַנע שמאָלע האַלב־קײַלעכדיקע אַקסלען האָט זיך געפילט עפּעס ווײַבלעכעס.

מוסיאַ האָט שוין פריִער באַמערקט די סאַדיסטישע נײַגעריי־קייט, מיט וועלכער ער האָט געקוקט אַף די אָפּגעריסענע, הונגע־ריקע, פון רעגן אויסגעווייקטע געפאַנגענע פרויען. און דער באַליי־דיקנדיקער אינטערעס צו אַ פרעמדן אומגליק האָט מער פון אַלץ אויפגערעגט דאָס מיידל.

— ווייסט איר וואָס? — האָט פּלוצים אַן אויפגעלעבטע גע־זאָגט מוסיאַ שלעפּנדיק צו זיך די פרויען.

יענע האָבן זיך אײַנגעבויגן צו איר און אַלע דרײַ האָבן זיך לאַנג געשושקעט, קוקנדיק פאַרזיכטיק אַפן פאַשיסט.

גרויסע רעגן־טראָפּנס זײַנען הילכיק געפאַלן פון די ביימער, דער קאַלטער ווינט האָט דורכגענומען ביז צו די ביינער. די גע־פאַנגענע פרויען האָבן זיך צונויפגערוקט און זיך געטוליעט איינע צו דער אַנדערער. פּלוצים איז אין צענטער פון אָט דער שווײַגעוו־דיקער און דורכגעפרוירענער מאַסע אַנטשטאַנען אַ קריגערײַ. קיי־נער האָט גאָר ניט באַמערקט אַפילע צוליב וואָס דאָס האָט זיך אָנגעהויבן. צוויי אָפּגעריסענע פרויען האָבן זיך אײַנגעקלאַמערט אין עפּעס אַ זאַק און געשלעפּט אים יעדע איינע צו זיך, באַגלייט מיט זידלערײַען אַף וואָס די וועלט שטייט.

דער דײַטש, וועלכער האָט פון אָנפאַנג אָנגעשפּיצט זײַנע אויערן און צוגערוקט נענטער צו זיך די צוויי גראַנאַטן, האָט שפּע־טער אָנגעהויבן נײַגעריק זיך צו צוקוקן, אויסגעצויגן זײַן האַלדז, קעדיי בעסער צו זען וואָס אַזוינס עס קומט פאָר דאָרטן אין מיטן פון קרײַז, וועלכער האָט זיך געשאַפן אַרום די צוויי שטרײַטנדיקע פרויען. שפּעטער, אַלץ ניט אַרויסלאָזנדיק פון זײַנע הענט דעם אוי־טאָמאַט, איז ער אויפגעשטאַנען, אַרויפגעקלעטערט אַפן פּיען און זיך געשטעלט אַף די שפּיץ פינגער. אין צענטער פון דעם רעדל האָבן זיך צוויי פרויען געקײַקלט אַף דער ערד. זיי האָבן שוין אָפּ־געלאָזט דעם זאַק און זיך אײַנגעקלאַמערט מיט די פינגער איינע דער צווייטער אין די האָר. די פּוקע ליפּן פון דעם וועכטער האָבן

זיך צעגאָסן אין אַ ציגישן שמייכל. אַף זײַנע באַקן האָט זיך צע־פלאַמט אַ ציגל־קאָלירי קע רויטקייט.

אָבער דער קרײַז, וועלכער האָט זיך אַלץ מער און מער צו־נויפגעשלאָסן אַרום די צוויי אַמפּערנדיקע פרויען, האָט ניט דער־לויבט צו זען די אַלע איינצלהייטן פון דעם געשלעג, וועלכער איז שוין דערגאַנגען צום קריטישסטן מאָמענט: די העכערע פרוי האָט אומגעוואָרפן די נידעריקע, און ניט ליגנדיק קיין אַכט אַף די בייזע געשרייען פון די אַרומיקע פרויען, אָפּשטופנדיק די הענט, וועלכע האָבן זיך צו איר געצויגן, האָט זי געהאַט בעדייע צו דערשטיקן איר קעגנערן. דער וואַך־מאַן איז אַראָפּגעשפּרונגען פון דעם פּיען, זיך דערנענטערט צו דער מאַכנע און אָנגעהויבן דורכצושלאָגן זיך אַ וועג צום קאַמף־פּלאַץ מיטן הענטל פון זײַן אויטאָמאַט.

קיינער האָט ניט באַוויזן צו באַמערקן, וואָס אַזוינס עס איז שפּעטער פּאָרגעקומען. עס האָט זיך דערהערט אַ קלאַפּ, ענלעך צו אַ טויבן קנאַק פון אַ צעשפּאָלטענעם איי. עס האָט אַ קלאַפּ געטאָן דער אַראָפּגעפאַלענער אויטאָמאַט און דער סאָלדאַט האָט זיך עפּעס אַזוי ווייך און צעקראָכן מיט אַ זײַט אַראָפּגעזעצט אַף דער ערד.

עס האָט זיך דערהערט אַ פּאַרטויבטע פרויען־שטימע:

— עי, צעלויפט זיך אין אַלע זײַטן! ניט אין פעלד. צום וואַלד, צום וואַלד!

דאָס האָט געשריִען די אײַזנבאַנערן, וועלכע איז געשטאַנען איבערן קערפּער פון דעם קאָנוואָינעם מיט אַ שווערן שטיין אין האַנט. שפּעטער האָט זי אַ וואָרף געטאָן דעם שטיין און האַלטנדיק זיך מיט דער פרײַער האַנט באַ איר ספּאָדניצע, אַליין אויך אָנגע־הויבן צו לויפן מיט אַלע קויכעס צו דער גערדיכטעניש פון וואַלד. דער גאַנצער אוילעם איז זיך צעפלויגן פון דער לאָנקע, ווי די זוימען פון אַ פּוכבלום, אַף וועלכער עס האָט אַ בלאָז געטאָן דער ווינט. אין אַ ווײַלע אַרום איז די לאָנקע געווען אינגאַנצן ליידיק. אַפן אויסגעטראָטענעם מאָך האָט זיך געוואַלגערט דער קאָנוואָינער. בלויז דאָס טרעשטשען פון די צווײַגן, וואָס האָט זיך דערטראָגן שוין פון דער ווײַטן, האָט דערציילט, ווו עס זײַנען פאַרשוונדן געוואָרן די אַלע מענטשן.

# X

אַלע פּראָדוקטן, וועלכע דער אויסגערעכנטער איגנאַט רובצאָוו האָט פאַרפּאַקט אין די זעק, האָבן זיך שוין פון לאַנג געהאַט געענדיקט. ווען די כּאַווערטעס האָבן זיך ווידער געפונען אַליין אין וואַלד, האָבן זיי פאַרמאָגט נאָר עטלעכע יונגע קאַרטאָפל, וועלכע זיי האָבן מיט אַ טאָג פריִער אָנגעגראָבן אויף אַ פאַרלאָזטן פעלד. זיי האָבן דאָס אָפּגעקאָכט, אָפּגעפרישטיקט און די רעשטלעך איבערגעלאָזט אויף שפּעטער. באַ דער שטרענגסטער עקאָנאָמיע האָט דאָס זיי געקענט סטאַיען נאָר ביז מאָרגן. און דאָך האָבן זיי באַשלאָסן גיין גלײַך דורכן וואַלד, אויסמײַדנדיק וועגן און יישובֿים.

די וואַלד־געדיכטעניש מיט ווילדע כאַיעס, די בלאָטעס מיט די פאַרעטערישע זומפּן האָבן זיי שוין מער ניט געשראָקן נאָך דעם וואָס זיי האָבן געזען און איבערגעלעבט פאַר די לעצטע טעג.

קיין געװיִעם מאַרשרוט־פּלאַן האָבן זיי ניט געהאַט, אָבער מורסיאַ האָט זיך שוין אויסגעלערנט צו דערקענען די ריכטונג אויף מיזרח לויט צענדליקער פאַרשיידענע סימאָנים.

נאָכן פרישטיק האָבן זיי זיך געלאָזט גיין אין דער ריכטונג פון וואַנען עס איז אויפגעגאַנגען די זון.

אין יענעם ווינטיקן, פאַרכמאַרעטן פרימאָרגן האָבן זיי צום ערשטן מאָל דערפילט די נאָענטקייט פון האַרבסט. נידעריקע וואָלקנס האָבן זיך אײַליק געטראָגן, געיאָגטע פון די בייזע קלעפּ פון אַן אימפּעטדיקן ווינט און האָבן זיך קימאַט ווי פאַרטשעפּעט אין די ביימער־שפּיצן. די לופט איז געווען אָנגעפילט מיט אַ דינעם, ניט באַמערקבאַרן פאַר אַן אויג, וואַסער־שטויב. און ניט נאָר דאָס גראָז און די קוסטעס, אַפילו די נאָדלען און בלעטער — אַלץ אַרום זיי איז געווען באַדעקט מיט אַ מאַט־גרויען צודעק.

ערשט ניט לאַנג, דאָרטן הינטערן טײַך האָבן אויסגעזען די

וועלדער פונדערווײַטנס אַזוי מאָנאָטאָן גרין. דער נאָענטער האַרבסט האָט שוין אָבער געלייגט אַפּן וואַלד זײַן כויסעם. צווישן דער איי־ביקער גרינקייט פון די סאָסנעס און יאָלקעס, האָבן שוין מילד געגעלט די געקרײַזלטע בעריאָזע־שפּיצן; עס האָבן געגרויט און ערטערווײַז שוין אַפילע זיך אָנגעהויבן צו רויטלען די ציטערדיקע אָסינע־בלעטער; די נוס־קוסטעס, וועלכע האָבן אַזוי בונט און ווילד געגרינט אין דער וואַלד־געדיכטעניש, אַף די בערגלעך און אַף אָפענע פלעצער האָבן זיך שוין אָנגעהויבן אונטערצוצינדן פון אונטן מיט אַ גאָלדענעם פּײַערל. פון די שטויסן פון ווינט פלעגן אַף די כאָוועראַטעס זיך שיטן פון צײַט צו צײַט גאַנצע הויפנס שווע־רע קאָלטע טראָפּנס.

און דאָך ווי אָנגענעם עס איז אין דעם קילן וואַלד! און האַ־גאָם די פּײַכטקייט איז שוין אַרײַנגעדרונגען ביז צו די ביינער, האַגאַם דער ווינט האָט זיי דורכגענומען מיט קאָלטע לופט־שטראָ־מען, האָבן די צוויי פרויען געפילט אַ גײַסטיקע דערהויבונג. זיי האָבן געלאַכט און געזונגען.

— האָט איר דאָס מיך נעכטן אַ שטויס געטאָן, אַז איך פיל נאָך איצט דעם ווייטיק! — האָט פריילעך דערמאָנט מוסיאַ.

— און דו האָסט מיר אַזוי צעשויבערט די האָר, ניט צו פאַרקעמען, — האָט זיך אָפּגערופן איר באַגלייטערן — אָבער דו האָסט עס קלוג צוגעטראַכט וויאַזוי אים צו פאַרנאַרן...

זיי האָבן זיך אָנגעקוקט, אַ פינטל געטאָן מיט די אויגן און זיך צעלאַכט. דער ווידערקאָל האָט זיך שרעקעוודיק, אַזוי ווי מיט אומ־צוטרוי, אָפּגערופן אַף זייער פריילעכן געלעכטער.

— און איך, גלײַך ווען דער טומל האָט זיך אָנגעהויבן, האָב זיך פלוצים געכאַפּט: „און דער זאַק! טאָטעניו־פאָטער!" מיר איז אַזש קאָלט געוואָרן. און וואָס וועט זײַן אויב עמעצער וועט אים אין דעם טומל אונטערכאַפּן? איך גיב אַ קוק מיט אַ ווינקל־אויג — ער ליגט מײַן זעקעלע אַ צעטראָטענער, און קיינעם גייט ער גאָרניט אָן.

ביידע פרויען האָבן ווי לויט אַ קאָמאַנדע אַ קוקגעטאָן אַפּן זאַק און זיך ווידער צעלאַכט. און דער הימל האָט ווי אָפּגעענט־פערט אַף זייער געלעכטער. פון דעם בלויען פענצטער צווישן די האַסטיקע שיטערע וואָלקנס האָט אַרויסגעקוקט די זון און דערצו

נאָך אַזאַ העלע, אַזאַ ליבלעכע, אַז אַפֿן גראָז, אַף די ביימער, אַפֿן דיקעם שפּינוועבס, וועלכער האָט זיך געצויגן צווישן די צווייַגן, האָבן אָנגעהויבן צו פֿינקלען און גלאַנצן מיריאַדן רעגן־טראָפּנס.

— עס וועט זיך אויסגלייַכן, אוי וועט זיך דאָס אויסגלייַכן די ספּרענזשינע! מאַשענקאַ! געדענקסט, וואָס מייַן שווער האָט געזאָגט: זי האָט זיך ענג צונויפֿגעדרייט — וועט זי שטאַרקער אַ קלאַפּ טאָן!

אין מאַטריאָנאַ ניקיטישנאַס אויגן האָט געשייַנט פּונקט אַזאַ ריינע פֿייַכטקייט, ווי דער פֿינקלענדיקער טוי. איר פּאָנעם, פֿון וועלכן עס האָבן, בעיס דעם נעכטיקן אַנטלויפֿן, די נאַסע צווייַגן אַראָפּגעוואָשן דעם סאַזשע, האָט זיך אָנגעהויבן צו רויטלען אונטער דער זייַדענער טונקלקייט פֿון דער הויט. אַ שמייכל האָט אַנטפּלעקט צוויי שורעס גרויסע ציין און די פֿרוי איז מיטאַמאָל אויסערגעוויינלעך יינגער געוואָרן.

און מיר וועלן ווידער לעבן ווי אַמאָל. דאַן זאָלסטו, מאַשענקאַ, קומען צו אונדז אין „רויטן אַקער", איך וועל דיך אויפֿנעמען ווי אַ שוועסטערל. אַך, ווי גוט עס איז בײַ אונדז אין קאָלווירט געווען.

— איך וועל זיך לערנען... אָבער איך וועל אומבאַדינגט קומען, אָבער שוין אַ זינגערן. אָפּגעמאַכט? איך וועל קומען צו־פֿאָרן, און אַלע וועלן זיך פֿאַרזאַמלען: די אַלטע פּראַסקאָוויאַ, וואַריאַ סאָיקינאַ, איגנאַט סאַוועליטש, אַלע באַקאַנטע, און איך וועל אַרויסגיין אין אַן אָוונט־קלייד, אין אַ לאַנגער, ווייַסער... ניין, ניין, ניט אין אַ ווייַסער, ווייַל ווייַס, זאָגט מען, מאַכט דיק... איך וועל אַרויסגיין אין אַ בלויען קלייד, בלוי פּאַסט מיר מער. אָט דאָ וועט זייַן אַ רויז, די האָר וועל איך פֿאַרקעמען גלאַטיק. וועל איך אַרויסגיין און וועל זינגען דאָס, וואָס איך האָב געזונגען דאָרט אין גראָבן... מאַטריאָנאַ ניקיטישנאַ, איר ווילט, וועל איך זינגען? זאָל איך?

און ניט וואַרטנדיק אַף אַן ענטפֿער האָט דאָס מיידל אָנגעהויבן שטיל צו זינגען איר באַליבטן „ווינטער־אָוונט". אָבער פֿאַרענדיקן איז איר שוין ניט געלונגען. דאָס ליד האָט זיך איבערגעריסן אַפֿן האַלבן וואָרט. עס האָט זיך דערהערט אַ קנאַקן פֿון טרוקענע צווייַגן, שווערע טריט, און פֿון די געדיכטע צעוואַקסענע נאַ־

סע קוסטעס, באַשאָטענע מיט טונקעלע זשוראַווינעס, זײַנען אַרויס־גענאַנגען צוויי מאַנצבילן.

— גיי שנעלער און קוק זיך ניט אום! — האָט נאָך באַוויזן אַ מורמל צו טאָן מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַ, ענדערנדיק שאַרף די ריכטונג און פאַרשנעלערנדיק אירע טריט.

זיי האָבן זיך געלאָזט גיין ניט אויסקלײַבנדיק דעם וועג, דורך קוסטעס מיט זשוראַווינעס, מיט וועלפישע יאַגדעס, דורך נוס־ביימער. זיי זײַנען געגאַנגען האַסטיק און ניט געוואַגט זיך אומ־צוקוקן. אָבער פון הינטן האָבן געקנאַקט די צווײַגן און זיך גע־הערט טריט. עס איז געווען קלאָר, אַז די אומבאַקאַנטע, ווילן זיי אָניאָגן. דאַן האָט מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַ ווידער געענדערט די ריכטונג — עפשער וועלן זיך דאָך צעשיידן זייערע צופעליק צוזאַ־מענגעטראָפענע וועגן.

אָבער די פאַרפאָלגער זײַנען ניט אָפּגעשטאַנען, מען האָט שוין געהערט ניט בלויז זייערע טריט, נאָר אַפילע זייער אָטעם.

— לאָמיר לויפן! — האָט באַפוילן מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַ און האָט פאַרריכט די ליאַמקעס פון איר שווערן זאַק. איר פּאָנעם האָט געפלאַמט.

עס האָבן אַ טרעשטשע געטאָן די קוסטעס, און פונאַנדערנע־מענדיק די צווײַגן איז אַרויס זיי אַנטקעגן אַ בלאָנדער יונגערמאַן אין אַ דײַטשישן זעלנער־אוניפאָרעם. ער איז געווען הויך און אַזוי־ברייטפּלייציק, אַז די קורטקע וועלכע ער האָט געטראָגן, ווײַזט אויס ניט זײַנע, האָט געפּלאַצט באַ אים אפן רוקן.

— אַ גוט־מאָרגן! — האָט ער צו זיי געזאָגט אָף דער ריינס־טער רוסישער שפּראַך מיט אַ שטילער שטימע, וועלכע האָט זיך גאָרניט געפּאַסט צו זײַן ריזיקן קערפּער.

ער האָט אָפּגעווישט מיט זײַן פּילאָטקע דעם שווייס, פון וועלכן זײַן פליישיקער אָפּגעברענטער פּאָנעם האָט געגלאַנצט. זײַנע ווײַ־סע ווי פלאַקס, ניט געדיכטע האָר, זײַנען אויך געווען נאַס און האָבן געקלעפּט צום שטערן. די קעשענעס פון זײַנע רײַט־הויזן זײַנען געווען אויפגעשוואָלן, אָנגעשטאָפּטע מיט שווערע זאַכן, ווײַזט אויס מיט גראַנאַטן. פון אונטער זײַן קורטקע מיט אַן אויס־געניייטן איבער דער קעשענע אָדלער מיט צעשפּרייטע פליגלען,

האָט זיך אַרויסגעזען אַ הענטל פון אַ רעוואָלווער, וועלכער איז בײַ אים געווען פאַרשטעקט הינטערן גאַרטל.

די פרויען האָבן זיך איבערגעוואָרפן מיט אַ שנעלן בליק און זײַנען געבליבן שטיין. עס איז שוין געווען אוממעגלעך צו לויפן ווײַטער. נאָך דעם בלאָנדן האָט זיך דורכגעשטופּט צווישן די קוסטעס און אַרויס אויף דער לאָנקע דער זעלבער איין־אויגיקער אַלטיטשקער אין אַן אוניפאָרעם פון אַן אײַזנבאַנער, וועמען די צוויי פרויען האָבן געזען נעכטן צווישן דער מאַכנע פאַרהאַלטענע. זײַן קאַרטוז, אַן אָנגעפילטער מיט גרויסע, אָפּגעקליבענע באַראָוויקשוועמלעך, האָט ער געהאַלטן אין האַנט. דער ברייטער גלאַנציקער פליך פון זײַן קאָפּ איז געווען אַרומגעוואַקסן מיט אַ געקרײַזלטן פוך. אויף זײַן פּלייצע איז געהאַנגען אַ דײַטשישער אויטאָמאַט.

— זיי האָבן אונדז פאַרמאַטערט די פאַרשאָלטענע באַבעס! ווער גייט דאָס אַזוי איבער אַ וואַלד! יאָגן, ווי אַ שנעלצוג אויף דער לעצטער שטרעקע. שיר, שיר, איז דאָס האַרץ ניט אַרויסגעשפּרונגען דורכן מויל. — ער האָט אָנגעשטעלט אויף די פרויען זײַן איינציק אויג, אין וועלכן עס האָט איצט געגליט אַ ניט פאַרבאַהאַלטענער בייזער פײַערל, און מיט אַ דיניטשקן טענאָרל כוויזעקדיק אַרויסגערילצט: — וואָס זײַט איר געלאָפן? דוכט זיך אַנגעטראָפן אויף מענטשן, ניט קיין וועלף. כוץ דעם, שײַנט מיר, אַז מיר זײַנען דאָך שוין אַביסל באַקאַנט אויך. אַלזאָ איז, ווי זאָגט מען עס, אַ גוטעטשקן פרימאָרגן אײַך!

דער אַלטער האָט אַ וווּנק געטאָן צו מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַן און זיגעריש אַ קוק געטאָן אויף זײַן הויכוווקסיקן כאַווער, לעבן וועלכן ער האָט געהאַט דעם זעלבן פּאָנעם, ווי אַ האַלב־צעוואָרפענע אַלטע כאַלופּע, לעבן אַ הויכן נײַעם פילשטאָקיקן מויער. ער האָט אַוועקגעלייגט אויף דער ערד זײַן קאַרטוז מיט די שוועמלעך און האָט אָנגעהויבן אָנצושיטן טאַבאַק אין אַ קורצער ליולקע, פון יענע וואָס הייסן באָז־פּײַקעס, מיט אַ לעכערדיקן דעקל און ווערן גענוצט פון מענטשן, וואָס אַרבעטן אויף דער פרײַער לופט.

דער הויכער האָט געוואָרפן די גאַנצע צײַט פאָרשנדיקע בליקן אויף די פרויען. זײַן נאָך זייער יונגער פּאָנעם איז געווען אַזוי געדיכט אָפּגעבריגנט, אַז די גאַנצע בלאָנדע וועגעטאַציע: די נאַסע צוגעקלעפּטע קוהלעס, די ברייטע ברעמען, די לאַנגע קאַלירלאָזע

וויִעס און דער דינער פוך פון זײַנע שיטערע וואָנצעס, האָט זיך אויסגעטײַלט אַף אים, ווי דער אויסגעטרוקנטער ווײַס־גראָז אַפן ברוינעם זומפּן־מאָך. זײַן אויסזען איז געווען אַזוי מאָדנע און ווילד, אַז די פרויען האָבן זיך ווידעראַמאָל אומרויִק איבערגעקוקט, ווי זיי וואָלטן שטום געוואָרנט איינע דער אַנדערע: קיין גוטס קען מען שוין דאָ ניט דערוואַרטן.

— מיילע, מ׳האָט זיך באַגריסט וועט מען זיך אויך געזעגענען. יעדער האָט זײַן וועג. האָט מיר אַ גליקלעכע רײַזע! — האָט אַרויסגערעדט מאַטריאָנאַ ניקיטישנאַ מיט אַן אונטערגעשטראָכענער דאָרפישער זינגעוודיקייט און האָט שטיל אַ צי געטאָן מוסיאַן פאַר דער האַנט.

זיי האָבן זיך געלאָזט גיין, באַמיִענדיק זיך ניט אומצוקוקן אַף די אומבאַקאַנטע.

— אָט, אַ מאַזל האָבן מיר דאָס היינט ביידע, ניקאָלאַ, זע נאָר אַ מאַזל! מיר גייען דאָך אויך אַהין! — האָט געגרילצט הינטער זיי דעם אַלטנס טענאָרל.

— מיר גייען דאָ מיט אים אַף דער גאַנצער פאַרע און אַרום אונדז בלויז פיענעס און וואָרצלען. אַן אומעט! און דאָ, ביטע זייער, צוויי דאַמעלעך אַפן זעלבן וועג. דאָס איז טאַקע ווויל. פאַשעט אויסגעצייכנט. עפּשער וועט מען דאָ ווידער פאַר אונדז אַ לידל זינגען, לעמאָשל, אַזוי צו זאָגן, ווי אַ דיווערטיסמענט פאַר אַ קינאָ־פאָרשטעלונג.

— פאָליציאַקעס! — האָט שטיל אַ שעפּטשע געטאָן מאַטריאָנאַ ניקיטישנאַ, דערמאָנענדיק זיך, ווי דער אַלטער האָט זיך נעכטן געמאַכט שלאָפנדיק און זיך אונטערגעגאַנוועט צו זיי ניט באַמערקטערהייט קעדיי אונטערצוהערן זיך צו די ווײַבערישע געשפּרעכן.

מוסיאַ האָט געשוויגן. אַ שרעק איז זי באַפאַלן בלויז באַם געדאַנק, אַז אויך אַהער, צו דעם אַלטן, ניט דורכגאַנגבאַרן, אורגעדאַנק, אַלטן וואַלד, ווו עס הערשט אַזאַ שטילקייט, ווו עס אָטעמט זיך אַזוי פרײַ, ווו קיין זאַך דערמאָנט ניט וועגן דער אָקופּאַציע, ציִען זיך שוין אויך די פאַשיסטישע הענט. מאַטריאָנאַ ניקיטישנאַ, וועלכע האָט אויפגעכאַפּט אין דעם אַלטנס לעצאָנעס ביִזוויליקע טענער און באַמערקנדיק אַז זײַן גרין אויג איז אָנגעצילט אַף איר

זאַק, האָט זיך אויסגעדרייט צו דעם הויכן באָכער, צו וועלכן זי האָט דערפילט מער סימפּאַטיע, ניט קוקנדיק וואָס ער איז געווען געקליידעט אין דעם סוינעס מונדיר.

— גייט זיך, גייט זיך מיט אײַער וועג און מירן גיין מיט אונדזערן, מעגן מיר?

זי האָט אויפגעהויבן צום הויכן באָכער אירע שוואַרצע אויגן, און אין זיי איז געווען אַזויפיל כיין, אין איר באַקאָשע האָט זיך געפילט אַזאַ רוף צו מענטשלעכער איידלקייט, אַז דער הויכער האָט ניט אויסגעהאַלטן און זיך אָפּגעקערט. אָבער דער אַלטער איז ווידער אַרויסגעשפּרונגען פאָרויס און האָט אַ שאָט געטאָן מיט קורצע, געדיכטע ווערטעלעך, קײַלעכדיקע ווי ניסלעך.

— נו, וואָס זאָגט איר! צוגעפּאָרן צום סעמאַפאָר — די סטאַנציע נעמט ניט אויף! גוט־מאָרגן אײַך, זײַט מויכל. דריי אויס, זײַ אַזוי גוט דעם דישל. קומט אָפּטער צו אונדז צו גאַסט, ווען מיר וועלן אין דער היים ניט זײַן. און מיט וואָס זײַנען מיר דאָס אײַך ניט צום האַרצן? קוקט נאָר אָן דעם באָכער — אַ בען־מיילעך! און איך אַליין? נישקאָשע, ליבינקע, אַלטער ווײַן איז שטאַרקער און געשמאַקער. לאָמיר צוזאַמען גיין און אָפּן וועג, דיר זאָל ניט זײַן אומעטיק, וועל איך דערציילן וועגן די פּאַרטיזאַנער: ווו זיי געפינען זיך, וויאַזוי מען קען קומען צו זיי און מיט וועלכע וועגן דאַרף מען אַהין גיין. וועסט געוווּיר ווערן וועגן אַלץ וואָס דו ווילסט.

און ער האָט דעמאָנסטראַטיוו אַ צי געטאָן דעם רימען פון דעם אויטאָמאַט, וועלכער האָט זיך געבאָמבלט הינטער זײַנע פּלייצעס.

— וואַרט, גראַגער ניט — האָט אים אָפּגעשטופּט אָן אַ זײַט דער הויכער.

— ווער זײַט איר?

איצט האָבן שוין די פרויען ניט געצווייפלט. פאַר זיי שטייען צוויי פּאָליציילײַט. פאַר דער לעצטער צײַט איז זיי ניט איין מאָל אויסגעקומען צו הערן, אַז ווען די היטלעריסטן פאַרנעמען אַ שטאָט באַפרײַען זיי פון די טפיסעס קרימינעלע פאַרברעכערס, שפּעקו־

לאַנטן, גאַנאָווים און מערדער און פון צווישן זיי ווערבירן זיי פאַרשיידענע סטאַראָסטעס, בירגערמײַסטערס, פּאָליצייליײַט און אַנ־דערע אויפזעער. אויך געהערט האָבן זיי אַז ווען אַזאַ איינער באַ־קומט אין זײַנע הענט מאַכט, צעשפּילן זיך באַם פאַררעטער זײַנע פאַרברעכערישע אינסטינקטן, און מען האַלט אין איין שיקערן, ראַ־בעווען און אויספירן פאַרשיידענע גוואַלדטאַטן איבער דער באַ־פעלקערונג. די כּאַווערטעס זײַנען געווען איבערצײַגט, אַז די דײַטשן האָבן נעכטן בעקיוון געשיקט דעם איין־אויגיקן אַלטן אין דעם האַמוין פאַרהאַלטענע פּרויען, ער זאָל דאָרט אויסשמעקן, ווער פון זיי האָט אַ פאַרבינדונג מיט די פּאַרטיזאַנער.

אָך, מיט וואָס פאַר אַ פאַרגעניגן וואָלט מוסיאַ זיך אײַנגעגראָבן מיט אירע נעגל אין דעם ציניש פאַרצעף, אויסגעדראַפּעט דאָס כוצפּעדיקע, קלעפּיקע אומבעראַכמאָנעסדיקע אויג! דער הוי־כער — האַגאַם ער איז אין דײַטשישע קליידער, שײַנט ער דאָך צו זײַן בעסער. באַ אים איז אַ ברייטער, אָפענער און אַפילע גאַנץ סימפּאַטישער פּאָנעם. און צו די דײַטשן איז ער מיסטאַמע אויך ניט געגאַנגען מיט זײַן אייגענעם ווילן. עפּשער האָט אים אַ נויט־פאַל געצווונגען אָנצונעמען אַזאַ געמיינעם אַמט. אָט, אַפילע איצט קערט ער זיך אָפּ — ער שעמט זיך ווײַזט אויס פאַר זײַנע טאַליאַ־נישע פּליכטן. אַ סימען אַז ער האָט נאָך ניט פאַרלוירן אינגאַנצן דעם געוויסן. עמעס, אַף אַזאַ טאָר מען ניט האָבן קיין ראַכמאָנעס, אָבער, וואָס האָט געקענט צווינגען דעם גוטמוטיקן גוואַר, ער זאָל זיך לאָזן אַף אַזאַ עקלהאַפטן וועג.

דאָס מיידל האָט זיך דעמאָנסטראַטיוו אויסגעדרייט מיטן רוקן צום אַלטן, אָבער די גאַנצע צײַט האָט זי געהערט דעם אויפרעגנ־דיקן סאָפּען פון זײַן פּײַקע און געפילט דעם שאַרפן טאַבאַק־רייעך. זי האָט אָנגעהויבן דערציילן דעם יינגערן איר שטענדיקע געשיכ־טע, וועלכע האָט איר שוין אַזויפיל מאָל אַרויסגעהאָלפן. פאַר־שטייט זיך, אַז די געשיכטע איז שוין געווען אַף אַ פּאַסיקן אויפן געענדערט פון זינט זיי זײַנען געגאַנגען זאַלבעצווייט. איצט האָט איר דערציילונג אַזוי אויסגעזען: זיי זײַנען צוויי שוועסטער, וועל־כע האָבן ניט באַוויזן זיך צו עוואַקוירן. זייער הויז מיטן גאַנצן האָב און גוטס איז אָפּגעברענט געוואָרן. זיי אַליין האָבן זיך קוים

געראַטעוועט מיטן לעבן. און איצט האָבן זיי איבערגעלאָזט די קינדער אונטער דער אויפזיכט פון גוטע שכניים און אַליין זיך אַוועקגעלאָזט איבער די דערפער אויסצוטוישן אַלטע שמאַטעס אַף שפּײַז.

דאָס מאָל, זײַענדיק זיכער לויט אַלע סימאָנים, אַז מען האָט צו טאָן מיט דײַטשישע מעשאָרסים, האָט מוסיאַ צוגעגעבן איינצלהייטן וועגן דעם, אַז זיי האָבן זיך געלאָזט אין וועג מיט אַ דערלויבעניש פון דעם הער קאָמענדאַנט אַליין, אַז יענער האָט זיי אַרויסגעגעבן אַ שריפטלעכן-שײַן צו באַזוכן די אַרומיקע דערפער, אָבער, צום אומגליק, איז דאָס פּאַפּירל פאַרבליבן נעכטן באַם דײַטשישן הער אָפיציר, וועלכער האָט זיי, ווײַזט אויס, צוליב אַ מיספאַרשטענדעניש, פאַרהאַלטן.

דאָס מיידל האָט אָן שום סאָפעק פאַרמאָגט אַ פלינקן סייכל און דערצו אויך אַרטיסטישע פעיִקייטן. איצט, ווען זי האָט געקעמפט פאַר דער זיכערקייט פון די ווערטזאַכן, איז איר דערציילונג געווען באַפאַרבט מיט פאַרשיידענע הארצרײַסנדיקע איינצלהייטן. זי איז אַף אַזוי ווײַט מיטגעריסן געוואָרן, אַז אין אירע אויגן האָבן זיך אַזש באַוויזן טרערן. איר האָט זיך אויסגעדוכט, אַז דער יונגער פּאָליציאַנט הערט זי מיט מיטגעפיל. באַם מיידל האָט זיך דאַן דערוועקט אַ האָפענונג, אַז איר וועט עפּשער געלינגען ווייך מאַכן זײַן האַרץ און ער וועט זיי פרײַ לאָזן. אָבער דאָס איינציקע אייגל פון דעם אַלטן האָט נאָך אַלץ פאַרשנדיק געקוקט אַף איר מיט אַן איראָנישן אומצוטרוי און ווען דאָס מיידל האָט אָנגעהויבן צו באַשרײַבן געענוי, ווי אַזוי עס האָט נעכטן דער הער אָפיציר צוגענומען באַ זיי צוליב אַ מיספאַרשטענדעניש דעם פּאַסיר-שײַן, וועלכן דער הער קאָמענדאַנט האָט זיי אַרויסגעגעבן, האָט זיך אין דעם אויג אָנגעצונדן אַ בייזער ניצאָכן-פײַערל.

— האַלט ! גענוג שוין צו האַקן ליגנס ! זאָגט אָקאָרשט, טײַבעלעך, פון וועלכער שטאָט זײַט איר ?

— און איר פאַרשטייט, מיר קענען פּאַשעט ניט צוטראַכטן, וואָס זאָלן מיר איצט טאָן ? — האָט פאַרגעזעצט מוסיאַ, ווענדנדיק זיך אויסשליסלעך צום יונגן, ווי זי וואָלט גאָר ניט געהערט די פראַגע פון דעם אַלטן. דערבײַ האָט זי גערופן צו הילף איר

כיינעווודיקסטן און פאַרפּירערישסטן שמייכעלע, קעגן וועלכן עס האָט ניט געקענט בײַשטיין קיין איין ייִנגל פון דעם פּאַראַלעלן קלאַס „ב״ — אַזאַ שרעק! איך ווייס פּאָשעט ניט, וויִאַזוי וועלן מיר זיך קענען אומקערן אַהיים אָן דעם הער קאָמענדאַנטס פּאַסיר־שײַן?

— וואָס־זשע ענטפערט איר ניט? — האָט באַקומענדיק אַ פינצטערע מינע געפרעגט דער הויכער.

— וועגן וואָס פרעגט איר? אָך יאָ! פון וואַנען זײַנען מיר? איך בין אַזוי צערודערט... מיר זײַנען...

מוסיאַ האָט אָנגערופן אַ נאָמען פון אַ גרויסער שטאָט, וועל־כע איז געלעגן אַף זייער וועג און איז געווען באַוווּסט מיט איר באַדײַטנדיקן באַן־קנופּ.

די מענער האָבן זיך פּילדײַטיק איבערגעקוקט.

— און ווו וווינט איר, אַף וועלכער גאַס?

— ניט ווײַט פון דעם מאַרק. וואָלאָדאַרסקיס גאַס נומער דרײַ און דרײַסיק. — האָט ניט טראַכטנדיק אַרויסגעשאָסן מוסיאַ דעם ערשטן אַדרעס וועלכער איז איר אײַנגעפאַלן אין קאָפּ.

דער יונגער האָט זיך נאָך מער אָנגעכמורעט. ניט קענענדיק פאַרבאָרגן זײַנע געפילן, האָט ער זיך אַפילע אָפּגעקערט פון דעם מיידל און האָט אָנגעטאַפּט אונטער זײַן קורטקע דאָס הענטל פון דעם רעוואָלווער.

מאַטריאָנאַ ניקיטישנאַ האָט הינטער דעם אַלטנס פּלייצע געמאַכט צו מוסיאַן סימאָנים, אָבער יענע האָט שוין אַליין פאַר־שטאַנען אַז זי איז אַוועק אַף אַ פאַלשן וועג און האָט זיך באַמיט איצט מיט אַלע אירע קויכעס ניט אַרויסצווײַזן איר פאַרצווייפלונג.

— אַהאַ, זײַנען מיר דאָך, הייסט עס, לאַנדסלײַט. איז טאַקע גוט, טאַקע אויסגעצייכנט! וועלן מיר טאַקע קענען גיין איינער צום צווייטן צו גאַסט אַף טיי! — האָט געגרילצט דער אַלטער.

מוסיאַ האָט געפילט, אַז זי ווערט רויט אונטערן בליק פון דעם יונגן ריז, געפילט אַז זי ווערט רויט ביז טרערן, און דערבײַ האָט זי געטראַכט מיט פאַרדרוס: „מאַמעלעך, פאַרוואָס שעם איך

זיך! דאָס זײַנען דאָך סאָנים, מען מוז דאָך זײ אָפּנאַרן! ווער ניט רויט, ווער ניט רויט, זאָלסט ניט וואַגן רויט ווערן!״

— און ווי געפינט זיך דאָס דאָרט די וואָלאָדאַרסקי־גאַס?

— האָט געפרעגט אָנגעכמורעט דער יונגער. — איך בין אין יענער שטאָט געבוירן געוואָרן, אָבער, אַזאַ גאַס געדענק איך עפּעס נים. עפּשער ווייסטו, וואָסילי קוזמיטש?

— אַהאַ, אַהאַ, וואָס האָב איך געזאָגט! — האָט אויסגעשריִען מיט ביצאָכן דער אַלטער, אַראָפּנעמענדיק דעם אויטאָמאַט. — אָט דאָ איז ער דער זאַק צוליב וועלכן זיי האָבן זיך נעכטן צעפּאַטשט. — ער איז צוגעשפּרונגען צו מאַטריאָנאַ ניקיטישנאַ, אויפגעהויבן זײַן ביקס און באַפוילן: — אַנו, ווײַז נאָר דעם זאַק!

די פרוי איז געשטאַנען פאַר אים אַן אויסגעגלײַכטע, אַ הויכע, זי האָט געקוקט אַפן אַלטן פון אויבן אַראָפּ און אין איר בליק איז געווען אַזאַ דרײַסטע, אַזאַ ניט קיין געצווימטע פאַראַכטונג, אַז יענער האָט אַראָפּגעלאָזט זײַן געווער און אַ פאַרלוירענער זיך אומגעקוקט אַפן יונגן.

— קום, מאַשאַ, לאָז זיי... — האָט באַפעלעריש געזאָגט די פרוי און שאַרף אויסדרייענדיק זיך אָנגעהויבן שפּאַנען מיט ברייטע, פעסטע טריט צום מיזרעך.

מוסיאַ האָט זיך אַ לאָז געטאָן נאָך איר.

— אָט יענע, די שוואַרצברעמיקע האָט נאָר געהאַלטן אין איין אויספרעגן וועגן די פּאַרטיזאַנער, וויאַזוי קען מען דערגיין צו זיי — האָבן זיי דערהערט הינטער זיך דעם גרילצעדיקן טענאָרל.

— אַרײַנגעפאַלן! — האָט אַ שעפּטשע געטאָן מאַטריאָנאַ ניקיטישנאַ.

מוסיאַ האָט זיך שוין פאַרגעשטעלט, ווי די אומבאַקאַנטע שלעפּן אַראָפּ פון איר כאַוווערטע דעם זאַק, ווי זיי קוקן אַרײַן אין אים, און שוין געזען אין געדאַנק, ווי זיי דערפרייען זיך און ווי זיי איזדיעקעווען זיך איבער איר און איר כאַוווערטע.

— „ניט דערטראָגן!״ — האָט זי געטראַכט — אַזויפיל געליטן, אַזויפיל איבערגעלעבט און אומזיסט! און די הויפּטזאַך איז אַז אַלץ וועט אַרײַנפאַלן צו די סאָנים״.

און דאָ האָט באַם מיידל אויפגעבליצט אַ געדאַנק, פון וועלכן איר האַרץ האָט אָנגעפאַנגען אַזוי ווילד צו קלאַפּן, אַז די שפּיץ־פינגער זיַינען באַ איר קאַלט געוואָרן. אָט דאָ איז עס, דער העלדן־טאַט, וועגן וועלכן זי האָט געטרוימט. זי וועט בלייַבן שטיין, וועט זיך וואַרפן אַף די גאַזלאָנים, זי וועט זיי שלאָגן, דראַפּען, בייַסן, ביז עס וועט אין איר טליִען כאָטש אַ פונק פון לעבן, און דערווייַל וועט מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַ האָבן צייַט צו פאַרשווינדן אין וואַלד, אָדער זי וועט אויסנוצן דעם טומל און וועט באַווייַזן צו באַהאַלטן די ווערט־זאַכן.

— לויפט, לויפט, איך וועל זיי פאַרהאַלטן — האָט מוסיאַ אַ שעפּטשע געטאָן.

נאָר איידער נאָך מאַטריאָנאַ ניקיטיטשנאַ האָט צייַט געהאַט צו ענטפערן, איז שוין דער הויכער געשטאַנען פאַר זיי און זיי פאַרשטעלט דעם וועג. אין האַנט האָט ער געהאַלטן אַ רעוואָלווער. ער האָט ניט געשאָקלט מיט אים און ניט געדראָט, אָבער עס איז געווען קלאָר, אַז אויב נייטיק, וועט ער אַפילע ניט געבן קיין פינטל מיטן אויג און וועט אַ קוועטש טאָן דאָס צינגל.

— נעמט אַראָפּ דעם זאַק! — האָט באַפוילן דער הויכער.

ניט קוקנדיק אַפילע אַפן געווער, וואָס איז געווען אָנגעצילט אַף איר, האָט די פרוי, אינגאַנצן אַ געענדערטע, זיך צעליאַרעמט אַפן גאַנצן וואַלד, וואַרפנדיק יענע קוויטשעדיקע ווייַבערישע קוי־לעס, פאַר וועלכע עס האָבן מוירע און קענען ניט איבערטראָגן אין נאַרמאַלע אומשטענדן אַפילע די רויִקסטע און קאַלטבלוטיקסטע מענער.

— באַנדיט! — אַלע פויערים שלאָגן זיך אַף די פראָנטן מיט די דייַטשן און ער, דער לאַנגער דראָנג, דער לאָשעק, קריכט אַרום מיט אַזאַ פאַרצעף איבער די וועלדער מיט אַ פיסטויל אין די הענט און נעמט צו באַ די פרויען זייער לעצטע אָרעמקייט! אויסוואָרף! טויגעניכץ פאַרשיווער! שעמסט זיך גאָר ניט? נו, ענטפער. האָסט פאַרלוירן די בושע, דו באַנדיטישער פּאָנעם!

— נעמט אַראָפּ דעם זאַק! — האָט נאָך שטרענגער איבער־געכאַזערט דער הויכער. זייַנע קינבאַקן האָבן זיך אַזוי באַוועגט,

אַז עס האָט געמאַכט דעם אײַנדרוק, ווי אונטער זײַן אָפּגעברענטער הויט וואָלטן זיך געקײַקלט ביינערנע קוילן.

— אַהאַ, אַהאַ, זי גיט ניט דעם זאַך! — האָט געשריִען דער אַלטער, אָפּרוקנדיק זיך פּאַרזיכטיק פון מאַטריאָנאַ ניקיטישנאַן. — וואָס באַהאַלטסטו אין זאַק? וואָס? זאָלסט די מינוט ווײַזן!

דער אַלטער האָט ווידער גענומען אַראָפּשלעפּן דעם אויטאָ־מאָט פון זײַן אַקסל, פּלאָנטערנדיק זיך פון אויפרעגונג מיטן רימען. זײַן איין און איינציק אויג האָט געלויכטן מיט אַ בייזוויליקער פרייד.

מאַטריאָנאַ ניקיטישנאַן האָט זיך מיטאַמאָל, ווי באַרויִקט. זי האָט זיך אויסגעגלײַכט, האָט מיט פאַראַכטונג אָנגעקוקט די מע־נער און געזאָגט:

— מיילע, שיס, פּאַשיסט! געדענק אָבער, אַז ווען אונדזערע מענער וועלן זיך אומקערן, וועט מען באַ אײַך אויפמאָנען דיין וועַ־כעזשבן פאַר יעדן ביינדל אונדזעריקן. אַפילע אונטער דער ערד וועט איר זיך ניט אויסבאַהאַלטן, ווײַל אַזעלכע ווי איר, וועט אַפילע די ערד ניט נעמען.

זי האָט עס אַרויסגערעדט רויִק, קוקנדיק ערגעץ ווײַט אין הימל אַרײַן, איבער וועלכן עס האָבן זיך געיאָגט אַף מיזרעך, אי־בערגיסנדיק זיך און בײַטנדיק זייער פאָרעם, וואָלקנס מיט פּוכיקע לײַכטנדיקע ראַנדן.

און מוסיאַ האָט געקוקט אַפן יונגן בלאָנד־האָריקן ריז מיטן אָפענעם פּאָנעם און בלויע אויגן, וועלכע זײַנען געווען אַזוי קינדיש ריין, אַז אין זיי האָט זיך אָפּגעשפּיגלט דער וואַלד, דער הימל און די וואָלקנס, זי האָט געקוקט און געטראַכט, וואָס אַזוינס האָט גע־קענט צווינגען דעם באָכער, אַז ער זאָל גיין דינען צום סוינע, אַרויפ־שלעפּן אַף זיך די פאַרהאַסטע פּײַנטלעכע בגאָדים און אַרומניש־טערן איבער די וועלדער מיט דײַטשישן געווער אין די הענט, אויס־שפּירן זײַנע אומבאַהאָלפענע און אומבאַוואָפנטע מיטבירגער.

— „ווי האָט ער געקענט, ווי האָט ער גאָר געוואַגט צו פאַר־ראַטן זײַן היימלאַנד? פאַרוואָס איז ער געגאַנגען אַף דעם וועג?

ער איז דאָך אַזאַ ווילער יונג... וואָס טוט זיך דאָס מיט די מענטשן?"

די ביטערקייט פון דער ערשטער, גרויסער אַנטוישונג אין איר לעבן, האָט באַ איר איינגאַנצן דערשטיקט די מוירע, פאַרטויבט דעם געדאַנק, אַז אין אַ ווײַלע אַרום, וועט זי עפּשער שוין ליגן דאָ אויפן מאָך אַ גאָרניט פילנדיקע, אַן אומבאַוועגלעכע און וועט שוין מער קיינמאָל ניט הערן, ווי עס רוישט דער וואַלד, און וועט ניט זען ווי עס לויפן די וואָלקנס איבערן בלויען הימל.

סאָף פון ערשטן באַנד.

Este libro se acabó de imprimir el día 15 de julio de 1953, en la "IMPRESORA BAIRES" de Simón Eidelman, Cangallo 2981 T. E. 86-0119, - Buenos Aires

BORIS POLEVOY

# O R O

N O V E L A

## TOMO I

1a. y 2a. Parte

★

Trad. A. LEVIN



EDITORIAL "HEIMLAND"
BUENOS AIRES
1 9 5 3